ושאַן־זשאַק רוסאָ

# קאָנפעסיאָן

(מײַן ווידוי)

יודיש: ד. קאַסעל



№ 1

# זשאַק רוסאָ.



זשאַן-זשאַק רוסאָ, דער בעריהמטער פֿראַנצויזישער שריפֿטשטעלער און פֿילאָזאָף, איז געווען, ווי דער לעזער וועט עס זעהן פֿון זיין „ווידוי“, אַ זוהן פֿון אַן אָרימען זייגערמאַכער. צו פֿופֿצען-זעכצען יאָהר האָט ער שוין אָנגעהויבען וואַנדערן, און איבער די פֿעלדער און וועלדער, איבער שטעט און שטעטלעך האָט אַרומגעבלאָנקעט אַן אָרים יונגעל, וואָס האָט נאָך גאָר אַליין נישט געוואוסט, וואָס פֿאַר אַ אוצרות עס ליגען פֿערבאָרגען אין זיין גייסט. ביסלעכווייז הויבט זיך אָן אויסשיילען פֿון דעמדאָזיגען אָרימען יונגעלע דער קינפֿטיגער רוסאָ, דאָס הייסט יענער גייסט, וואָס הערט נאָך היינט נישט אויף צו ווירקען. פֿריער הויבט רוסאָ אָן מיט לידלעך, דערנאָך מיט אָפּערעס. איינע אַן אָפּערע מאַכט אים פּאָפּולער אין פּאַריז, אָבער שטאַרק בעוואוסט ווערט ער, ווען ער בעקומט די פּרעמיע פֿאַר אַ ווערק אונטער'ן נאָמען „אַ רעדע וועגען וויסענשאַפֿטען און קונסטען“. דאָס איז אפילו געווען אַ פּאַראַדאָקסאַל, אָבער אַ טיף און גלענצענד ווערק, וואָס האָט געמאַכט אַ געוואַלטיגען רושם אויפֿ'ן פּובליקום און וואָס האָט באַלד געשטעלט דעם אויטאָר אין די ערשטע דענקער-רייען פֿון זיין צייט.

אין זיין צווייטער גרויסער אַרבייט וועגען דער אָבשטאַמונג און די סבות פֿון מענשליכער אונגלייכקייט, פֿאַלט ער שטאַרק אָן אויף דער סאָציאַלער אָרדנונג און דאָס פֿערשאַפֿט אים אַ גרויסע צאָל פֿריינד און נאָכמער — פֿיינט. אָבער ער פֿאַלט ביי זיך נישט אַראָב און שאַפֿט ווייטער— שאַפֿט זיינע בעסטע ווערק, ווי עס געשיהט אַלעמאָל מיט אַ גרויסען גייסט בשעת'ן ראַנגלען זיך מיט זיינע פֿיינט. זיי רודפֿ'ן און ער — שאַפֿט. אָבער ווי אַלעמאָל זענען די פֿיינט געווען שטאַרק און ער ווערט אַרויסגעטריבען פֿון פֿראַנקרייך. זיין בעריהמט ווערק „עמיל“ ווערט צו-גע'משפט פֿערברענט צו ווערען. רוסאָ אַנטלויפֿט אין דער שווייץ, אָבער דאָ געפֿינט ער אויך קיין רוהע נישט. אויפֿגעהעצטע פּויערים צינדען-אונטער זיין הויז און ער לויפֿט פֿון זשענעוו און פֿון בערן און פֿון נייששאַטעל און בעהאַלט זיך אין ענגלאַנד. אָבער דאָ קאָן ער אויך לאַנג נישט פֿערבלייבען. ער לויפֿט פֿון דאַנען אויך. ערשט אין יאָהר 1770 האָט מען אים, צולעצט, דערלויבט אומצוקערן זיך אין פּאַריז, וואו ער פֿערענדיגט זיין מערקווירדיג ווערק — זיין ווידוי, וואָס איז אָנגעהויבען געוואָרען נאָך אין ענגלאַנד.

דאָס גאַנצע לעבען רוסאָ'ס איז, אייגענטליך, אַ ווייגעניש צווישען אונצעליגע שווערע מינוטען און קליינע ליכטיגע רגע'ס, צווישען שווערע יסורים און פֿערדרוס און הערליכע רגע'ס פֿון שאַפֿען. ווייניגע גייסטער האָבען אַזוי פֿיל געליטען, ווי רוסאָ, אָבער זיי האָבען אויך נישט געהאַט פֿערגעניגען אין אַזאַ מאָס, ווי ער האָט געהאַט. וואָרום קודם האָט ער געקאָנט ליבען רוסאָ האָט ליב געהאַט די נאַטור — און איין קוק אויף הימעל, זון, פֿעלד און וואַלד האָט אים בעצאָלט פֿאַר אַלע זיינע וועהען.

און מער, ווי וואָלטער, האָט רוסאָ אויסגעדריקט די שטרעבונגען פֿונ'ם XVIII-טען יאָרהונדערט. אויסגעוואַקסען אין אַ פֿרייער פּאַטריאַרכאַלער שטאָט, פֿול הייסער ליבע צו דער נאַטור, פֿילאָזאָפֿיש גע-בילדעט, מיט אַ זעלטען שאַרפֿען קאָפּ, מיט אַ געשליפֿענער צינג און פֿעדער, האָט ער זיך פֿערמאָסטען איבערצובויען, איבערצומאַכען די געזעלשאַפֿטליכע פֿאָרמען פֿון לעבען. די נישט לאַנג דורכגעפֿאָרשטע טעקסטען פֿון זיינע ווערק האָבען בעוויזען, אַז אַ סך האָט רוסאָ גענומען ביי די ענגלישע שריפֿטשטעלער פֿון XVIII-טען יאָרהונדערט, צום ביישפּיל, ביי לאָק'ן און טיילווייז ביי ריטשאַרדסאָנ'ען, אָבער די נייקייט פֿון רוסאָ'ס אַלגעמיינער סיסטעם און די קראַפֿט, גלאַנץ און איבער-צייגונג, מיט וועלכע דאָסדאָזיגע סיסטעם איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען, צווינגען צו אָנערקענען רוסאָ פֿאַר דעם פֿאָטער פֿון כמעט אַלע סאָציאַלע, רעליגיעזע, קינסטלערישע און פּעדאַגאָגישע אידעען פֿון XIX-טען יאָר-הונדערט. רוסאָ'ס ווירקונג לאָזט זיך שפּירען אויף די הייסע קעפּ פֿון דער גרויסער רעוואָלוציע און אויף דעם בעדאַכטען און קלוגען געטע'ן און אויף דעם רוהיגען קאַנט'ן און ווי אַ העל ליכט-אַרויס דיראָויגע ווירקונג דורך די אַלע ערשיינונגען פֿונ'ם גייסטיגען לעבען פֿון דער מענשהייט. דער אמת'ער גרינדער פֿון דעם מאָדערנעם דעמאָקראַטישען געדאַנק האָט פֿון קבר-אַרויס, קאָן מען זאָגען, דיקטירט די דעקלעראַציע פֿון מענשענרעכט בשעת דער גרויסער רעוואָלוציע.

און אַזוי האָט דאָס אָרימע יונגעל, וואָס האָט אין אייגעם אַשענעם, צי אַ מאוס'ען פֿרימאָרגען אַרויס-געוואַנדערט פֿון זשענעוו, צושאָטען איבער דער וועלט די אוצרות פֿון זיין גייסט.

# פאָרוואָרט.

איך האָב איבערגעלייענט
גאַנץ רוסאָ און בין געווען מיט
אים מער ווי ענטציקט — איך האָב
אים פערגעטערט. צו פופצען יאָר
האָב איך געטראָגען אויף'ן האַלז
אַ מעדאַליאָן מיט זיין פּאָרטרעט. אַ
סך זייטלעך פון רוסאָ זענען מיר
אַזוי נאָנט, אַז מיר דאַכט זיך,
איך האָב זיי אַליין אָנגעשריבען.

ל. נ. טאָלסטאָי.

דאָס בוך „קאָנפעסיאָן“ געהערט צו די זעהר ווייניגע ביכער, וואָס לעבען אויף דער וועלט שוין הונדערטער יאָרען און ווערען בשום אופן נישט אַלט. אין דערין ליגט דער כח פון'ם בוך. דאָס אויג, וואָס האָט געזעהן די אַלע בילדער, וועלכע ווערען געבראַכט אין דעמדאָזיגען בוך, דער מח, וואָס האָט די בילדער ליכטיג און קלאָר מסדר-געווען און די פעדער, וואָס האָט זיי אָנגעשריבען, קאָנען נישט אַלט ווערען. שוין לאַנג ליגט דער גוטער קלוגער רוסאָ אין זיין קבר, צייטען האָבען זיך געביטען, אַנדערע דורות זענען אָנגעשטאַנען, נאָר אַז מען ריהרט זיך צו צו די זייטלעך פון רוסאָ'ס אונשטערבליך ווערק, הויבט-אָן וועהען אַ הויך פון פרישען בעוועגליכען לעבען, דערפיהלט מען דעם אַראָמאַט פון יונגען הייסען בלוט, דערשפירט מען זיך צווישען וואַרימע שטראַלענדיגע בילדער, פונקט ווי דאָס

בוך וואָלט קיינמאָל אָנגעשריבען געוואָרען, פונקט ווי יענס לע-
בען, וואָס ווערט דאָ געשילדערט, וואָלט ניט איבערגעריסען
געוואָרען, וואָלט נאָך געגאַנגען און געגאַנגען. און עס דאַכט זיך,
אַז עס לעבט נאָך דער גוטער זשאַן-זשאַק, ווי ער פלעגט זיך
אַליין ליב האָבען אָנצורופען, אַז דער היינטיגער טאָג מיט זיין
רויש און טומעל געהט נאָך פאַרביי זיינע קלוגע אויגען און אַז
ער האָט נאָך פון דעם טאָג וואָס צו נעמען און צו געבען. און,
פונקט ווי אַלעבעדיגען, ווילט זיך אים נאָך דאַנקבאַר זיין פאַר
די גוטע מינוטען, וואָס ער פערשאַפט אונז מיט זיין ווערק.

איין גרויסען פעלער האָט, אַלזאָ, דאָס בוך: עס נאַרט-אָפּ. מען מיינט, אַז עס לעבען נאָך די געשעהענישען און עס לעבט נאָך דער מחבר. פונקט ווי פערבאָרגענע וואַרימע קוואַלען אונטער דער ערד, שלאָגט נאָך דאָס בלוט אין די אַלטע פאָרמען פון לעבען, וואָס רוסאָ האָט אונז געשילדערט, און מיר, די לייענער, שפרייזען לייכט אַריבער פון איין דור צו אַ צווייטען, פון איין לעבענספאָרם צו אַ צווייטער, ווי אויף אַ באַל אין אַ לאַבירינט פון צימערן. וואָרום מיט דעמדאָזיגען בוך אין האַנט האָבען מיר נאָך אַ דור פאַר די אויגען—רוסאָ'ס דור מיט זיין זון און וואָלקען, מיט זיין ליכט און שאָטען, מיט זיין גליק און צער, מיט זיין פרייד און פיין. אַ גאַנצער דור פאַר די אויגען, אַ דור, ווי אַ שטורמדיגער ים און דערפאַר, וואָס ער איז שוין פאַרביי-געגאַנגען, שוין אָבגערוישט און לעבט נאָר געהיים אויף די זייטלעך פון בוך, קומט ער אונז אויס נאָך בעזונדערס שען און הייליג.

און דעם פעלער פון גענאַרען לאָמיר מוחל זיין דעם בוך, כאָטש דערפאַר אַליין, וואָס דעמדאָזיגען פעלער, צום גליק, בע-זיצען בלויז געניאַלע קינסטלער, אַזוינע ווי רוסאָ.*)

---

*) די וויטערדיגע בענד פון „קאָנפעסיאָן" וועלען אינגיכען ערשיינען טון דרוק

# ערשטעס בוך.

## 1712 — 1728

איך וויל מיר פאָרנעמען עטוואָס אַזוינס, וואָס איז גאָרנישט געהערט געוואָרען, אַזאך, וואָס וועט בלייבען אָהן נאָכטוער. איך וויל בעווייזען אַ מענשען, ענליך צו מיר, אָהן שום פערשענערונגען, און אָט דער מענש בין איך.

איך, נאָר איך אַליין ווייס, וואָס פאַר אַ האַרץ איך האָב, און איך קאָן דעם מענשענס נאַטור. איך בין נישט ענליך אין קיין איינעם פון די אַלע מענשען, וואָס איך האָב אָנבעגעגענט, און איך נעם זיך דעם מוט צו קלערען, אַז איך שייד מיך אונטער פון אַלע לעבעדיגע מענשליכע וועזענס. אויב איך בין נישט בעסער פון אַנדערע מענשען, בין איך, לפחות, נישט ענליך אין קיין איינעם פון זיי. גוט צי שלעכט האָט די נאַטור געטאָן, פונאַנדערברעכענדיג די פאָרם, אין וועלכער זי האָט מיך אויסגעגאָסען, קאָן מען בעשליסען ערשט דעמאָלט, ווען מען וועט דורכלייענען מיין ודוי.

זאָל דער לעצטער טריבונאַל שאַלען פון זיין טרומייט, ווען אים וועט עס זיין בעוויליגט; איך וועל קומען פאַר גאָט מיט אָט דעם בוך אין דער האַנד און וועל אים הויך זאָגען:
— אָט וואָס איך האָב געטאָן, וואָס איך האָב געטראַכט, אַ וואָסער איך בין געווען. איך האָב דאָ אינגאַנצען אָפּענהערציג דערצעלט, וואָס איך האָב געטאָן גוטעס און שלעכטעס. איך האָב נישט פערבאָרגען קיין שום שלעכטעס און נישט צוגעגעבען קיין גוטעס. אויב ערגעץ-וואו איז דאָך אַריינגעפאַלען אַ קליינע בעפוצונג, איז עס נאָר אויסצופילען דערמיט אַ לעדיג אָרט, וואָס איז פערפאַלען געגאַנגען אין מיינע ערינערונגען. מעגליך, אַז איך האָב אויסגעגעבען פאַר אַנ'אמת דאָס, וואָס האָט נאָר מיר אַליין אויסגעוויזען פאַר אמת, אָבער איך האָב נישט געלייגט בעוואוסטזיניג. איך האָב מיך אַרויסגעשטעלט אַזאַ, ווי איך בין געווען: געמיין און פעראַכט, ווען איך בין מיך בעגאַנגען געמיין; פיין, גרויסמוטיג און הויך, ווען איך בין מיך בעגאַנגען פיין און גוט. איך האָב פונאַנדערגעעפענט די סודות-ווינקעלעך פון מיין אינערליכער וועלט, בעוויזען זיי מענשען אין דער מראה, אין וועלכער נאָר דו, אייביגער גאָט, האָסט זי געזעהן. קלויב צונויף אַרום מיר אַ מחנה, ענליך צו מיר. זאָלען זיי הערען מיין ודוי, זאָלען זיי זיפצען אויף מיין געמיינקייט, רויט ווערען פאַר מיינע שוואַכקייטען. זאָל אָבער יעדער פון זיי אויך אַזוי אויפריכטיג זיין, ווי איך. זאָל ער פונאַנדערעפענען זיין האַרץ און זאָל דעמאָלט כאָטש איינער פון זיי דיר וואַגען צו זאָגען: „פאַר דעם דאָזיגען מענשען בין איך בעסער געווען!“

איך בין געבוירען געוואָרען אין זשענעוו, אין יאָר 1712, פון דעם בירגער יצחק רוסאָ און דער בירגערין סיוזאַנע בערנאַר. מיין פאָטער האָט בעקומען גאָר אַ קנאַפּען חלק ירושה, וואָס איז פערטיילט געוואָרען צווישען פופצען מיטגלידער פון דער פאַמיליע, און דעריבער האָט ער כמעט בלויז געלעבט פון זיין מלאכה—זייגער-מאַכעריי, וואו ער האָט באמת אַרויסגעוויזען אַ סך קונסט. מיין מוטער, דעם פּאַסטאָר בערנאַר'ס אַ

טאָכטער, איז שוין געווען רייכער. זי איז בעזעסען שכל און שענקייט. אָבער נישט באַלד האָט דער פאָטער דערגרייכט איר האַנט. די ליבע זייערע האָט זיך אָנגעהויבען אין סאַמע אָנהויב פון זייער לעבען. נאָך גאָר ניין-יעריגע קינדער, פלעגען זיי אַלע אָוועגד צוזאַמען שפּאַצירען איבער'ן מרייל. די סימפּאַטיעס, די גייסטיגע האַרמאָניע האָבען נאָך מער פערשטאַרקט דאָס געפיהל, וואָס איז געקומען פון געוואוינהייט.ביידע זענען זיי געווען פון נאַטור האַרציג און פיהלבאַר, און יעדער פון זיי האָט נאָר אויסגעוואַרט אויף דער מינוט, וואָס וועט אויפוועקען אין צווייטען אַ צאַרט געפיהל; ריכטיגער, אָט די מינוט האָט זיי אַליין געהיט, און אָט האָט דאָס יונגעל אַריינגעוואָרפען זיין האַרץ אינ'ם האַרץ פון מיידעל, וואָס איז אָפען געווען פאַר ליבע, און זי האָט אים געשענקט אירס. דאָס מזל, וואָס האָט זיך, וואַרשיינליך, בעצויגען פיינדליך צו זייער ליבע, האָט זיי נאָר הייסער געמאַכט איינס צום צווייטען. דער פערליבטער האָט נישט געקאָנט בעקומען די האַנט פון זיין געליבטער און איז אויסגעגאַנגען פון פיין, זי האָט אים געראַטען אָנצוהייבען אַרומרייזען און פערגעסען אָן איר, האָט דער פאָטער אָנגעהויבען וואַנדערן, אָבער אומזיסט. ער האָט זיך צוריקגעקערט נאָך מער פערליבט, ווי פריהער. זי איז אים געבליבען טריי און האָט אים ליב בעגעגענט. נאָך דעם דאָזיגען נסיון איז זיי נאָר געבליבען ליב צו האָבען איינאַנדער דאָס גאַנצע לעבען. ביידע האָבען געשוואָרען אייביגע ליבע און דער הימעל האָט געבענשט זייער שבועה.

גבריאל בערנאַר, מיין מוטער'ס אַ ברודער, האָט זיך פערליבט אין איינער פון מיין טאַטענס שוועסטער, אָבער יענע האט געוואָלט חתונה האָבען מיט גבריאל'ן נאָר אין דעם פאַל, אויב זיין שוועסטער וועט חתונה האָבען מיט איר ברודער. די ליבע האָט עס אַיינגעאָרדענט, און צוויי חתונות האָבען זיך אָבגעשפּילט אין איין און דעמזעלבען טאָג. אויף אַזאַ אופן איז מיין לייבליכער פעטער געווען דער מאַן פון מיין לייבליכער מומען, און זייערע קינדער זענען מיר צוויי מאָל שוועסטער-קינדער געווען, אין אַ משך פון אַ יאָר איז זיך ביי יעדען פּאָר'ל

געבוירען געוואָרען אַ קינד. דערנאָך האָט מען פון דאָס ניי געמוזט זיך צושיידען.

מיין פעטער בערנאַר איז געווען אַן'אינזשענער, איז ער אַוועק דינען אין דער אימפעריע, אין אונגאַרן, וואו עס האָט געהערשט יעווגעניע II. בשעת בעלגאַרד איז בעלעגערט געוואָרען, האָט ער זיך אויסגעצייכענט. אַז מיין עלטערער און איינציגער ברודער איז געבוירען געוואָרען, האָט מיין פאָטער בעקומען אַן'איינלאַדונג פון טערקיי. ער איז אַוועק קיין קאָנסטאַנטינאָפאָל און געוואָרען אַ זייגערמאַכער אין האַרעמפּאַלאַץ. אין אָט דער צייט איז מיין שענע, קלוגע און טאַלענטירטע מוטער פילע שטאַרק געפעלען געוואָרען. דעלאַ-קלאָזיור, דער פראַנצויזישער רעזידענט, איז געווען איינער פון די סאַמע פלייסיגסטע אָנהענגער אירע. ער האָט זי, אַפּנים, שטאַרק ליב געהאַט. בשעת ער האָט גערעדט מיט מיר וועגען איר, אין דרייסיג יאָר אַרום נאָך איר טויט, האָב איך געזעהן, ווי ער האָט זיך אויפגערעגט. דאָך האָט מיין מוטער בעשיצט נישט בלויז די צניעות אַליין, נאָר עפּיס שטאַרקערעס: זי האָט צערטליך געליבט איר מאַן, די מאַמע האָט אָנגעהויבען בעטען דעם טאַטען אומקערן זיך צוריק. האָט ער אַלץ אַוועקגעוואָרפען און געפלויגען אַהיים. אין ניין מאָנאַטען אַרום נאָך זיין צוריקקער, בין איך געקומען אויף דער וועלט, אַ שוואַכער און אַ קרענקליכער. איך האָב געקאָסט מיין מאַמען דאָס לעבען, און מיין געבורט איז געווען דאָס ערשטע פון מיינע אומגליקען.

איך ווייס נישט, ווי אַזוי האָט מיין טאַטע איבערגעטראָגען דעם דאָזיגען פערלוסט. אָבער אויסגעצייכענט געדענק איך, אַז ער האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט טרייסטען. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער זעהט אין מיר מיין מוטער, אָבער דערביי האָט ער אויך נישט פערגעסען, אַז איך האָב זי אים צוגענומען. בשעת ער פלעגט מיך קושען, פלעג איך, פון זיין זיפצען און פיבערליכען האַלזען, פיהלען, אַז אַ ביטער בעדויערן ווערט געמישט צו זיין צערטלען מיך, וואָס מאַכט עס נאָך זיסער. אַז ער פלעגט מיר פאָרלעגען: „לאָמיר ריידען וועגען דיין מוטער, זשאַן-זשאַק",—

פלעג איך אים ענטפערן: „דאָס הייסט, מיר זאָלען וויינען״ — און אַט די ווערטער אַליין פלעגען שוין אַרויסרופען טרערען אויף ביינע אויגען. „אַך, — פלעגט ער בעמערקען מיט אַ קרעכץ — גיב זי מיר אַוועק, דערפרעה מיך, פיל-אָן די לעדיגקייט אין מיין נשמה. וואָלט איך דען אַזוי שטאַרק ליב געהאַט זיך, ווען דו וואָלסט בלויז געווען מיין זוהן?״

אין פירציג יאָר אַרום נאָך איר טויט איז מיין טאַטע געשטאָרבען אויף די הענד פון אַ צווייטען ווייב, אָבער מיט'ן נאָמען פון דער ערשטער אויף די ליפען און מיט איר בילד אין דער טיפעניש פון האַרצען.

אָט וואָסערע מענשען האָבען מיר געגעבען דאָס לעבען. פון די אַלע מתנות, וואָס דער הימעל האָט זיי געשענקט, האָב איך נאָר גע'ירש'ענט פון זיי אַ פיהלבאַר האַרץ. אָבער אָט די פיהלבאַרקייט האָט זיי געגעבען גליק און פאַר מיר איז עס נאָר געווען אַ קוואַל פון אַלערליי פורעניות.

איך בין קוים געבוירען געוואָרען מיט'ן לעבען, און די נאָנטע האָבען ווייניג האָפנונג געלעגט אויף מיין לעבען. איך האָב געטראָגען אין זיך דעם קערן פון אַ פעלער *), וואָס האָט זיך מיט די יאָרען פערשטאַרקט און וואָס לאָזט מיך איצט אַמאָל אָברוהען בלויז דערויף, אַז איך זאָל שפעטער דערפיהלען נאָך שטאַרקערע וועהטאָגען. מיין טאַטענס אַ שוועסטער, אַ וואויל קלוג מיידעל, האָט מיך דערראַטעוועט מיט איר אָבהיטען מיך. ביי איצטיגער מינוט לעבט זי נאָך, און, אַ זקנה פון אכטציג יאָר, טענטעלט זי זיך אַרום מאַן, וואָס איז יונגער פאַר איר, אָבער ער איז אינגאַנצען אויסגעצערט פון שכרות. מיין ליבע מומע, איך בין עס אייך מוחל, וואָס איר האָט מיך געצוואונגען צו לעבען, און מיט טרויער טראַכט איך פון דעם, וואָס איך קאָן נישט פערלינדערן די לעצטע טעג פון אייער לעבען, ווי איר

---

*) רוסא האָט פטעט שטענדיג געליטען פון אורין-אויפהאלטונג, וואָס איז געקומען מחמת זיין געבוירענעם פעלערהאַפטען אורין-קאַנאַל.

האָט געלינדערט דעם אָנהויב פון מיין לעבען. נעבען מיר געפינט זיך נאָך איצט אויך מיין ניאַנע זשאַקלין. זי איז געזונד און שטאַרק. דיזעלבע הענט, וואָס האָבען מיר געפעפּנט די אויגען ביים געבוירען ווערען, קאָנען זיי אויך צומאַכען, בעת איך וועל שטאַרבען.

פיהלען האָב איך אָנגעהויבען פריהער, איידער טראַכטען. דאָס איז דער אַלגעמיינער גורל פון דער מענשהייט, אָבער איך האָב עס בעזונדערס שטאַרק איבערגעלעבט. איך ווייס נישט, וואָס האָב איך געטאָן ביז פינף — זעקס יאָר. איך ווייס נישט, ווי אַזוי האָב איך מיך אויסגעלערנט לעזען, אָבער איך געדענק דעם ערשטען איינדרוק פונ׳ם ערשטען לעזען. דעם דאָזיגען טאָג האַלט איך פאַר דעם אָנהויב פון מיין אונאויפהערליך-בעוואוסט-זיניגער עקזיסטענץ.

אין דער ביבליאָטעק פון מיין פערשטאָרבענער מוטער זענען פערבליבען ראָמאַנען. איינמאָל, נאָכ׳ן אָוענד-ברויט, האָט דער פאָטער און איך זיך גענומען זיי לייענען. אין אָנהויב האָט מיר דער פאָטער געוואָלט געבען בלויז שפּאַנענדיגע ביכער, כדי איך זאָל מיך מער איינגעוועגען אין לעזען, אָבער באַלד האָט אונז ביידען אַזוי פערכאַפּט דער אינטערעסאַנטער אינהאַלט פון ביכער, אַז מיר האבען אָנגעהויבען לעזען כסדר, אָהן אַנ׳-אָבהאַלט, און דערביי גע׳פטר׳ט גאַנצע נעכט. מיר האָבען זיך אָבגעריסען פון לעזען נאָר דעמאָלט, ווען מיר האָבען געענדיגט אַ ראָמאַן. טיילמאָל, אין דערפריה, ווען אונטער׳ן פענסטער האָט זיך שוין דערהערט דער געשריי פון שוואַלבען, האָט דער פאָ-טער געזאָגט אַ פערשעמטער: „קום שלאָפען, איך בין נאָך אַנ׳ערגער קינד פאַר דיר״.

אַ דאַנק דעם דאָזיגען געפערליכען סיסטעם, האָב איך מיר נישט נור אויסגעלערנט לעזען געלויפיג, נאָר איך האָב מיך אויך בעקאַנט געמאַכט מיט ליידענשאַפטען. דאָס איז אַ זעלטענער, מעגליך, אַנ׳איינצעלנער פאַל צווישען קינדער פון מיין עלטער. איך האָב נאָך קיין שום השגה נישט געהאַט וועגען דער אוי-סערליכער וועלט און האָב מיך שוין בעקאַנט געמאַכט מיט גע-

פיהלען. נאָך קיין איין זאַך נישט משיג געווען, און שוין האָב איך אַלץ איבערגעפיהלט. די אונבעקאַנטע אויפרעגונגען, וואָס זענען כסדר איבערגעלעבט געוואָרען דורך מיר, האָבען נישט פערט:נקעלט מיין פערשטאַנד, וואָס איז נאָך גאָרנישט געווען אין מיין קאָפּ, נאָר זיי האָבען אייגענאַרטיג פאָרמירט מיין מח און מיר גורם געווען, דעם ראָמאַנטישען בעגריף וועגען לעבען; פון אָט דעם בעגריף האָבען מיך נישט געקאָנט אינגאַנצען אויסהייי-לען — נישט די פּראַקטיק און נישט די איבערלעגונג.

סוף זומער, אין 1719 יאָר, האָט זיך געענדיגט דער זאַפּאַס פון אונזערע ראָמאַנען. ווינטער האָב איך מיט'ן טאַטען געפוּ-נען אַ נייע אַרבייט. מיר האָבען זיך גענומען צו יענעם טייל פון דער ביבליאָטעק, וואָס האָט געהערט צום זיידען, דער מאַמעס פּאָטער, און וואָס איז אַריינגעפאַלען צו אונז אין שטוב. צום גליק זענען דאָס אַלץ געווען גוטע ביכער, און עס האָט גאָר אַנדערש נישט געקאָנט זיין. זיי האָט, אמת, געקליבען אַ פּאַסטאָר און דערצו נאָך אַ געלערנטער, אָבער ער האָט זיך אויס:געצייכענט מיט געשמאַק און שכל „געשפּרעכען איבער וועלט-געשיכ-טע" — פון בעסיועט, „בערימטע מענשען" — פון פּלוטאַרך, „די געשיכטע פון ווענעדיג" — פון נאַני, „פּערוואַנדלונגען" — פון אָווידיע, „וועלטען" — פון פאָנטענעל און אויך זיינע „דיאַלאָגען פון טויטע" און מאָליער'ס עטליכע בענדער — די אַלע ביכער זענען איבערגעטראָגען געוואָרען אין דעם טאַטענס קאַבינעט. יעדען טאָג האָב איך אים הויך געלייענט, בשעת ער האָט עפּ'ס געטאָן, און האָב מיך שטאַרק צוגעוועוינט צו אַזאַ מין לעזען. דאָס איז געווען מאָדנע. איך ווייס נישט, צי עס וואָלט זיך געפינען נאָך אַ קינד פון מיין עלטער מיט אַנ'ענלי-כען געשמאַק? בעזונדערס האָט מיך צוגעצויגען פּלוטאַרך. דער תענוג, וואָס ער האָט מיר פערשאַפט, האָט טיילווייז געדינט פאַר אַ מין געגענגיפט געגען דער ווירקונג פון ראָמאַנען, און איך האָב אָנגעהויבען לעזען ערנסטערע ביכער. די ערנסטע ביכער און די געשפּרעכען וועגען פּלוטאַרכ'ן האָבען אַריינגעגעבען אין מיר יענעם פריייען רעפּובליקאַנישען גייסט, יענעם

פער עקש׳ענטען און שטאָלצען כאַראַקטער, וואָס פערליידט נישט קיין שום יאָך און אונטערטעניגקייט, און וואָס האָט מיך דאָס גאַנצע לעבען געפּייניגט, בשעת ער האָט זיך געפונען אין סיטואַציעס, וואָס האָבען געבונדען זיינע פליגלען. מיין מח איז געווען בעשעפטיגט מיט רוים און אַטען, איך האָב, אַזוי צו זאָגען, געלעבט צווישען די אַמאָליגע גרויסע לייט, און, אַלס געבוירענער רעפּובליקאַנער, אַלס זוהן פון אַ מענשען, וואָס זיין ליידענשאַפט איז בלויז געווען ליבע צום פאָטערלאַנד, האָב איך, לויט זיין ביישפּיל, זיך אַריינגעטאָן אינגאַנצען אין די אַמאָליגע העלדישקייטען. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט פאַר אַ גריך אָדער פאַר אַ רוימער, אַוועקגעשטעלט זיך אויפ׳ן אָרט פונ׳ם העלד, ווען מענס לעבענסבעשרייבונג איך האָב געלייענט. בשעת מיך האָט איבעררעאַשט אַ מעשה וועגען מוט אָדער גבורה פון דעם אָדער יענעם גרויסען מאַן, האָבען אָנגעהויבען ברענען מיינע אויגען און דער קול האָט הויך געקלונגען. איינמאָל, בשעת איך האָב דערצעלט ביים טיש פון סצעוואָלי׳ס העלדישקייט, האָב איך אַלעמען איבערגעשראָקען דערמיט, וואָס איך האָב אויסגעצויגען די האַנט צום פייער, כדי צו אילוסטרירען מיין דערצעלונג.

מיין ברודער, מיט זיבען יאָר עלטער פאַר מיר, האָט זיך געלערנט מיין טאַטענס מלאכה. מיך האָט מען צופיל ליב געהאַט, און דעריבער עטוואָס פערגעסען אָן אים. איך בערעכטיג עס נישט. זיין דערציהונג האָט געליטען דערפון. ער איז צו-לאָזען געוואָרען, נאָך איידער ער האָט דערגרייכט די עלטער, ווען מענשען הויבען-אָן פיהרען אַנ׳אַרט צולאָזען לעבען. האָט מען אים אַריינגעגעבען צו אַ צווייטען מייסטער, האָט ער אָנ-געהויבען פערשווינדען פון אים, ווי ער פלעגט פערשווינדען פון דערהיים. דעם ברודער פלעג איך כמעט נישט זעהן. מען קאָן זאָגען, אַז איך האָב אים אפילו ווענינ געקאָנט, אָבער דאָך האָב איך אים ליב געהאַט, און ער האָט מיר מיט דעמזעלבען געצאָלט, אויף וויפיל אַ לעב-יונג קאָן ליבען עמיצען אָדער עפּיס. איך געדענק, ווי דער פאָטער האָט אים איינמאָל האַרב און

בייז בעשטראָפט און איך האָב מיך מיט אימפעט אַריינגעוואָר־פען צווישען זיי און זיך שטאַרק צוגעדריקט צום ברודער, פערשטעלענדיג אים מיט זיך. די קלעפ, וואָס זענען געווען בעשטימט פאַר אים, זענען געפאַלען אויף מיר. אָבער איך האָב אים אַלץ געדריקט אין מיינע אָרעמס, אַזוי, אַז דער טאַטע — צי ער איז אָבהענטיג געוואָרען דורך מיינע טרערען אָדער ער האָט נישט געוואָלט שלאָגען מיך שטאַרקער, איידער דעם שולדיגען, — האָט אים מוחל געווען. לסוף איז מיין ברודער גאָר קאַליע געוואָרען, איז אַנטלאָפען און אינגאַנצען פערשוואונדען געוואָרען. אין אַ צייט אַרום האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז ער געפינט זיך אין גערמאַניע. קיין איין מאָל האָט ער פון דאָר־טען נישט געשריבען, און פון יענער צייט אָן האָט שוין מער קיינער פון אים נישט געוואוסט. און אויף אַזאַ אופן בין איך געוואָרען אַ בן-יחיד.

אויב מען האָט דאָס דאָזיגע אָרימע יונגעל שלעכט דער־צויגען, קאָן מען דאָס אָבער נישט זאָגען וועגען זיין ברודער. אפילו אויף קייזערליכע קינדער האָט מען אַזוי נישט געקוקט, ווי אויף מיר, אין די ערשטע יאָרען פון מיין לעבען. די אַלע אָרומיגע האָבען מיך פערגעטערט, און, אַנ׳אונגעוועהנליכע זאַך, מען האָט מיך ליב געהאַט, און דאָך נישט קאַליע געמאַכט דער־מיט. סאַמע ביז דער צייט, וואָס איך האָב פערלאָזען מיין פאָ־טער׳ס הויז, האָט מען מיר קיינמאָל נישט דערלויבט אַרומצולוי־פען איבער׳ן גאַס מיט פרעמדע קינדער. מיינע דערציהער איז קיינמאָל נישט אויסגעקומען אונטערצודריקען אָדער נאָכצוגע־בען יענעם מין קאַפריזען, וואָס ווערען געבוירען אין קינדער בלויז צוליב שלעכטער דערציהונג, הגם געוועהנליך ווערען זיי צוגעשריבען דער נאַטור. איך האָב געהאַט פעלערן פון מיין עלטער. איך האָב צופיל געפלוידערט, ליב געהאַט נאַשערייען, טיילמאָל געלייגט. איך האָב אָפטמאָל געקאָנט גנב׳ענען פרוכטען, קאָנפעקטען, עסענוואַרג. אָבער מיר האָט קיינמאָל נישט פער־שאַפט קיין פערגעניגען אָנצוטאָן עמיצען יסורים, קאַליע מאַכען עפּיס, אַרויפוואַרפען די שולד אויף אַנדערע, פייניגען בידנע

חיות. דאָך געדענק איך, אַז איך האָב מיך איינמאָל בענוצט מיט'ן האַרטען הוט פון אונזער אַ שכנה, דער פרוי קלאָ, בשעת יענע איז געווען אין קלויסטער, און דערין אָבגעטאָן איינס פון די נידריגסטע נאַטור-בעדערפנישען. איך בין מיך מודה, אַז נאָך איצט שמייכעלט זיך מיר ביים ערינערן עס, וואָרום די פרוי קלאָ, אין פלוג אַ גוטע פרוי, האָט אויף דער עלטער בלויז געטאָן און געוואָרטשעט. דאָס איז די קורצע און אמת'ע געשיכטע פון אַלע מיינע קינדערשע פערברעכענס.

האָב איך דען געקאָנט ווערען אַ שלעכטער, בשעת פאַר מיינע אויגען האָב איך נאָר געזעהן ביישפּילען פון גוטסקייט, בשעת מיך האָבען אַרומגערינגעלט די בעסטע מענשען אויף דער וועלט? דער טאַטע, די מומע, די ניאַנע, אונזערע קרובים, אונזערע פריינד, בעקאַנטע און שכנים האָבען מיר נישט נאָכגעגעבען, אָבער זיי האָבען מיך ליב געהאַט, און איך האָב זיי מיט דעמזעלבען צוריק בעצאָלט. אין מיר פלעגען זיך אויפ-וועקען אַזוי וועניג פערלאַנגען, און די, וואָס פלעגען זיך יאָ אויפהויבען אין מיין נשמה, האָבען געטראָפען אַזוי וועניג מניעות, אַז איך האָב אינגאַנצען קיין שום חשק נישט געהאַט צו זיי. איך קאָן געבען מיין וואָרט, אַז ביז מיין בעל-הבית, דעם גראַווירער, וועטען איך האָב בעדאַרפט פאָלגען, האָב איך גאָרנישט געוואוסט, וואָס הייסט עס אַ דערשטיקטער פערלאַנג.

דער פאָטער האָט מיך געלערנט לעזען און שרייבען; די ניאַנע האָט מיך געפיהרט שפּאַצירען; די איבעריגע צייט בין איך פערבליבען מיט דער מומען, געקוקט, ווי זי פלעגט אויסנייהען, געהערט, ווי זי פלעגט זינגען, געזעסען אָדער געשטאַנען נעבען איר. און איך בין געווען צופרידען. מיין מומעס פרעהליכקייט און גוטסקייט, איר אָנגענעם געזיכט פלעגען מאַכען אויף מיר אַזא איינדרוק, אַז נאָך איצט זעה איך דייטליך און לעבעדיג איר בליק, אירע מאַנירען; איך געדענק אירע צערטליכע ווער-טער; איך קאָן בעשרייבען איר קלייד און פריזור און נישט פערגעסען דערביי אירע צוויי שוואַרצע געדרעהטע לאָקען אויפ'ן שלייף, לויט דער מאָדע פון יענער צייט.

איך בין זיכער, אַז זי האָט אין מיר אַריינגעגעבען אַ ליבע־לידער, ריכטיגער, אַ ליידענשאַפט צו מוזיק, אַ ליידענשאַפט, וואָס האָט זיך ענטוויקעלט אַ סך שפּעטער. זי האָט געקאָנט אַן'אונגעהויערע צאָל אַריעס און לידער און פלעגט זיי זינגען מיט אַ שוואַכען, נאָר זעהר ווייכען שטימעלע. די ריינע נשמה פון דעם דאָזיגען וואונדערליכען מיידעל האָט פערטריבען אומעט און מחשבות, וואָס פלעגען זי בעפאַלען. איר זינגען האָט פאַר מיר געהאַט אַ געוואַלטיגע צוציהונגס-קראַפט. לאַנג האָב איך בעדענקט מאַנכע פון אירע לידלעך, אָבער מיט דער צייט האָב איך זיי פערגעסען. זיי פער'כשופ'ן מיך נאָך איצט זעהר שטאַרק, בעת איך סטאַרע מיך אויפצעוועקען זיי אין מיין זכרון. וועלען גלויבען די לעזער, אַז איך, אַן'אַלטער עבר-בטול, אַן'אויסגעמוטשעטער פון דאגות און מחלות, פּאַק מיך דערויף, אַז איך וויין, ווי אַ קינד, בשעת איך נעם מיר אונטערזינגען שוין מיט אַ צו'הרג'עטען און צוטרויסעלטען קול איינס פון די האַלבפער-געסענע אַלטע לידער. בעזונדערס דייטליך געדענק איך די מעלאָדיע פון איין לידעל. צום אומגליק, אַנטלויפט מיר שטענדיג דער צווייטער טייל פון זיינע ווערטער. שוואַך געדענק איך מאַנכע ריפמען. דאָס איז דער אָנהויב פון דעם דאָזיגען ראָמאַנס און אויך דאָס, וואָס איך געדענק פונ'ם ווייטערדיגען:

טירציס, איך האָב קיינמאָל נישט געקאָנט
דיין פאַסטוכפייפעל הערען.
מען רעדט פון דעם אין אונזער דאָרף שוין,
ס'איז געפערליך פאַר'ן האַרץ —
זיין צופיל צוגעבונדען צו אַ פאַסטוך.
! . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . .
אונטער רויזען וועסטו אויך
געפינען שטענדיג דערנער.

איך סטאַרע מיך אַלץ צו בעגרייפען, אין וואָס בעשטעהט דאָ דער רירענדער רייץ פון מיין מוטעס אַלט לידעל, וואָס באַפט מיך אַלעמאָל אַרום, און קאָן בשום אופן נישט משיג זיין

די קאַפּריזען פון מיין האַרץ. אָבער איך קאָן עס נישט דער-זינגען, וואו איך זאָל נישט בלייבען שטעהן פון טרערען. אַמאָל הונדערט האָב איך געוואָלט צונשרייבען אין פּאַריז און בעטען, מען זאָל מיר צושיקען די פּערפּעלטע ווערטער. דאָך בין איך כמעט ווי זיכער, אַז דער תענוג, וואָס איך לעב-איבער, דער-מאָנענדיג דעם אַלטען מאָטיוו און די ווערטער פון אַ האַלבפּער-געסענעם ראָמאַנס, וועט זיך פּערקלענערן, ווען איך וועל האָבען בעוויזען, אַז נישט בלויז מיין אָרימע מומע סיוזאַנע, נאָר אויך אַנדערע מענשען האָבען אים געזונגען.

אָט אַזוי זענען געוועזען מיינע ערשטע ליבע-נייגונגען, אָט אַזוי האָט זיך אָנגעהויבען פאָרמירען אָדער אַרויסבעווייזען מיין האַרץ — דאָס שטאָלצע און דאָס צאַרטע; מיין מילדער כאַראַק-טער, וואָס איז אין דערזועלבער צייט געוועזען האַרט, ווי שטיין, וואָס האָט שטענדיג געקווענקעלט צווישען שוואַכקייט און מוט, צווישען צאַרטער פוילקייט און העלדישקייט און וואָס איז שטענ-דיג געוועזען די סבה פון דעם, וואָס איינגעהאַלטענקייט און הנאה, פערגעניגען און שטרענגע איבערלעגונג זענען אַלעמאָל אַנ-טרונען פון מיר אין אַ גלייכער מאָס.

דער גאַנג פון מיין דערציהונג איז איבערגעריסען געוואָ-רען דורך אַ צופאַל, וואָס די פאָלגען זיינע האָבען געהאַט אַ ווירקונג אויף מיין גאַנצען לעבען.

מיין פאָטער האָט זיך צוקריגט מיט גאָטיע, אַ פראַנצויזישען קאַפּיטאַן, וואָס האָט געהאַט קרובים אין ראַט, אַ מענש אַ חוצפה'דיגער און געמיינער. ביי דעם דאָזיגען גאָטיע איז געגאַנגען בלוט פון נאָז. האָט ער, אויס נקמה, בעשולדיגט מיין טאַטען, אַז יענער האָט כלומר'שט אין שטאָדט אַרויס-געצויגען זיין שווערד פון שייד. האָט מען מיין פאָטער גע-וואָלט אָבשיקען אין טורמע, האָט ער אָבער געפאָדערט, אַז מען זאָל, לויט'ן געזעץ, אויך דעם בעשולדיגער איינזעצען. די דאָזיגע פאָדערונג איז נישט דערפילט געוואָרען, און מיין פאָטער האָט בעשלאָסען בעסער אַוועקצוואַרפען זשענעוו, צושיידען זיך מיט דער דאָזיגער שטאָדט אויף אייביג, איידער אונטערצוגעבען זיך

דער געוואַלט-מאַכט, וואָס האָט, לויט זיין מיינונג, סותר געווען די כללים פון ערע און פרייהייט.

בין איך געבליבען אונטער דער השגחה פון מיין פעטער בערנאַר, וואָס האָט צו דער צייט געדינט אין די זשענעווער פעסטונגען. זיין עלטערע טאָכטער איז געשטאָרבען, אָבער ער האָט געהאַט אַ זוהן אין גלייכע יאָרען מיט מיר. האָט מען מיך און מיין שוועסטערקינד אַריינגעגעבען צום פּאַסטאָר לאַמבערסיע, אַז ער זאָל לערנען מיט אונז די לאַטיינישע שפּראַך און די איבעריגע נאַרישקייטען.

די צוויי יאָר לעבען אין זשענעוו האָבען עטוואָס ווייכער געמאַכט מיין רוימישע האַרטקייט און צוריק אַריינגעבראַכט אין דעם צושטאַנד פון אַ קינד. אין זשענעוו האָט מיך קיינער נישט געצוואונגען צו לערנען, און איך בין געווען פלייסיג און ליב געהאַט צו לעזען; אין באָסע האָט די אַרבייט מיך געצוואונגען, איך זאָל ליב בעקומען שפּילצייג, ביי וועלכע מען האָט זיך געקאָנט אויסרוהען פון אַרבייט. דאָס דאָרף איז פאַר מיר געווען אַזאַ נייס, אַז איך האָב מיך נישט געקאָנט גענוג אָנקוויקען מיט אים. איך האָב אַזוי שטאַרק ליב בעקומען דאָס דאָרפישע לעבען, אַז אין מיר איז שוין קיינמאָל נישט אויסגעלאָשען געוואָרען דער חשק צו דעם. די ערינערונג פון די פערלעבטע גליקליכע טעג אין דאָרף האָט אין אַלע צייטען פון מיין עלטער אַרויסגערופען אין מיר אַ בענקעניש נאָך דער דאָרפשטילקייט, ביז וואַנען איך פלעג מיך ווידער נישט בעזעצען אויסער'ן שטאָדט. לאַמבערסיע, אַ מענש זעהר אַ קלוגער, האָט זיך אויפמערקזאַם בעצויגען צו אונזער בילדונג, אָבער אין דערזעלבער צייט האָט ער אונז נישט שטאַרק בעשווערט מיט די אורעקען, אַלס בעווייז, אַז ער האָט גוט געפירט די זאַך, וועל איך זאָגען, אַז, נישט-געקוקט אויף מיין עקעל צו אַלע מינים בעצווינגונגען, האָב איך קיינמאָל אָהן הענוג נישט דערמאָנט די שעה'ן פון אונזער לערנען זיך, און הגם קיין ספק האָב איך מיך ביי אים נישט אויסגעלערנט, האָב איך אָבער אָהן מיה און גוט געוואוסט דאָס, וואָס ער האָט מיט מיר איינגע-

לערנט, און עס שוין אויך שפּעטער נישט פערגעסען
די. פּראַקטיקייט פון דאָרפלעבען האָט אויף כ.י.׳ געהאַט אַ גוטע ווירקונג. ביז איצט בין איך נאָר געווען בעקאַנט מיט העכערע געפיהלען, און דאָס — אין דמיון. אָבער די געוועינהייט צו אַ געמיינזאַם שטיל לעבען האָט מיך דערנענטערט מיט מיין שוועסטערקינד בערנאַר. פּאַר אַ קורצער צייט האָב איך אים נאָך ליבער בעקומען, איידער מיין אייגענעם ברודער, און מיינע געפיהלען צו אים זענען שוין קיינמאָל נישט אויסגעלאָשען געוואָרען. בערנאַר, אַהויך, דין און מאָגער יונגעל, האָט געהאַט אַ גוטע נשמה און אַ שוואַכען קערפּער. ער האָט זיך נישט שטאַרק איבערגענומען מיט'ן פּאָרצוג, וואָס ער האָט געהאַט אין לאַמבערסיע׳ס הויז, אַלס דער זוהן פון מיין אַפּוטרופּוס. מיר האָבען געהאַט אַלגעמיינע אַרבייטען, פערוויילונגען, דיזעלבע געשמאַקען. מיר זענען געווען אַליין און גלייך אין יאָרען. יעדער פון אונז האָט זיך געגויטיגט אין אַ חבר. ווען מיר שיידען זיך פונאַנדער, וואָלט עס אונז אין אַ געוויסען גראַד דער'הרג'עט, הגם עס האָט זיך נישט געמאַכט קיין געלעגענהייט אַרויסצוּ־ווייזען ליבע צווישען אייננאַנדער, דאָך איז זי געווען זעהר שטאַרק צווישען אונז, און מיר האָבען נישט נור נישט געקאָנט לעבען אַ מינוט איינער אָהן דעם צווייטען, נאָר מיר האָבען זיך זאָגאַר נישט געקאָנט פאָרשטעלען, ווי אַזוי ועלען מיר זיך עס ווען-עס-איז שיידען. ביידע האָבען מיר געהאַט דעם כאַראַקטער, וואָס האָט ליב צערטליכקייטען, ביידע זענען מיר געווען גע־האָרכזאַם-העפליך, ווען מען האָט אונז צו קיין זאַך נישט גע־צוואונגען, און דעריבער האָבען מיר שטענדיג געשטימט אין אַלץ. אויב בערנאַר, אַ דאַנק דעם רצון פון אונזערע מדריכים, האָט פאַר זיי געהאַט די אויבערהאַנד איבער מיר, איז ער אָבער געווען מיר אונטערגעוואָרפען, בשעת מיר זענען געווען אַליין. אויף אַזאַ אופן פלעגט צווישען אונז אויסגלייכען דאָס גלייכגעוויכט. בשעת ער פלעגט זיך פערזאַמקען ביים לערנען, פלעג איך אים אונטערזאָגען. אין שפּיל און פערוויילונגען פלעגט מיין מער ערפינדליכער מח מאַכען מיך פאַר'ן אָנפירער. מיט איין וואָרט,

אונזער׳ע נאַטורען האָבען זיך אַזוי געשטימט, אונז האָט פער-איינינגט אַזאַ אמת׳ע חבר׳שאַפט, אַז פאַר די פינף יאָר צייט פון צוזאַמענלעבען, דאָ אין באָסע און דאָ אין זשענעווו, זענען מיר געווען אַזוי ווי צוזאַמענגעקלעבט. אמת, טייל מאָל פלעגען מיר זיך שלאָגען, אָבער מען האָט אונז קיינמאָל נישט בעדאַרפט צוליב דעם פונאַדערשיידען, און אונזערע אַרומרייסענישען האָבען קיינמאָל נישט געדויערט מער פון אַ פירטעל שעה. קיין איין מאָל האָט קיין איינער פון אונז זיך נישט געקלאָגט אויפ׳ן צווייטען. געוויס, דאָס זענען אַלץ קלייניגקייטען, אָבער זיי גיבען אַ מוסטער פון בעציהונגען, מעגליך, די איין-איינציגע פון זינט עס עקזיסטירען קינדער.

דער אַרט לעבען אין באָסע האָט זיך זעהר גוט געפּאַסט צו מיין נאַטור, און ווען אַזאַ לעבען וואָלט זיך ציהען לענגער, וואָלט זיך מיין כאַראַקטער פאָלקאָם ריכטיג פאָרמירט. שטילע, צאַרטע געפיהלען זענען געלעגען אין גרונד פון אָט דעם לעבען. איך מיין, אַז קיינמאָל האָט קיין איינס פון די מענשליכע וועזענס נישט געהאַט אַזוי וועניג נייגונג צו כבוד, ווי איך. טייל מאָל פלעג איך מיך אונטערגעבען דער ווירקונג פון אַ געפיהל און פלעג דערגעהן ביז הויכע נשמה-בעוועגונגען, אָבער באַלד פלעג איך פון דאָס ניי אַריינקומען אין אַ פרידליכע שטימונג. מער פון אַלץ האָב איך בעגערט, אַז די אַלע אַרומיגע זאָלען מיך ליב האָבען. איך בין געווען האַרציג-גוט. האַרציג-גוט איז אויך געווען מיין בערנאַר. און גוטע זענען געווען אונזערע מדריכים. אין אַ משך פון גאַנצע צוויי יאָר האָב איך נישט געזעהן און נישט בייגעלעבט קיין שום בייז פון פרעמדע. אַלץ האָט ענט-וויקעלט די געבוירענע נייגונגען פון מיין האַרצען. און בע-זונדערס גליקליך בין איך געווען דעמאָלט, ווען די אַלע אַרומיגע האָבען אויסגעזעהן צופרידען מיט מיר און מיט אַלץ. איך וועל קיינמאָל נישט פערגעסען, ווי מיך האָט מער פון אַלץ געפייניגט דער אויסדרוק פון אונרוהיגקייט און פערדרוס ביים מיידעל לאַמבערסיע, בשעת איך האָב בעדאַרפט ענטפערן אויף אַנ׳-אוראָק און זיך פערהאַקט; איר אונרוהיגקייט האָט מיך מער

געשראָקען, איידער דאָס זיין פערשעמט צווישען מענשען, הגם די דאָזיגע מעגליכקייט פלעגט מיך אַריינוואַרפען אין יאוש; און סאַקי דערפאַר, וואָס איך האָב נישט צוגעגעבען קיין גרויסען ווערט די לויבערייען, בין איך אָבער שטענדיג געווען זעהר שוואַך געגען בושה. כדאי צו בעמערקען, אַז דאָס וואַרטען אויף אַ פאַר־וואורף פונ׳ם פריילין לאַמבערסיע האָט מיך ווענינער גע־קימערט, איידער די מורא, טאָמער האָב איך איר פערשאַפט אונאַנגענעמליכקייט.

זי און איר ברודער זענען טיילמאָל זיך גאַנץ שטרענג בעגאַנגען מיט אונז, אָבער דערפאַר, וואָס די דאָזיגע שטרענג־קייט איז על פי רוב געווען אַ גערעכטיגע און פלעגט דורכ־געפירט ווערען אָהן כעס, פלעגט עס מיך נאָר בעטריבען, אָבער נישט אויפרעגען. אַריינברענגען אין כעס מיינע לערער האָט מיר אויסגעוויזען אונאַנגענעמער, איידער זיין פון זיי בעשטראָפט; אַז זיי זענען געווען מיט מיר אונצופרידען, האָט עס אויף מיר פיינליכער געווירקט, איידער דער וועהטאָג פון שטראָף. מיר איז שווער זיך אויסצודריקען בעשטימטער, דאָך וועט מען עס דאַרפען טאָן. ווען מענשען וואָלטען בעסער געקאָנט זעהן די שפּעטערע פאָלגען פון דעם מעטאָד, מיט וועלכען זיי דערציהען קינדער, וואָלטען זיי אים תיכף אַוועקגעוואָרפען! איך בין דאָ געצוואונגען צו ברענגען אַ פשוט׳ען און, גלייכצייטיג, אַ שרעקליכען ביישפּיל, וואָס וועט דינען פאַר אַ מוסר־השכל.

דאָס פריילין לאַמבערסיע האָט אונז ליב געהאַט, ווי אַ מוטער, און האָט זיך דעריבער בענוצט בנוגע צו אונז מיט דער מאַכט פון אַ מוטער; אָט די מאַכט פלעגט זי, אין פאַל פון אַ נויט, דערהויבען ביז שטראָף דורך ריטער. אַ לאַנגע צייט האָט זי אונז בלויז געסטראַשעט, אַז זי וועט אונז אָבשמייסען, און אָט די נייע שטראָף פלעגט מיך שטאַרק אָבשרעקען. אָבער נאָכדעם, ווי איך בין אָבגעשמיסען געוואָרען, האָב איך אַיינגעזע־פונען, אַז דאָס וואַרטען דערויף איז אַ סך שרעקליכער פון דער שטראָף גופא.

אָבער וואונדערליכער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס נאָך

די שמיץ האָב איך נאָך מער, ווי פריהער, ליב געהאַט יענע, וואָס האָט מיך אונטערגעוואָרפען אַזאַ שטראָף. בלויז די שטאַרקע צוגעבונדענקייט צו דעם פריילין לאַמבערסיע און די געבוירענע גוטסקייט מיינע האָבען מיר געשטערט צו פּאַקען אומישנע נאָכאַמאָל דיזעלבע שטראָף. אין די יסורים און גופא אין דער חרפּה האָב איך איינגעזופּען עפּיס אַ בעזונדער תּענוג, וואָס האָט מיר געצוואונגען וועניגער מורא צו האָבען פאַר די שמערצליכע שמיץ; פערקערט, איך האָב אָנגעהויבען צו ווצלען, אַז זיי זאָלען עפּטערער קומען. מען דאַרף בעמערקען, אַז די דאָזיגע שפּירונג פון תּענוג איז, אָהן אַ ספק, אַ פועל-יוצא פון דעם געשלעכטס-אינסטינקט, וואָס איז אין מיר צו-פריה דערוואַכט געוואָרען, און אַז דער הער לאַמבערסיע פלעגט מיך בעשטראָפען מיט'ן האַנד, פלעגט עס מיר גאָר קיין פערגעניגען נישט פערשאַפען, איבעריגענס, קאָנענדיג דעם כאַראַקטער פון'ם פּאַסטאָר, האָט מען אויך נישט געקאָנט רעכענען, אַז ער זאָל פערבייטען זיין שוועסטער, און אויב איך האָב מיך נישט געסטאַרעט נאָכאַמאָל צו קריגען שמיץ, איז עס בלויז דערפאַר, ווייל איך האָב מורא געהאַט צו דערצאָרנען דאָס פריילין לאַמבערסיע. די ליבע, וואָס איז אפילו געבוירען געוואָרען דורך אַ נידעריגערן אינסטינקט, האָט אויך איבער מיר געהאַט אַזאַ מאַכט, אַז איך פלעג מיך אונטערגעבען איר.

איך בין דאָך אַ צווייט מאָל בעשטראָפט געוואָרען, הגם איך האָב מיך נישט געשראָקען דערפאַר, נאָר בלויז עס אויסגעמידען. און געשעהן איז עס אָהן אַ שום סטאַרען זיך פון מיין זייט! איך זאָג עס מיט אַ ריינעם געוויסען. דאָס צווייטע מאָל איז אין דערזעלבער צייט אויך געווען דאָס לעצטע מאָל, דאָס פריילין לאַמבערסיע האָט, וואַרשיינליך, בעמערקט, אַז די שטראָף האָט נישט דערגרייכט איר ציל, און זי האָט אונז מודיע געווען, אַז די דאָזיגע עקזעקוציעס פערמאַטערן זי שטאַרק, און דעריבער זאָגט זי זיך אָב פון זיי. ביז אָט דער צייט פלעגען מיר שלאָפען אין איר צימער און ווינטער — טיילמאָל אפילו אין איר בעט. אין צוויי טעג אַרום, נאָכ'ן צווייטען מאָל בע-

שסראָפּען, זענען מיר איבּערגעפירט געוואָרען אין אַנ׳אַנדער
צימער, און פון דעמאָלט-אָן האָט זיך דאָס פריילײן לאַמבּער-
סיע אָנגעהויבּען בּעגעהן מיט מיר, ווי מיט אַ דערוואַקסענעם
יונגעל. אַ כבוד, פון וועלכען איך וואָלט מיך גערן אָבּגעזאָגט.
ווער וואָלט עס געקאָנט פאָראויסזעהן, אַז אַ דרייסיג-יעריג
מיידעל, בּעשטראָפענדיג אַנ׳אַכט-יעריג יונגעל, זאָל בּעשטימען
זיינע געשמאַקען, זיינע נייגונגען און דערבּיי צוגעבּען זיי אַזאַ
ריכטונג, וואָס זאָל אינגאַנצען כותר זיין יענער ריכטונג, וואָס
דאַרף קומען, אַלס פּועל יוצא פון דער שטראָף. אין מיר
זענען אויפגעוואַכט געוואָרען ליידענשאַפטליכע אויפרעגונגען,
דאָך האָב איך נאָר שטאַרק געוואָלט, אַז די בּעקאַנטע אָנגענעמע
שפּירונג פון שמיץ זאָל זיך איבּער׳חזר׳ן. כאָטש דאָס בּלוט האָט
אין מיר געבּרענט כמעט פון מיין סאַמע געבּוירען ווערען אָן,
דאָך בּין איך געבּליבּען ריין בּיז יענער עלטער, ווען עס ענט-
וויקלען זיך די קאַלטסטע טעמפּעראַמענטען. איך האָבּ נישט פער-
שטאַנען די פערלאַנגען, וואָס האָבּען מיך געפּייניגט, און האָבּ גע-
געסען מיט די אויגען די שענע פרויען. מיין דמיון האָט זיי נאָכ-
אַנאַנד געמאָלט. אָבּער אין דעמזעלבּען דמיון האָבּען זיי שטענדיג
געשפּילט די ראָל פון שטראָפענדיגע לערערינס. אַ יעדע פון
זיי האָבּ איך געהיסערמאַסען פערוואַנדעלט אינ׳ם פריילײן
לאַמבּערסיע.

ווען איך בּין אַרויס פון די קינדערשע יאָרען, האָט דער
דאָזיגער מאָדנער פערלאַנג, וואָס איז דערגאַנגען בּיז אַ פעלער,
לחלוטין אָבּגעהיט מיין ריינקייט. געוויס, אַ דערציהונג האָבּ איך
בּעקומען זעהר אַ ריינע און אַ מאָראַלישע. מיינע דריי מומעס
האָבּען געפירט נישט נור אַ מוסטערליך-מאָראַלישע לעבּען, נאָר
זיי זענען אויך געווען זעהר אַיינגעהאַלטענע, אַ זאַך, וואָס די
היינטיגע פרויען האָבּען שוין לאַנג פערלאָרען. מיין פאָטער,
וואָס האָט ליבּ געהאַט צו ראַייאָנסירען, האָט זיך קיינמאָל נישט
דערלויבּט אין דער געגענוואַרט פון פרויען, וועלכע ער האָט ליבּ
געהאַט, צו זאָגען עפּיס אַזוינס, מיט וואָס עס זאָל דאַרפען רויט
ווערען אַנ׳אומשולדיג מיידעל, און אין ערבעט זיינ די אַבּ...

צו קינדער נישט דערפירט געוואָרען צו אַזאַ מדרגה, ווי ביי אונז אין דער פּאַמיליע, בנוגע צו מיר. און אין לאַמבער-סיע׳ס הויז איז אויך געווען דאָסזעלבע. אַ גוטע דינסט האָט פערלאָרען ביים פּאַסטאָר די שטעלע דערפאַר, וואָס זי האָט זיך אין אונזער בעגעגנוואַרט אויסגעדריקט צו-דרייסט. ביז די יאָרען פון אַ בחור׳ל האָב איך קיין בעשטימטען בעגריף נישט געהאַט פון דער פיזישער נאָנטקייט צווישען די געשלעכטען. אפילו אַ נע-בעלדיגע פּאָרשטעלונג וועגען דעם האָט מיר אויסגעוויזען אונגע-הויער מאוס. פון גאַסען-פרויען האָט מיר געעקעלט, און אָט דער עקעל איז מיר כמעט פערבליבען אויף שטענדיג. מיט טיפער פעראַכטונג האָב איך געקוקט אויף זנות-לייט. אין מיין נשמה האָבען זיי אַרויסגערופען זאָגאַר שרעק. דאָס זינד האָט מיר גורם געווען אַ בעזונדער עקעלדיג געפיהל פון יענער צייט-אָן, בשעת איך בין איינמאָל געגאַנגען אין סאַקאָנע מיט׳ן שטע-געלע און געזעהן ביי די זייטען גריבער, וואָס האָבען, ווי מען האָט מיר דערצעלט, געדינט פאַר זנות צווישען מאַנסביל און פרויען. דאָס, וואָס איך האָב געזעהן צווישען הינט, איז מיר געקומען אויפ׳ן געדאַנק, ווען איך האָב געטראַכט וועגען דער פיזי-שער נאָנטקייט פון אַ מאַן מיט אַ פרוי, און דאָס האָט מיך נאָך מער אָנגעפילט מיט עקעל.

איך האָב נאָר געטרוימט וועגען דער שפּירונג, וואָס איך האָב שוין דורכגעלעבט, און, נישט-געקוקט אויף דער שטאַרקער אונרוהיגקייט פון מיין בלוט, האָב איך בלויז געלעכצט נאָך דעם בעקאַנטען תענוג און נישט נאָך יענעם, וואָס האָט מיר אויסגע-וויזען שרעקליך העסליך. איך האָב גאָרנישט משער געווען, ווי נאָנט איינס איז צום צווייטען. איך האָב מיך איבערגעגעבען נאַרישע עראָטישע פאַנטאזיעס, טיילמאָל דערגאַנגען ביז משונה׳-דיגע מעשים און אָפט אין דמיון געזופען נאָך הילף פון אַ פרוי, און קיינמאָל נישט געטראַכט, אַז זי קאָן מיר געבען עפּיס אַ תענוג, אָבער זי וועט נישט צופרידענשטעלען מיין ווילדען בע-גער, וואָס האָט אין מיר געברענט.

מיט מיין זעהר הייסען, זעהר ליידענשאַפטליכען און טריה-ענטוויקעלטען טעמפעראַמענט, האָב איך, אַלזאָ, אַ דאַנק דער איי-געגנאַרטיגער ריכטונג פון מיין פאַנטאַזיע, איבערגעלעבט די אי-בערגאַנגס-צייט פון מיין עלטער אָהן די מחשבות וועגען אַנדערע געשלעכטס-תענוגים, אויסער יענע, וואָס אַ בעגריף וועגען די האָט מיר אַזוי אונבעוואוסטזיניג געגעבען דאָס פריילײן ל אַ מ-ב ע ר ס י ע. און אַז איך בין מיט דער צייט געוואָרען אַ דער-וואַקסענער יונגערמאַן, האָט דאָס, וואָס האָט מיך בעדאַרפט אומ-ברענגען — פערהיט.

מיינע אַמאָליגע קינדערשע געשמאַקען זיינען נישט פער-שוואונדען געוואָרען, פערקערט; נאָר זיי האָבען זיך אַזוי צו-זאַמענגעגאָסען מיט די שטרעבונגען צו געשלעכטליכע תענוגים פון אַנ'אַנדער סאָרט, אַז איך האָב נישט געקאָנט אָבטיילען איין ליידענשאַפטליכען בעגער פון אַ צווייטען. מיין ווילדער צו-שטאַנד צוזאַמען מיט מיין געבוירענער שעמעדיגקייט האָט צוגע-געגומען ביי מיר יעדען זכר פון מוט בנוגע צו אַ פרוי. קיין איינער פון זיי וואָלט איך נישט געווען בכח אויסצוזאָגען זיך אינגאַנצען, און, אויב נישט אויסזאָגען זיך, וואָלט איך דאָך נישט געקאָנט צופרידענשטעלען מיינע משונה'דיגע פערלאַנגען. ווער פון זיי וואָלט זיך געקאָנט שטויסען דערויף?

דאָס גאַנצע לעבען האָט איך שווייגענדיג בעגערט, נישט געעפענט די ליפען פאַר יענע, וועמען איך האָב ליבער געהאַט מער פון אַלץ אין דער וועלט. איך האָב נישט געהאַט קיין מוט אויסצוזאָגען פון מיין משוגעת, און דער תענוג פון בעציהונ-גען האָט מיר געגעבען די פאָרשטעלונג פון דעם. אויף די קניה בין איך געשטאַנען פאַר דער מעכטיגער געליבטער און אַ בע-רוישטער בין איך געווען, און אירע, בעפעלען האָב איך געהאָר-זאַם געפאָלגט, און מחילה האָב איך ביי איר געבעטען. און וואָס שטאַרקער דער דמיון האָט מיר אויפגעקאָכט דאָס בלוט, אַלץ מער ענליך בין איך געוואָרען אין אַ פערליבטען, וואָס איז בעטויבט פון ליידענשאַפט. אַוודאַי, אָט דער מין ליבע איז נישט זעהר געפעהרליך פאַר דער צניעות פון אַ פרוי. און טאַקי דעריבער

האָב איך זיי ווענינ בעהערשט, אָבער אַ סך נענאָסען אויף מיין שטייגער, דאָס הייסט אין דמיון. אָט ווי אַזוי עס איז געשעהן דאָס, וואָס מיין הייפער טעמפעראַמענט צוזאַמען מיט דער שעמע-דיגקייט און דעם ראָמאַנטיש-געשטימטען קאָפּ האָבען פערהיט אין מיר די ריינקייט פון געפיהל און מציל געווען מיך פון גייסטיגע פעלערן. וואָלט איך געווען עטוואָס דרייסטער, וואָלטען מיך די ליידענשאַפטען פערשלעפּט ערגיץ אין אַ תהום פון גראָבע פערגעניגענס.

איך האָב געמאַכט דעם ערשטען, דעם סאַמע בעשווערסטען שריט אין דעם טונקעלען און שמוציגען לאַבירינט פון מיין אָפּענהערציגקייט. נישט אין אַ פערברעכען איז זיך שווער מודה צו זיין, נאָר דערין, וואָס איז לעכערליך און העסליך. איצט בין איך זיכער אין זיך. אַרויסגעזאָגט דאָס סאַמע שווערע, וועל איך מיך שוין נישט אָבשטעלען פאַר קיין זאַך. עס וועט זיין לייכט צו פערשטעהן, וואָס מיר קאָסט אָט דער טייל פון מיין זדוי, בשעת איך וועל זאָגען, אַז אין דעם סאַמע ברען פון ליידענשאַפט, וואָס האָט מיר צוגענומען די אויגען, דאָס געהער, צומישט דעם קאָפּ און געצוואונגען דעם גאַנצען קערפּער צו פלאַטערן — אין אָט דער מינוט האָב איך קיינמאָל נישט געקאָנט אויסזאָגען דער געליבטער פון מיין משוגעת; אין דער סאַמע העכסטער נאָנטקייט מיט אַ פרוי האָב איך נישט געוואַגט צו בעטען וועגען דעם איינציגען חסד, וואָס האָט מיר געפעלט. בלויז איינמאָל, אין דער קינדהייט, מיט אַ מיידעלע פון מיינע יאָרען, האָב איך געהאַט גענוג מוט אַרויסצוזאָגען זיך אין דעם ברט, און דאָס איז דער פאָרשלאַג געקומען פון איר צד.

קומענדיג אויף אַזאַ אופן צו דער צייט פון מיינע ערשטע בעשלעכטס-שפּירונגען, געפין איך אין זיך עלעמענטען, וואָס קאָנען, דאַכט זיך, נישט שטימען צווישען זיך. דאָך אָבער זענען זיי געווען צונויפגעגאָסען אינאיינעם און געהאַט איין גאַנצע ווירקונג. ווער וואָלט עס למשל, געגלויבט, אַז איינער פון די סאַמע שטאַרקסטע בעוועגער אין מיין נשמה שטאַמט פון דעמזעלבען מקור, וואָס האָט מיר געגעבען שוואַכקייט און

נידעריגערע שפּרונגען. מען קאָן עס זעהן און בשעת מעשה זיך נישט דערווייטערן פון דער זאַך, וועגען וועלכער איך האָב נאָר-וואָס גערעדט.

איינמאָל האָב איך געמאַכט די לעקציע אין דעם צימער, וואָס האָט זיך געגרענצט מיט דער קיך. אין קיך אויפ'ן פּליט האָט די דינסט דעמאָלט געלעגט טריקענען דעם פריילין לאַמבערסיע'ס קעמלעך. אַז זי איז געקומען נאָך זיי, האָט זי געפונען, אַז אין איין קעמעל זענען די ציין אויף דער העלפט איבערגעבראָכען. וועמען זאָל מען בעשולדיגען? אויסער מיר איז קיינער נישט אַריין אין צימער. נעמט מען מיך אויפ'ן צימבעל. זאָג איך, אַז איך האָב דעם קעמעל נישט אָנגעריהרט. דער ברודער מיט דער שוועסטער לאַמבערסיע ריידען מיך צו, איך זאָל מיך מודה זיין, בעטען מיך, סטראַשען. איך האַלט מיך ביי מיינס מיט עקשנות. אָבער זייער איבערצייגונג איז שטאַרקער פון אַלע מיינע ווערטער, הגם איך האָב נאָך קיינמאָל אַזוי דרייסט נישט געליגט. האָט מען אַ קוק געטאָן אויף דער זאַך ערנסט: שלעכטס, ליגען, עקשנות זענען ווערט בעשטראָפט צו ווערען. נאָר מיך האָט נישט בעשטראָפט דאָס פריילין לאַמבערסיע. מען האָט אָנגעשריבען דעם פעטער בערנאַר. ער איז געקומען צופאָרען. מיין אָרימען שוועסטערקינד האָט מען אויך בעשולדיגט אין נישט קיין קלענערן פערברעכן האָט מען אונז ביידען אויף איין אופן בעשטראָפט. די שטראָף איז געווען אַ שרעקליכע; קיין בעסער מיטעל, צו דערשטיקען מיינע געשלעכטס שפּרונגען וואָלט מען גאָרנישט געקאָנט געפינען, ווען מען וואָלט זוכען די רפואה אין מיין קראַנקהייט גופא; און באמת, נאָך דער דאָזיגער עקזעקוציע האָבען מיך מיינע ליידענשאַפטען אויף לאַנג אַוועקגעוואָרפען.

און איך האָב מיך פאָרט נישט מודה געווען. עטליכע מאָל בין איך בעשטראָפט געוואָרען, איך האָב אויסגעזעהן שרעקליך, אָבער איך בין געווען האַרט, ווי שטיין. איך האָב מיך געפיהלט פעהיג צו שטאַרבען. די קראַפט האָט געמוזט נאָכגעבען דער טייוולשער עקשנות פון'ם קינד — אַזוי האָט מען אָנגערופען מיין

האַרטקייט. נאָך דעם דאָזיגען שרעקליכען נסיון בין איך געווען אויסגעמוטשעט, אָבער דערפאַר האָב איך אויסגעפירט.

פון אָט דער צייט זענען אַוועק פופציג יאָר. איך האָב שוין נישט מורא, מען זאָל מיך פון דאָס ניי בעשטראָפען פאַר דאָסזעלבע פערברעכען, און קאָן זאָגען פאַר גאָט און פאַר לייטען, אַז איך בין געווען אונשולדיג, נישט צוגעגאַנגען צו דער פליט, נישט געריהרט דעם קעמעל און אַפילו נישט געטראַכט פון אים. ווי אַזוי די ציין זענען צובראָכען געוואָרען — ווייס איך נישט און פערשטעה נישט. איינס איז נאָר זיכער: איך בין נישט געווען שולדיג

שטעלט אייך פאָר אַ כאַראַקטער, וואָס איז שעמעוודיג און געהאָרכזאַם אין געוועגליכען לעבען, הייס און שטאַרק אין מינוטען פון ליידענשאַפט; אַ קינד, וואָס האָט זיך שטענדיג צוגעהערט צו דער שטים פון פערשטאַנד, וואָס האָט לויטער נאָר געזעהן אַרום זיך באַרמהאַרציגקייט, יושר, רחמנות, וואָס האָט אַפילו נישט געוואוסט, וואָס איז עס אַזוינס אַנ׳עולה — און נאָכדעם אַלעם זאָל ער איבערלעבען אַנ׳אונפערדינטע שטראָף, אַ אַ שטראָף פון מענשען, וועלכע ער האָט געליבט און געשעצט מער פון אַלץ אין דער וועלט! וואָס פאַר אַ מין כאַאָס פון געפיהלען! וואָס פאַר אַ מין תהו ובהו אין זיין האַרץ, אין זיין מח, אין זיין גאַנצען גייסטיגען און אינטעלעקטועלען קליינינטשקען וועזען! שטעלט אייך עס אַלץ פאָר, אויב דאָס איז מעגליך, וואָרום איך בין נישט אומשטאַנד פונאַנדערצוקלויבען זיך דערין, וואָס אין מיר איז דעמאָלט פאָרגעקומען.

איך האָב נאָך דעמאָלט געגוג נישט פערשטאַנען, וואָס פאַר אַ שטאַרקע בעווייזען געגען מיר זענען געווען און איך האָב מיך אויך נישט געקאָנט אַוועקשטעלען אויפ׳ן אָרט פון מיינע דערציהער. איך האָב נאָר איבערגעלעבט די שטרענגקייט פון דער שטראָף פאַר אַ פערברעכען, וואָס איך בין נישט בעגאַנגען. מיך האָט גאָרנישט אַזוי געאַרט דער פיזישער וועהטאָג, וואָס איז אַפילו גאַנץ שטאַרק געווען. איך בין געווען פול האַס, פערצווייפלונג און יאוש. אין אַזאַ צושטאַנד האָט זיך אויך געפונען

מיין שוועסטערקינד. ער האָט געקראָגען געצאָלט פאַר אַנ׳אונגע-רענדיגען חטא, וואָס מען האָט אָנגענומען פאַר אַ שולד בכונה, און ווי איך, איז ער אויך אויפגערייצט געוואָרען. ביינאַכט, אַז מיר זענען געלעגען אין איין בעט, האָבען מיר זיך פיבערליך גע-דריקט איינער צום צווייטען מיט פערהאַלטענע אָטעמס. אַז אונזערע הערצער האָבען זיך עטוואָס בערוהיגט און מיר זענען געווען בכח אויסצוגיסען דעם צאָרן, האָבען מיר זיך אַנידער-זעצט און מיט אַלע כחות גענומען שרייען: תּלין! תּלין! תּלין! תּלין!

אַפילו איצט, בשעת איך שרייב די דאָזיגע שורות, הויבט מיין פולס אָן עפּטערער שלאָגען. הונדערטטויזענד יאָר ווען איך לעב, וואָלט איך דאָך נישט געקאָנט פערגעסען יענע מינו-טען. דאָס ערשטע בעוואוסטזיין פון געוואַלט איז פערבליבען טיף איינגעקריצט אין מיין נשמה, און די אַלע געדאַנקען, וואָס בעלעבען דאָס דאָזיגע בעוואוסטזיין, ברענגען מיך אַריין אין דער אַמאָליגער אויפרעגונג. אָט דאָס געפיהל איז אַזוי ווייניג עגאָאיסטיש, אַז ווען איך זעה אַנ׳עולה אָדער איך זעה, אַז וועמען-עס-איז ווערט געטאָן שלעכטס, הויבט מיר אָן קאָכען דאָס האַרץ, פונקט ווי די זאַך וואָלט זיך געהאַנדעלט וועגען מיר. בשעת איך לייען וועגען די גרויזאַמע מעשים פון אַ בלוטדורשטיגען טיראַן, בין איך אים גרייט צו דערשטעכען, ריזיקירענדיג אַליין מיט׳ן לעבען. נישט איין מאָל האָב איך פערפאָלגט אַ האָן, אַ בהמה, אַ הונד און בכלל חיות, וואָס האָבען געמוטשעט אַנדערע בלויז דערפאַר, ווייל זיי האָבען זיך געפיהלט שטאַרקער. מעגליך, אַז דאָס איז אַ פועל-יוצא פון מיין געבוירענער פעהיגקייט, און איך מיין, אַז דאָס איז אַזוי; אָבער די שטאַרקע ערינערונג וועגען דער ערשטער עולה, וואָס איך האָב איבערגעטראָגען, איז אַזוי פעסט צוזאַמענגעוועבט געוואָרען מיט מיין געבוירענער פעהיגקייט, אַז עס האָט זי, נאַטירליך, מער פערטיפט.

מיט דעם דאָזיגען עפּיזאָד איז פערענדיגט געוואָרען די רוהיגע צייט פון מיין קינדערלעבען. פון דעמאָלט-אָן האָב איך מיך אויפגעהערט צו קוויקען מיט ריינעם גליק, און אפילו איצט פיהל איך, אַז אין יענעם שרעקליכען טאָג איז צוריסען גע-

וואָרען דער צויבער פון מיין קינדהייט

נאָך עטליכע מאָנאַטען האָבען מיר געוואוינט אין באָסע. אין משך פון דער דאָזיגער צייט האָבען מיר איבערגעלעבט דאָסזעלבע, וואָס אדם הראשון האָט בעדאַרפט פיהלען אין גן-עדן, בשעת ער האָט פערלאָרען די פעהיגקייט צו די גן-עדן-תענוגים. מיר האָבען זיך נאָך, וואַרשיינליך, געפונען אין די פריהערדיגע בעדינגונגען. אין פלוג אָבער איז אונזער לעבען אַוועק גאָר אויף אַ נייעם דרך. טרייהייט, נאָנטקייט, צוטרוי האָבען שוין מער נישט געבונדען די תלמידים מיט זייערע לערער. מיר האָבען שוין מער נישט געקוקט אויף זיי, ווי אויף געטער, וואָס האָבען געלייענט אין אונזערע הערצער. ווענינער, ווי פריהער, האָבען מיר זיך שוין איצט געשעמט צו בעגעהן זיך שלעכט, דערפאַר אָבער זיך מער געשראָקען פאַר בעשולדיגונגען: מיר האָבען זיך אָנגעהויבען בעהאַלטען, לייגען, אויפרעגען. אַלע פעלערן פון אונזער עלטער האָבען שוואַרץ געמאַכט די אונשולד אונזערע און גע׳פטר׳ט אונזערע שפילערייען. אַפילו דאָס דאָרפלעבען האָט פערלאָרען פאַר אונז דעם רייץ פון שטילקייט און פשטות, וואָס האָבען אונז שטענדיג אַזוי געריהרט. לער איז געוואָרען די נאַטור, פונקט ווי די פראַכטען אירע זענען צוגעדעקט געוואָרען. מיר האָבען אויפגעהערט צו מאַכען אונזערע גערטענדלעך, אַרומגעהן אַרום גראָז און בלומען; מיר האָבען אויפגעהערט עטוואָס אויפצוהויבען די ערד און אויסשרייען פון שמחה, בשעת מיר האָבען דאָרטען געפונען אַ שפראָצונג, וואָס איז אַרויס פון קערנדיל, פערזעצט פון אונז. מיר האָבען אויפגעהערט צו ליבען דאָס דאָזיגע לעבען. די לערער האָבען אונז אויפגעהערט צו ליבען. דער פעטער האָט אונז אָבגענומען פון די לאַמבערסיע׳ס, און מיר האָבען זיך צוזעגענט מיט זיי אָהן שום בעדויערונג. מיר האָבען זיי דערעסען, זיי האָבען אונז דערעסען.

ביי אַ דרייסיג יאָר זענען אַוועק פון מיין אָבפאָר-טאָג פון באָסע, און איך האָב קיינמאָל נישט געקאָנט אין אָרדנונג דערמאָנען דאָס אַלץ, וואָס איך האָב דאָרט איבערגעלעבט. דערנענטערענדיג זיך צו אַלטקייט, פיהל איך, אַז אין מיר לעבען-

אויף ערינערונגען װעגען דעם דאָזיגען פּעריאָד פון מיין לעבען, אַז זיי שטאַרקען זיך, מאָלען זיך אויס אין זכרון מיט אַ רייץ, װאָס װערט פערגרעסערט פון טאָג צו טאָג; אין דערזעלבער צייט װערען בלאַסער און שטאַרבען־אָב אין מיין זכרון די שפּעטערדיגערע פּעריאָדען פון מיין לעבען. עס קומט־אויס, װי איך װאָלט געפיהלט, אַז דאָס לעבען לויפט־אַװעק פון מיר און איך, כּדי איינצוהאַלטען עס, כאַפּ מיך אָן פאַר זיין אָנהויב. די סאַמע קלענכטע פּרטים פון דעם דאָזיגען לעבען אין דאָרף גע־פעלען מיר טאַקי נאָר דערמיט, װאָס זיי געהערן צו אָט דעם פּעריאָד פון מיין עקזיסטענץ. איך געדענק אַלע פּרטים פון פערשידענע קליינע געשעהענישען: דאָס אָרט, די מענשען, די צייט פון טאָג.

איך זעה דעם דינער אָדער די דינסט, װאָס קלויבען־צו דאָס צימער, דאָס שװעלבעלע, װאָס איז אַריינגעפלויגען אין פענסטער, די פליג, װאָס האָט זיך מיר געזעצט אויפ׳ן האַנד, בשעת איך האָב בעדאַרפט ענטפערן אויף דער לעקציע. איך זעה די גאַנצע אויסשטאַטונג פון אונזער צימער: רעכטס — דעם הער ל אַ מ ב ע ר ס י ע ׳ס שאַנק, אַ גראַװירט בילד, אַ באַראָמעטער, אַ גרויסער קאַלענדאַר; קוסטעס פון מאַלינעס, װאָס האָבען אַרומגערינגעלט דעם הינטערשטען טייל פונ׳ם הויז, האָבען פער־שטעלט דאָס פענסטער און זיך טיילמאָל אַריינגעריסען אין צימער. איך פערשטעה אויסגעצייכענט, אַז דאָס אַלץ איז נישט זעהר נויטיג דעם לעזער, אָבער מיר, מיר איז עס נויטיג צו זאָגען אים װעגען אָט די אַלע קליינינקייטען.

פאַרװאָס בעשליס איך מיך נישט צו דערצעלען אייך װעגען די אַלע קליינינקע געשעהענישען פון יענער גליקליכער צייט, װאָס אַז איך דערמאָן מיך װעגען זיי, כאַפּט מיך אַרום אַ מחיה׳דיגער ציטער? בעזונדערס זענען מיר ליב אַ פינף, זעקס אַנעקדאָטען. פון פינף װעל איך אייך בעפרייען און װעל מיך נאָר בעגרענצען מיט איינעם. אָבער דערפאַר זאָלט איר עס מיר לאָזען דערצעלען באריכות, מיט הנאה.

װען איך װאָלט נאָר געזאָרגט װעגען אייער פערגעניגען,

וואָלט איך אויסגעקליבען דעם צופאַל מיט'ן פריילייןלאַמבער-סיע, וואָס איז אַזוי אומגעלומפּערט געפאַלען, אַז איר קלייד האָט זיך אויפגעהויבען פון הינטען, און אַזוי איז זי געלעגען, בעלויכטען פון דער העלער זון, די גאַנצע צייט, ביז עס איז פאַרבייגעפאָרען דער סאַרדינער קעניג; אָבער די מעשה מיט'ן ניסבוימעל אויף דער טעראַסע איז אַסך אָנציהענדער פאַר מיר, מחמת דאָ שפּיל איך אַ ראָל, בשעת אינ'ם ערשטען פאַל בין איך בלויז געווען אַ צושויער און, מודה בין איך מיך, אַז איך האָב נישט געפונען קיין לעכערליכעס אין דעם זעהר קאָמישען אומגליק, וואָס האָט מיר אָבער באַנק געטאָן, מחמת דאָס איז פאָרגעקומען מיט יענער, וואָס איך האָב ליב געהאַט, ווי אַ מוטער, און אפשר נאָך מער.

אָ, איר לעזער, וואָס איר דורשט צו הערען די מעשה מיט'ן נוסבוימעל, האָרכט-זשע אויס די דאָזיגע שרעקליכע טראַגעדיע און זעהט זיך צו בעהערשען פון אימה און שרעק.

לינקס, הינטער'ן טויער איז געווען אַ טעראַסע, וואו מיר פלעגען אָפטער זיצען נאָך האַלבען טאָג. דער טעראַסע האָט אָבער געפעהלט שאָטען. כדי צו פעררינכטען דעם דאָזיגען פעלער, דאָט לאַמבערסיע געהייסען פערזעצען אויפ'ן טעראַסע אַ נוסבוימעל. דאָס פערזעצען דאָס בוימעל איז פאָרגעקומען מיט גרויס פאַראַד. מיר, די צוויי פענסיאָנערן, זענען געווען די אויפנעמער פון דעם דאָזיגען בוימעל, און בשעת מען האָט פערשאָטען די גרוב, האָבען מיר עס אונטערגעהאַלטען און געזונגען פייערליכע לידער. כדי צו בעגיסען דאָס בוימעל, האָט מען ביי די וואָרצלען געמאַכט אַ מין באַסיין. יעדען טאָג האָבען מיר, הייס-פעראינטערעסירטע צו-שויער, זיך פערשטאַרקט אין דער דעה, אַז עס איז אַ סך בעסער און העלדישער צו פערזעצען אויפ'ן טעראַסע אַ בוים, איידער אַרויפצושלאָגען אַ פאָן איבער אַ לאַך פון אַ וואַנד. לסוף האָבען מיר בעשלאָסען אַליין זיך דערשלאָגען צו דעם דאָזיגען כבוד און נישט טיילען אים מיט קיינעם.

מיר האָבען אויסגעשניטען אַ שפּראָצונג פון אַ יונגען ווער-בעבוים און פערזעצט עס אויפ'ן טעראַסע, ביי אַ צען טריט

ווייטער פון דעם פייערליכן נוסבוימעל. מיר האָבען אויך נישט פערגעסען צו מאַכען אַ גריבעל, אויף צו בעגיסען דאָס בוימעל. מיט וואַסער איז אָבער געווען צרות. וואַסער פלעגט מען טראָ-גען פון ווייט, און אונז פלעגט מען נישט לאָזען לויפען אַליין. אָבער דאָס ווערבעבוימעל האָט מען דאָך געמוזט בעגיסען. מיט אַלערליי הינטערוועגלעך האָבען מיר פאָרט געקראָגען עטליכע טעג נאָכאַנאַנד וואַסער, און מיט גרויס התלהבות האָבען מיר דערזעהן, ווי אויפ'ן ווערבעבוימעל האָבען זיך בעוויזען קנאָספען און פון זיי לאָזען זיך פונאַנדער בלעטלעך, וואָס די גרויס ווייערע פלעגען מיר אויסמעסטען אַלע שעה. נישט געקוקט דערויף, וואָס אונזער שפּראָצונג האָט זיך אויפגעהויבען נאָר אויף איין פוס פון דער ערד, דאָך זענען מיר געווען איבערצייגט, אַז אינגיכען וועלען מיר האָבען אַ שאָטען דערפון!

דאָס ווערבעבוימעל האָט אונז פערכאַפּט אַלע געדאַנקען. צוגענומען אונז די פעהיגקייט צו לערנען זיך, פלייסיג צו זיין און האָט אונז משוגע געמאַכט. אונזערע דערציהער האָבען נישט בעוואוסט, וואָס איז געשעהן מיט זייערע תלמידים און האָבען פערשטאַרקט די השגחה איבער אונז. האָבען מיר שוין פער-שטאַנען, אַז באַלד וועט זיך אונטעררוקען די צרה'דיגע מינוט און קיין וואַסער וועט נישט זיין. דער געדאַנק, אַז אונזער ווערבעבוימעל וועט אומקומען, צוטריקענט ווערען, האָט אונז אריינגעוואָרפען אין פערצווייפלונג. לסוף האָט אונז די נויט, די מוטער פון ערפינדליכקייט, אונטערגעזאָגט אַ פּלאַן, וואָס זאָל מציל זיין אונזער בוימעל פון אַ זיכערן טויט. מיר האָבען פערטראַכט צו מאַכען אַ קליינעם אונטעראירדישען גראָבען, וואָס זאָל על פּי סוד דורכפירען וואַסער פון דעם נוסבוימעל צום ווערבעבוימעל. אָבער אונזער אונטערנעמונג האָט זיך אין אָנהויב נישט איינגע-געבען. מיר האָבען אַזוי שלעכט אויסגעקליבען דאָס אָרט, אַז דאָס וואַסער איז נישט געגאַנגען. די ערד איז אַיינגעפאַלען, פערהאַקט דעם גראָבען און דעם איינגאַנג פערלעגט מיט בלאָ-טע. אָבער דאָך האָט עס אונז נישט אָבגעשטעלט. אַ שלעכטער אָנהויב טרייבט אויך צו אַ גוטען סוף. מיר האָבען טיפער גע-

מאַכט דעם גרונד בּעם בּאַסיין, דאָס וואַסער זאָל פרייער קאָנען געהן; פון קעסטלעך האָבּען מיר אַרויסגעשניטען שמאָלע ברעטלעך. מיט די דאָזיגע ברעטלעך האָבּען מיר אויסגעלעגט דעם גרונט פון גראָבּען און פונאַנדערגעשטעלט זיי בּיי די זייטען מיט אַ שפּיץ. אויף אַזאַ אופן האָבּען מיר געהאַט אַ דרייקאַנטיגען קאַנאַל. דאָרט, וואו אונזער וואַסערלייטונג האָט זיך אָנגעהויבּען, האָבּען מיר שיטער אויסגעשטעלט דינע שטעקעלעך, געמאַכט אַ מין צוים, וואָס זאָל פערהאַלטען ערד און שטיינער, כדי דאָס וואַסער זאָל זיך פריי בּעוועגען. פאָרזיכטיג האָבּען מיר פון אויבּען פערשאָטען אונזער קאַנאַל מיט ערד און איינגעטראָטען עס מיט די פיס.

אַלץ איז שוין געווען פאַרטיג. מיט האַרצקלאַפּעניש און האָפנונג האָבּען מיר געוואַרט אויף דער בּעגיסונג. די בּעגערטע מינוט איז דאָך געקומען. לאַמבּערסיע פלעגט, געוויינליך, אויך קומען אַ קוק טאָן, ווי אַזוי עס ווערט בּעגאָסען דאָס נוסבּוימעל. האָבּען מיר זיך געשטעלט הינטער אים, צו פערשטעלען אונזער בּוים. צום גליק, איז ער אַליין אויך געשטאַנען מיט'ן רוקען צו אים.

האָט מען נאָר אויסגעגאָסען די ערשטע עמער, האָבּען מיר בּאַלד בּעמערקט, אַז דאָס וואַסער פילט-אָן אויך אונזער בּאַסיין; האָבּען מיר פערגעסען, אַז מען דאַרף זיין פאָרזיכטיג און אָנגעהויבּען אַזוי צו שרייען, אַז לאַמבּערסיע האָט זיך אָבּגעקערט. און דאָס האָט באַנג געטאָן: ער איז געווען פול התפעלות פון דער ערד, וואָס האָט אַזוי שנעל איינגעזויגען אין זיך דאָס וואַסער. ער האָט בּעמערקט, אַז דאָס וואַסער האָט אָנגעפילט צוויי בּאַסיינען און אויסגעשריען, צוגעגאַנגען און איינגעקוקט זיך און געפּאַקט אונזער שטיקעל מלאכה. ער האָט תיכף געהייסען בּרענגען אַ רידעל, מיט איין קלאַפּ איינגעבּראָכען אונזערע ברעטלעך און הויך אויפ'ן קול אויסגעשריען: „אַקוועדוק! אַקוועדוק!" מיט און'רחמנות'דיגע קלעפּ, וואָס האָבּען זיך אָבּגערופען אין אונזער האַרצען, האָט ער געמאַכט אַ תל פון אונזער בּנין. אין אַנ'אויגענבּליק איז געקומען אַ סוף צו די ברעטלעך, צו דער

וואָסערלייטונג, צום באַסיין, צום ווערבעבוימעל; דאָס אַלץ איז צוהאַקט און צובראָכן געוואָרען און בשעת מעשה האָט זיך קיין איין וואָרט נישט געהערט. פּערניכטענדיג אַלץ אינאייגעם, האָט נאָר איין לאַמבערסיע כסדר איבערגע׳חזר׳ט: „אַקוועדוק! אַקוועדוק! אַקוועדוק!"

די לעזער מוזען אודאי מיינען, אַז די דאָזיגע געשיכטע האָט זיך געענדיגט שלעכט פאַר די קליינע אַרכיטעקטאָרען, האָבען זיי אַ טעות: לאַמבערסיע האָט אונז קיין איין וואָרט נישט געזאָגט, אפילו קיין בייזען בליק נישט געלאָזט פאַלען אויף אונז, און באַלד האָבען מיר דערהערט, ווי ער האָט שטאַרק געלאַכט, ריידענדיג מיט דער שוועסטער. זיין געלעכטער פלעגט שטענדיג אָבקלינגען זעהר ווייט. אָבער נאָך אויסטערלישער איז געווען דאָס, וואָס בשעת עס איז אַוועק די ערשטע מהומה, האָבען מיר זיך געפיהלט נישט זעהר אויפגערעגט. מיר האָבען פון דאָס ניי פערזעצט אַ בוים שוין אין אַ צווייטען אָרט און אָפט דערמאָנט דאָס אומגליק מיט׳ן ערשטען בוים; דערביי האָבען מיר מיט פערגעניגען איבערגע׳חזר׳ט: „אַקוועדוק!"

ביז דער דאָזיגער צייט פלעג איך טיילמאָל דערשפירען אין זיך דאָס געפיהל פון שטאָלץ, בשעת איך פלעג זיין אַריסטיד אָדער ברוט; אָבער נאָך דער געשיכטע מיט׳ן ווערבעבוים האָב איך דאָס ערשטע מאָל איבערגעלעבט אַן עכט געפיהל פון גאוה. מיט אייגענע הענד האָבען מיר בעשאַפען אַן אַקוועדוק, אונזער קליין בוימעלע האָט קאָנקורירט מיט׳ן גרויסען בוים! דאָס אַלץ האָט מיר אויסגעוויזען, ווי אַן אונגעהויערער העלדענטאַט. צו צען יאָר האָב איך בעסער געדענקט, איידער צעזאַר צו דרייסיג!

דער געדאַנק וועגען נוסבוימעל און וועגען יענער געשיכטע, וואָס איז פערבונדען מיט אים, האָט אין מיר אַזוי שטאַרק געלעבט אָדער אויפגעלעבט אין מיין זכרון, אַז בשעת איך בין געפאָרען קיין זשענעוו אין 1754 יאָר איז מיר געווען בעזונדערס אָנגענעם די כונה צוצופאָרען קיין באָסע און דאָרט פון דאָס ניי זעהן די אַלע טייערע אָנדענקונגען פון מיינע קינדערשע שפּילע-

דרייען און בעזונדערס דאָס האַרציגע נוסבוימעל, וואָס האָט שוין צו דער צייט בעדאַרפט אַלט זיין ביי אַ דרייאונדרייסיג יאָר. אָבער איך בין דעמאָלט געווען אַזוי בעשעפטיגט, איך האָב אַזוי ווייניג צייט געהאַט, אַז איך האָב נישט געקאָנט צופרידענשטעלען דעם דאָזיגען פערלאַנג. און נאָך אַזאַ געלעגענהייט וואָלט שוין נישט אַזוי גיך געקומען. דאָך האָב איך נישט אָנגעוואָרען דעם חשק צוזאַמען מיט דער האָפנונג, און איך בין כמעט ווי זיכער, אַז איך וועל נאָך אַמאָל קומען אין די דאָזיגע טייערע ערטער און וועל געפינען מיין האַרציג נוסבוימעל און בעגיסען עס מיט טרערען.

געקומען קיין זשענעוו, האָב איך אַ צוויי-דריי יאָר געוואוינט ביים פעטער און אויסגעוואַרט אויף אַ תכלית. מיין פעטער בערנאַר האָט געוואָלט מאַכען פון זיין זוהן אַן אינזשענער און האָט אים געלערנט צייכענען. האָב איך מיך געלערנט אינאיינעם מיט מיין שוועסטערקינד און האָב זיך שטאַרק אַריינגעלאָזט אין צייכענען. די קרובים מיינע האָבען אָבער נישט געוואוסט, וואָס צו מאַכען פון מיר—צי אַ זייגערמאַכער, צי אַ פּראָקוראָר, צי גאָר אַ פּאַסטאָר. איך האָב געוואָלט זיין אַ פּאַסטאָר, מחמת איך האָב איינגעפונען, אַז פּרעדיגען איז זעהר אַ שענער ענין. אָבער די הכנסה פון מיין מוטער׳ס גוט, וואָס איז צוטיילט געוואָרען צווישען מיר און דעם ברודער, איז געווען אַזאַ קנאַפּע, אַז עס איז געווען אונמעגליך אויסצוהאַלטען מיין לערנען מיט די דאָזיגע מיטלען. איך בין געווען נישט הויכגעוואַקסען, און דעריבער האָט עס אויסגעזעהן, אַז מען דאַרף זיך נישט איילען מיט אַ תכלית פאַר מיר. האָב איך געוואוינט ביים פעטער, גע׳פטר׳ט צייט און געצאָלט אַ גאַנץ היבשע סומע פאַר׳ן אויסהאַלטען מיך.

מיין פעטער האָט זיך געלעבט אַ רוהיג לעבען, פּונקט ווי מיין פאָטער און, ווי יענער, האָט ער אויך נישט געוואָלט וויסען פון התחיבות׳ן און וועגען אונז, קינדער, האָט ער זיך גאַנץ ווייניג געזאָרגט. די מומעמיינע, זעהר אַ פרומע פרוי, האָט זיך מער געטענטעלט מיט׳ן זינגען קאַפּיטלעך תהלים, איידער מיט אונזער

דערציהונג. ווי פריהער, האָב איך געלעבט צוזאַמען מיט'ן שוועסטער קינד, זיך בענ ג נט איינער מיט'ן צווייטען, און כאָטש מיר האָבען געהאַט אונבעגרענצטע פרייהייט, דאָך האָבען מיר זי נישט פער-ברויכט צום שלעכטען. די צולאָזענע קינדער פון אונזער עלטער האָבען אונז ווייניג געצויגען און אין אונז האָבען זיך נישט בע-וויזען קיין שום שלעכטע נייגונגען, וואָס זאָלען אונז מאַכען פאַר לעדיגגעהער. פערקערט, אין דער צייט זענען מיר געווען מער בעשעפטיגט, ווי אַנ'אַנדערש מאָל. צום גליק, האָבען אונז די פער-ווילונגען אונזערע געצוואונגען צו זיצען אין שטוב. מיר האָ-בען געמאַכט שטייגלעך, געמאַכט פלייטען, באַלען, פויקען, הייז-לעך, האַרמאַטלעך, אַרבאַלעטען. מיר פלעגען קאַליע מאַכען די אינסטרומענטען פון מיין ליבען זיידען—דעם זייגערמאַכער און זיך געסטאַרעט נאָכצומאַכען זיינע זייגערס. אָבער מער פון אַלץ האָבען מיר ליב געהאַט צו פלעקען פאַפּיר, צייכענען, מאָלען, פונאַנדערפירען פאַרבען.

איינמאָל איז קיין זשענעוו אַראָבגעקומען דער איטאַליעני-שער שאַרלאַטאַן גאַמבאַ-קאָרטאַ. זענען מיר אַוועק אויף זיי-נע אַפאָרשטעלונג; מער געהן צו אים האָבען מיר שוין נישט געוואָלט. ער האָט בעוויזען מאַריאָנעטינס. האָבען מיר זיך אויך גענומען צו מאַכען מאַריאָנעטינס. זיינע קוקלעס האָבען געשפּילט קאָמעדיעס. האָבען מיר אָנגעשריבען עטליכע פּיעסען פאַר די אַרטיסטען פון אונזער אייגענער מלאכה. מיר האָבען נישט גע-האַט קיין פייפעל, נאָכצומאַכען דעם קול פון'ם פּאָזענרייצער און האָבען גערעדט פאַר אים מיט פשוט איבערגעאַנדערשטע שטימען. אונזערע פערוואַנדטע האָבען, נעבעך, געמוזט געדולדיג צוזעהען אונזערע פאָרשטעלונגען.

נאָך איינמאָל האָט מיין פעטער בערנאַר פאָרגעהאַלטען אַ שענע דרשה פאַר דער פאַמיליע. האָבען מיר אַוועקגעוואָרפען די קאָמעדיעס און גענומען שרייבען דרשות. אָט די אַלע פּרטים זענען נישט זעהר אינטערעסאַנט, איך ווייס עס, אָבער זיי בע-ווייזען וואָס פאַר אַגוטע דערציהונג מיר האָבען אין אָנהויב בע-קומען; וואָרום נישט געקוקט אויף דער פרייער צייט, וואָס מיר

האָבען געהאַט, האָבען מיר זי דאָך וועניג פערבראַכט צום שלעכ־
טען. מיר האָבען זיך נישט געגוויטיגט אין חברים, און דעריבער
אין אַכט נישט גענומען די געלעגענהייט צו מאַכען נייע בע־
קאַנטשאַפטען. בשעת׳ן שפּאַצירען האָבען מיר אָהן שום קנאה גע־
קוקט, ווי אַנדערע יונגלעך שפּילען זיך און אפילו בשעת מעשה
אין זינען נישט געהאַט צו בעטייליגען זיך אין זייערע שפּילע־
רייען. די חבר׳שאַפט אונזערע האָט אונז אַזוי איבערפולט די
הערצער, אַז אונז איז גענוג געווען צו זיין אַליין און הנאה
האָבען פון די סאַמע קלענסטע זאַכען.

די פרעמדע יונגלעך האָבען אונז בעמערקט, ווייל מיר זע־
נען שטענדיג געווען נישט-פונאַנדערגעטיילט און איבערהויפּט
דערפאַר, וואָס ביידע זענען מיר געווען אַ גאַנץ משונה׳דיג פּאָרל.
מיין שוועסטערקינד איז געווען זעהר הויכגעוואַקסען און איך—
גאָר אַ קליינינטשקער. זיין לאַנגע דינע פיגור, דאָס קליינע פּנים׳ל,
וואָס האָט דערמאָנט אָן אַ געבאַקטען עפּעל, דער צעוואָרפענער
הילוך און די אויסערל׳יכע שוואַכקייט זיינע האָבען אַרויסגערופען
חוזק ביי די קינדער. ער האָט באַלד בעקומען אַ צונאָמען, וואָס
איז אים געגעבען געוואָרען אויף דעם אָרטיגען לשון. האָבען מיר
זיך נאָר בעוויזען אין דרויסען, האָט שוין פון אַלע זייטען גע־
קלונגען: „באַרנאַ ברעדאַנאַ!״ מיין חבר האָט עס רוהיגער דורכ־
געטראָגען, איידער איך. איך האָב געכעס׳ט, זיך געוואָרפען
שלאָגען, און אָט דאָס טאַקי האָבען געוואָלט די קליינע ממזרים.
איך האָב געשלאָגען, מען האָט מיר אונטערגעקלאַפּט. מיין אָרי־
מער קוזין פלעגט טיילמאָל וועלען קומען מיר צו הילף, אָבער
ער איז געווען אַזוי שוואַך, אַז מיט איין קלאַפּ פלעגט מען אים
אומוואַרפען. אָבער נישט געקוקט דערויף, וואָס איך פלעג כאַ־
פּען אַ פיינעם חלק, פונדעסטוועגען פלעגען זיי וועלען דערצאָר־
נען נישט מיך, נאָר דעם „באַרנאַ ברעדאַנאַ״. מיין היציגקייט
האָט אָבער דאָך אַזוי צורייצט די שול-יונגלעך, אַז מיר האָבען
בעשלאָסען אַרויסצוגעהן אין גאַס, בשעת זיי זענען פערנומען
מיט׳ן לערנען.

אָט בין איך שוין אויך אַ פערטיידיגער פון געדריקטע.

אָבער צו זיין אַנ׳אמת׳ער העלד, לויט אַלע כּללים, האָט מיר געפעלט די האַרצדראַמע. האָב איך שוין אויך געהאַט אַ דראַמע, אפילו נישט איינע, נאָר גאַנצע צוויי. פון צייט צו צייט פלעג איך פאָרען צום טאַטען קיין ניאָן, אַ קליין שטעדטיל אין דעם ראַיאָן פון וואָ; דאָרט האָט ער זיך בעזעצט. דעם פאָטער האָט מען דאָרט זעהר ליב געהאַט. די דאָזיגע ליבע איז אויך פער־שפרייט געוואָרען אויף זיין זוהן. בשעת איך פלעג זיין ביי אים צו-גאַסט, פלעגט מען מיך צערטלען אָהן אַ שיער. בעזונדערס האָט מיך געצערטעלט די פרוי וויולסאָן, און נאָך אַלעמען האָט מיך אויסגעוויעהלט די טאָכטער אירע פאַר איר קאַוואַלער. עס איז לייכט צו פערשטעהן, וואָס דער עלף-יעריגער ראָמאַנסירער איז געווען פאַר אַ צוויי-און-צוואַנציג-יעריגען מיידעל. אָבער אָט די שעלמישע ווענס האָבען ליב ארויסצורוקען פאָראויס די קליי־ניטשקע פּאָפּקעלעך און פערשטעלען מיט זיי די גרויסע אָדער דורך שפּילען מיט קינדער צוציהען די דערוואַקסענע און דערביי אַרויסווייזען אַ סך רייץ. איך האָב נישט בעמערקט דעם אונטער־שיד אין יאָרען צווישען מיר און איר און האָב מיר גאַנץ ערנסט בעצויגען צו איר שפּילכעל. דעם דאָזיגען געפיהל האָב איך מיך איבערגעגעבען מיט׳ן גאַנצען האַרצען, ריכטיגער, מיט׳ן גאַנצען קאָפּ, מחמת איך בין געווען אין איר פערליבט מיט׳ן קאָפּ, אָבער דערפאַר ביז משוגעת. מיין עקסטאַז און איבערצייגונג און משוגעת האָבען מיטגעבראַכט צו זעהר לעכערליכע סצענעס.

מיר זענען בעקאַנט צוויי נישט-ענליכע געפיהלען פון איין בע־שטימטער, רעאַלער ליבע, וואָס איז, געוועהנליך, נישט דאָס, וואָס אַ וואַרימע פריינדשאַפט; די ביידע געפיהלען האָבען נישט צווישען זיך קיין שום אַלגעמיינעס. אין דער גאַנצער צייט פון מיין לעבען פלעג איך שטענדיג זיין בעהערשט דאָ פון איינעם פון די דאָ־זיגע געפילען, דאָ פון אַ צווייטען, און טיילמאָל גלייכצייטיג פון ביידע. למשל, אין דער צייט, ווען איך בין אַזוי אָפען, אַזוי משוגע׳נערוויז פערליבט געווען אין דעם פריילין וויולסאָן, האָב איך גלייכצייטיג זיך געזעהן בסוד מיט דער קליינינטשקער גאָ־טאָן. אין די קורצע צויבער-מינוטען, וואָס איך האָב מיך גע

ועהן מיט איר, פלעגט זי שפילען די ראָל פון אַ שוללערערין און איך—די ראָל פון אַ תלמיד. און אָט דאָס איז אינגאַנצען, וואָס איז געשעהן צווישען אונז. אָבער דאָס דאָזיגע „אינגאַנצען״ האָט מיר אויסגעוויזען ווי דאָס העכסטע גליק. איך האָב שוין נעפיהלט דעם רייץ פון אַ סוד. הגם הנאה האָב איך דערפון גע-האַט, ווי אַ קינד. אויף אַזאַ אופן בין איך געווען קוויטירט מיט דעם פריילײן וו י ו ל ס אָ ן. אונטער דער אָפענער ליבע צו איר האָב איך בעהאַלטען אַ צווייטע ליבע. נאָר מיין סוד איז, צו מיין גרעסטער בעדויערונג, ענדעקט געוואָרען. מעגליך, אַז מיין קליי-ניטשקע שוללערערין האָט שלעכט פערבאָרגען דעם סוד. נאָר אַזוי, צי אַנדערש—מיר זענען פונאַנדערגעשיידט געוואָרען.

אָט די קליינינטשקע ג אָ ט אָ ן איז ווירקליך געווען אַנ׳אויס-טערליש ווערזען, איר פנימ׳ל, וואָס האָט זיך נישט אויסגעצייכענט מיט שענקייט, איז מיר אויף לאַנג פערבליבען אין זכרון, און נאָך איצט דערמאָן איך דאָס געזיכט און טיילמאָל אפילו צו-לעבעדיג פאַר אַנ׳אַלטען שגעון. די אויגען, די טאַליע, די מאַנירען אירע האָבען אויסגעזעהן נישט-קינדיש. זי האָט געהאַט זעהר אַ שטאָלץ און שטרענג אויסזעהן און טאַקי דעריבער איז מיר איינגעפאַלען דער געדאַנק צו שפּילען מיט איר די ראָל פון אַ לערערין און אַ שילער. נאָר מער פון אַלץ האָט מיך אי-בעררעאַשט אין איר דער געמיש פון דרייסטקייט און צוריקגעהאַל-טענקייט. בנוגע צו מיר האָט זי זיך דערלויבט זעהר אַ סך און מיך האָט זי דערביי געהאַלטען אין שטרענגע גרעניצען. זי איז זיך בעגאַנגען מיט מיר, ווי מיט אַ קינד, און דערפון דרינג איך אַרויס, אַז צו דער צייט איז זי שוין אַרויס פון די קינדערשע יאָרען. איבעריגענס, קאָן זיין פערקערט, אין דעם מיידעלע איז געווען צופיל קינדישעס, און זי האָט בלויז געזעהן שפיל אין דער געפאַר, וועלכער זי האָט זיך אונטערגעוואָרפען.

איך האָב מיך, אַזוי צו זאָגען, אינגאַנצען אָבגעגעבען די צוויי אָביעקטען פון מיין ליבע און אַריינגעלאָזט מיך דערין אַזוי אויפריכטיג, אַז אין דער געזעלשאַפט פון איינער האָב איך מיך קיינמאָל נישט דערמאָנט אָן דער צווייטער. איבעריגענס, זענען

נישט געווען ענליך די שפּירונגען, וואָס זענען דערוועקט געוואָ-
רען אין מיר דורך דעם פרייליין וויולסאָן און גאַטאָן. איך
וואָלט גערן פערלעבט דאָס גאַנצע לעבען נעבען דעם פרייליין
וויולסאָן, נאָר, דערנענטערענדיג זיך צו איר, וואָלט איך גע-
שפּירט אַ רוהיג פערגעניגען, אָהן שום אויפרעגונג. בעזונדערס
שטאַרק האָב איך זי ליב געהאַט אין אַ גרויסער געזעלשאַפט. די
וויצען, ווערטלעך און אפילו די אויפּעריגקייט האָבען מיך צוגע-
בונדען צו איר. שטאָלץ און מיט נצחון האָב איך מיך צוגעקוקט,
ווי זי וועהלט אויס מיך, אָנשטאָט די דערוואַקסענע געגנער מיי-
נע. איך פלעג מיך אויך פייניגען, אָבער איך האָב ליב געהאַט
די דאָזיגע פּיינליכקייט. איר געלעכטער האָט מיך בעלעבט, דער-
וואַרימט מיינע געפיהלען. פלעג איך באַלד האָבען קלוגע איינ-
פאַלען, ווערטלעך. אין אַ געזעלשאַפט האָב איך אינגאַנצען גע-
ברענט פון ליבע. נאָר אויג-אויף-אויג וואָלט איך גאָרנישט גע-
וואוסט, וואָס צו זאָגען מיין האַרצדאַמע; איך וואָלט געווען קאַלט
און וואָלט איר, מעגליך, געווען לאַנגווייליג. דאָך זענען מיינע
געדאַנקען געווען פערנומען בלויז מיט'ן פרייליין וויולסאָן. איך
האָב געליטען, בשעת זי איז געווען נישט-געזונד; איך בין גע-
ווען גרייט אָבצוגעבען מיין אייגען געזונט, אַבי זי זאָל אויסגע-
היילט ווערען. און, בעמערקט, אַז איך האָב גוט געוואוסט פון
דער פּראַקטיק דעם אונטערשיד פון געזונט און קראַנק-זיין. אין
דערפרעמד האָב איך געטראַכט פון איר. זי פלעגט מיר פעלען.
איר צערטליכקייט האָט גערירט מיין האַרץ, אָבער נישט אויפגע-
רעגט די ליידענשאַפטען. איך האָב געמעגט זיין פאַמיליאַר מיט
איר. מיין פאַנטאַזיע האָט געפאָדערט פון איר בלויז דאָס, וואָס
זי האָט מיר געגעבען. איך וואָלט נישט אויסגעהאַלטען, ווען
איך וואָלט געזעהן, אַז זי בעגעהט זיך מיט אַנדערע אויך אַזוי,
ווי מיט מיר. איך האָב זי געליבט, ווי אַ ברודער, און געאוי-
פערט, ווי אַ געליבטער.

בנוגע צו דער קליינינטשקער גאָטאָן וואָלט איך בעאוי-
פערט, ווי אַ ווילדער טערק, ווי אַ טיגער, ווען איך וואָלט משער
געווען, אַז עמיצער קאָן פערנעמען מיין אָרט ביי איר.

גאָטאָנ׳ס אויפמערקזאַמקייט פלעג איך בעדאַרפען אויס-בעטען, ווי אַ חסד, אויף די קניה שטעהענדיג. מיט פערגעניגען און רוהיג פלעג איך ריידען מיט׳ן פריילײן וויולסאָן. האָב איך נאָר אָבער בעמערקט פון ווייטען דאָס מיידעלע גאָטאָן, האָב איך שוין פערלאָרען די פעהיגקייט צו זעהן עפּיס נאָך, און איך בין אינגאַנצען צומישט געוואָרען. פּשוט נאָנט בין איך בעטען מיט דער ערשטער, און מיט דער צווייטער, פערקערט, האָב איך זיך פערלאָרען און געציטערט, אפילו ביי דעם סאַמע פּרייסטען פּערקער צווישען אונז. איך מיין, אַז ווען מיר וואָלט אויסגעקומען לאַנג צו זיין מיט דער קליינינטשקער גאָטאָן, וואָלט איך אַוועקגעשטאָרבען: פון האַרצקלאַפּעניש וואָלט איך דער-שטיקט געוואָרען. ביידען האָב איך אין אַ גלייכער מאָס נישט בעוואָלט פערשאַפען קיין עגמת-נפש, אָבער איינער בין איך גע-ווען נאָכגיביג, דער צווייטער — אַבסאָלוט אונטערגעוואָרפען. איך האָב מורא געהאַט צו דערצאָרנען דאָס פריילײן וויולסאָן, אָבער ווען גאָטאָן וואָלט מיר געהייסען אַריינוואַרפען זיך אין פייער, וואָלט איך איר תיכף ומיד געפאָלגט.

מיין ליבע צו גאָטאָן האָט זיך שנעל געענדיגט, ריכטי-גער, מיר האָבען זיך אויפגעהערט צו זעהן, צום גליק פאַר איר און פאַר מיר. מיינע בעציהונגען מיט וויולסאָן זענען נישט בעווען אַזוי געפערליך און האָבען געדויערט לענגער, אָבער אויך זיי האָבען זיך געענדיגט מיט אַ קאַטאַסטראָפע. הגם זיי האָבען נישט געהאַט אַזאַ שאַרפען כאַראַקטער, ווי מיינע זעהונגען מיט גאָטאָן, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז צו דעם פריילײן וויולסאָן בין איך געווען שטאַרקער צוגעבונדען, איידער צו דעם צווייטען אָב-יעקט פון מיין האַרצען.

איך האָב מיך קיינמאָל נישט צושיידט מיט׳ן פריילײן וויולסאָן אָהן ביטערע טרערען, און פּשוט צו בעוואונדערן, וואָס פאַר אַ מין לערקייט איך האָב געשפּירט אין דערוווייטענס פון איר. איך האָב גערעדט און געטראַכט נאָר וועגען איר. בין געווען שטאַרק פערקומערט; דאָך קומט מיר אויס, אַז אַוועקפאָ-רענדיג פון ניאָן, האָב איך אין פלוג געטרויערט נישט בלויז

וועגען פריילין וויזלסאָן, נאָר, אַליין דאָס נישט בעמערקט, האָבען מיר שטאַרק באַנג געטאָן די אַלע דאָרטיגע פערגעניגענס, וואָס זי איז געווען דער צענטער פון זיי. כּדי צו לינדערן דעם צער פון שיידען זיך, האָבען מיר איינאַנדער געשריבען בריף, וואָס וואָלטען געקאָנט רירען אַ שטיין. צולעצט איז גע־שעהן עפּיס אַזוינס, וואָס האָט מיך זעהר שטאַרק געמאַכט: זי האָט נישט אויסגעהאַלטען און געקומען צו מיר קיין זשענעוו. דאָס האָט מיר לחלוטין צומישט די רעיונות. די צוויי טעג, וואָס זי האָט פערבראַכט אין זשענעוו, בין איך געווען שכּור. איך בין געווען משוגע. אַז זי איז אַוועקגעפאָרען, האָב איך מיך שיער נישט געוואָרפען נאָך איר אין וואַסער אַריין, און מיינע גע־שרייען האָבען נאָך לאַנג אָבגעקלונגען אין לופטען. אין אַ וואָך אַרום האָט מיר דאָס פריילין וויזלסאָן צוגעשיקט קאָנפעקטען און האַנטשו. איך וואָלט עס אָנגענומען פאַר אַ גרויסע צערטליכקייט פון איר זייט, ווען איך וואָלט אין דערועלבער צייט נישט דער־גאַנגען, אַז זי האָט חתונה געהאַט און אַז זי איז געקומען קיין זשענעוו, האָב זי גאָרנישט געקלערט פון זעהן זיך מיט מיר, ווי זי האָט מיר געזאָגט, נאָר פון איינקויפען חתונה־קליידער. איך וועל דאָ נישט נעמען בעשרייבען מיין צורויצטקייט: מען קאָן עס זיך לייכט פאָרשטעלען. אין ברען פון מיין געררעכטען גרים־צאָרן האָב איך מיר געגעבען אַ שבועה נישט צו בעגעגענען זיך מיט דער פאַלשער, וואָרום אַ מער־שרעקליכערע שטראָף האָב איך דערווייל נישט געקאָנט צוטראַכטען. פונדעסטוועגען האָט עס אויף איר קיין גרויסען רושם נישט געמאַכט. אין צוואַנציג יאָר אַרום בין איך געקומען צו־גאַסט צו מיין פאָטער, און אַז איך האָב זיך מיט אים געשיפט איבער דער אָזערע, האָב איך בע־מערקט נישט ווייט אין אַ שיפעל דאַמען. איך האָב געפרעגט דעם טאַטען חער זיי זענען. „ווי?—האָט ער מיט אַ שמייכעל גע־פרעגט—דאָס הארץ זאָגט דיר גאָרנישט? דאָס איז דאָך דיין אַל־טע ליבע, די פרוי קריסטען, וואָס האָט מיידעלוויז געהייסען וויזלסאָן". דערהערט דעם כּמעט פערגעסענעם נאָמען, האָב איך אַ ציטער געטאָן און געהייסען די שיפפירער אומקערן זיך.

הגם איצט וואָלט מיר אודאי געווען לייכט פונאַנדערצוצאָלען זיך מיט דער פאַלשער, דאָך אָבער האָב איך נישט געוואָלט בעגייען מיט אַ פירציג-יעריגער פרוי אַ קריג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען מיט אַ צוואַנציג יאָר צוריק.

אַזוי האָב איך גע'פטר'ט אויף נאַרישקייטען די גאָלדענע צייט פון מיין קינדהייט. עס איז נאָך אַלץ נישט געווען בע-שלאָסען, וואוהין מען זאָל מיך אָבגעבען. נאָך לאַנגע וכוחים וועגען דעם, אַז מען האָט מיר בעדאַרפט געבען אַ בעשעפטיגונג, לויט מיינע נייגונגען, האָט מען מיך אַריינגעגעבען צום שטעד-טישען רעגיסטראַטאָר מ אַ ס ע ר אָ ן, אַז איך זאָל מיך אויסלערנען ביי אים די מלאכה פון אַ שרייבערל. אויף אַזאַ אופן האָט מען מיר געגעבען אַ קאַריערע, וואָס איז מיר אַמוועניגסטען געווען געפעלען. מיר איז שרעקליך נישט געפעלען געווען דער נאָמען „שרייבערל״, און די האָפנונג צו פערדינען גרויסע געלדער נישט אויף אַ געהויבענעם דרך האָט גאָרנישט געשמעקט מיין שטאָלץ. די בעשעפטיגונג גופא האָט מיר אויסגעוויזען לאַנגוויי-ליג, שלעכט. דאָס זיצען אויביג אויף איין אָרט, זיין יענעם אונטערגעוואָרפען האָט מיר אינגאַנצען פער'מאוס'ט די דאָזיגע פראָפעסיע. אין קאָנטאָר פלעג איך אַריינקומען מיט שרעק, וואָס איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג. מאַסעראָן, וואָס איז פון זיין זייט אויך נישט צופרידען געווען מיט מיר, האָט זיך בעצויגען צו מיר מיט פעראַכטונג, אויפגעוואָרפען מיר וויילעוויז, אַז איך בין פויל, נאַריש, אַלע טאָג מיר איבערגע'חזר'ט דאָס אייגענע— דער פעטער האָט אים פערזיכערט, אַז „איך קאָן אַלץ״ און אַרויסגעשטעלט האָט זיך, אַז איך קאָן גאָרנישט, אַז מען האָט מיט אים גערעדט וועגען אַ ליב יונגעלע און צוגעשיקט אַנ'-אייזעל.

לסוף האָט מען מיך פאַר אַ נאַרישקייט מיט חרפה דורכ-געטריבען פון קאָנטאָר און מ אַ ס ע ר אָ נ ס מענשען האָבען גע-זאָגט, אַז איך טויג מיך נאָר צו פוילקייט.

אַזוי ווי מיין בערוף איז קלאָר געוואָרען, האָט מען מיך אַריינגעגעבען נישט צו אַ זייגערמאַכער, נאָר צו אַ גראַווירער.

אָראָבגעפּאַלען פון דעם רעגיסטראַטאָרס פּעראַכטונג, בין איך אינגאַנצען געהאָרזאַם געוואָרען. מיין נייער בעל-הבית, דיוקאָמען, איז געווען זעהר אַ האַמעטנער און אַ בייזער יונגערמאַן. ער האָט, אַפנים, געשטרעבט וואָס שנעלער צו פערטונקלען דעם גלאַנץ פון מיין קינדהייט, פערפויערן מיין פרעהליכען און ליבענדען כאַראַקטער און דערפירען מיך מאָראַליש און פיזיש צו דער לאַגע פון אַנ׳עכטען לעריונג. די לאַטיינישע שפראַך, געשיכטע, אַלטערטום—דאָס אַלץ איז אויף לאַנג פערוואָרפען געוואָרען. און אַז איך בין געקומען צום טאַטען אין געסט, האָט שוין יענער נישט געזעהן אין מיר זיין אָבגאָט. אַרום פרויען בין איך שוין נישט געווען דער העפליכער זשאַן-זשאַק, און אַליין האָב איך פערשטאַנען, אַז דער ברודער און שוועסטער לאַמבערסיע וואָלטען נישט דערקאָנט זייער געוועזענעם שילער און אַז איך וואָלט מיך געשעמט צו ווייזען די אויגען פאַר זיי. איך האָב מיך סיי-ווי מער נישט געזעהן מיט זיי. נידעריגע געפיהלען, נישט-איידעלע שטיפערייען האָבען פערנומען דאָס אָרט פון מייגע פריהערדיגע פערוויילונגען. אפילו די ערינערונג וועגען זיי איז אין מיר נישט דערוועקט געוואָרען. אפנים, אַז אין מיר זענען יאָ געווען שלעכטע קערנדלעך, נישט געקוקט אויף דער גוטער דערציהונג, וואָרום איך בין אָהן שום מיה באַלד קאַליע געוואָרען. קיינמאָל האָט זיך דער פּריצייטיגער צעזאַר נישט פערוואַנדעלט מיט אַזאַ שנעלקייט אין לאַרידאָנ׳ען.

די מלאכה גופא איז מיר נישט געווען פריקרע. איך האָב זעהר ליב געהאַט דאָס צייכענען. גראַווירען איז מיר אויך געווען אינטערעסאַנט. און אַזוי ווי פאַר זייגערמאַכעריי בעדאַרף מען נישט האָבען קיין גרויסע בקיאות אין גראַווירונג, האָב איך געהאָפט אין גיכען אויסצולערנען זיך גוט די אַרבייט. עס קאָן זיין, אַז איך וואָלט עס דערגרייכט, ווען דעם בעל-הבית גראָבקייט און דער יאָך וואָלטען מיר נישט פערמאוס׳ט די אַרבייט. איך פלעג גנב׳ענען צייט ביים גראַווירער און פלעג עס פערברויכען גאָר אויף אַנדערע אַרבייטען, וואָס האָבען געהאַט פאַר

מיר גאָר אַ בעזונדער רייץ—אויף זיי איז נישט געלעגען דער יאָך פון אַנ'אַרבייט. איך פלעג גראַווירען מעדאַלען, וואָס האָבען מיר און מיינע חברים געדינט פאַר ריטערישע אָרדענס. מיין בעל-הבית האָט מיך געפּאַקט ביי דער דאָזיגער אַרבייט און אָנ-געבראָכען די ביינער, זאָגענדיג, אַז איך לערן מיך נאָכצומאַכען מטבעות, מחמת אויף אונזערע מעדאַלען האָט זיך געפונען דער רעפּובליקהערב.

איך קאָן געבען מיין וואָרט, אַז איך האָב קיין שום אַנונג נישט געהאַט פון פאַלשען געלד און גאָר אַ קליינעם בעגריף פון אמת'ן געלד.

מיין בעל-הבית אכזריות האָט מיר אינגאַנצען פער'מאוס'ט די מלאכה, וואָס איך וואָלט געקאָנט ליב בעקומען; דיזעלבע אכזריות האָט ענטוויקעלט אין מיר אַזוינע שטריכען, וואָס איך וואָלט געקאָנט פערהאַסען, למשל, ליגען, פוילקייט, גנבה. די פערענדערונגען, וואָס זענען אין מיר פאָרגעקומען אין משך פון דער דאָזיגער צייט, גיבען מיר דעם בעסטען בעגריף וועגען דעם אונטערשיד צווישען היימישער אָבהענגיגקייט און קנעכט-שאַפט. פון נאַטור אַ שעמעדיגער און אַ צוריקגעצויגענער, בין איך שטענדיג בעזונדערס ווייט געווען פון אונפערשעמטקייט. אָבער די פרייהייט, וואָס איך האָב אַמאָל געהאַט, איז אַלץ געמינערט און געמינערט געוואָרען, ביז זי איז אינגאַנצען פערשוואונדען געוואָרען. איך בין געווען דרייסט ביי מיין פאָטער אין הויז, פריי ביי לאַמבערסיע, בעשיידען ביים פעטער. ביים בעל-הבית בין איך אָבער געווען שרעקעדיג און געוואָרען אַ נישטיג יונגעל. איך בין געווען געוועגט צו לעבען, פונקט אַזוי ווי די עלטערע לעבען. זייערע פערגעניגענס האָב איך פערשטאַנען; איך האָב מיך געקאָנט בעטייליגען אין זייערע געשפּרעכען, אַרויסזאָגען מיינע פערלאַנגען, מיט איין וואָרט, אויסדריקען אַלץ, וואָס מיר האָט זיך אָנגעקליבען אין האַרצען. זאָל-זשע דער לע-זער זיך פאָרשטעלען, וואָס פון מיר האָט בעדאַרפט ווערען אין אַזאַ הויז, וואו איך האָב נישט געטאָרט עפענען דאָס מויל, וואו איך האָב בעדאַרפט עסען נאָר אַ דריטעל מיטאָג און אַרויס-

געהן פון צימער, אויב איך האָב דאָרט נישט געהאַט, וואָס צו טאָן; וואו, אַ צוגעשמידטער צו אַרבייט, האָב איך געזעהן, ווי אַנדערע האָבען גרויס פערגעניגען און פון מיר איז עס צוגענו־מען געוואָרען; וואו די פרייהייט פון מיין בעל-הבית מיט זיינע שותפים האָט נאָכמער פערשטאַרקט דאָס בעוואוסטזיין פון מיין פעריאָכונג; וואו איך האָב נישט געוואַגט אַריינצושטעלען אַ וואָרט, בשעת מען האָט גערעדט וועגען זאַכען, אין וועלכע איך בין געווען זעהר גוט בעהאַוועגט; וואו אַלץ, וואָס איך האָב, מיט איין וואָרט, געזעהן, האָט מיך שרעקליך געצויגען, ווייל מיר האָט עס געפעלט. אַדיע, דו גוט לעבען, פרייד, געלונגענע ווערטלעך, וואָס איר פלעגט מיך אַמאָל אַרויסראַטעווען פון שטראָף!

איך קאָן אָהן געלעכטער נישט דערמאָנען, ווי איינמאָל פאַר עפּיס אַ שולד האָט מיך דער פאָטער אַוועקגעשיקט שלאָפען אָהן אָוועגדברויט. אַז איך בין דורכגעגאַנגען די קיך מיט אַ שטיקעל ברויט אין דער האַנד, האָב איך דערזעהן אַ גוט שטי־קעל געבראָטענס. די אַלע שטוביגע זענען געזעסען ביים אויוועז. איך האָב מיך צוזעגענט מיט זיי, נישט-ווילענדיג אַ קוק געגעבען אויפ׳ן געבראָטענס, וואָס האָט אַזוי געצויגען מיט זיין אויסזעהן און, נישט-קענענדיג זיך איינהאַלטען, האָב איך מיך פערנויגט פאַר אים און אַרויסגעזאָגט מיט אַ יאָמער-קול: „אַדיע, געבראָ־טענס!" אָט דאָס נאַאיווע שפּילכעל האָט זיי אויסגעוויזען אַזוי שכל׳דיג, אַז זיי האָבען מיר דערלויבט צו פערבלייבען און עסען אָוועגדברויט. מעגליך, אַז דעם גראַווירעד וואָלט עס אויך געפעי־לען, אָבער דאָ וואָלט איך גאָר די העזה נישט געהאַט צו זאָ־גענען זיך מיט׳ן געבראָטענס. אגב בין איך זיכער, אַז אין הויז פון מיין בעל-הבית וואָלט עס מיר גאָר אין קאָפּ נישט געקומען.

אָט אַזוי האָב איך מיך אויסגעלערנט פערבאָרגען מיינע פערלאַנגען, מיינע געפיהלען, מאַכען אַנ׳אָנשטעל, לייגען און, צולעצט, גנב׳ענען. דאָס לעצטע איז מיר קיינמאָל אין קאָפּ נישט געקומען. אָבער איין מאָל געמאַכט אַ גנבה—האָב איך מיך שוין נישט געקאָנט אָבגעוועגען דערפון. דער שטאַרקער בעגער און

די אונמעגליכקייט צופרידענצושטעלען אים—פירען שטענדיג צו גנבה. און דעריבער גנב'ענען אַלע לאָקייען און לערניונגלעך—אַרבייטער. איבעריגענס, אַז זיי ווערען פרייע בעלי-בתּים און דער געזיכערטער מעמד קאָן זיי געבען אַלץ, נאָך וואָס זיי האָבען פריער אַזוי געלעכצט, פערלירען זיי די דאָזיגע שענדליכע געוועהנהייט. אָבער געוועזן בין איך וועניגער גליקליך, און איך האָב נישט געקאָנט, ווי זיי, אַרויף צוריק אויפ'ן דרך הישר.

די שטענדיג גוטע, אָבער שלעכט-געווענדטע געפיהלען צווינגען די קינדער צו מאַכען די ערשטע שריט אין אַ שלעכטער זייט. אַ סך זאַכען האָט מיר געפעלט, צו אַ סך האָט מיר שרעקליך געצויגען, פונדעסטוועגען האָב איך אָבגעלעבט ביים גראַווירער מער, ווי אַ יאָר, און האָב מיך נישט צוגערירט צו אַ פרעמדער זאַך, אפילו פון עסענוואַרג.

די ערשטע גנבה האָב איך געמאַכט אויס העפליכקייט, אָבער זי האָט מיך שוין געפירט צו אַנדערע גנבות, וואָס די סבה זייערע איז שוין נישט געוועזן אַזאַ בכבוד'יגע. געהאַט האָט מיין בעל-הבית אַ שותּף—איינעם אַ וו ע ר אַ. די מוטער פון דעם דאָזיגען וו ע ר אַ האָט געהאַט אַ הויז און אַ גאָרטען נישט ווייט פונ'ם גראַווירער און אין דעם דאָזיגען גאָרטען האָט געוואַקסען גרויסאַרטיגער שפאַראַג. ווערא האָט זיך גענויטיגט אין געלד. האָט ער אָנגעהויבען שלעפען ביי זיין מוטער שפּאַראַג אין יענער צייט פון יאָר, בשעת דאָס איז נאָך גאָר אַ נייס, און האָט עס פערקויפט און דאָס אָבגעלייזטע געלד גע'פטר'ט אויף פרישטיגען, כדי אויסצומיידען אַ געפאַר, האָט ער מיך אויסגעקליבען פאַר די דאָזיגע עקספעדיציעס. מיט גוטע רייד האָט ער מיך צוגעצויגען צו זיך, און איך האָב נישט פערשטאַנען זיין כונה. איינמאָל האָט ער געמאַכט אַנ'אָנשטעל, אַז אים איז כלומרש'ט איינגעפאַלען זעהר אַ גוטער פּלאַן און האָט מיר פאָרגעלעגט צו מאַכען די גנבה. איך האָב מיך אָבגעזאָגט, ער האָט צוגערעדט, גוטע רייד האָב איך קיינמאָל נישט געקאָנט בײשטעהן און איך בין מרוצה געוואָרען אויף זיין בקשה. אין דערפריה פלעג איך אַרויסרייסען פון פרוי וו ע ר אַ'ס גאָרטען דעם בעסטען שפּאַראַג און

אָוועקטראָגען עס אויפ׳ן מאַרק, וואו אַ ליאַדע בעל-הבית׳טע האָט פערשטאַנען, אַז איך פערקויף גע׳גנב׳עט גרינוואַרג און האָט מיך דעריבער אָנגערופען גנב, כדי אַרויסצוקריגען עס ביי מיר וואָס ביליגער. פלאַטערענדיג פון שרעק, פלעג איך ווי-עס-איז דורכ-קומען מיט׳ן פרייז און אָוועקטראָגען דאָס געלד ווערא׳ן. דאָר-טען פלעגט שוין ווערען פונ׳ם געלד אַ גוטער פרישטיג. דעם פרישטיג פלעגט עסען ווערא מיט זיין פריינד, און איך פלעג זיין צופרידען, אַז איך פלעג בעקומען די שיריים. מען האָט מיך אפילו קיין איין מאָל נישט מכבד געווען מיט אַ גלאָז וויין.

אַזוי איז עס געגאַנגען עטליכע טעג, און מיר איז אפילו אין זינען נישט געקומען צו בע׳גנב׳ענען אַ גנב און גוט אָבצו-עסען אויפ׳ן רעכנונג פון ווערא׳ן און זיין שפּאַראַג. איך האָב גע׳גנב׳עט—און געבליבען וואונדערליך ריין, גע׳גנב׳עט בלויז אַ טובה צו טאָן ווערא׳ן און דאָך, וואָסערע שווערע קלעפּ און בעליידיגונגען וואָלט איך בעדאַרפט אויסשטעהן, ווען מען וואָלט מיך געכאַפּט! און אויב ווערא וואָלט געזאָגט, אַז ער האָט זיך נישט בעטייליגט אין דער דאָזיגער פערברעכערישער אַרבייט, וואָלט מען דאָך געגלויבט אים און נישט מיר, וואָרום ער איז געווען אַ שותף און איך—בלויז אַ לערניונג. דעמאָלט וואָלט איך געהאַט אַ צווייענדיגע שטראָף: פאַר׳ן גנב׳ענען און פאַר פאַלש בעשולדיגען אַנ׳עלטערן.

איך האָב אַיינגעזעהן, אַז גנב׳ענען איז גאָרנישט אַזוי שרעקליך, ווי מיר האָט זיך פריער אויסגעוויזען, און אינגיכען האָב איך אָנגעהויבען אויסצוניצען מיינע נייע קענטנישען מיט אַזאַ ערפאָלג, אַז אַלע זאַכען, וואָס זענען מיר נאָר געפעלען געוואָרען, זענען נישט געווען אויסער געפאַר. ביי מיין בעל-הבית האָט מען מיר נישט זעהר שלעכט געגעבען צו עסען. זיין אָבער אַיינגעהאַלטען איז מיר געווען שווער, חייל דער גראַווירער אַליין האָט זיך וועניג געהאַלטען אָן דער דאָזיגער גוטער מדה. דער מנהג—משלח צו-זיין פון טיש די יונגערע, בשעת עס ווערען דערלאַנגט די בעסערע מאכלים, איז דאַכט זיך מיר נאָר דערויף געשאַפען געוואָרען, צו ענטוויקלען אין קינדער-

די נייגונג צום פרעסען און גנב׳ענען. אין זעהר אַ קורצער צייט בין איך געוואָרען אַ פרעסער און אַ גנב. איך האָב גע׳גנב׳עט און געלעבט אַ טאָג, שלעכט איז מיר נאָר געווען, בשעת מען האָט מיך געפּאַקט.

ביז איצט קאָן איך מיך נישט דערמאָנען אָהן שרעק, אָבער איך נישט אָהן געלעכטער, די געשיכטע מיט די עפּעל? איך האָב מיך דעמאָלט טייער בעצאָלט. די דאָזיגע עפּעל זענען גע־לעגען אין אַנ׳אַלקיר, בעלויכטען פון אַ שמאָל לופטפענסטערל, וואָס איז אַרויסגעקומען אין קיך. איינמאָל, בשעת קיינער איז נישט געווען אין שטוב, האָב איך אַרויפגעקלעטערט אויפ׳ן קאַס־טען און אַריינגעקוקט אין דעם דאָזיגען גן-עדן. דערנאָך האָב איך גענומען אַ בראָטענשפּיזעל, אַראָבגעלאָזט עס דורכ׳ן לופט־פענסטערל אין אַלקיר אַריין און געפּרובט דערמיט אַרויסבעקו־מען איינס פון די גאָלדענע פירות. דאָס בראָטענשפּיזעל איז אָבער געווען צו-קורץ. האָב איך גענומען צו-הילף נאָך אַ שפּיזעל און אַראָבגעלאָזט פון דאָסניי דאָס גאַנצע קלאַפּערגעצייג אין אַלקיר אַריין. לכתחילה איז מיין גאַנצע האָרעוואַניע געגאַנגען לאבוד, אָבער דערנאָך האָב איך מיט גרויס פּאַראַד דורכגעשטאָכען אַנ׳־עפּעל. פּאָרזיכטיג האָב איך געשלעפּט צו זיך מיין רויב. דער עפּעל איז שוין געווען ביים פענסטערל... נאָר, אַ קלאָג! ער איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט נישט געקאָנט דורכקריכען. וואָ־סערע מיטלען האָב איך נישט אויסגעפונען! איך האָב בעדאַרפט קריגען עפּיס אַ זאַך, וואָס זאָל אונטערהאַלטען דאָס שפּיזעל, אַ מעסער, צום צושניידען דעם עפּעל און אַ לייווענד אונטערצוכאַ־פּען די געשניטענע טיילען. לסוף האָט מיר פּאָרט געלונגען צו שניידען דעם עפּעל אויף צוויי טיילען, און בשעת איך האָב שוין געזאָלט אַרויסקריגען איין טייל נאָכ׳ן צווייטען, זענען זיי פלוצ־לונג אַראָבגעפאַלען צוריק אין אַלקיר אַריין. באַרמהאַרציגער לע־זער, האָב מיטלייד מיט מיר!

פון מוט בין איך נישט געפאַלען, אָבער אַ סך צייט האָב איך פערלאָרען, איך האָב מורא געהאַט, מען זאָל מיך נישט כאַ־פּען און האָב אָבגעלעגט די צווייטע פּראָבע ביז מאָרגען. אַליין

האָב איך מיך אַוועקגעזעצט צו דער אַרבייט מיט אַנ׳אומשולדיג פּנים. איך האָב גאָרנישט געטראַכט פון די צוויי עדות, וואָס זענען געלעגען אין אַלקיר און געקאָנט מיר ברענגען שאָדען.

אויף מאָרגען בין איך ביי דער ערשטער בעסטער געלעגענהייט אַוועק פון דאָסניי צום אַלקיר און פון דאָסניי אויפ׳ן קאַסטען, און אַראָבגעלאָזט דאָס בראָטענשפּיזעל... אָבער דאָס שוואַרציאָר האָט מיך שוין געהיט! די טיר פון אַלקיר האָט זיך געעפענט און מיין בעל-הבית איז אַרויסגעאַנגען. פערלעגט די הענט אויף הינטען, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף מיר און געזאָגט: „דרייסטער אַ ביסעל!" די פעדער פאַלט מיר פון דער האַנט אַרויס...

אינגיכען בין איך אַזוי געוועגט געוואָרען צו קלעפּ, אַז זיי האָבען אויף מיר קיין רושם נישט געמאַכט, און לסוף האָב איך זיי פערדעכענט פאַר אַזאַ עלעמענט, וואָס גלייכט-אויס די גנבה און גיט מיר דאָס רעכט צוגנב׳ענען. איך האָב מיך קיינמאָל נישט אומגעקוקט אויף צוריק, נישט דערמאָנט די שטראָף און אין עתיד נאָר געזעהן די נקמה צו דעם גראַווירער. מיר האָט זיך שטענדיג געדאַכט, אַז דערמיט, וואָס מען בעשטראָפט מיך, ווי אַ גנב, גיט מען מיר אויך אויף אַ געוויסען גראַד דאָס רעכט צו גנב׳ענען. איך האָב איינגעפונען, אַז גנבה און קלעפּ קאָנען נישט געטיילט ווערען און אַז זיי מאַכען-אויס צוזאַמען עטוואָס איינהייטליכעס. נעמענדיג אויף זיך איין טייל פון דער אויפגאַבע, פלעג איך איבערלאָזען פאַר׳ן מייסטער דעם צווייטען טייל.

אַרויסגעהענדיג פון דעם דאָזיגען שטאַנדפונקט, פלעג איך מיך נעמען צו גנבה מיט מער רוהיגקייט, ווי פריער. איך פלעג זיך זאָגען: נו, איז וואָס? מען וועט מיך אָנשלאָגען. טאָ זאָל מען—דערויף בין איך דאָך בעשאַפען.

איך בין נישט געווען גיריג, אָבער איך האָב ליב געהאַט גוט אָבצועסען. אָבער ווערען אַ פרעסער האָב איך נישט געקאָנט, ווייל איך האָב צופיל זאַכען ליב געהאַט. דאָס גאַנצע לעבען האָב איך מיך בעשעפטיגט מיט׳ן מויל נאָר דעמאָלט, ווען דאָס האַרץ איז מיר געווען לער, און דאָס פלעגט אַזוי זעלטען טרעפען, אַז איך האָב גאָר קיין צייט נישט געהאַט צו

טראַכטען פון גוטע מאכלים. און טאַקי דעריבער האָב איך אינ-
ניכען אָנגעהויבען לאַטכענען נישט נאָר בעטעמ׳טע זאַכען צום
עסען, נאָר אַלץ, וואָס האָט מיך געצויגען, און אויב איך בין
נישט געוואָרען קיין עכטער גנב, איז עס בלויז דערפאַר, ווייל
געלד האָט פאַר מיר קיינמאָל קיין בעזונדער צוציהונגסקראַפט
נישט געהאַט.

אין דעם בעל-הבית קאַבינעט איז געשטאַנען אַ פערשלאָסע-
נער אַלמער; האָב איך געפונען אַ מיטעל, ווי צו עפענען און
פערמאַכען די טיר אַזוי, אַז דאָס זאָל בלייבען לחלוטין אונ-
בעמערקט.

איך פלעג נעמען די בעסטע אינסטרומענטען, צייכנונגען,
די בעסטע אָבצוגען, דאָס אַלץ, וואָס ער פלעגט מיר נישט גע-
בען. אין גרונד גענומען איז דאָס געווען אַ נאַאיוו גנב׳ענען,
וואָרום דאָס האָט געדינט בלויז צום נוצען פאַר מיין בעל-הבית.
אָבער איך פלעג פשוט זיין ענטציקט, בשעת איך פלעג מיך
בענוצען מיט די דאָזיגע קלייניגקייטען. מיר פלעגט זיך דאַכטען,
אַז צוזאַמען מיט די אינסטרומענטען פון מיין בעל-הבית, בע׳-
גנב׳ע איך אויך זיין טאַלענט. אין אַלמער איז געלעגען געשיני-
טעכץ פון גאָלד און זילבער, פערשידענע קלייניגקייטען פון גאָלד,
זעלטענע מטבעות, געלד. האָב איך געהאַט אַ פיר-פינף סו אין
קעשענע, איז דאָס שוין אויך געווען אַ סך; דאָך האָב איך מיך
נישט צוגערירט צו קיין שום קאָסטבאַרער זאַך; אפילו צומאָל
נישט אַ קוק געגעבען אויף זיי מיט׳ן פערלאַנג צוצונעמען. פון
געלד האָב איך געפיהלט מער שרעק, איידער פערגעניגען. אי-
בעריגענס, מיין איך, אַז דעם עקעל צו גנב׳ענען געלד האָט
מיר הויפטזעכליך גורם געווען די דערציהונג. צום געדאַנק ווע-
גען גנב׳ענען געלד איז צוגעמישט געווען די געהיימע פאָרשטע-
לונג פון נישט-ערליך זיין, פון טורמע, פון שטראָף, תליות; די
אַלע וואָלטען מיך אַריינגעוואָרפען אין דעם גרעסטען פחד, ווען
מיר וואָלט זיך געוואָלט מאַכען אַזאַ גנבה. אויף קלעפּ פון בעל-
הבית בין איך שוין לאַנג מרוצה געוואָרען.

איך זאָג נאָכאַמאָל, אַז איך האָב מיך זאָגאַר נישט גע-

סטאַרעט צו האָבען געלד, און דעריבער האָב איך אויך נישט געהאַט דעם פערלאַנג צו גנב׳ענען עס. אַ בויגען גוט פאַפיר צום צייכענען האָט מיך מער געצויגען, איידער די סומע געלד, פאַר וועלכער איך וואָלט געקאָנט קויפען אַ גאַנצען ריס. אָט די משונה׳דיגקייט נעמט זיך פון אַ בעזונדער אייגענשאַפט אין מיין כאַראַקטער, און אָט די אייגענשאַפט האָט געהאַט אַזאַ ווירקונג אויף מיין אויפפירונג, אַז עס איז כדאי צו ריידען וועגען איר.

איך בין אַ מענש פון זעהר הייסע ליידענשאַפטען, און בשעת זיי רעגען מיך, ווער איך אונגעווענליך ענערגיש; דעמאָלט האָט ביי מיר אַ זאַך קיין שום ווערט נישט, איך שעץ קיין זאַך נישט, טראַכט נישט פון מורא און פון אָנשטענדיגקייט; דעמאָלט בין איך ציניש, אונפערשעמט, היציג און דרייסט; די בושה קאָן מיך נישט אָבהאַלטען; קיין שום סכנה שרעקט מיך נישט; אָבער לאַנג געווערט עס נישט. באַלד, תיכף ומיד פאַל איך אַריין אין אַפאַטיע.

אין רוהיגע מינוטען בין איך אַ שטיק מאַכטלאָזיגקייט און שעמעריי. אַלץ שרעקט מיך. אַלץ האַלט מיך אָב. אַ פליג, וואָס פליהט פאַרביי, וואַרפט-אָן אויף מיר אַ מורא. די פוילקייט מיינע ווערט בעליידיגט פון געדאַנק, אַז איך וועל דאַרפען מאַכען אַ בעוועגונג, זאָגען אַ וואָרט. שרעק און בושה דריקען מיך אַזוי צו, אַז מיר ווילט זיך בעהאַלטען פון אַלעמענס אויגען. דאַרף איך אָנהויבען אַרבייטען, ווייס איך נישט, וואָס מען טוט. בע- דאַרף איך ריידען, געפין איך קיין ווערטער נישט; קוקט מען אויף מיר, ווער איך אַ צומישטער. אין אַ היציגער מינוט געפין איך געלונגענע אויסדרוקען; אין אַ וואָכעדיגען שמועס ווייס איך נישט, וואָס צו זאָגען. אַזוינע שמועסען זענען פאַר מיר אונער- טרעגליך, מחמת איך בין דאָך מחויב צו ריידען.

איצט זענט נאָך מוסיף דערצו, אַז פון דעם אַלעם, וואָס געפעלט מיר אַממערסטען, קאָן מען גאָרנישט קויפען. איך בע- דאַרף האָבען ריינע פערגעניגענס, דאָס געלד אָבער פער׳סמ׳ט זיי. איך האָב ליב, צום ביישפיל, אַ גוטען מאָלצייט, אָבער איך האָב פיינט די לאַסט סיי פון דער גוטער געזעלשאַפט און סיי

פון דעם גראָבען שענק-הניון. אַ גוטער מאָלצייט קאָן מיר געבען פערגעניגען נאָר אינאיינעם מיט אַ פריינד. עסען אַליין איז מיר אונגעהויער שווער. דעמאָלט פערקוק איך מיך אויף זייטיגע זאַכען און דער מאָלצייט פערלירט דעם טעם. אויב מיין שטורמיש בלוט פאָדערט פרויענצערטליכקייט, לעכצט נאָך שטאַרקער דאָס האַרץ מיינס נאָך ליבע. געקויפטע לאַסקעס וואָלטען פאַר מיר קיין שום רייץ נישט געהאַט, און איך מיין, אַז פון געקויפטער ליבע וואָלט איך גאָרנישט געוועזן אימשטאַנד הנאה צו האָבען.

און אַזוי איז מיט אַלע פערגעניגענס: בעקום איך זיי נישט אומזיסט, זענען זיי מיר אונערטרעגליך. עס ציהט מיך צו נאָר דאָס, וואָס נישט יעדער קאָן זיך בענוצען דערמיט.

געלד האָט פאַר מיר קיינמאָל נישט געהאַט אַזאַ ווערט, ווי פאַר אַנדערע; נאָכמער—געלד האָט מיר קיינמאָל נישט אויס-געוויזען בעזונדערס בעקוועם; פאַר זיך גופא איז געלד אַ גאָר-נישט. וויל מען הנאה האָבען דורך געלד, דאַרף מען עס פער-וואַנדלען אין עפּיס אַנדערש; דאַרף מען קויפען, זיך דינגען, זיין טיילמאָל גענאַרט, בעצאָלען טייער און וועניג בעקומען. ווילט זיך מיר קויפען אַ זאַך פון אַ גוטער קוואַליטעט, בין איך זיכער, אַז, דערמיט, וואָס איך צאָל געלד דערפאַר, וועל איך בעקומען אַ שלעכטע זאַך. צאָל איך אַ סך געלד פאַר אַ פריש איי—איז עס נישט פריש, פאַר אַ גוטער פרי—איז זי גרין, פאַר אַ מיידעל—האָט עס אַ חסרון. איך האָב ליב גוטען וויין, אָבער וואו קריגט מען אים? ביים וויינקרעמער? ער וועט מיך פער-סמ'ען. וויל איך אָבער דורכאויס האָבען גוטען וויין. וויפיל קאָפּדרעהעניש און שוועריגקייטען! די מורא פאַר די דאָזיגע שוועריגקייטען וועגט אין מיר איבער די ליבע צום גוטען וויין.

אַ מאָל טויזענד' פלעג איך אַרויס פון שטוב, בשעת איך בין געוועזן אַ לערנינג און אויך שפּעטער, קויפען זיך עפּיס אַ נאַשעריי. פלעג איך מיך לאָזען צו דער קראָם, וואו עס ווערען פערקויפט טשאַסטקעלעך; דערזעה איך די פערקויפערינס און תיכף הויבט זיך מיר אָן דאַכטען, אַז זיי חוזק'ן איבער דעם קליינינטשקען נאַשער. געה איך פאַרביי אַ פרוכטקרעמערין, וואַרף

איך אַנ'אויג אויף די שענע באַרנעס. עס ציהט מיך דער אַראָ-מאַט פון זיי; אָבער אַ צוויי-דריי יונגעלייט שטעהען נישט ווייט און קוקען אויף מיר; נעבען געוועלב טרעפט מיך אַ בעקאַנטער; פון ווייטען געהט אַ מיידעל; צי איז עס נישט די דינסט פון אונזער שטוב? מיינע קורכציכטיגע אויגען מאַכען מיט מיר אַ שפּאַס; אַלע פאַרבייגעהענדיגע נעם איך אָן פאַר בעקאַנטע; פון אַלץ ווער איך פערשעמט; אומעטום זעה איך מניעות; דער חשק צו נאַשען וואַקסט אין מיר צוזאַמען מיט דער שעמעריי, און, לסוף, קער איך מיך אום אַהיים, ווי אַ שוטה: אין קעשענע ליגט מיר געלד און איך וואָלט געקאָנט קויפען דאָס, וואָס מיר ווילט זיך, אָבער איך קאָן מיך נישט בעשליסען דערויף.

איך וואָלט אַריינגעגאַנגען אין די סאַמע לאַנגווייליגסטע פּרטים, ווען מיר וואָלט איינגעפאַלען צו דערצעלען מיט אַ סדר וועגען יענע צורייצטע געפיהלען, בשעת איך האָב אַליין גע'פּטר'ט מיין געלד אָדער אַנדערע האָבען עס אויסגעגעבען; וועגען יענער שפּירונג פון אָבהענטיגקייט, פערלאָרענקייט, שעמעריי אָדער צו-רודערונג, וואָס איך האָב בשעת מעשה איבערגעלעבט. דער לע-זער וועט עס אַליין דערפיהלען מיט דער ווייטערדיגער בע-קאַנטשאַפט פון מיין לעבען.

פערשטעהענדיג מיין בעציהונג צו געלד, וועט דעם לעזער מסתמא קלאָר ווערען די געגענזעצליכע שטריכען פון מיין נאַטור, למשל, דאָס, וואָס אויסערסטע קאַרגקייט לעבט אין מיר בשלום מיט דער גרעסטער פעראַכטונג צו געלד. דער מין געלד איז פאַר מיר אַזאַ אונבעקוועמע זאַך, וואָס קוים איז עס ביי מיר נישטאָ, סטאַרע איך מיך גאָרנישט צו קריגען עס. האָב איך אָבער שוין יאָ אַ געוויסע סומע געלד, וויל איך עס וועניגער אויסגעבען, וואָרום איך ווייס נישט, ווי אַזוי מען פערברויכט עס בעסער.

אָבער קוים געפין איך אַ בעקוועם און אָנגענעם מיטעל, ווי אַזוי צו פּטר'ן מיינע קליינע אוצרות, מאַך איך עס אַזוי שנעל און פלייסיג, אַז דאָס ביימעלע מיינס ווערט אויסגעלעדיגט פריער, איידער איך כאַפּ מיך. איר וועט אין מיר נישט געפי-

נען די מאַניע פון אַ קמצן: פטר'ן געלד, בשעת אַנדערע זאָלען עס זעהן. פערקערט, איך מאַך עס געהיים, פאַר זיך; איך בערים מיך נישט מיט מיינע הוצאות; דאָס איז ביי מיר פער-באָרגען. איך פיהל, אַז איך האָב איבער געלד קיין שליטה נישט, און דעריבער, אַז איך האָב עס, שעם איך מיך. וואָלט איך געהאַט אַ הכנסה, וואָס זאָל זיין גענוג פאַר אַ נישט-אָרים לעבען, בין איך זיכער, אַז איך וואָלט נישט געווען קאַרג און וואָלט געפּטר'ט אַלץ, וואָס איך וואָלט געהאַט, און זיך גאָר-נישט געקטאַרעט צו פערגרעסערן דאָס פערמעגען. אָבער די קליינע לעבענסמיטלען מיינע צווינגען מיך שטענדיג צו ציטערן פאַר זיי! איך האָב שרעקליך ליב די פרייהייט און האָב פיינט צוואַנג, נויט און יאָך. האָב איך געלד, בין איך פריי און איך דאַרף מיך גאָרנישט סטאַרען פאַר'ן לעבענסמיטעל, וואָס האָט מיך תמיד געשראָקען. געלד אין בייטעלע גיט פרייהייט; געלד, אַז מען סטאַרעט זיך צו בעקומען עס, מאַכט פאַר אַ קנעכט. און טאַקי דעריבער היט איך שטאַרק אָב דאָס, וואָס איך האָב, און סטאַרע מיך נישט צו בעקומען עס.

הייסט עס, אַז מיין אונאייגעננוץ—איז פוילקייט, וואָרום איך האַלט, אַז דאָס פערגעניגען פון האָבען געלד איז נישט ווערט די פראַצע פון דערווערבען עס. פון פוילקייט, ווידער, שטאַמט אויך אַרויס מיין פערשווינדערישקייט, וואָרום האָב איך נאָר אַ בעקוועמען מאָמענט צו פטר'ן דאָס, וואָס איך האָב, טו איך עס גלייך. געלד ציהט מיך ווייניגער, איידער זאַכען, וואָרום צווישען געלד און דער זאַך, וואָס געפעלט מיר, איז נישטאָ קיין דירעקטער צוזאַמענהאַנג; פון אַ זאַך אָבער האָב איך אונמיטעלבאַר פערגעניגען. איך זעה אַ זאַך, געפעלט זי מיר. זעה איך אָבער בלויז דאָס מיטעל צו בעקומען זי, ווער איך קאַלט צו דער זאַך.

האָב איך, אַלזאָ, געגנב'עט און גנב'ע נאָך איצט אויך קלייניגקייטען, וואָס זענען מיר אַ סך לייכטער צו נעמען נישט-געבעטענערהייט, איידער בעטען. אָבער קיין קליינגעלד האָב איך, נישט אין דער קינדהייט און נישט שפּעטער, ניט געגנב'עט. נאָר

איינמאָל, מיט אַיאָר פופצען צוריק, האָב איך אַ וועקגע׳גנב׳עט זיבען ליווער און ניין סו. די דאָזיגע געשיכטע לוינט זיך צו דערצעלען. אין יענעם טאָג האָב איך אַרויסגעוויזען אַזוי פיל געוויסענלאָזיגקייט און נאַרישקייט, אַז ווען די זאַך וואָלט זיך נישט געהאַנדעלט וועגען מיר, וואָלט איך עס אינגאַנצען גע-האַלטען פאַר אַנ׳אויסגעטראַכטע מעשה.

געשעהן איז די זאַך אין פאַריז. איך שפּאַציר אַזוי מיט׳ן הער פראַנקייל אין פּאַלע-ראָיאַל. געווען איז עס אום פינף אַזייגער. נעמט ער טאַקי אַרויס דעם זייגער, גיט אַ קוק און זאָגט: „קומט אין דער אָפּער”. איך בין מסכים. געהען מיר אין טעאַטער. נעמט ער צוויי בילעטען אין אַמפּיטעאַטער. איינעם פון זיי גיט ער מיר, מיט׳ן צווייטען געהט ער אין זאַל. איך — נאָך אים. ביים טיר איז אַ שטויסעניש און אַ שטיקעניש. קוק איך מיר אַרום. זעה איך, אַז אין זאַל שטעהען נאָך אַלע, בעשליס איך ביי זיך, אַז איך זאָל מיך אַרויסדרעהען צווישען עולם, און דער הער פראַנקייל קאָן דערווייל מיינען, אַז איך געפין מיך דאָ ערגעץ אַ פערשטופּטער. געה איך אַרויס פון זאַל, נעם די קאָנטערמאַרקע, דערנאָך מיין געלד, נישט טראַכטענדיג, אַז קוים וועל איך בעוויזען צוגעהן צום טיר, וועל׳ען שוין אַלע זיצען און דער הער פראַנקייל וועט דייטליך בעמערקען, אַז איך בין נישטאָ צווישען די צושויער.

מיט דעם דאָזיגען טאַט, וואָס איז אינגאַנצען סותר מיין כאַראַקטער, וויל איך אומישנע אויפמערקזאַם מאַכען, אַז אויף אַ מענשען קאָנען אַמאָל אָנפאַלען מינוטען פון משוגעת און אַז נישט אַלעמאָל קאָן מען אַ מענשען משפּט׳ן לויט זיינע מעשים. מען קאָן נישט זאָגען, אַז איך האָב גע׳גנב׳עט דאָס געלד, גיכער האָב איך אַוועקגערויבט זיין פערנוצונג. אָבער וואָס ווייניגער גנבה אין דעם טאַט איז געווען, אַלץ מער איז אין אים געלעגען געמיינעס.

איך וואָלט קיינמאָל נישט געקאָנט ענדיגען דעם אַנאַליז פון די אַלע פרטים, ווען מיר וואָלט זיך פערוואָלט דורכפאָרשען די אַלע דרכים, איבער וועלכע איך האָב מיך, בשעת׳ן זיין ביים

גראַווירער, אַראָבגעלאָזט: פון הויכע העלדגעפיהלען ביז געמיינ-קייט. כאָטש איך האָב מיך אָנגעשטעקט מיט די חסרונות פון מיינע חברים, דאָך האָב איך נישט איבערגענומען זייערע גע-שמאַקען. די פערוויילונגען פון מיינע חברים האָבען מיר אויס-געזעהן לאַנגווייליג, און בשעת מיין פרייהייט איז צו-שטאַרק געדריקט געוואָרען און אַנ׳עקעל האָט מיך אָנגענומען צו דער אַרבייט—דעמאָלט איז מיר איינג געוואָרען פון אַלץ און אַלעם. האָב איך מיך פון דאָסניי גענומען צום לעזען, וואָס איז שוין לאַנג אַוועקגעוואָרפען געוואָרען. אָבער דאָס איז שוין געווען אַ ניי פערבּרעכען מיינס: אָנשטאָט צו אַרבּייטען, האָב איך גע-לייענט. בין איך וויילעוויז בעשטראָפט געוואָרען דערפאַר, אָבער די ליבע צום לעזען, וואָס האָט געליטען פון מניעות, איז גע-וואָרען אַ תאוה און איינגיכען — אַ פלאַמענדיגע תאוה. ל אַ-ט ר י-ב י ו, אַ הענדלערין פון ביכער, פלעגט מיר שוין צושטעלען פער-שידענע ביכער, סיי גוטע, סיי שלעכטע. געלייענט האָב איך אַלץ, מיט איין זופּ, אָהן אַ רעכענונג. איך האָב געלייענט ביים וועַרקשטאַט, געלייענט ביים אָבטראָגען עפּיס, געלייענט אין קלאָ-זעט, וואו איך פלעג פערבלייבען גאַנצע שעה׳ן. דער קאָפּ האָט מיר געדרעהט פון לעזען; איך האָב נאָר געטאָן און געלייענט. דער בעל-הבית האָט מיר נאָכגעקוקט, געכאַפּט ביים לייענען, געשלאָגען, צוגענומען פון מיר די ביכער. וויפיל בענד זענען פערברענט, צוריסען און אַרויסגעוואָרפען געוואָרען דורכ׳ן פענס-טער! וויפיל צוריסענע ביכער זענען פערבליבען ביי ל אַ-ט ר י-ב י ו! האָב איך נישט געהאַט מיט וואָס צו צאָלען דער פרוי ל אַ-ט ר י ב י ו, פלעג איך איר אָבגעבען מיינע העמדלעך, קראַ-וואַטען, אַלע מיינע שמאַטעס. אַלע וואָך פלעג איך איר אַוועק-טראָגען צו דריי סו, וואָס איך פלעג זונטאָג בעקומען.

אָט, וועט מען זאָגען, איז דאָך פּאָרט צונויף געקומען געלד! אמת, אָבער געשעהן פלעגט עס דעמאָלט, בשעת צוליב׳ן לעזען פלעג איך אַוועקוואַרפען יעדע אַרבייט. אָבגעגעבען זיך ביכער, האָב איך שוין נאָר געטאָן און געלייענט. מער פלעג איך שוין נישט גנב׳ענען.

אָט איז נאָך איינער פון מיינע כאַראַקטעריסטישע שטרי-כען. אַ ליאַדע קליינינקייט ציהט-צו מיין אויפמערקזאַמקייט, פער-ענדערט מיינע געשמאַקען, און בינדט מיך ביסלעכווייז צו צו זיך מיט'ן גאַנצען פייער; דעמאָלט פערגעס איך אָן אַלץ און טראַכט נאָר פון דער נייער זאַך, וואָס האָט מיך פעראינטערע-סירט. בשעת אין מיין קעשענע ליגט אַ נייע בוך, הויבט-אָן אונ-רוהיג קלאַפּען מיין האַרץ: איך וויל עס גיכער דורכקוקען. בלייב איך נאָר אַליין, נעם איך מיך באַלד צום בוך. דעמאָלט האָב איך שוין נישט געהאַט אין זינען צו גריבלען זיך אין דעם בעל-הבית שאַנק. איך האָב אויך נישט געהאַט אין זינען צו בע-זאָרגען זיך מיט ביכער בדרך גנבה. איך בין אין ספק, צי וואָלט איך גע'גנב'עט, ווען איך וואָלט געהאַט אַ תשוקה צו מער-טייערערע זאַכען. אָבער ביי דער פרוי לאַ-טריביו האָב איך איצט געהאַט קרעדיט. דאָס, וואָס זי פלעגט מיר געבען, האָט אפילו טייער נישט געקאָסט, אָבער אַז איך האָב בעקומען דאָס בוך, האָב איך שוין מער פון קיין זאַך נישט געטראַכט. נאַטיר-ליך, איז דאָס גאַנצע געלד מיינס איבערגעגאַנגען צו דער דאָ-זיגער פרוי. אַז זי פלעגט מיך אָנהויבען דריקען, איז קודם-כל געפאַלען אַ קרבן מיינע אַנ'אייגענע זאַך. גנב'ענען פאַר אַ פאַר-אויסבעשטימטען צוועק האָב איך נישט געקאָנט. איך האָב קיינ-מאָל נישט געקאָנט פאָראויסזעהן. און גנב'ענען, צו בעצאָלען אַ הענדלערין, האָט גאָר אַ קנאַפּען רייץ געהאַט.

פון שטענדיגען מוסר'ן, פון די קלעפּ, פון דעם געהיימען לייענען אין אַ נישט-פּאַסענדער צייט בין איך געוואָרען אַ שוויי-גער און אַ בייזער, ווי אַ ווילדע אָבגעזונדערטע חיה. אויב מיינע געשמאַקען האָבען מיך נישט מציל געווען פון פוסטע און פּאָרבלאָזטע ביכער, האָט דער גוטער מלאך מיינער נישט געגע-בען מיר אין דער האַנט אַריין קיין שמוציגע ביכער. מען דאַרף, איבעריגענס, נישט מיינען, אַז לאַ-טריביו, אַ מיושב'דיגע פרוי אין אַלע הינזיכטען, האָט מיר נישט געוואָלט געבען קיין שלעכטע שמוציגע ביכער; ניין, נאָר זי פלעגט אַרויסזאָגען דעם נאָמען פון בוך מיט אַזאַ אויסטערלישער מינע, אַז איך פלעג

מיך באַלד אָבזאָגען פון אַזוינע חבורים, עס פלעגט מיך עקלען
און פערשעמט פלעג איך ווערען. צופאַל און שעמעריי פלעגען
מיך פערהיטען אַזוי גוט, אַז בעקאַנט האָב איך מיך מיט איינעם
פון דעם דאָזיגען מין ביכער, וואָס אַ שענע בעקאַנטע דאַמע
מיינע האָט געפונען פאַר אונבעקוועמע, מחמת מען קאָן זיי לע-
זען נאָר פערבאָרגענערהייט, בשעת איך בין שוין אַלט געוועזן
איבער דרייסיג יאָר.

וועניגער ווי אין אַ יאָר האָב איך פערצערט די אָרימע
צאָל ביכער ביי דער לאַ-טריביו, און דעמאָלט האָב איך אָנגע-
הויבען ליידען פון לערקייט, נישט געוועזן מיט וואָס אויסצופי-
לען די פרייע שעה'ן. נישט געקוקט דערויף, וואָס איך פלעג
לייענען אָהן אַ טאָלק און נישט-זעלטען אָנגעטראָפען אויף ניש-
טיגע ביכער, דאָך האָט דאָס לעזען מיר געגעבען מער-דערהוי-
בענע געפיהלען, איידער די, וואָס מיין פעריאָכטע לאַגע וואָלט
מיר געקאָנט געבען. דאָס לעזען האָט מיך אויך אויסגעהיילט
פון [illegible] שטיפערייען און קינדערשע פערוויילונגען. די ווירק-
ליכקייט האָט אָבער דערוויל מיר נישט געגעבען עטוואָס אַזוינס,
וואָס זאָל מיר פערבייטען דאָס לעזען. צו דעם אַלעם, וואָס האָט
שטאַרק געצויגען, האָב איך קיין צוטריט נישט געהאַט. מיינע
לאַנג-דערוואַכטע ליידענשאַפטען האָבען געפאָדערט פערגעניגען,
אָבער וואָסער פערגעניגען—האָב איך אַליין נישט געוואוסט. איך
בין נאָך אַלץ געוועזן ווייט פון דער ווירקליכקייט, ווי אַ וועזען,
וואָס געהערט נישט צו אַ בעשטימטען מין. שוין אַ בחור'ל געוואָ-
רען, און נאָך אַלץ האָב איך געטראַכט פון מיינע קינדערשע
משוגעת'ן. צולעצט, האָט מיין אונרוהיגער דמיון אָנגענומען אַזאַ
ריכטונג, וואָס האָט מיך מציל געוועזן פון זיך גופא און בערו-
[illegible]ט די ערשטע געשלעכטסשפירונגען: די סיטואַציעס פון בוכ-
העלדען האָבען אָנגעהויבען שטאַרק בעשעפטיגען מיין פאַנטאַזיע
די דאָזיגע סיטואַציעס פלעגען מיר פול מאַכען דעם זכרון; איך
פלעג זיי פערענדערן, פונאַנדערשטעלען, איבעררוקען און זיין
אַזוי אַריינגעטאָן דערין, אַז איך פלעג מיך אַוועקשטעלען אויפ'ן
אָרט פון די העלדען און דערביי, געוועגליך, אויסקלויבען [illegible]

בעדינגונגען, וואָס זענען מיר אַממערסטען געווען אַנגענעם. די פאַנטאַזיע האָט מיר געמאַכט פערגעסען אָן דער טרויעריגער ווירקליכקייט. אַ דאַנק דער לייכטקייט, מיט וועלכער איך האָב מיך געקאָנט איבערטראָגען אין דער וועלט פון טרוימען, איז דאָס אַרומיגע איינגאַנצען מיר פריקרע געוואָרען. איך האָב ליב בעקומען די איינזאַמקייט, אַ תאוה, וואָס איז מיר פערבליבען אויפ׳ן גאַנצען לעבען.

זעכצען יאָר בין איך אַלט געוואָרען. איך בין געווען אונ-רוהיג, נישט צופרידען מיט זיך, מיט׳ן גאַנצען אַרומיגען, פיינט געהאַט מיין מלאכה, נישט געקאָנט יענע פערגעניגענס, וואָס האָבען זיך געפּאַסט פאַר מיינע יאָרען, געברענט פון אונפערשטענדליכע פערלאַנגען, נישט זעלטען געוויינט אָהן שום סבה און צאַרט געטרוימט פון לופטשלעסער, מיט וועלכע די ווירקליכקייט האָט זיך נישט געקאָנט פערגלייכען. אַלע זונטאָג פלעגען מיך די חברים רופען שפּילען אָדער שפּאַצירען. איך פלעג געהן אָהן חשק. האָב איך מיך אָבער יאָ בעטייליגט אין זייערע פערגעני-גענס, בין איך שוין מער דערהיצט געוואָרען, איידער זיי אַלע, שווער געווען מיך אויפצוהאַלטען אָדער לאָזען קווענקלען מיין בעשלוס. בשעת׳ן שפּאַצירען הינטער׳ן שטאָדט פלעג איך געהן פאָראויס און גאָרנישט טראַכטען פון אומקערן זיך צוריק. אַ מאָל צוויי, צוגעהענדיג צו דער שטאָדט, האָב איך געכונען פערשלאָ-סען די שטאָדטטויערן. מען קאָן זיך פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ חלק מיך האָט אויף מאָרגען געוואַרט. נאָכ׳ן צווייטען מאָל האָט מען מיר פערשפּראָכען אַזאַ פּאָרציע, אַז איך האָב בעשלאָסען נישט צו פערשפּעטיגען מער. פונדעסטוועגען איז געשעהן אַ דריט מאָל. שולדיג איז געווען דער פערפלוכטער קאַפּיטאַן מינוטאָ-לי, וואָס פלעגט שטענדיג פערשליסען די טויערן, וואו זיין וואַך איז געשטאַנען, מיט אַ האַלבער שעה פריער פון די אַנדערע. איך האָב מיך דעמאָלט אומגעקערט מיט צוויי חברים. אַז מיר זענען שוין געווען נישט ווייט פון שטאָדט, האָבען מיר פּלוצלונג דער-הערט די אָוונדיגע מיליטערקלאַנגען. האָב איך געמאַכט שנע-לערע טריט. אָט קלאַפּט מען שוין אין פּויק, איך לויף מיט

אַלע כחות, און אָהן אַנ׳אָטעם, אַ פערשוויצטער, זעה איך, ווי די סאָלדאַטען שטעהען אויף זייערע פּאָסטען. שריי איך צו זיי מיט אַנ׳אָבגעהאַקטען קול. אָבער עס איז שוין געוועזן צו-שפּעט. בשעת איך האָב געהאַט דורכצולויפען נאָך אַ צוואַנציג טריט, האָט זיך אַראָבגעלאָזט די ערשטע בריק. איך האָב אַ ציטער געטאָן, בעת איך האָב דערזעהן אין לופטען אירע הערנער. מאָרגען וועל איך שוין האָבען אַ רעכטען חלק.

אין דער ערשטער שווערער מינוט האָב איך מיך געוואָרפען אין גראָז און געביסען די ערד. מיינע חברים זענען נישט געפאַלען פון מוט און באַלד שלום געוואָרען מיט׳ן אומגליק. אָבער איך האָב שוין אויך אָנגענומען אַ בעשלוס, וואָס האָט געטראָגען גאָר אַנ׳אַנדער כאַראַקטער. טאַקי דאָ האָב איך מיר געגעבען אַ שבועה—מער נישט אומקערן זיך צו מיין בעל-הבית. און אויף מאָרגען אינדערפריה, בשעת זיי זענען אַוועק אין שטאָדט, האָב איך מיך צוזעגענט מיט זיי אויף שטענדיג און דערביי זיי געבעטען, זיי זאָלען געבען צו וויסען מיין שוועסטערקינד בערנאַר׳ן פון מיין בעשלוס און פון דעם אָרט, וואו איך וואָלט מיך געקאָנט זעהן מיט אים.

צייט איך בין אָנגעקומען צום גראַווירער, האָב איך מיך וועניגער געזעהן מיט בערנאַר׳ן. פון אָנהויב פלעגען מיר זיך צוזאַמענטרעפען אלע זונטאָג; אָבער ביסלעכווייז, אונבעמערקט, האָט יעדער פון אונז בעקומען אַנדערע געוועהנהייטען און מיר האָבען זיך אויפגעהערט עפטער צו זעהן. איך בין זיכער, אַז זיין מוטער האָט שטאַרק מיטגעהאָלפען דעריין. ער איז געוועזען אַ יונגעל פון דעם „בעסערן" טייל שטאָדט און איך בין געווען אַ פשוט׳ער לערניונג—אַנ׳אַרבייטער, וואָס איז געוואָרען אַ באָדיונג פון סענט-זשערוועַ, און גאָר. נישט געקוקט אויף אונזער קרובה׳שאַפט, איז ביי אונז קיין גלייכהייט נישט געווען. אַז מיר פלעגען זיך זעהן, האָב איך געהאַט מער געוויכט, ווי ער. דאָך האָבען נישט אַלע פעדים געפלאַצט צווישען אונז. און אַזוי ווי מיין קוזין האָט געהאַט אַ גוטע נאַטור, פלעגט ער טיילמאָל פאָלגען דעם האַרץ און נישט געהערט דער מאַמעס מוסר׳ן.

אַז ער האָט דערהערט פון מיין בעשלוס, איז ער באַלד געקומען צו מיר, אָבער ער איז נישט געקומען מיך אָברייידען פון אַנטלויפען און אויך נישט געהן מיט מיר צוזאַמען. ער האָט מיר נאָר געבראַכט עטליכע מתנות, כּדי דערמיט צו לינדערן מיין וואַנדערן. מיט אייגענע מיטלען וואָלט איך ווייט נישט גע־קאָנט אַוועקגעהן. ער האָט מיר אויך געשענקט אַ קליין שווער־דעל. דאָס איז מיר זעהר געפעלען געוואָרען, און איך האָב מיך דערמיט נישט געשיידט ביז סאַמע טורין. דאָרט אָבער האָב איך זיך על פּי נויט געמוזט שיידען מיט׳ן שווערדעל. וואָס מער איך טראַכט וועגען דעם, ווי אַזוי מיין שוועסטערקינד האָט זיך געהאַלטען אין דער דאָזיגער קריטישער מינוט, אַלץ מער קום איך צו דער איבערצייגונג, אַז ער האָט געהאַנדעלט אונטער דער ווירקונג פון זיין מוטער און, מעגליך, אויך פון דעם פּאָ־טער. אַנדערש קאָן איך נישט פערשטעהן, פאַרוואָס האָט ער מיך נישט געפּרובט אָבהאַלטען צו. ער זאָגען, אַז ער וועט געהן מיט מיר צוזאַמען. אָנשטאָט אָבצוהאַלטען מיך, האָט ער גיכער צוגע־רעדט, און געשיידט האָבען מיר זיך אָהן אַ בעזונדערן וועה. מיר האָבען קיינמאָל איינער דעם צווייטען נישט געשריבען און מער זיך נישט געזעהן. און דאָס טוט באַנג. ער האָט געהאַט אַ גוט האַרץ, און מיר זענען, דאַכט זיך, געווען בעשאַפען דערויף, צו ליבען איינאַנדער.

איידער איך הויב אָן דערצעלען פון מיין ווייטערדיגען לעבען, דערלויבט מיר צו זאָגען עטליכע ווערטער וועגען דעם, וואָס פון מיר וואָלט געקאָנט ווערען, ווען איך פאַל־אַריין אין בעסערע הענט. די רוהיגע און בעשיידענע עקזיסטענץ פון אַנ׳־אַרבייטער, למשל, פון אַ גוטען גראַווירער, וואָלט זיך זעהר גוט געפּאַסט פאַר מיין נאַטור און וואָלט מיך געקאָנט גליקליך מאַ־כען. די אַרבייט פון אַ גראַווירער, וואָס בעצאָלט זיך גענוג, צו לעבען נישט אין אָרימקייט און דערביי אָבער אויך נישט אין גרויס רחבות, וואָלט בעגרענצט מיין אייגענליבע. אין דער פרייער צייט וואָלט איך געהאַט אַ מעגליכקייט אָבצוגעבען זיך מיינע קליינע פערגעניגענס. אויף אַזאַ אופן וואָלט איך נישט

געקאָנט אַרויסגעהן און טאַקי גישט אַרויסגעגאַנגען פון מיין סביבה. מיין רייכער דמיון קאָן בעצירען יעדע לאַגע. ער קאָן, אַזוי צו זאָגען, מיך איבערטראָגען פון איין צושטאַנד אין אַ צווייטען. יעדענפאַלס, בין איך געוועזן אויף אַזוי פיל נאָנט צו דעם ערשטען בעסטען לופטשלאָס, אַז גאָר אָהן שום מיה האָב איך מיך געקאָנט אַריבערציהען אין אים. דער בעשיידענער מעמד, אַלזאָ, וואָס גיט אַ קלענערע צאָל אונרוהיגקייט און מיה און לאָזט איבער פרייהייט פאַר׳ן מח, וואָלט זיך אַממערסטען געפאַסט פאַר מיר. און מיך האָט מען דאָך בפירוש געוואָלט מאַכען פאַר אַ גראַווירער! געוואָרען אַ גוטער אַרבייטער, וואָלט איך מיר געלעבט אין מיין לאַנד, ביי מיין פאַמיליע, צווישען מיינע קרובים און פריינד און געפירט אַ רוהיג שטיל לעבען. רוהיג וואָלט איך מיר געלעבט און אָבגעגעבען וואָלט איך זיך דער איינטע-ניגער אַרבייט און דערנאָך מיר אויסגערוהט אין אַ געזעלשאַפט, וואָס איז מיר צום האַרצען. איך וואָלט געווען אַ גוטער קריסט, אַ גוטער בירגער, אַ גוטער פאָטער ביי מיין פאַמיליע, אַ גוטער פריינד, אַ גוטער אַרבייטער און בכלל אַ גוטער מענש. איך וואָלט ליב געהאַט מיין אַרבייט, מעגליך, פערשאַפט כבוד מיין שטאַנד און וואָלט זיך אַזוי אָבגעלעבט אַ בעשיידען און אונבעקאַנט, אָבער רוהיג און גליקליך לעבען און געשטאָרבען אויף די הענט פון די נאָנטע. אינגיכען וואָלט מען מיך, מסתמא, פערגעסען, אָבער ביז׳ן פערגעסען, לפחות, בעדויערט.

אָנשטאָט דעם... וואָס פאַר אַ בילד וואַרף איך דאָ אָן? אָ, צו וואָס פריצייטיג אַריינקוקען אין די צרות פון מיין לע-בען? איך וועל נאָך אַזוי אויך געניג לאַנג בעשעפטיגען דעם לעזער מיט דעם דאָזיגען טרויעריגען געגענשטאַנד.

# צווייטעס בוך

1728—1731

אויף וויפיל יענע שרעקליכע מינוט, וואָס האָט מיר געגעבען דעם געדאַנק צו אַנטלויפען, איז פאַר מיר געווען פול צורודערונג און אימה, אויף אַזוי פיל גליקליך האָט מיר אויסגעוויזען די רגע, בשעת איך האָב גענומען פערווירקליכען מיין פלאַן. נאָך נישט קיין מינדעריעריגער, האָב איך מיך געגרייט צו פערלאָזען מיין היימאַט, די נאָנטע, די אַלע מיטלען צום לעבען; נישט געטראַכט פון פאָלקאָמען זיך אין דער אַרבייט, וואָס איך האָב, ווי געהע-ריג, נישט געקאָנט, כדי צו קאָנען לעבען דורך איר. איך בין געגאַנגען אַנטקעגען דער נויט און קיין שום מעגליכקייט נישט געהאַט אַרויסצורייסען זיך פון אירע נעגעל; אויף מיר האָבען געוואַרט פערשידענע נסיונות, צוגעגרייט פון פעלערן און נויט. איך בין אַריינגעטראָטען אין אַ לעבען, פול ליידען און פערבלענ-דעניש. מיר זענען פאָרגעשטאַנען פערשידענע נעצען, קנעכט-שאַפט, שטאַרבען אונטער אַ יאָך, נאָך אַ מער-פיינליכען, איידער

יענער, וועלכע איך האָב נישט געקאָנט אויסהאַלטען.

אָט וואָס איך האָב געטאָן, אויף וואָס פאַר אַ צוקונפט איך האָב בעדאַרפט האָפען! אָבער איך האָב מיר גאָר אַנ׳אַנדער צו-קונפט געמאָלט. איך האָב געפיהלט, אַז איך בין פריי, און אָט דאָס געפיהל האָט מיר פול געמאַכט דאָס האַרץ. פריי בין איך געוואָרען און בין משער-געווען, אַז פאַר מיר איז קיין שום אונמעגליכעס נישטאָ; איך קאָן אַלץ דערגרייכען. איך ברויך נאָר צו מאַכען די ערשטע אָנשטרענגונג און באַלד הויב איך מיך אויף און שווים-אַוועק אין לופטען. זיכער בין איך אַרויף אויפ׳ן ברייטען וועלטפעלד און גרייט געווען פול צו מאַכען עס מיט מיינע אַרבייטען.

מאָלצייטען און אוצרות און אינטערעסאַנטע פאַסירונגען האָבען געוואַרט אויף מיר אויף יעדען שריט און טריט; עס האָבען געוואַרט פריינד, וואָס זענען געווען גרייט מיר צו דינען, געליבטע, וואָס האָבען געגאַפט נעבען מיר. איך ברויך מיר בלויז צו ווייזען — און די גאַנצע וועלט איז פּעראינטערעסירט מיט מיר. אָבער איך בעפריי זי דערפון. פון מזל האָב איך צופיל נישט געפאָדערט: איך בין בלויז מרוצה-געווען אויף אַ ליבער געזעל-שאַפט, מיין זיכערקייט האָט מיך איינגעשלאָסען אין אַנ׳איינגער, אָבער הימלישער ספערע, וואו איך האָב געקאָנט אַרומפליהען, ווי אַ פויגעל. מיין אַמביציע האָט זיך בענוגענט מיט איין פּאַ-לאַץ. איך וואָלט מיך אויך געקאָנט בענוגענען מיט דער ראָל פון אַ ליבלינג ביי אַ בעל-הבית פון אַ הויז אָדער ביי זיין פרוי, אָדער זיין דער געליבטער פון זיין טאָכטער, דער פריינד פון זיין זוהן, דער בעשיצער פון זייערע שכנים.

איך האָב געוואַרט אויף דער דאָזיגער בעשיידענער צו-קונפט, און דערווייל עטליכע טעג אַרומגעוואַנדערט איבער דער אומגעגענד פון זשענעוו, געוויילט ביי בעקאַנטע פויערים, וואָס האָבען מיך האַרציגער אויפגענומען, איידער דאָס וואָלטען גע-קאָנט טאָן מענשען פון אַ שטאָדט. וואַרים פלעגען זיי מיך בע-געגענען און מכבד-זיין מיט אַזאַ ברייטהאַרציגקייט, אַז שבחים וואָלטען גאָר קנאַפּ געווען פאַר זיי.

אַזוי האָב איך מיך געלאָזט איבער דער וועלט, ביז איך האָב מיך דערשלאָגען צו קאָנפינאָן, אַ שטעדטעלע, נישט ווייט פון זשענעוו. די פאַמיליע פון דעם דאָרטיגען פריסטער איז גע־וועזן פּאָנווער. געווען מיר אינטערעסאַנט אַ קוק צו טאָן, ווי אַזוי זעהט־אויס דער, וואָס שטאַמט־אַרויס פון דער אַדעל־משפּחה קיולער *). איך האָב בעזוכט דעם פּאָנווער׳ן. ער האָט מיך גוט אויפגענומען, גערעדט איבער דער הפקרות פון זשענעוו, גע־זאָגט, אַז מען דאַרף זיין פרום און מכבד־געווען מיט אַ מיטאָג. איך האָב גאָרנישט געהאַט, וואָס צו זאָגען געגען און בעשלאָ־סען, אַז דער פּריסטער, ביי וועלכען מען קאָן עסען אַ גרויסאַר־טיגען מיטאָג, איז, לפּחות, נישט קלענער פון אונזערע גייסטלי־כע. געוויס, אין אמונה־זאַכען בין איך געווען מער למדן פאַר פּאָנווער׳ן, נישט געקוקט אויף זיין יחוס׳דיגער אָבשטאַמונג, אָבער דער מיטאָג איז מיר אַזוי געפעלען געוואָרען, אַז מיר האָט זיך פּשוט נישט געוואָלט אַריינלאָזען מיט אים אין אַ פּלפּול און אַרויסווייזען מיין למדנות. דערצו האָט מיר אַזוי גוט געשמעקט דער וויין, אַז דאָס אַליין וואָלט שוין געווען דער בעסטער אַרגומענט פאַר פּאָנווער׳ן. פאַר אַזאַ וויין וואָלט איך מיך גאָר געשעמט צוצושטיקען אים צום וואַנט מיט מיין ענט־פער. האָב איך אים, אַלזאָ, נאָכגעגעבען אָדער, לפּחות, נישט געגאַנגען געגען זיינע סברות. צוליב דער פּאָרזיכטיגקייט, מיט וועלכער איך האָב אַרויסגעזאָגט אַ וואָרט, האָט מען מיך גע־קאָנט אָננעמען פאַר אַ פאַלשען. אָבער דאָס איז נישט אַזוי.

איך בין נאָר געווען העפליך. חניפה, אָדער בעסער גע־זאָגט, נאָכגיביגקייט איז נישט שטענדיג אַ חסרון, טיילמאָל איז עס גאָר אַ מעלה, בעזונדערס ביי יונגעלייט. ווייזט אונז עמי־

---

*) קיולער — אַ לעפעל. אַזוי האָבען זיך אַמאָל אָנגערופען די לייט פון דער ראָזיגער אַדעל־משפּחה, מחמת ווי האָבען זיך פערשוואָרען אויפצועסען אין אַ לעפעל וויערע פערביסענע זשענעווער פיינד און לזכרון דערויף געטראָגען אויף׳ן האַלז אַ לעפעל.

צער אַרויס גוטסקייט, בינדט ער אונז שוין צו צו זיך. גיבען מיר אים נאָך נישט מיט דער כונה פון גענאַרען. פשוט מיר ווילען אים נישט מצער-זיין; מיר ווילען נישט צאָלען פאַר גוטס מיט שלעכטס. וואָס האָט געצוואונגען דעם הער פּאָווער אויפ-צונעמען מיך גוט, בעגעהן זיך מיט מיר האַרציג, וועלען מיך איבערצייגען? קיין זאַך נישט, אויסער מיטלייד מיט מיר. מיין יונג האַרץ האָט עס געשפּירט. דאַנקבאַרקייט און אַכטונג האָב איך געפיהלט צו דעם דאָזיגען גוטען פּאַסטאָר. איך האָב מיך אויך געפיהלט העכער פון אים, אָבער נישט געוואָלט אַרויסוויי-זען עס. אין דעם פאַל איז דאָס נישט קיין צביעות פון מיין זייט. איך האָב גאָרנישט גערעכענט צו בייטען מיין אמונה; פערקערט, פון אַזאַ זאַך האָב איך געטראַכט מיט שרעק, און אָט דער שרעק האָט אויף לאַנג פערטריבען פון מיר די דאָזיגע אי-דעע. איך וויל אָבער נישט מצער-זיין קיין מענשען, וואָס האָ-בען מיך געצערטעלט מיט דער דאָזיגער כונה. איך האָב גע-וואָלט, אַז אויף ווייטער זאָל פערבלייבען זייער גוטע בעציהונג צו מיר און געגעבען זיי האָפנונגען אויף ערפאָלג און געמאַכט דערביי אַ מינע פון אַ נעבעכל, וואָס איז באמת גאָר אַזוי נישט געווען. אין דעם פאַל איז די שולד מיינע געווען ענליך צו דער קאָקעטעריע פון אַנ׳ערליכער פרוי, וואָס דערלויבט גאָר-נישט, פערשפּרעכט גאָרנישט, נאָר צוליב איר׳ס אַ ציל, וואָס זי וויל דערגרייכען, גיט זי האָפנונג, וואָס זי הויבט גאָרנישט אָן צו וועלען פערווירקליכען.

דער שכל, רחמנות, ליבע צו אָרדנונג האָבען אודאי גע-פאָדערט, אַז אויף מיין משוגעת זאָל נישט געלעגט ווערען קיין הסכמה, נאָר פערקערט, מען זאָל מיך דערוויייטערן פון תהום, צו וועלכען איך בין געגאַנגען, און אומקערן מיך צוריק אין מיין פאַמיליע. אַ גוטער מענש באמת וואָלט נאָר אַזוי געטאָן אָדער זיך געסטאַרעט אַזוי צו טאָן. פּאָווער איז אָבער נישט געווען אַזאַ. די גאַנצע צדקות זיינע, דער גאַנצער יושר איז בעשטאַ-נען דערין, וואָס ער האָט פערגעטערט די הייליגע און געדאַ-ווענט הויך אויפ׳ן קול. דאָס איז געווען אַ מין מיסיאָנער, וואָס

האָט געמיינט, אַז פאַר'ן שבח פון זיין אמונה איז דאָס סאַמע בעסטע—שרייבען פּאַסקווילען אויף די זשענעווער פּאַסטאָרען. ער האָט אפילו גאָרנישט געפּרובט מיך אָבשיקען אַהיים. פּער-קערט, ער האָט זיך בענוצט דערמיט, וואָס איך האָב געוואָלט פערלאָזען מיין היימאַט, כּדי אָבצוהאַקען מיר דעם וועג צוריק, ווען מיר וואָלט זיך צומאָל פערוואָלט אַהיים. מען קאָן געהן אין געוועט, אַז אין דער צוקונפט, אין וועלכער ער האָט מיך גע-שטויסען, וואָלט איך געשטאָרבען פון הונגער אָדער איך וואָלט געוואָרען אַ שלעפּער. נאָר דאָס איז אים גאָרנישט אָנגעגאַנגען. ער האָט אין מיר נישט געזעהן קיין לעבעדיג ווזען, נאָר אַ נשמה, וואָס מען קאָן מציל-זיין פון אפּיקורסות און אַרויספירען אויפ'ן דרך הישר. אַ דאגה זיינע, צי איך וועל זיין אַנ'ערליכער מאַן, צי אַ הולטאַי, אַבּי איך זאָל נאָר געהן דאַווענען. „גאָט רופט אייך,—האָט מיר דער הער פּאָוונער געזאָגט—געהט קיין אַנ ע-ס י. דאָרט וועט איר טרעפען איינע זעהר אַ באַרמהאַרציגע דאַ-מע. אַ דאַנק די חסדים פון קעניג, קאָן זי מציל-זיין פער-בלאָנזשעטע נשמות. אַמאָל איז זי אַליין געווען אַזאַ".

עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דער ניי-מיסיאָנירטער פרוי ד ע-וו אַ ר ע ן, ווענען די גייסטליכע האָבען ווירקליך גע-צוואונגען צו טיילען זיך מיט דער פּענסיע פון אַ צווייטוויזענד פראַנק, אַרויסגעגעבען דורכ'ן סאַרדינער קעניג, מיט הולטאַיעס, וואָס האָבען פערקויפט זייער רעליגיע. איך האָב מיך געפיהלט דערניעדערט פון געדאַנק, אַז איך נויטיג מיך אין דער הילף פון אַ גוטער און באַרמהאַרציגער אשה. איך האָב ליב געהאַט, מען זאָל מיר געבען אַלץ, וואָס איך ברויך, אָבער נישט מעשה נדבה. דערצו האָט מיר גאָר ווענינ געשמעקט אַ פרוי אַ צדוקת. אָבער אונטער דער ווירקונג פונ'ם הער פּאָוונער און דעם קינפטיגען הונגער, וואָס מיר איז פאָרגעשטאַנען, בין איך דאָך אַוועק קיין אַ נ ע ס י; מיך האָט אפילו געפרעהט די מעגליכקייט פון אַ לאַנ-גען שפּאַציר מיט אַ בעשטימטען ציל, דאָך איז מיר געווען גאַנץ ביטערליך אויף דער נשמה. קיין אַ נ ע ס י וואָלט איך אפילו גע-קאָנט קומען אין איין טאָג, אָבער איך האָב מיך נישט געאיילט

און גע׳פטר׳ט אויפ׳ן וועג דריי מעת-לעת. האָב איך נאָר דער-זעהן רעכטס אָדער לינקס פון וועג עפּיס אַ שלאָס, האָב איך מיך באַלד געלאָזט צו אים, ווייל איך בין געוועזן זיכער, אַז אַנ׳-אונגעוועגליכע פּאַסירונג וואַרט דאָרט אויף מיר.

דאָך פלעג איך קיין העזה נישט האָבען אַריינצוגעהן אין די דאָזיגע שלעסער, אָנקלאַפּען אין טיר. איך פלעג פּשוט צו-געהן צו אַ פענסטער, וואָס האָט מיר אויסגעוויזען חנ׳עוודיגער פון די אַנדערע, און אָנהויבען זינגען. לאַנג פלעג איך זינגען און אַנטשוויגען ווערען, צוזעהענדיג אַ פערגאַפּטער, אַז נישט די שענ-קייט פון מיין קול און נישט דער רייץ פון די לידלעך, וואָס איך האָב מיך אויסגעלערנט פון מיינע חברים און גרויסאַרטיג געזונגען, האָט נישט אַרויסגערופען קיין דאַמען אָדער מיידלעך.

צולעצט, האָב איך דערזעהן פּרוי דע-וואַרען. אָט די רגע האָט בעשטימט די ריכטונג פון מיין כאַראַקטער, און איך קאָן לייכט נישט צוטרעטען דערצו. מיר איז געגאַנגען דאָס זעכ-צענטע יאָר, און הגם איך בין נישט געוועזן דאָס, וואָס מען רופט-אָן אַ שען יונגעל, דאָך איז מיין נישט-הויכע פיגור געוועזן גאַנץ נעט. איך האָב געהאַט אַ קליינעם דינעם פּוס, אַ בעוועג-ליך אויסזעהן, אַ לעבעדיג פּנים, אַ שען מיילעכעל, שוואַרצע ברע-מען און האָר; מיינע קליינע און זאַגאַר איינגעגראָבענע אויגען פלעגען אָבער וואַרפען העלע פונקען פון יענער פלאַם, וואָס האָט געברענט אין מיין בלוט. צום אומגליק, האָב איך דערפון נישט געוואוסט, און אַז אין לעבען איז מיר יאָ אַמאָל געקומען דער געדאַנק וועגען מיין אויסזעהן, איז עס שוין געוועזן שפּעט און איך האָב מיך נישט געקאָנט בענוצען מיט אים.

מיין ליבענדיגע נאַטור, וואָס האָט זיך שטענדיג געשראָקען עמיצען מצער צו זיין, האָט נאָך פערשטאַרקט אין מיר דאָס געפיהל פון שעמען זיך, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע יונגלעך פון מיין עלטער. אויסערדעם, בין איך קיינמאָל נישט געוועזן אין אַ געזעלשאַפט, נישט געהאַט קיין וועלטליכע מאַנירען, און כאָטש איך האָב געהאַט אַנ׳ענטוויקעלטען פערשטאַנד, האָט מיר דאָך די דאָזיגע ענטוויקלונג גאַנץ ווייניג אַרויסגעהאָלפען; פער-

קערט, זי פּלעגט מיר אַריינגעבען נאָך גרעסערע בושה און גע-לאָזט מיר שטאַרקער פּיהלען מיין פעלער. איך האָב מיך, אַלזאָ, געשראָקען, אַז מיין האַלטונג וועט נישט מאַכען קיין גוטען איינ-דרוק אויף פרוי דע-וואַרען און בעשלאָסען איבערראַשען זי מיט אַנ׳אַנדער מיטעל: איך האָב איר אָנגעשריבען אַ מליצה׳דיגען בריף אין אָראַטאָרסטיל, צונויפגעמישט פּראָזען פון ביכער מיט אויסדריקען פון אַ לערניונג — אַ בעל-מלאכה און דערמיט געוואָלט זי צ צ הען.

ביי איר אין הויז האָט מען מיר געזאָגט, אַז זי איז נאָר-וואָס אַוועק אין קירך. עס איז געווען אַ יום-טוב-טאָג. האָב איך מיך באַלד אַוועקגעלאָזט נאָך איר. דעריאָג איך זי, דערזעה איך זי, און הויב-אָן מיט איר ריידען... איך וועל קיינמאָל נישט פער-געסען דאָס דאָזיגע אָרט. וויפיל מאָל דערנאָך האָב איך עס מיט טרערען פערגאָסען און מיט קושען בעדעקט; פאַרוואָס קאָן איך נישט אַרומרינגלען מיט אַ גאָלדענעם צוים דאָס דאָזיגע גליקליכע ווינקעלע? פאַרוואָס קאָן איך אַהין נישט צונויפזאַמלען אָנהענגער פון דער גאַנצער ערד? יעדער, וועמען עס זענען טייער די דענקמעלער פון מענשליכער רעטונג, בעדאַרף זיך דערנענטערן צו דעם דאָזיגען ווינקעלע נישט אַנדערש, ווי אויף די קניה!

דאָס דאָזיגע ווינקעלע איז געווען אַ דורכגאַנגסאָרט, הינ-טער איר הויז, צווישען אַ קליין וואַסערל, וואָס האָט רעכטס אָבגעטיילט דאָס הויז פון גאָרטען און לינקס—די וואַנט פון הויף; אַ קליין שטעגעלע האָט געפירט דורך אַ שמאָל טירעלע אין דער קירך פון די פראַנציסקאַנער. גרייט צו פערשווינדען הינטער דער דאָזיגער טיר, האָט זיך פרוי דע-וואַרען אָבגע-קערט אויף מיין רוף. וואָס איז געוואָרען מיט מיר, בשעת איך האָב זי אָנגעקוקט? איך האָב געמיינט, איך וועל געפינען אַנ׳-אַלטע טריבע צביעה. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דעם הער פּאָוו-נער׳ס „באַרמהאַרציגע דאַמע״ קאָן נישט זיין אַנדערש. און דאָ זעה איך אַ חנ׳עוודיג געזיכט, וואונדערליכע דונקעל-בלויע גוטע אויגען, אַ שניי-ווייסע הויט, אַ זעלטענשענע ברוסט. כהרף עין בין איך געוואָרען איר נאָכפאָלגער און דערפיהלט, אַז די אמונה,

וואָס ווערט גע׳דרש׳ענט פון אַזוינע מיסיאָנערען, בעדאַרף פירען גלייך אין גן-עדן אַריין!

מיט אַ שמייכעל האָט זי גענומען דעם בריף, וואָס איך האָב איר דערלאַנגט מיט אַ ציטערדיגער האַנט, שנעל איבערגעקוקט פאָנוואר׳ס צעטעלע און זיך ווידער גענומען צו מיין מליצה פון אָנהויב ביז׳ן סוף. האָט זי עס דורכגעלייענט און וואָלט נאָכאַמאָל געלייענט, ווען דער דינער וואָלט איר נישט דערמאָנט אַריינצוגעהן אין קירך אַריין. „קינד מיינס,—האָט זי מיר אַ זאָג געטאָן מיט אַ טאָן, פון וועלכען איך בין פערציטערט געוואָרען—איר האָט צו-פריה אָנגעהויבען וואַנדערן”. דערנאָך, נישט אָבגעוואַרט אויף מיין ענטפער, האָט זי דערלעגט: „געהט-אַריין אין מיין הויז, זאָגט, מען זאָל אייך געבען פרישטיק, מיר וועלען דערנאָך מיט אייך ריידען”.

לואיזע-עלעאָנאָרע דע-וואַרען, מיידעלוויז—דע-לאַ-טור דע-פיל האָט געהערט צו אַן׳אַלטער און איידעלער פאַמיליע פון וועווע, אַ שטאָדט אין קאַנטאָן פון וואָ. זי האָט זעהר פריה חתונה געהאַט מיט׳ן הער דע-וואַרען. זיי האָבען קיין קינדער נישט געהאַט און נישט גליקליך געלעבט. וואַרשאַנליך, אונטער דעם איינדרוק פון שטוביגע צרות, האָט זיך פרוי דע-וואַרען איבערגעשיפט אויף יענער זייט פון דער אָזערע און געוואָרפען זיך דעם קעניג וויקטאָר-אַמעדעי צו די פיס, בשעת יענער איז געווען אין עוויאַן. אויף אַזאַ אופן האָט זי פערלאָזט דעם מאַן, די פאַמיליע, די היימאַט מיט אַ לייכטזין ענליך צו מיינעם. שפעטער האָט זי געהאַט גענוג צייט תשובה צו האָבען אויף איר אונבעקלערטען שריט.

דער קעניג, וואָס האָט ליב געהאַט אַרויסצוווייזען זיך פאַר אַ געטרייען קאַטויל, האָט זי גענומען אונטער זיינע פליגלען און בעשטימט איר אַ פענסיע פון טויזענד פינפהונדערט פיעמאָנטער ליווער. דאָס איז געווען אַ סך פון זיין זייט, מחמת ער האָט נישט געהאַט קיין ברייטע האַנט. צוליב דעם האָט דער עולם בעהאַלטען, אַז ער איז פערליבט אין דער אַנטלאָפענער פרוי; האָט זי דער קעניג אַבגעשיקט קיין אַנעסי, און דאָרט

האָט זי זיך אָבגעזאָגט פון איר פריערדיגער רעליגיע.

בשעת איך בין געקומען קיין אַנעסי, האָט שוין דאָרט פרוי דע-וואַרען געוואוינט זעקס יאָר. אַלט איז זי געווען אַ יאָר אַכטאונצוואַנציג. זי אין בעזעסען יענעם מין שענקייט, וואָס האַלט זיך לאַנג, וואָרום דער הויפטרייץ פון דער דאָזיגער שענקייט ליגט אין דעם אויסדרוק און נ״שט אין די מעסיגע שטריכען. פרוי וואַרענ׳ס געזיכט האָט געאָטעמט מיט צאַרטקייט און האַרציגקייט. זי האָט געהאַט זעהר אַ מילדען בליק, אַ מלאך-שמייכעל, אַ קליין מיילעכעל, ווי ביי מיר, אַש-קאָלירטע וואונדערשענע האָר, וואָס זענען איר געווען צוקאַמט אין אַנ׳אונאָרדנונג און צוגעגעבען איר דעריבער אַ בעזונדער פּיקאַנטען אויסדרוק. זי איז געווען נישט הויך, זאָגאַר קליין אין וואוקס און עטוואָס דיק. אָבער אַ שענער קעפּעל, אַ שענערע ברוסט, שענערע הענט איז שווער צו געפינען.

פרוי דע-וואַרען האָט בעקומען זעהר אַ געמישטע דערציהונג, און אויך, אַזוי ווי איך, האָט זי פערלאָרען די מוטער ביים געבוירען ווערען. גלייכגילטיג האָט זי זיך בעצויגען צו אירע קענטניסען; עטוואָס האָט זי זיך אויסגעלערנט ביי איר גובערנאַנטין, עפּיס ביים פאָטער, עפּיס ביי די לערער און אַ סך ביי אירע געליבטע, בעזונדערס ביי איינעם פון זיי, ביים הער דע-טאַוועל. דער דאָזיגער האָט געהאַט זעהר אַ פיינעם געשמאַק, געוועזן געבילדעט און איבערגעגעבען זיינע קענטניסען און בעשמאַקען דער געליבטער פרוי. אָבער די צופיל-פערשידענאַרטיגע געגענשטאַנדען, וואָס זי האָט געלערנט, האָבען געשטערט איינאַנדער, און אַזוי ווי פרוי דע-וואַרען האָט קיין סדר נישט ליב געהאַט אין אירע למודים, הא֞ט איר די בילדונג נישט בעררייכערט די געבוירענע קלאָרקייט פון שׂכל. נישט געקוקט, למשל, דערויף, וואָס זי האָט געהאַט אַ געוויסע השגה אין דער פילאָזאָפיע און פיזיק, האָט זי ליב געהאַט האַנטערעפעריי און אַלכימיע. זי פלעגט מאַכען פערשידענע עליקסירען, וואַסערלעך, באַלזאַמען, פּראָשקעס; זי ה֞את פערזיכערט, אַז זי ווייס פון אַ סך געהיימע רעצעפטען. שאַרלאַטאַנעס פלעגען זיך בענוצען מיט

איר שוואַכקייט און אויסברענגען איר אַ סך געלד. שכל, טאַלענט און רייך, וואָס מיט זיי האָט זי געקאָנט גלענצען אין דער בעסטער געזעלשאַפט, זענען פערלאָרען געגאַנגען צווישען אוי־זוענס און פראָשקעס.

אָבער אויב געמיינע שאַרלאַטאַנעס האָבען זיך געקאָנט בענוצען מיט איר שלעכט-געווענדטער דערציהונג, צו פערטונקלען איר ליכטיגען מח, איז דערפאַר איר האַרץ אַרויס מיט נצחון פון דעם דאָזיגען נסיון און איז אויף אייביג געבליבען אונפערענ־דערט. איר האַרציגער און צאַרטער כאַראַקטער, איר באַרמהאַר־ציגקייט צו אומגליקליכע, איר אמת'דיגקייט און אָפענהערציגקייט, איר אונדערשעפליכע גוטסקייט האָבען זיך נישט געוואַקעלט. אפילו אויף דער עלטער, אין נויט און דחקות, אין פערשידענע אומגליקען און קראַנקהייטען, איז איר נאָך, אַ דאַנק דער ריינער נשמה אירער, פערבליבען די פרעהליכקייט, מיט וועלכער זי האָט זיך אויסגעצייכענט אין די סאַמע גליקליכסטע טעג פון איר לעבען.

די אונדערשעפליכע ענערגיע, וואָס האָט שטענדיג געפאָ־דערט אַרבייט, איז געווען די סבה פון איר גרייזען. פרויען־אינטריגעס האָבען זי נישט געקאָנט צופרידענשטעלען; זי האָט בעדאַרפט זיין די אָנפירערין פון פערשידענע אונטערנעמונגען. איר נאַטור האָט געפאָדערט אַ ברייטע טעטיגקייט. אויף איר אָרט וואָלט פרוי לאָנגוויל געווען אַ קליינע אינטריגאַנטין; אויפ'ן אָרט פון פרוי לאָנגוויל וואָלט ד ע-וו אַ ר ע ן געוועלטיגט איבער אַ גאַנ־צער מלוכה. אירע פעהיגקייטען זענען איר געווען נוצלאָז. דאָס, וואָס וואָלט איר געבראַכט רום אין אַ העכערן מעמד, האָט זי־ אַוועקגעהרג'עט אין דער סביבה, וואו זי האָט געלעבט. אין מאַנכע פאַלען האָט זי צו-שטאַרק פערברייטערט אירע פלאַנען, און דאָס ציל, צו וועלכען זי האָט געשטרעבט, האָט זי שטענדיג מגזם-געווען. און דעריבער האָט זי זיך גענומען פאַר יענע מיט־לען, וואָס האָבען זיך מער געפאַסט פאַר די צילען, איידער פאַר אירע כחות און שטענדיג איז איר דעריבער נישט געלונגען, און זי האָט זיך אויסגעבראַכט דאָרט, וואו אַנדערע וואָלטען געהאַט

גאָר אַ קליינעם שאָדען. די תּאוה צו אונטערנעמונגען, וואָס האָט איר שטענדיג פערשאַפט אַזוי פיל יסורים, האָט אויך געהאַט אַ גוטע ווירקונג אויף איר, מחמת זי האָט איר געשטערט איינצו-שליסען זיך אין מאָנאַסטיר, ווי זי האָט איין צייט גערעכענט. דאָס לאַנגווייליגע און פשוט׳ע לעבען פון די מאָנאַשקעס, זייער שטילע שעפטשעריי אין אויפנאַמצימער וואָלטען נישט געקאָנט צופרידענשטעלען איר צו-בעוועגליכען מח. אַלע טאָג האָט זי געהאַט נייע פלאַנען און זי האָט בעדאַרפט האָבען געניג פריי-הייט, צו פערווירקליכען זיי.

פרוי דע-וואַרען האָט געקאָנט חרטה האָבען אויף איר פריערדיגען טאַט, אָבער זי איז נישט געווען פעהיג אומצוקערן זיך צו דעם פריערדיגען אַרט לעבען. זאָלען די מענשען, וואָס לייקענען אין דער סימפּאַטיע פון איין נשמה צו אַ צווייטער, דערקלערן, אויב זיי קאָנען, פאַרוואָס האָט פרוי דע-וואַרען אַרויסגערופען אין מיר בּאַלד פון דעם ערשטען בעגעגעניש, פונ׳ם ערשטען וואָרט, פונ׳ם ערשטען קוק נישט נור אַ הייסע צוגעבונ-דענקייט צו זיך, נאָר אויך צוטרוי, וואָס איז קיינמאָל נישט גע-נאַרט געוואָרען? לאָמיר אָננעמען, אַז דאָס געפיהל, וואָס איז אין מיר אַרויסגערופען געוואָרען צו איר פונ׳ם ערשטען בּליק, איז געווען אמת׳ע ליבּע, וואָס וועט, איבעריגענס, אויסווייזען צוויי-פעלהאַפט, אַז מען זאָל דורכלאָרשען די גאַנצע געשיכטע פון מיינע בעציהונגען צו איר; אָבער ווי-זשע האָט עס פאָרט געקאָנט זיין, וואָס די דאָזיגע ליידענשאַפט איז געווען געפּאָרט מיט אַזוינע געפיהלען, וואָס געוועהנליך ווערען זיי נישט דערוועקט דורך איר, למשל, האַרמאָניע, קלאָרקייט, רוהיגקייט און זיכערקייט? פאַר-וואָס, אַז איך האָב מיך דאָס ערשטע מאָל דערנעענטערט צו דער ליבּער, העפליכער און גלענצענדער פרוי, צו דער דאַמע, וואָס האָט פערנומען אַ העכערע שטעלונג, ווי איך, צו דעם ווענען, וואָס מיין גורל איז אָבּגעהאַנגען דערפון, צי וועל איך איר מער אָדער ווייניגער געפעלען ווערען, פאַרוואָס, פרעג איך נאָכאַמאָל, האָב איך בּאַלד׳, נישט געקוקט אויף קיינע אומשטענדען, דערפיהלט

מיך געבען איר בעקוועם און רוהיג, פונקט ווי איך וואָלט גע-
ווען זיכער, אַז איך וועל איר געפעלען?

פאַרוואָס האָב איך מיך אויף קיין רגע נישט פערלאָרען?
פאַרוואָס בין איך נישט שטום געוואָרען פאַר שעמעריי? פאַרוואָס
בין איך אָבהענטיג נישט געוואָרען? פאַרוואָס האָב איך, פון נאַ-
טור אַ שעמעדיגער, וואָס ווערט באַלד אָבהענטיג, וואָס האָט
קיינמאָל נישט געזעהן קיין געזעלשאַפט, באַלד פון דעם ערשטען
טאָג, פון דעם ערשטען אויגענבליק, געהאַלטען זיך פריי מיט
איר, גערעדט צערטליך, פאַמיליאַר, ווי איך האָב מיט איר גע-
רעדט דערנאָך, אין צען יאָר אַרום, ווען אַזאַ טאָן, נאָך אַ לאַנג
אינטים לעבען, האָט זיך נאַטירליך געפאַסט? קאָן מען דען לי-
בען—איך זאָג נישט אָהן בעגערן, זיי זענען געקומען אין מיר—
נאָר אָהן צורודערונג און אויפעררעגקייט? צי דען, אַז מיר לי-
בען, סטאַרען מיר זיך נישט צו וויסען, צי ענטפערט אויף אונ-
זער ליידענשאַפט דער אָביעקט פון אונזער ליבע?

אָבער מיר איז קיינמאָל אויפ׳ן זינען נישט געקומען צו
פרעגען זי וועגען דעם, ווי עס איז נישט געקומען אויפ׳ן גע-
דאַנק די פראַגע—צי האָב איך זי ליב. זי אַליין האָט אויך
קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזען קיין בעזונדערע נייגיריגקייט בנוגע צו
דעם צושטאַנד פון מיין האַרץ. אָהן אַ ספק אין מיינע געפיהלען
צו דער דאָזיגער הערליכער פרוי איז געלעגען עטוואָס אונגע-
וועגליכעס און ווייטער וועלען די לעזער געפינען נאָך אַ סך
אונדערוואַרטעס און אויסטערלישעס.

מיר האָבען געמאַכט אַ שמועס וועגען מיין צוקונפט. צו
בעטראַכטען רוהיגער די זאַך, האָט פרוי ד ע - וו אַ ר ע ן מיך פער-
האַלטען ביים מיטאָג. דאָס ערשטע מאָל אין לעבען האָב איך
געגעסען אָהן אַפעטיט, און די קעכין האָט געזאָגט, אַז זי זעהט
צום ערשטען מאָל אַ דורכרייזענדער פון מיינע יאָרען און מיין
קרייז, וואָס זאָל אַזוי ווייניג עסען. די דאָזיגע בעמערקונג, וואָס
האָט מיר נישט געשאַדט אין די אויגען פון דער ווירטין, האָט
אָבער אַקוראַט געטראָפען דעם בייכיגען דאָרפסמאַן, וואָס איז
געזעסען מיט אונז ביי׳ן טיש: ער האָט געגעסען פאַר זעקסען,

מיין האַרץ איז אינגאַנצען פול געווען מיט'ן נייעם געפיהל און פול איז געווען מיין גאַנץ וועזען.

פרוי דע-וואַרען האָט געוואָלט הערען די פּרטים פון מיין קליינינטשקער געשיכטע; איך האָב איר דערצעלט און דער-ביי זיך פון דאָסניי אָנגעצונדען מיט יענער פלאַם, וואָס איך האָב פערלאָרען, זענענדיג ביים גראַווירער. וואָס מער איך בין געפעלען געוואָרען דער דאָזיגער וואונדערליכער נשמה, אַלץ מער האָט איר באַנג געטאָן, וואָס איך שטעה פאַר די שווער-סטע וועגען פון לעבען. איר באַרמהאַרציגקייט און מיטלייד האָט זיך געלויכטען אין דעם אויסדרוק פון איר געזיכט, אין איר קוק, אין אירע זשעסטען. זי האָט מיר נישט געקאָנט צו-ריידען, איך זאָל מיך אומקערן צוריק אין זשענעוו: ביי איר לאַגע וואָלט עס געווען אַ פערברעך געגען קאַטויליציזם, און זי האָט געוואוסט, אויף וויפיל מען קוקט איר נאָך, אויף וויפיל עס ווערט געמאָס-טען איר יעדעס וואָרט. וואָס שענער און איבערצייגענדער זי האָט גערעדט, וואָס טיפער די ווערטער זענען מיר געגאַנגען אין האַרצען, אַלץ שטאַרקער האָב איך געפיהלט, אַז איך בין נישט אימשטאַנד זיך אָבצורייסען פון איר. איך האָב פערשטאַנען, אַז ווען איך זאָל מיך אומקערן צוריק קיין זשענעוו, וואָלט איך אויפגעשטעלט צווישען מיר און איר אַ פעלזענוואַנט, און ווען איך וואָלט געוואָלט זי איבערשטייגען, וואָלט איך בעדאַרפט פון דאָסניי אַנטלויפען. איז דאָך פאָרט גלייכער צו געהן מיט'ן וועג, וואָס איך האָב שוין אויסגעקליבען. און אַזוי האָב איך געטאָן. דערזעהענדיג, אַז די מיה אירע העלפט נישט, האָט זי זיך שוין מער נישט געוואָלט קאָמפּראָמענטירען און צו-ריידען מיך; זי האָט נאָר מיט טיפען מיטלייד אַ קוק געטאָן אויף מיר און געזאָגט: „מיין קליינינטשקער אָרימער פריינד, געה, וואוהין עס רופט דיך גאָט, אָבער אַז דו וועסט עלטער ווערען, וועסטו מיך דערמאָנען". מיר דאַכט זיך, אַז זי האָט אַליין נישט געקלערט, אַז איר נביאות וועט מקוים-ווערען אויף אַזאַ אכזריות'דיגען אופן!

מיין לאַגע איז נישט קלאָר געוואָרען. מיט וואָס וועל איך, נאָך אַ יונגעל, פערדינען ברויט אין דערפרעמד? ביים גראַווירער

האָב איך פערבראַכט וועניגער ווי אַ העלפט צייט, וואָס איז גע-וועהנליך נויטיג אויסצולערנען זיך די אַרבייט, און איך האָב נאָך ווייט נישט געקאָנט די מלאכה פון אַ גראַוווירער. און וואָלט איך זי אפילו יאָ געקאָנט, וואָלט איך מיך אויך נישט געקאָנט דורכ-לעבען מיט איר אין סאַוואָי, אַ לאַנד, וואָס איז צו-אָרים געווען פאַר דער אויפבליהונג פון קונסט און אַרבייט.

דער בייכיגער דאָרפסמאַן, וואָס האָט אַליין געגעסען פאַר אונז אַלעמען, האָט דאָך געמוזט געבען רוה זיינע ציין, און דע-מאָלט האָט ער פאָרגעלעגט זיין עצה, וואָס איז אים צוגעשיקט געוואָרען, ווי ער האָט געזאָגט, פון הימעל, אָבער לויט די פאָל-גען, איז דאָס אים גיכער אונטערגעזאָגט געוואָרען פון אַנ׳אַנדער זייט. ער האָט מיר געראַטען, איך זאָל געהן קיין ט ו ר י ן. דאָרט איז דאָ אַ מוסר-היים צו לערנען די, וואָס האָבען אָנגענומען דאָס קאַ-טויליציזם, און דאָרט וועל איך שוין געפינען שפייז פאַר דער נשמה און פאַר׳ן גוף. „וואָס איז שייך צו וועג-הוצאות—האָט ער געזאָגט—וועט שוין זיין הייליגקייט, דער מיסיאָנער, נישט אָבזאָ-גען זיך פון טאָן אַ חסד און וועט אייך געבען אויף הוצאות, אויב פרוי ד ע-וו אַ ר ע ן וועט אים פאָרלעגען די דאָזיגע היילי-גע זאַך. די באַראָנעסין איז אַזוי גוט—האָט מוסיף געווען דער בייכיגער דאָרפסמאַן און זיך איבערגעבויגט איבער זיין טעלער,— אַז זי וועט אייך באַלד וועלען אויסהעלפען״.

די אַלע חסדים האָבען מיר אויסגעוויזען גענוג האַרב. דאָס האַרץ איז מיר אויפגעדריקט געוואָרען; איך האָב געשוויגען. פרוי ד ע-וו אַ ר ע ן האָט זיך אויך נישט אָנגעכאַפּט אָן דער דאָ-זיגער עצה מיט יענער היץ, ווי עס האָט געמיינט דער צוויי-טער גאַסט. זי האָט זיך נאָר בענוגענט מיט דעם ענטפער, אַז יעדער דאַרף טאָן גוטעס לויט זיינע קרעפטען, און אַז זי וועט איבעררײדען מיט׳ן מיסיאָנער; אָבער דער עקשן, וואָס האָט מורא געהאַט, אַז די באַראָנעסין וועט נישט גענ׳ג שטאַרק אי-בעררײדען וועגען דעם מיט׳ן מיסיאָנער און וואָס האָט דערבײ געהאַט זיינע אַנ׳אייגענע כונה, האָט זיך אַזוי פלייסיג גענומען צו דער זאַך, אַז ווען פרוי ד ע-וו אַ ר ע ן, וואָס איר האָט גע-

שראָקען די דאָזיגע רייזע פאַר מיר, איז געגאַנגען איבעררייִדען מיט׳ן מיסיאָנער, איז שוין די פראַגע געווען בעשלאָסען. דער עפּיסקאָפּ האָט איר באַלד געגעבען געלד אויף הוצאות הדרך. זי האָט גאָרנישט געוואַגט מיך אָבצוהאַלטען: איך האָב מיך דערנענטערט צו יענער עלטער, ווען אַ פרוי פון אירע יאָרען קאָן שוין נישט בעטען—אַז די אָנשטענדיגקייט זאָל דערביי נישט ליידען—איך זאָל פערבלייבען ביי איר אין הויז.

און אַזוי האָבען די מענשען, וואָס האָבען זיך געזאָרגט פאַר מיר, בעשלאָסען אַוועקצולאָזען מיך אין דער רייזע. איך האָב בעדאַרפט פאָלגען און געפאָלגט אָהן אַ בעזונדער עקעל. הגם טורין איז ווייטער פון אַנעסי, איידער זשענעוו, אָבער איך האָב משער-געווען, אַז טורין, אַלס הויפּטשטאָדט, האָט מער פערקער מיט׳ן סאַוואָיער שטעדטעל, איידער זשע-נעוו, אַ שטאָדט פון אַנ׳אַנדער רעליגיע און אַנ׳אַנדער מלוכה. זועל איך פאָלגען פרוי דע-וואַרען און אַוועקלאָזען זיך קיין טורין, וועל איך מיך דאָרט געפינען, האָט זיך מיר געדאַכט, אונטער איר השגחה, און דאָס איז געווען וויכטיגער, איידער זואוינען מיט איר אין שכנות. אויסערדעם, האָט דער געדאַנק זועגען אַ היבשער נסיעה שטאַרק האַרמאָנירט מיט מיין מאַניע פון וואַנדערן, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבען אַרויסווייזען אין מיר. עס האָבען מיך זעהר געצויגען די הויכע בערג, וועלכע מען האָט בעדאַרפט אַדורכרייזען. דער זשענעווער קאָן נישט ביישטעהן דעם חשק אָנצוזעהן נייע אונבעקאַנטע לענדער. איך בין מרוצה געוואָרען. אין צוויי טאָג אַרום האָט בעדאַרפט דער בייכיגער דאָרפסמאַן זיך לאָזען אין וועג אַריין קיין איטאַליען צוזאַמען מיט זיין ווייב. האָט מען מיך איבערגעגעבען אונטער זיין השגחה. מיין בייטעלע, וואָס פרוי דע-וואַרען האָט עס פול געמאַכט, איז אויך אים אָנגעטרויט געוואָרען. אויסערדעם, האָט פרוי דע-וואַרען געגעבען מיר פערזענליך אַ קליינע סו-מע און אַ סך אינסטרוקציעס. אַזוי האָבען מיר זיך גערירט אין וועג אַריין.

אויף מאָרגען נאָך אונזער אָבּרייזען, איז אַהין געקומען

פון ענגלאַנד דער פאָטער, וואָס איז אַרומגעפאָרען זוכען מיך. ער איז געקומען צוזאַמען מיט זיין פריינד, הער ריוואַל, אויך אַ זייגערמאַכער, אַ מענש אַ קלוגער און זאָגאַר אַ שאַרפזיניגער, וואָס האָט געשריבען לידער בעסער פון לאַ-מאָט׳ן און כמעט אויך אַזוי גוט גערעדט, ווי יענער.

זיי האָבען ביידע געזעהן פרוי דע-וואַרען, אָבער אָנ-שטאָט צו פאָרען באַלד נאָך מיר און אָניאָגען מיך, וואָס עס וואָלט זיך אודאי איינגעגעבען, מחמת זיי האָבען געהאַט פערד און איך בין געגאַנגען צופוס, האָבען זיי בלויז צוזאַמען מיט איר בעוויינט מיין מזל. דאָסזעלבע איז אויך געשעהן מיט מיין פעטער בערנאַר. ער איז געקומען קיין קאָנפיניאָן, און אַז מען האָט אים דאָרטען געזאָגט, אַז איך געפין מיך אין אַנע-סי, האָט ער זיך אומגעקערט קיין זשענעוו. עס האָט אויסגעווי-זען, ווי אַלע מיינע נאָנטע וואָלטען געאַרבייט צוזאַמען מיט מיין מזל און געשטויסען מיך אויף דעם וועג, וואָס האָט געלויערט אויף מיר. צוליב דער דאָזיגער אָבגעלאָזענקייט איז פערשוואוב-דען געוואָרען מיין ברודער, און פערשוואונדען געוואָרען איז ער אַזוי, אַז קיינער האָט שוין מער נישט געוואוסט, וואָס מיט אים איז געוואָרען.

מיין פאָטער איז געווען אַ העכסט-אָרענטליכער מאַן. ער האָט געהאַט יענע אינערליכע קראַפט, וואָס דורך איר ווערען געשאַפען גרויסע גוטע מעשים. אויסערדעם, איז ער געווען אַ גוטער פאָטער, איבערהויפט בנוגע צו מיר. ער האָט מיך זעהר ליב געהאַט, אָבער ער האָט אויך ליב געהאַט די פערגעניגענס פון לעבען; געווען נאָך זאַכען, צו וועלכע ער איז געווען צו-געבונדען, און דאָס האָט אָבגעקילט דעם פאָטער׳ס ליבע צו מיר, בשעת איך האָב געלעבט אין דערווייטענס פון אים. ער האָט חתונה געהאַט אַ צווייט מאָל אין ניאָן; זיין פרוי האָט זיך שוין געפונען אין יענע יאָרען, ווען זי האָט מיר נישט געקאָנט געבען קיין ברידער, און זי איז געווען אַרומגערינגעלט מיט קרובים, וואָס האָבען געשאַפען אַרום טאַטען אַ נייע פאַמיליע, אַט די נייע פאַמיליע, די נייע לאַגע, דער נייער אַרט לעבען—

דאָס אַלץ האָט אים אָבגעצויגען די עפטערע ערינערונגען וועגען מיר. דער פאָטער האָט זיך געעלטערט און קיין שום קאַפּיטאַל נישט געהאַט אויף אַ שלעכטען טאָג. איך און מיין ברודער האָבען עפּיס געהאַט פון דער מוטערס זייט, און די דאָזיגע קליינע הכנסה איז איבערגעאַנגען צום טאַטען, בשעת מיר זעגען געווען אין דערפרעמד. געוויס, דער גערדאַנק וועגען אייגענגוץ איז נישט געקומען צו אים אין אַ בעשטימטער פאָרם און האָט אים נישט געשטערט אויסצופּילען זיין חוב; אָבער דער דאָזיגער געדאַנק האָט שטיל, אונבעמערקט פאַר אים גופא, געאַרבייט זיין אַרבייט און האָט טיילמאָל אָבגעשוואַכט זיין טרייהייט, וואָס וואָלט אין אַנ'אַנדער פאַל אַ סך שטאַרקער געווען. און דעריבער, דאַכט זיך מיר, איז ער עס באַלד, ווי ער איז געקומען נאָך מיר קיין אַ נ ע ס י, נישט אַוועק קיין ש אַ מ ב ע ר י, וואו ער וואָלט מיך דעריאָגט—און דערין איז ער אודאי אינערליך זיכער געווען. און טאַקי צוליב ז'ערזעלבער סבה פלעגט ער מיך פאָטערליך צערטלען, בשעת איך פלעג אים שפּעטער בעזוכען, אָבער ער האָט מיר קיינמאָל בעזונדערס נישט צוגערעדט צו פערבלייבען.

אַזאַ אויפפירונג פון טאַטען, וואָס זיין האַרציגקייט און גוטע מדות זענען מיר געווען גוט בעקאַנט, האָט מיר געצוואונגען אַ סך צו טראַכטען, און די דאָזיגע רעיונות האָבען פערהיט און פערבעהאַלטען מיר גאַנץ דאָס האַרץ. דער פּועל-יוצא פון די דאָזיגע רעיונות איז געווען דער מאָראַלישער כלל, מעגליך, דער איינציגער, וואָס ווערט צוגעפּאַסט צום פּראַקטישען לעבען, נעמליך: מען דאַרף אויסמיידען די לאַגע, ביי וועלכע אונזערע התהיבות'ן זענען סותר אונזערע אינטערעסען און לאָזען אונז פיהלען, אַז אונזער וואוילשטאַנד הענגט-אָב פון יענעמס שלעכטען מצב; ביי אַזאַ לאַגע ווערט אונבעמערקטערהייט אָבגעשוואַכט אפילו די סאַמע אויפריכטיגסטע ליבע און דער מענש ווערט אונגערעכט און בייז אין זיינע מעשים, בשעת אין דער נשמה אָבער הערט ער נישט אויף צו זיין אַ גוטער און אַ יושר'דיגער.

אָט דער כלל איז אָנגעקריצט אין דער טיפעניש פון מיין האַרצען, און איך, הגם שוין עטוואָס שפעט, האָב אים געמאַכט פאַר דעם עיקר פון מיין אויפפירונג. די דאָזיגע אויפפירונג גע-הערט צו יענעם מין, וואָס אין די אויגען פון דער געזעלשאַפט און בעזונדערס אין די אויגען פון מיינע בעקאַנטע, גיט ער מיר צו דאָס אויסזעהן פון אַ תם אָדער אַ פערריקטען. מען פלעגט מיך בעשולדיגען דערין, אַז איך וויל זיין אָריגינעל און נישט ענליך צו אַנדערע. אין דער ווירקליכקייט אָבער האָב איך מיך נישט געזאָרגט דעריבער, צי איך זאָל מיך בעגעהן, ווי אַלע, אָדער גאַנץ אייגענאַרטיג. איך האָב זיך נאָר געוואָלט בעגעהן גוט. מיט אַלע כחות האָב איך מיך געסטאַרעט נישט אַוועקצו-שטעלען זיך אין אַזאַ לאַגע, וואו מיינע אינטערעסען זאָלען געהן געגען די אינטערעסען פון אַ צווייטען און זאָלען אויף אַזאַ אופן מיך צווינגען געהיים צו ווינשען יענעם שלעכטס.

מיט צוויי יאָר צוריק האָט לאָרד מאַרעשאַל געוואָלט מיך דערמאָנען אין זיין צוואה. מיט אַלע כחות האָב איך עס נישט דערלאָזט. איך האָב אים געזאָגט, אז איך וויל נישט זיין קיינעמס יורש און ווייניגער פון אַלץ—זיין יורש. ער האָט מיר נאָכגעגעבען. איצט וויל ער מיר בעשטימען אַ פענסיע אויפ׳ן גאַנצען לעבען, און איך שטער אים נישט. וועט מען זאָגען, אַז איך פערליר גאָרנישט פון דעם דאָזיגען בייט. מעגליך. אָבער, לייטזעליגער פאָטער, אויב עס וועט געשעהן אַזאַ אומגליק און איך וועל אייך איבערלעבען, טאָ זאָל איך מיט אייך צוזאַמען פערלירען אַלץ און מער זאָל איך קיין שטיצע נישט האָבען.

אָט דאָס איז, לויט מיין מיינונג, אַנ׳אויסגעצייכענטע פי-לאָזאָפיע, אַנ׳איינציגע, וואָס איז פאָלקאָם צוגענגליך פאַר דעם מענשליכען האַרץ. מיט יעדען טאָג דרינג איך מיך דורך אַלץ מער און מער מיט איר טיפקייט און דויערהאַפטיגקייט. איך האָב שוין גענוג גערעדט וועגען איר אין מיינע לעצטע ווערק, אָבער די לעזער זענען אַזוי לייכטזיניג, אַז זיי האָבען עס נישט בעמערקט. אויב איך וועל, נאָכ׳ן ענדיגען „מיין ודוי”, נאָך לע-בען אַ היבשע צייט, כדי אָנצוהויבען אַ נייע אַרבייט, וועל איך

געבען אינ'ם המשך פון „עמיל" אַזאַ הערליכען און איבעררא־שענדען ביישפּיל פון דעם דאָזיגען כּלל, אַז מיינע לעזער וועלען זיין געצוואונגען צו נעמען אים אין בעטראַכט. נאָר גענוג צו ריידען דעם רייזענדער, צייט אין וועג אַריין.

געהענדיג, האָב איך מיך געפיהלט גאַנץ אָנגענעם און מיין מיטגעהער איז גאָרנישט געווען אַזוי האַמעטנע, ווי איך האָב מיר עס פאָרגעשטעלט. דאָס איז געווען אַ מאַן פון מיטעלע יאָ־רען און אַ גאַנץ פרעהליכער. זיינע גרויע האָר האָט ער געקאַמט אין אַ צעפּעל און איז געווען ענליך צו אַ גרענאַדער. זיין קול האָט הויך געקלונגען, ער האָט געקאָנט אַ סך געהן און נאָך מער־עסען. ער האָט נישט געוואוסט קיין שום מלאכה און האָט זיך פאַר אַלץ געכאַפּט. דאָס האָט ער, דאַכט זיך, פאָרגעלעגט עפּע־נען עפּיס אַ פאַבריק אין אַנעסי. פרוי דע־וואַרען איז שטאַרק געפּעלען געוואָרען דער דאָזיגער פּלאַן און, צו קריגען דערויף דעם הסכּם פונ'ם מיניסטער, איז דאָס מיין רייזע־חבר, בעלאָדען מיט מיטלען, געגאַנגען קיין טורין. ער האָט געקאָנט אינטרי־גירען, רייבען זיך אַרום גייסטליכע און פאָרלעגען זיך אין זייער רשות. פון די גייסטליכע האָט ער איבערגענומען די קירכמאַניר פון ריידען און האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ גרויסען בעל־דרשן. ער האָט געקאָנט אַ שטיקעל פון דער ביבעל אויף לאַטיין, און דאָס דאָזיגע שטיקעל האָט אים פערביטען טויזענדער טעקסטען, מחמת מיין בייכיגער קערל פלעגט עס איבער'חזר'ן טויזענד מאָל אין טאָג. אים האָט זעלטען אויסגעפּעלט געלד, קוים האָט ער נאָר געוואוסט, אַז דער דאָזיגער מין געפינט זיך אין בייטעלע ביי אַנדערע. אָבער גיכער איז ער געווען אַ געשיקטער מאַן, איידער אַן'אַפּעריסט.

זיין ווייב, פרוי סאַבראַן, האָט אויסגעזעהן אַ גאַנץ גו־טע פרוי צו זיין. נאָר בייטאָג פלעגט זי זיין רוהיגער, איידער ביינאַכט. אַזוי ווי איך פלעג שלאָפען מיט זיי צוזאַמען אין איין צימער, פלעגט מיך עפטער וועקען איר וואַכעדיגקייט. מיר וואָלט אָבער נאָך מער געשטערט צו שלאָפען, ווען איך וואָלט דעמאָלט פערשטאַנען די בעדייטונג פון איר נישט־שלאָפען. נאָר איך האָב

גאָרנישט חושד געווען און האָב אין דעם פּרט אַרויסגעוויזען אַזוי פיל נאַרישקייט, אַז נאָר פּאַר דער נאַטור אַליין איז געבליבען צו זאָרגען זיך וועגען מיין אויפקלערונג.

איך בין פרעהליך געגאַנגען מיט מיין בעגלייטער און מיט זיין היציגען ווייבעל. בשעת דער נסיעה איז אונז קיין זאַך נישט געשעהן. קיינמאָל אין לעבען האָב איך מיך נישט געפיהלט בעסער, סיי גייסטיג און סיי פיזיש. אַ שטאַרק געזונט יונגעל, פול גלויבען אין זיך און אין אַנדערע, האָב איך איבערגעלעבט יענע קורצע, אָבער גאָלדענע צייט פון לעבען, בשעת די עקספּאַנסיווע פולקייט, אַזוי צו זאָגען, מאַכט ברייטער אונזערע שפּירונגען און גיט־צו רייץ דער גאַנצער נאַטור, פערשענערט זי אין אונזערע אויגען.

די צאַרטע שפּירונגען, וואָס האָבען פול געמאַכט מיין וועזען, האָבען זיך געצויגען צו אַ בעשטימטער זאַך, און דעריבער האָבען זיי זיך נישט פונאַנדערגעוואָרפען. מיין פּאַנטאַזיע האָט אויך נישט געבלאָנזשעט אָהן אַ ציל. איך האָב געקוקט אויף זיך, ווי אויף אַ ווערק, ווי אויף אַ שילער, אַ פריינד, כמעט ווי אויף אַ געליבטען פון פרוי דע־וואַרען. אירע מיטפיהלענדיגע ווערטער, איר האַרציגקייט און ליבשאַפט, מיט וועלכער זי האָט מיך אויסגעפרעגט און אויסגעהערט, אירע רייצענדיגע בליקען, וואָס זענען פול געווען, ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזען, מיט ליבע, מחמת זיי האָבען אין מיר אויך דערוועקט דאָסזעלבע—דאָס אַלץ האָט בעשעפטיגט מיינע געדאַנקען אין דער נסיעה און געגעבען מיר וואונדערליכע טרוימען. די דאָזיגע טרוימען מיינע זענען נישט אָנגערירט געוואָרען פון קיין שום מורא, פון קיין שום ספקות בנוגע צו מיין צוקונפט. די, וואָס האָבען מיך געשיקט קיין טורין, האָט זיך מיר אויסגעוויזען, האָבען שוין דערמיט אַליין גענומען אויף זיך די פליכט צו געבען מיר די מעגליכקייט איינצוואָרדנען זיך אין דער דאָזיגער שטאָדט, געפינען מיר אַנ׳אָרט. בין איך פרעהליך געגאַנגען, לייכט, אָהן זאָרג. אַלץ, וואָס מיר איז געקומען פאַר די אויגען, האָט מיר אויסגעוויזען ווי אַנ׳ערבות פון מיין קינפטיגען גליק. האָב איך געזעהן הייזער,

האָב איך מיר דאָרט פאָרגעסטעלט פרעהליכע בעלער; אויף די פעלדער האָב איך געזעהן לוסטיגע שפילערייען; אויף די טייכען און אָזערעס—ווי מע באָדט זיך, מען פאָרט אויף לאָד-קעס, מע כאַפּט פיש; די בוימער זענען בעהאַנגען מיט פרות; אין זייערע שאָטענס האָב איך מיר פאָרגעשטעלט זעהונגען, פול מיט זיסען תענוג און אויף די בערג—טעצעלעך מיט מילך, מחיה׳דיגע פוילקייט, רוה, פשטות און די הנאה פון אַרומבלאָנ-זשען אָהן אַ ציל. מיט איין וואָרט, אַלץ, וואָס מיך האָב אָנבע-געגענט, האָט געגלעט דאָס האַרץ מיינס, און די גדולה, די פערשידענאַרטיגקייט און די אמת׳ע שענקייט פון דעם אַלעם, וואָס איז מיר געקומען פאַר׳ן אויג, האָט בערעכטיגט מיין שטימונג.

צו מיין שמחה איז אויך צוגעמישט געוואָרען אַ טראָפּען גאוה. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דערמיט, וואָס איך לאָז מיך אַוועק אַזוי יונג קיין איטאַליען, וואָס איך בין שוין בעקאַנט גע-וואָרען מיט אַזוי פיל נייע ערטער, געהענדיג איבער בערג מיט אַניבאַל׳ס וועג—אַז דערמיט טו איך אַ העלדענטאַט, וואָס איז גרויס נישט נאָך מיינע יאָרען. זענט נאָך מוסיף דערצו די אָפּ-טע און אָנגענעמע חפסקות אין גאַנג און דעם גוטען אַפּעטיט, וועלכען איך האָב נישט איינגעהאַלטען. און צו וואָס האָב איך אים געזאָלט איינהאַלטען? דער הער סאַבראַן האָט אַזוי פיל גע-געסען, אַז דאָס, וואָס איך האָב געגעסען, איז ממש אַ גאָרנישט געווען.

איך געדענק נישט, צי איך זאָל ווען האָבען אין לעבען איבערגעלעבט אַזאַ צייט, וואָס זאָל זיין אַזוי פריי פון זאָרג און אונאָנגענעמליכקייטען, ווי די דאָזיגע זיבען אָדער אַכט טעג פון דער נסיעה. פרוי סאַבראַן האָט נישט געקאָנט געהן גיך און מיר האָבען זיך בעדאַרפט רעכענען מיט אירע טריט. דאָס האָט פער-וואַנדעלט אונזער נסיעה אין אַ לאַנגען שפּאַציר.

פון מיין ערשטער נסיעה קיין איטאַליען איז מיר פערבלי-בען אַ גוטע נייגונג צו אַלץ, וואָס דערמאָנט מיר די דאָזיגע רייזע. בעזונדערס אָבער צו בערג און צום געהן צופוס. איך

פלעג מאַכען נסיעות צופוס נאָר אין די יונגע יאָרען און שטענ-
דיג מיט גרויס הנאה. אינגיכען אָבער האָב איך שוין בעדאַרפט,
צוליב געשעפטען, התהייבות׳ן און פעקלעך דורכמאַכען אַ נסיעה,
ווי אַ פּריץ: אין קאַרעטען. שווערע זאָרגען, אונאָנגענעמליכקיי-
טען, פערשידענע לאַסטען האָבען זיך אָנגעהויבען אַריינזעצען
צוזאַמען מיט מיר אין עקיפּאַזש אַריין און פון דער צייט אָן
האָב איך אויפגעהערט, ווי אַמאָל, צו טראַכטען בלויז פון רייזע-
פערגעניגענס. איך האָב נאָר איינס געפיהלט: די נויטווענדיגקייט
פון פאָרען.

איך האָב לאַנג געזוכט אין פּאַריז אַ צוויי חברים, וואָס
זאָלען וועלען אָפּפערן אַ פּופציג לואי און אַ גאַנץ יאָר פון זייער
צייט, אַדורכצוגעהן צוזאַמען איטאַליען אין דער בעגלייטונג פון
איין דינער, וואָס זאָל אונז טראָגען די זאַכען צום שלאָפען. פּיל
זענען, דאַכט זיך, געווען ענטציקט פון מיין פּלאַן, אָבער אין
פלוג האָבען זיי עס אָנגענומען פאַר אַ שפּילכעל, וועגען וועל-
כען עס איז גוט צו ריידען, אָבער שווער מקיים צו זיין. איך גע-
דענק, אַז בשעת איך האָב מיט בעגייסטערונג גערעדט פון דעם
ענין מיט דידראָ׳ן און גרים׳ן, האָט זיך זייביידען איבער-
געגעבען מיין חשק. מיר האָט אויסגעוויזען, אַז די זאַך איז בע-
שלאָסען, אָבער אויסגעלאָזען האָט זיך דערפון אַ טייך.

עס טוט מיר זעהר באַנג, וואָס מיר קומען אַזוי שנעל
קיין טורין. אָבער דאָך האָב איך הנאה פון געדאַנק, וואָס איך
וועל זעהן אַ גרויסע שטאָדט און וועל אינגיכען פערנעמען דאָרט
אַנ׳אָרט, וואָס פּאַסט זיך פאַר מיר. די גאוה האָט מיר שוין צו-
מישט דעם מח. איך האָב משער-געווען, אַז איך האָב מיך אונ-
ענדליך דערהויבען איבער דער פריערדיגער שטעלונג פון אַ
לערניונג - אַ בעל-מלאכה און דערביי גאָרנישט פּאָראויסגעזעהן,
אַז אינגיכען וועט מיר אויסקומען צו זיין אין אַ סך וועניגער-
בכבוד׳ע בעדינגונגען.

איידער איך געה-איבער צו מיין ווייטערדיגער דערצעלונג,
בעדאַרף איך מיך ענטשולדיגען פאַר׳ן לעזער, וואָס איך בין
אַריינגעגאַנגען און וועל נאָך מוזען אַריינגעהן אין קליינטשקע

פרטים, וואָס קאָנען אים נישט אינטערעסירען. איך וועל מיך סטאַרען צו בערעכטיגען זיך. איך האָב מיר פאָרגענומען די אויפ-גאַבע איינגאַנצען צו ווייזען זיך פאַר דער געזעלשאַפט, און דע-ריבער טאָר נישט זיין, אַז עפּיס זאָל בלייבען בעהאַלטען אָדער עס זאָל אויסזעהן נישט קלאָר. איך וויל אָהן אויפהער זיין פאַר די אויגען פון לעזער, איך וויל, ער זאָל מיר נאָכגעהן נאָך די אַלע אירונגען פון מיין האַרצען, ער זאָל זעהן די אַלע געהיימ-ווינקעלעך פון מיין לעבען און זאָל מיך אויף אַ מינוט נישט פערלירען פון אויג; וואָרום איך האָב מורא, אַז קוים וועט ער געפינען אין מיין דערצעלונג עפּיס דורכגעלאָזט, כאָטש אַ קליין לידיג אָרט און וועט זיך פרעגען: וואָס-זשע האָט ער געטאָן אין משך פון דער דאָזיגער צייט—וועט ער מיך, דער לעזער, בעשולדיגען דערין, אַז איך וויל נישט זאָגען אַלץ. מיט׳ן ריי-דען האָב איך שוין מענשען געגעבען אַזוי פיל געלעגענהייטען צו בערײדען מיך, אַז מיט׳ן שווייגען וואָלט איך זיי נאָכמער אויפגעהעצט געגען מיר.

די קליינינטשקע סומע, וואָס פרוי דע-וואַרען האָט מיר געגעבען, איז פערשוואונדען געוואָרען: איך האָב מיך בעדאַרפט אויספּלוידערן, און מיינע מיטגעהער האָבען זיך תיכף אָנגעכאַפּט אָן דעם. פרוי סאַבראַן האָט ביי מיר געקאָנט אַלץ צונעמען, אפילו דאָס גלאַנציגע זילבערנע לענטעלע, וואָס פרוי דע-וואַ-רען האָט מיר אַוועקגעשענקט צום שווערדעל. דאָס דאָזיגע לענטעלע האָט מיר אַממערסטען באַנג-געטאָן. אויך דאָס שווער-דעל וואָלטען זיי מיר צוגענומען, ווען איך וואָלט מיך נישט שטאַרק איינגעשטעלט דערפאַר. זיי האָבען מיך אויסגעהאַלטען אין דער צייט פון דער נסיעה און ביי מיר אַלץ אַוועקגעשלעפּט. קיין טורין בין איך געקומען אָהן קליידער, אָהן געלד, אָהן וועש, און די זאָרג איבער מיין גלענצענדער קאַריערע, וואָס האָט געוואַרט אויף מיר. האָב איך איבערגעלאָזט בלויז אויף מיי-נע אינערליכע מעלות. די בריף, וואָס איך האָב געהאַט, האָב איך באַלד פונאַנדערגעטראָגען, וואוהין מען האָט בעדאַרפט.

מען האָט מיך תיכף אָנגענומען אין דער מוסר-היים פאַר

פּראָטעסטאַנטען אין יענער רעליגיע, וואָס אַז מען האָט זי אָנגענומען, האָט מען בעקומען קעסט. אַריינגעגאַנגען אין דעם בנין פון דער מוסר-היים, האָב איך דערזעהן אַ גרויסע אייזערנע טיר מיט גראָ-בע ריגלען. זי איז פערמאַכט געוואָרען הינטער מיר, דער שלי-סעל האָט זיך איבערגעדרעהט צוויי מאָל. דער דאָזיגער אָנהויב האָט דערוועקט אין מיר מער אַכטונג, איידער פערגעניגען. גישט-ווילענדיג, האָב איך מיך פערטראַכט וועגען מיין לאַגע, אָבער מיינע רעיונות זענען באַלד איבערגעריסען געוואָרען; מען האָט מיך אַרויף געטאָן. איך האָב מיך געפונען אין אַ גאַנץ היב-שען צימער מיט עטליכע הילצערנע שטולען. קיין שום מעבעל נישט. אין מיטען—קריסטוס׳עס קרייצונג. אין צימער האָבען זיך געפונען אַ מענשען פינף—שרעקליכע באַנדיטען, מיינע קינפטיגע היים-חברים. זיי זענען אָבער גיכער ענליך געווען צו דעם אשמדאי׳ס משרתים, איידער צו ווענזענס, וואָס גאַרען צו ווערען גאָט׳ס קינדער. אַ צוויי פון די דאָזיגע אויסוואורפען זענען גע-ווען סלאַוואָנצער, וואָס האָבען זיך אויסגעוויזען פאַר יודען אָדער פאַר מאַוורען. זיי האָבען מיר געזאָגט, אַז זיי האָבען דאָס גאַנ-צע לעבען פערבראַכט אין וואַנדערן איבער שפּאַניען און אי-טאַליען, אין איבערגעהן אין קריסטענטום, און אומעטום זיך גע-שמד׳ט, וואו נאָר דאָס האָט זיי געקאָנט ברענגען נוצען. מען האָט געעפענט אַ צווייטע אייזערנע טיר, וואָס האָט אויף דער העלפט פונאַנדערגעטיילט אַ גרויכען באַלקאָן; דער באַלקאָן איז געהאַנגען איבער׳ן הויף. אין דער דאָזיגער טיר זענען אַריין אונזערע שוועסטער, אַזוי ווי איך; זיי האָבען זיך אויך געגרייט אויפצולעבען גייסטיג נישט דורך קרייצונג, נאָר דורכ׳דעם, וואָס זיי וועלען זיך פייערליך אָבזאָגען פון זייער פריערדיגער אמונה. נאָר איינע פון זיי האָט מיר אויסגעוויזען גאַנץ חנ׳עוודיג און איז ווערט געווען, מען זאָל אויף איר וואַרפען אַ בליק. זי איז געווען בערך אין מיינע יאָרען, אפשר מיט אַ יאָר אָדער צוויי עלטער פאַר מיר. אירע שעלמישע אויגען האָבען פון צייט-צו-צייט זיך אָנבעגעגענט מיט מיינע, און מיר האָט זיך פערוואָלט בעקענען מיט איר. אָבער פאַר די צוויי מאַנאַטען, וואָס זי

איז אָבגעווען פאַר מיר אין דער מוסר-הייס, וואו זי איז נאָך פריער געווען אַ מאָנאַטען דריי, האָב איך נאָך קיין איין מאָל נישט געקאָנט צוגעהן צו איר: דער הייליגער מיסיאָנער, וואָס האָט זיך געסטאַרעט אַרויפצופירען אויפ׳ן דרך-הישר דאָס דאָזיגע יונגע מיידעל, האָט זי איבערגעגעבען דער השגחה פון אונזער אַלטער תפיסה-היטערין און אַליין פלעגט ער פערבערענגען מיט איר אַ סך צייט. זי האָט געמוזט זיין זעהר טעמפ (הגם נאַריש האָט זי נישט אויסגעוויזען), וואָרום קיינמאָל האָבען זיך נישט געצויגען אַזוי לאַנג די הכנות ביים בייטען די אמונה.

דער הייליגער מאַן האָט אַלץ איינגעפונען, אַז עס איז נאָך נישט די צייט פאַר׳ן מיידעל אָבצוזאָגען זיך פייערליך פון דער פריערדיגער רעליגיע. צולעצט, איז איר דערעסען געוואָרען די איינגעשלאָסענקייט און זי האָט געמאָלדען—צי אַ קריסטין אָדער נישט—נאָר זי וויל אַוועק פון דערהיים. האָט מען שוין געמוזט צוטרייבען דעם ענין און אָנשליסען זי צום קאַטוילליציזם, וואָרום זי האָט נאָך געקאָנט חרטה האָבען.

לכבוד דעם נייגעקומענעם האָט מען אויפגעזאַמעלט די קליינע ברודערשאַפט. אונז איז פאָרגעזאָגט געוואָרען אַ קליינער מוסר. מיר האָט מען פאָרגעלעגט אויפצופירען זיך, ווי געהעריג, איך זאָל ווערט זיין די חסדים, וואָס גאָט טוט מיט מיר, און די איבעריגע—אַז זיי זאָלען תפילה-טאָן פאַר מיר און מציל-זיין מיין נשמה דורך גוטע ביישפּילען. נאָכדעם זענען אונזערע מיידלעך אַוועק צו זיך און איך האָב מיט גרויס בעוואונדערונג בעקאָנט בעקוקען דאָס אָרט פון מיין תפיסה. אויף מאָרגען זעבען מיר ווידער צונויפגעזאַמעלט געוואָרען צום מוסר, און דאָ האָב איך מיך ערשטע מאָל פערטראַכט איבער דעם שריט, וואָס איך געה מאַכען, און איבער אַלעם, וואָס האָט מיך געשטויסען דערצו.

איך האָב געזאָגט און זאָג נאָכאַמאָל און וועל מסתמא נאָך נישט איין מאָל איבער׳חזר׳ן דעם איין אמת, אין וועלכען איך איבערצייג מיך אַלץ מער און מער מיט יעדען טאָג, נעמליך: אויב אַ קינד האָט ווען-עס-איז בעקומען אַ געזונטע און

אַ קלוגע דערציהונג, איז עס טאַקי איך. געבוירען אין אַ פאַמיליע, אַנ׳אויסערגעוועגליכער לויט אירע מדות, האָב איך אין אַלע מיי-נע קרובים געזעהן נאָר ביישפּילען פון חכמה און איבערלעגונג. מיין פאָטער האָט אפילו געפירט אַ צווייט לעבען, אָבער ער איז געווען נישט נור שטרענג ערליך, נאָר אויך רעליגיעז. אין אַ געזעלשאַפט האָט ער אויסגעזעהן לייכטזיניג, אָבער אין דערהיים האָט ער אַרויסגעוויזען אַ סך פרומקייט און דריבער זעהר פריה מיר גורם-געווען רעליגיעזע מדות. מיינע דריי מומעס האָבען געפירט אַ בעשיידען לעבען: די עלטערע צוויי זענען געווען זעהר פרום, די יונגערע, דאָס מיידעל, וואָס איז געווען פול חן און שכל, האָט אפשר געהאַט אין זיך מער גוטע מדות, איידער די שוועסטער אירע, נאָר זי האָט זיי נישט אַרויסגעוויזען. פון דער דאָזיגער בכבוד׳ער פאַמיליע האָב איך איבערגעוואַנדערט אין דאָס הויז פון הער לאַמבערסיע, וואָס איז אפילו געווען אַ פאַסטאָר און אַ פרעדיגער, אָבער ער איז געווען אַ שטאַרקער מאמין און זיך כמעט אַליין בעגאַנגען אַזוי גוט, ווי ער האָט עס געהייסען טאָן אַנדערע. ער און די שוועסטער זיינע האָבען מיט גוטע און קלוגע רייד ענטוויקעלט אין מיר יענע קערנדלעך פון גוטע מדות, וואָס זיי האָבען געפונען אין מיר. די וואוילע מענ-שען האָבען אָנגענומען דערצו אַזוינע צוועקמעסיגע, אַזוינע קלו-גע מיטלען, אַז מיר פלעגט גאָרנישט זיין לאַנגווייליג בשעת זייער פרעדיגען און פון קירך פלעג איך אַרויס מיט אַנ׳אויסגעווייכטער נשמה און פלעג זיך געבען דאָס וואָרט צו לעבען גוט, און אָפּ דאָס וואָרט האָב איך זעלטען געבראָכען, ווען איך האָב געטראַכט וועגען אים. מיין מומע בערנאַר׳ס פרומקייט פלעגט מיר דערעסען מערסטענטייל דערפאַר, וואָס זי האָט פערוואַנדעלט איר פרומקייט אין אַ מין מלאכה. ביים גראַווירער האָב איך גאָרנישט געטראַכט פון אמונה-זאַכען, הגם מיינע מיינונגען זענען געווען דיזעלבע. איך האָב נישט געטראָפען אויף אַזוינע לייט, וואָס זאָלען מיר איינגעבען אַ חשק צו זנות. איך בין געווען אַ הפקר-יונג, אָבער נישט קיין נואף.

איך בין, אַלזאָ, געווען אויף אַזוי פיל רעליגיעז, אויף ווי-

פיל דאָס קאָן זיין אַ יונגעל פון מיין עלטער און, מעגליך, נאָכ־מער, וואָרום—צו וואָס זאָל איך נישט זאָגען דאָס, וואָס איך טראַכט: מיין קינדהייט איז נישט געווען דער עבר פון אַ קינד. איך האָב געפיהלט, איך האָב שטענדיג געטראַכט, ווי אַ גרויסער. אַז איך בין עלטער געוואָרען, בין איך אַריין אין דעם קלאַס פון געוועגליכע מענשען; אַז איך בין געבוירען געוואָרען—בין איך אַרויס פון אים. עס קאָן זיין, אַז דעם לעזער וועט עס אויסזייזען לעכערליך, וואָס איך גיב מיך אָן בעשיידען פאַר אַ פלא נפלאה. לאַכט אייך, אָבער נאָכדעם, ווי איר וועט זיך גוט אָנלאַכען, זאָלט איר מיר געפינען אַ קינד, וואָס זאָל צו זעקס יאָר זיין אַריינגעטאָן אין ראָמאַנען, זיך אינגאַנצען דורכדרינגען מיט זיי, אויפרעגען זיך און וויינען איבער זיי מיט ביטערע טרערען. אויב איר וועט געפינען אַזאַ קינד, וועל איך אייך מודה זיין, אַז מיין איבערנעמען זיך איז, ווירקליך, לעכערליך און אַז איך בין נישט גערעכט.

אויף אַזאַ אופן איז דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט, אַז אויב מענשען ווילען, זייערע קינדער זאָלען זיין רעליגיעז, דאַרפען זיי נישט ריידען מיט זיי וועגען רעליגיע; אַז קינדער זענען נישט פעהיג משיג צו זיין דעם רבונו של עולם—אַז אָט די מיי־נונג איז אַ פועל-יוצא פון מיינע בעאָבאַכטונגען און נישט פון דער אייגענער קינדהייט. איך האָב געוואוסט, אַז איך קאָן דאָ נישט דינען, אַלס כלל, פאַר אַנדערע. געפינט מיר זעקסיעריגע זשאַן-זשאַק רוסאָ׳ס, און אַז זיי וועט זיין זיבען יאָר, קאָנט איר מיט זיי ריידען וועגען אמונה-זאַכען—איך בין אייך ערב, אַז זיי וועט עס נישט שאַדטען.

דער לעזער פערשטעהט, אַז זיין רעליגיעז פאַר אַ קינד און זאָגאַר פאַר אַ דערוואַקסענעם מענשען הייסט עס—זיך האַל־טען אָן דעם גלויבען פון זיינע אבות. טיילמאָל פאַלט עפיס אָב פון די רעליגיע-דאָגמאַטען, זעלטענער ווערט עפיס צוגעגעבען צו זיי. דער דאָגמאַטישער גלויבען איז אַ רעזולטאַט פון דערציהונג. אונאָבהענגיג פון דעם דאָזיגען אַלגעמיינעם כלל, וואָס בינדט מיך צו צו דעם גלויבען פון מיינע אבות, בין איך זעהר פריה

דורכגעדרונגען געוואָרען מיט עקעל צום קאַטוילּיציזם; דעמזעלבען עקעל האָט געשפּירט צו אים אונזער שטאָדט, וואָס האָט אים געהאַלטען פאַר שרעקליכער געצענדינעריי. די קאַטוילישע גייסט-ליכע האָט מען אונז שטענדיג געמאָלט אין שוואַרצע פאַרבען. דער עקעל צו דער דאָזיגער רעליגיע איז אין מיר דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווען איך פלעג דערזעהן דאָס אינערליכע פון אַ קאַטוילּישער קירך, אָדער אַ גלח אָדער אַ קאַטוילישע פּראָצעסיע, פלעג איך אַ לאַנגע צייט אויפציטערן פון אימה און עקעל. אין שטאָדט האָב איך שפּעטער פערלאָרען די דאָזיגע שפּירונג, אָבער אין אַ דאָרף פלעגט זי מיך פון דאָסניי אַרומכאַפּען, מחמת גראָד אין אַזוינע ערטער, וואָס דערמאָנען אַ דאָרף, האָב איך בעקומען די ערשטע השגה וועגען קאַטוילּיציזם. מען דאַרף, אמת, זאָגען, אַז דעם דאָזיגען איינדרוק האָט מאָדנע סותר געווען די צערט-ליכקייט, מיט וועלכער די קאַטוילישע גלחים פון אַרום זשענעוו פלעגען זיך בעציהען צו די שטעדטישע קינדער. דעם הער כאָוונער'ס גרויסאַרטיגער מיטאָג האָט מיך אויך שטאַרק אויסגע-ווייכט בנוגע צום קאַטוילּיציזם.

קוקענדיג אויפ'ן פּאַפּיזם, ווי אויף עטוואָס אַזוינס, וואָס האָט אַ שייכות צו בע'טעמ'טע זאַכען און פערגעניגענס, האָב איך גאָר אָהן מיה גע'פועל'ט ביי זיך צו וואוינען אין אַ קאַטוילישער סביבה. דער געדאַנק אָבער, אַז מיר וועט אויסקומען פייערליך אָנצובינדען זיך צום קאַטוילּיציזם, איז מיר בלויז טונקעל אַדורכ-געלאָפען אין מח. אָבער איך האָב מיך פאָרט בעדאַרפט אַרום-זעהן, און דעמאָלט האָב איך מיט שרעק דערזעהן, אַז איך האָב מיך פערפליכטעט. די קינפטיגע צדיקים, וואָס האָבען מיך אַרום-גערינגעלט, זענען נישט געווען פעהיג אונטערצוהאַלטען מיין גייסט דורך זייער אויפפירונג, און איך האָב נישט געקאָנט פער-לייקענען ביי זיך אין האַרצען, אַז דערמיט, וואָס איך גרייט מיך אָנצונעמען אַ נייעם גלויבען, שטעל איך מיך אויף איין שטו-פע מיט פערקויפטע באַנדיטען. גישט געקוקט דערויף, וואָס איך בין זעהר יונג געווען, האָב איך דאָך איינגעזעהן, אַז איך האָב מיך געגרייט פאַר געלד אָבצוזאָגען זיך פון מיין אמונה; און

זאָל אפילו מיין אויסוואַל זיין אַ גוטער, האָב איך דאָך דערמיט, וואָס איך טויש מיין גלויבען, געלייגט פאַר גאָט און פערדינט זיין פעראַכטונג. וואָס מער איך האָב געטראַכט דערויף, אַלץ מער האָב איך גע׳כעס׳ט אויף זיך און בעוויינט מיין מזל, וואָס האָט מיך דערפירט צו דער שרעקליכער נויטווענדיגקייט, פונקט ווי איך אַליין וואָלט עס נישט צוגעגרייט מיט די אייגענע הענט. צייטענווייז פלעגען מיך די דאָזיגע געדאַנקען בעהערשען מיט אַזאַ מאַכט, אַז איך וואָלט אַנטלאָפען פון דאָרטען, ווען דאָס וואָלט געווען מעגליך; אָבער ראַטעווען זיך דורך לויפען האָט מען נישט געקאָנט און אגב האָט זיך אין מיר נישט לאַנג גע-האַלטען דער בעשלוס.

געגען דעם דאָזיגען בעשלוס-זענען אויפגעשטאַנען אַ סך געהיימע פערלאַנגען, און ער פלעגט באַלד בעזיגט ווערען. דאָס נישט-וועלען צוריקקערן זיך קיין זשענעווו, די שעמעריי, די שוועריגקייט אַדורכצוקריכען פון דאָסניי די בערג, די שרעק צו בלייבען ווייט פון דערהיים אָהן פריינד און אָהן מיטלען—אָט דאָס אַלץ פלעגט שטענדיג דערשטיקען מיין בעשלוס. אָבער דאָס אַלץ, ווידער, פלעגט מיך צווינגען צו קוקען אויף דער אונרו-היגקייט פון געוויסען, ווי אויף אַ פערשפעטיגטער חרטה.

איך האָב מיר שטאַרק פאָרגעוואָרפען פאַר דעם, וואָס איך האָב שוין געטאָן, כדי צו געפינען אַ פערענטפערונג פאַר דעם שריט, וואָס איך האָב נאָך בעדאַרפט מאַכען. איך האָב מיר או-מישנע שווערער געמאַכט מיינע חטאים פון עבר און געקוקט אויף די צוקונפט, ווי אויף אַ פאָלגע פון זיי. איך האָב זיך נישט געזאָגט: „עס איז נאָך גאָרנישט געטאָן געוואָרען, און אַז דו ווילסט ווערען, ווילסטו פערבלייבען אַ ריינער״, נאָר, פערקערט, איך האָב מיר אַלץ גע׳חזר׳ט אין געדאַנק: „וויין איבער דיין חטא, וואָס האָט דיך פערוואַנדעלט אין אַנ׳אומריינעם; איצט דאַרפסטו אויסשעפען זיינע פאָלגען ביז׳ן סוף״.

ביי מיינע יאָרען האָט מען, ווירקליך, בעדאַרפט האָבען גייסטיגע קראַפט, צוריקצונעמען די אַלע הבטחות, וואָס איך האָב געגעבען, אָדער, ריכטיגער, מאַכען אַ סוף צו די האָפנונגען, וואָס

זענען געלעגט געוואָרען אויף מיר און דערמיט צורייסען די קייטען, וואָס האָבען מיך געבונדען; נישט מורא האָבען פאַר קיינע פאָלגען און מוטיג זיי זאָגען, אַז איך וויל בלייבען ביי דער אמונה פון מיינע עלטערן. אַזאַ דרייסטקייט איז געווען צו-שטאַרק פאַר מיינע יאָרען און עס איז נאָך אַ ספק, צי דאָס וואָלט געהאַט ערפאָלג. די זאַך איז אַוועק אַזוי ווייט, אַז אומקערן זיך צוריק איז געווען שווער, און וואָס מער עקשנות איך וואָלט אַרויסבעוויזען, אַלץ מער וואָלט מען זיך געסטאַרעט אַזוי אָדער אַנדערש איינצוברעכען מיך.

די גוטע טאַט ווייזט אונז אויס שווער צוליב אונזער איי-גענער שולד. ווען מיר וואָלטען שטענדיג געווען קלוג, וואָלטען מיר זיך אין איר נישט גענויטיגט. נאָך די פערלאַנגען, וואָס מען קאָן זיי לייכט גובר-זיין, ציהען אונז דעריבער, ווייל מיר ווילען זיך נישט ראַנגלען מיט זיי. מיר גיבען זיך אונטער די קליינע עברה׳לעך, ווייל מיר האָבען קיין מורא נישט פאַר זיי. אָבער אונבעמערקט בלייבען מיר שטעהן אין געפערליכע סיטו-אַציעס, וואָס מען וואָלט פריער געקאָנט זיי לייכט אויסמיידען, און דערנאָך זענען די פאָלגען אַזוינע, אַז מען דאַרף האָבען גע-וואַלטיגע כחות אַרויסצוקריגען זיך פון זיי. פאַלען מיר, צולעצט, אַריין אין אַ תהום, טענה׳ן מיר צו גאָט: „פאַרוואָס האָסטו אונז בעשאַפען אַזוינע מאַכטלאָזע?״

אָבער ער ענטפערט אונזער געוויסען:

—איך האָב דיך בעשאַפען אויף אַזוי פיל שוואַך, אַז דו קאָנסט זיך נישט אַרויסקריגען פון תהום, ווייל איך האָב דיר געגעבען גענוג כחות נישט אַריינצופאַלען אין אים.

מען קאָן נישט זאָגען, אַז איך האָב פאָלקאָם בעשלאָסען צו ווערען אַ קאַטויל, אָבער אַז איך האָב איינגעזעהן, אַז ביז׳ן טוישען די רעליגיע איז נאָך ווייט, האָב איך מיך אָנגעהויבען צוגעווינען צו דער דאָזיגער אידעע; איך האָב געהאָפט, אַז פלוצלונג וועט קומען עפּיס אַ מניעה און וועט מיך מציל-זיין. צו געווינען צייט, האָב איך מיך בעשלאָסען צו פערטיידיגען זיך, ווי ווייט איך וועל נאָר קאָנען. אַ געפיהל פון גדלות האָט

איך אינגיכן בערוהיגט: וויבאַלד איך האָב געקאָנט טיילמאָל בשעת אַ שמועס אַוועקשטעלען מיינע מדרכים אין אַ שווערער לאַגע, וועל איך דאָך קאָנען, האָב איך משער-געווען, איינגאַנ-צען צושלאָגען זייערע מיינונגען. איך האָב מיך אפילו גענומען צו דער זאַך מיט לעכערליכער פלייס. בשעת זיי האָבען געאַר-בייט איבער מיר, האָב איך געוואָלט אַרבייטען איבער זיי. איך האָב באמת געמיינט, אַז קוים וועל איך זיי איבערצייגען, ווע-לען זיי תיכף ווערען פראָטעסטאַנטען.

און דעריבער האָבען די גייסטליכע פערשטאַנען, אַז מיר איז גאָרנישט אַזוי לייכט אַריינצושלאָגען אין קאָפּ זייערע דאָג-מען און אַז איך ווייז גאָרנישט אַרויס אַזאַ חשק איבערצובייטען מיין אמונה, ווי זיי האָט זיך עס געוואָלט.

אַ קליינינטשקער אַלטער גלח מיט אַ גאַנץ בכבוד'ען אויס-זעהן האָט אונז אַלעמען אויפגעזאַמעלט אויף אַ שמועס. פאַר מיי-נע חברים האָט דער דאָזיגער שמועס נישט געטראָגען קיין דע-באַטענכאַראַקטער, נאָר אַ געוועהנליכע לעקציע. אַנדערש איז עס אָבער געווען מיט מיר. אַז עס האָט געהאַלטען ביי מיר, פלעג איך דעם אַלטען גלח אָבשטעלען אויף יעדען טריט און שריט. איך האָב אים נישט דורכגעלאָזט קיין איין שווערען פונקט. דעריבער פלעגט זיך דער שמועס לאַנג פערציהען און פלעגט אויסווייזען גאַנץ לאַנגווייליג די צוהערער. מיין אַלטעטשקער גלח פלעגט ריידען אַ סך, היצען זיך, אַרויס פון די כלים. ער פלעגט זיך אַרויספּלאָנטערן פון אַ שלעכטער לאַגע, אין וועלכער איך פלעג אים אַוועקשטעלען, און דערביי פלעגט ער זאָגען, אַז ער פערשטעהט שלעכט פראַנצויזיש. אויף מאָרגען האָט מען מיך אָבגעפירט אין אַ בעזונדער צימער, כדי איך זאָל נישט קאַליע מאַכען מיינע חברים. מען האָט מיר געגעבען אַ יונגערן גלח, וואָס האָט געקאָנט זעהר שען ריידען, דאָס הייסט צוזאַמענשטע-לען אַ לאַנגע פראַזע. איך ווייס נישט, צי איז ווען אַ דאָקטאָר טעאָלאָגיע געווען מער צופרידען מיט זיך, איידער ער. פונ-דעסטוועגען פלעג איך גאָרנישט אַראָבפאַלען ביי זיך. סוף-כל-סוף האָב איך דאָך פערשטאַנען, אַז איך טו דאָס, וואָס איך דאַרף

טאָן און געגומען אים זיכער ענטפערן, סטאַרענדיג זיך, ווא־
מען קאָן, צושלאָגען מיין געגנער. ער האָט געבראַכט ציטאַ־
טען, איך האָב געבראַכט ציטאַטען. פונדעסטוועגען פלעגט ער
מיך שטענדיג צושלאָגען, מחמת צוויי סבות: ערשטענס, איז אויף
זיין זייט געווען די מאַכט; אין אַ געוויסען אופן האָב איך מיך
געפיהלט ביי אים אין די הענט; נישט געקוקט אויף מיין יונג־
קייט, האָב איך פערשטאַנען, אַז מען טאָר אים נישט אינגאַנצען
אַרויסברענגען פון די כלים: איך האָב גאַנץ גוט פערשטאַנען,
אַז דער קליינער אַלטמעטשקער גלח איז געווען קנאַפּ-וואָס ענט־
ציקט סיי פון מיין ערודיציע און סיי פון מיר גופא. צווייטענס,
איז דער יונגער גייסטליכער געווען דערפאַרען, און איך נישט.
זיין ענטפער האָט דעריבער געהאַט אַ סיסטעם, וואָס איך האָב
עס נישט געקאָנט כאַפּען. אויסערדעם, אַז איך פלעג אים פלוצ־
לונג און געראָטען ענטפערן, פלעגט ער דעם ענין אָבלעגען אויף
מאָרגען און דערביי פלעגט ער זאָגען, אַז איך טרעט-אָב פון
דעם בעהאַנדלטען געגענשטאַנד. טיילמאָל פלעגט ער גאָר איך
אָכט נישט נעמען אַלע מיינע ציטאַטען, פערזיכערנדיג, אַז זיי
זענען פאַלשע און פלעגט מיר הייסען ברענגען דאָס בוך, וואו
זיי דאַרפען זיך געפינען. ער האָט געפיהלט, אַז ער איז אוי־
סער געפאַר.

מיינע מדרכים האָבען בעדאַרפט האָבען אַ גאַנצען חדש,
צו דערשלאָגען זיך דעם הויכען כבוד—טויפען דעם פער'עקשנ־
טען פראָטעסטאַנט.

צולעצט, האָב איך בעקומען די געהעריגע הדרכה און עס
איז איינגעפונען געוואָרען, אַז איך קאָן שוין מאַכען דעם אי־
בערשפרונג. מיט אַ פייערליכער פּראָצעסיע האָט מען מיך אָבגע־
פירט אין קירך אַריין. דאָרט האָב איך מיך עפענטליך אָבגעזאָגט
פון מיין פריערדיגער אמונה, און לאָטש מיך האָט מען נישט
בעדאַרפט טויפען מיט אַלע פיטשעווקעס, דאָך בין איך אונטער־
געוואָרפען געוואָרען די אַלע מנהגים, וואָס קומען-פאָר ביים טוי־
פען. דאָס איז געמאַכט געוואָרען צוליב דעם, דער עולם זאָל
זיך איבערצייגען, אַז פראָטעסטאַנטען זענען נישט קיין קריסטען.

מען האָט מיך אָנגעטאָן אין אַ גרויען מלבוש מיט ווייסע אָנניי-עכטסען; דער דאָזיגער מלבוש דינט בלויז צו אַזוינע צוועקען. צוויי מענשען האָבען געטראָגען פאָראויס און הינטער מיר מע-שענע טאַצען, אין וועלכע זיי האָבען געקלאַפּט מיט שליסלען. אין די טאַצען האָט מען געוואָרפען נדבות. יעדער האָט געגע-בען אַ נדבה לויט זיין פרומקייט אָדער לויט'ן מיטלייד, וואָס ער האָט געפיהלט צו דעם איבערגעוואָרפענעם. מיט איין וואָרט, עס האָט קיין זאַך נישט געפעלט, אַז די צערעמאָניע זאָל האָבען וואָס מער פּאַראַד און זאָל מיך וואָס מער דערנידערן. עס האָט נאָר געפעלט דער ווייסער מלבוש, וואָס וואָלט מיר דערנאָך צו-ניץ געקומען. מען האָט עס מיר נישט אַוועקגעשענקט, ווייל איך האָב נישט געהאַט די ערע צו זיין אַ יוד.

דערמיט האָט זיך עס נאָך נישט געענדיגט; מען האָט מיך אַוועקגעפירט אין הויז פון דער אינקוויזיציע. דאָרט האָב איך בעדאַרפט בעקומען די לעצטע מחילה. דאָס אויסזעהן און די מאַנירען פון דעם אינקוויזיטאָר האָבען מיך נישט געקאָנט בע-פרייען פון דעם שרעק, וואָס איז מיך בעפאַלען, בשעת איך בין אַריין אין דעם כמאַרנעם בנין. דער אינקוויזיטאָר האָט מיר גע-שטעלט עטליכע פראַגען—ווי גלויב איך, וואָס טו איך, וואָס איז מיט מיין פאַמיליע, און פלוצלונג האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן, צי וועט שוין מיין מאַמע קיין תקומה נישט האָבען. די אימה האָט דערשטיקט אין מיר די ערשטע שפירונג פון כעס, און איך האָב אים בלויז געענטפערט, אַז איך פערהאָף, אַז מיין מאַמע וועט האָבען אַ תקון, אַז דער אויבערשטער וועט זיך מרחם-זיין אי-בער איר אין דער לעצטער שעה. דער אינקוויזיטאָר איז אַנט-שוויגען געוואָרען, אָבער ער האָט געמאַכט אַזאַ מינע, אין וועל-כער איך האָב נישט געפונען קיין שום הסכמה צו מיינע ווערטער.

ווען דאָס אַלץ האָט גענומען אַנ'עק, ווען איך האָב שוין געטראַכט, אַז אָט גיט מען מיר אַ שטעלע, וואָס זאָל האַרמאָ-נירען מיט מיינע טרוימען, האָט מען מיר איבערגעגעבען אַ צוואַנציג פראַנק—דער סך-הכל פון די נדבות און משלח געווען מען האָט מיר געהייסען זיין אַ גוטער קריסט, זיין גוט און פרום

און געוואונשען גליק אין לעבען. די טיר האָט זיך פערמאַכט, אַלץ איז פערשוואונדען געוואָרען.

אויף אַזאַ אופן זענען אין אַ רגע צורונען געוואָרען אַלע מיינע האָפנונגען, און פון דעם אייגענוצינגען שריט, וואָס איך האָב געמאַכט, איז מיר נאָר געבליבען דאָס בעוואוסטזיין, אַז מען האָט מיך געמאַכט פאַר אַ רענעגאַט און אָבגענאַרט. מען קאָן זיך לייכט פאָרשטעלען דעם אונטערשיד פון מיינע האָפנונגען און דער ווירקליכקייט. איך בין אַראָבגעפאַלען פון אַ גלענצענדער הויך אין אַ טיפער נויט אַריין. אינדערפריה האָב איך נאָך נישט געוואוסט, וואָס פאַר אַ פּאַלאַץ זיך אויסצוקלויבען, און אין אָוועַנד בין איך געצוואונגען געווען צו שלאָפען אויף דער גאַס.

די לעזער וועלען אודאי מיינען, אַז איך בין אינגאַנצען פער'יאוש'ט געוואָרען און דער געדאַנק, אַז איך אַליין האָב מיט אייגענע הענט זיך בעשאַפען דאָס אימגליק, האָט מיך אינגאַנצען דערשלאָגען. עס הויבט זיך גאָרנישט אָן. דאָס ערשטע מאָל אין לעבען בין איך אָבגעזעסען גאַנצע צוויי חדשים אין אַ מין געפענגעניש און די ערשטע שפּירונג מיינע איז געווען דאָס בעוואוסטזיין פון פרייהייט. נאָך דער דאָזיגער תפיסה בין איך געוואָרען אַ בעל-הבית איבער זיך און אַ בעל-הבית איבער מיינע מעשים; איך האָב מיך געפונען אין אַ גרויסער שטאָדט, וואו עס דאַרפען זיין מיטלען צום לעבען, וואו עס זענען דאָ אַזוי פיל גבירים אדירים, וואָס אַז זיי וועלען זיך דערוויסען פון מיינע מעלות, וועלען זיי באַלד קומען צו מיר. אויסערדעם, האָב איך געקאָנט וואַרטען. די צוואַנציג פראַנק, וואָס זענען געלעגען ביי מיר אין קעשענע, האָבען מיר אויסגעוויזען, ווי אַ אונדערשעפּליכער אוצר, איך האָב געהאַט דאָס רעכט צו טאָן מיט'ן געלד, וואָס איך וויל, און קיינעם קיין דין וחשבון נישט אָבגעבען! דאָס ערשטע מאָל אין לעבען בין איך געווען אַזוי רייך. איך האָב גאָרנישט גע'דאגה'ט און גאָרנישט געווען פערצווייפעלט, עס זענען נאָר געענדערט געוואָרען מיינע האָפנונגען. מיין אַמביציע האָט פון דער דאָזיגער ענדערונג גאַנץ וועניג געליטען.

ביז אַהער האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געפיהלט אין זין אַזאַ זיכערקייט און רוהיגקייט. מיר האָט אויסגעוויזען, אַז איך האָב שוין דערגרייכט מיין ציל און זיך געכּרעהט, וואָס איך אַליין האָב עס אַלץ געמאַכט.

קודם-כל האָט זיך מיר געוואָלט צופרידענשטעלען מיין נייגעריגקייט און בעזעהן די שטאָדט—לאָמיר כאָטש אויסניצען מיין פרייהייט. איך בין געגאַנגען אַ קוק טאָן אויפ'ן קעניגליכען פּאַלאַץ, אָבער מיט שרעק האָב איך מיך דערנענטערט צו איס; נאָר אַז איך האָב בעמערקט, ווי אַנדערע געהען-אַריין אַהין, האָב איך זיי נאָכגעטאָן. קיינער האָט מיך נישט אָבגעשטעלט. מעגליך, אַז דאָס איז געווען צוליב דעם קליינינטשקען פּעקעלע, וואָס איך האָב געטראָגען אונטער'ן אָרים.

אַריינגעגאַנגען אין פּאַלאַץ, האָב איך אָנגעהויבען זעהר האַל-טען פון זיך. איך האָב מיך שוין געהאַלטען פאַר אַנ'איינוואוינער פון פּאַלאַץ. אָבער איך בין לסוף מיד געוואָרען און געוואָלט עסען. הייס איז געווען. איך בין אַריין אין אַ מילכקרעמעל. דאָרט האָב איך געקראָגען זויערמילך, אַ צוויי שטיקלעך פּרעכטיג פּיעמאָנטער ברויט, מיט וועלכען איך קאָן נישט פערגלייכען קיין שום ברויט אין דער וועלט, און אַזוי האָב איך געהאַט איינעם פון די בעסטע מיטאָגען אין מיין לעבען.

איך האָב זיך בעדאַרפט אויסזוכען אַ שטיקעל וואוינונג. דאָס איז געווען נישט איבעריגס שווער, וואָרום איך האָב שוין עטוואָס גערעדט פּיעמאָנטיש. אַנ'אָרט, וואו צו וואוינען, האָב איך אויסגעקליבען פּאַרזיכטיג, און דערביי האָב איך זיך נישט גערע-כענט מיט מיינע געשמאַקען, נאָר מיט מיין בייטעלע. מען האָט מיר אָנגעוויזען אויף אַ זעלנערס אַ פרוי, וואָס ביי איר פלעגען איבערנעכטיגען משרתים אָהן שטעלעס און צאָלען איר אַ קאָפּי-קע פאַר אַ נאַכט. געווען דאָרט נאָך אַ לעדיג געלעגער האָב איך עס אָנגעדונגען. אַלע האָבען דאָרט געשלאָפען אין איין צימער—די מוטער, די קינדער, די קוואַרטיראַנטען. און אַזוי איז געווען די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב דאָרט געוואוינט. דאָס איז געווען זעהר אַ בראַווע פרוי, וואָס האָט זיך געזידעלט, ווי אַ בעל-עגלה,

געגאַנגען קרוע-בלויע, מיט אַ נישט-געקאַמטען קאָפּ, אָבער זי האָט געהאַט אַ גוט האַרץ. איך בין איר געפעלען געוואָרען און זי פלעגט מיר טאָן זאָגאַר אַ טובה.

די ערשטע עטליכע טעג האָב איך נאָר געטאָן אַ'ן אַרומ-געגאַנגען איבער די גאַסען, געקוויקט זיך מיט דער פרייהייט און צופרידענגעשטעלט מיין נייגעריגקייט. איך האָב געשפּאַנט איבער טורין און זיין אומגעגענד, בעקוקט און בעטראַכט אַלץ, וואָס מיך האָט אינטערעסירט אָדער אויסגעוויזען ניי, און פּאַר אַ יונ-געמאַן, וואָס איז נאָר-וואָס אַרויס פון געפענגעניש, וואָס האָט קיינמאָל נישט געזעהן קיין הויפּטשטאָדט, האָט אַלץ געהאַט דעם רייץ פון אַ נייס. בעזונדערס האָב איך מיך געסטאַרעט פּינקטליך צו בעזוכען דעם קעניגליכען הויף און אַלע טאָג געווען אויף דער קעניגליכער מעסע. זיין אין איין קאַפּעלע מיט'ן קעניג און דער סוויטע האָט מיר עפּ"כ אויסגעוויזען זעהר אָנגענעם. צוריק-גערעדט, האָט די ליבע צו מוזיק, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבען אַרויסווייזען אין מיר, געצויגען מיך אַהין מער, איידער די הויפּפּאַראַדען. מיט די הויפּפּאַראַדען בין איך באַלד געוועגט גע-וואָרען און זיי האָבען אויף מיר שוין קיין איינדרוק נישט גע-מאַכט. אין אָט דער צייט איז ביים סאַרדינער קעניג געווען די בעסטע מוזיקקאַפּעלע אין אייראָפּאַ. אָבער אַנ'ערגערע קאַפּעלע וואָלט אויך געקאָנט צוציהען אַ יונגעל, וואָס אַ קלאַנג פון אַ ליאַ-דע אינסטרומענט האָט אים ענטציקט, קוים האָט מען נאָר גע-שפּילט נישט פאַלש. קוקענדיג אויפ'ן עשירות און גלאַנץ פון דעם הויפּפּאַלאַץ, האָט מיך אַרומגעכאַפּט עפּיס אַ טעמפּע ענטצי-קונג, אָהן אַ שום קנאה. אין דער דאָזיגער גלענצענדער מחנה האָב איך נאָר געוואָלט געפינען אַ יונגע פּרינצעסין, וואָס זאָל מיך ווערט זיין, און פערפירען מיט איר אַ ראָמאַן.

איך האָב שוין שיער נישט אָנגעהויבען אַ ראָמאַן אין אַנ'-אַנדערער, נישט אַזאַ גלענצענדער געזעלשאַפט, און ווען איך וואָלט די זאַך דערפירט ביז'ן סוף, וואָלט איך דאָ זיכער געפו-נען טויזענד מאָל מער פערגעניגען.

איך האָב אפילו געלעבט עקאָנאָמיש, אָבער מיין בייטעלע

איז אַלץ לעדיגער געוואָרען. איבעריגענס, מיין עקאָנאָמיע איז נישט געקומען פון פאַרזיכטיגקייט, נאָר ווייל איך האָב ליב פשוט׳ע געוועגליכע עסענס — אַ געוועגהייט, וואָס איז מיר פער־בליבען ביז איצט. איך האָב נישט געוואוסט און ווייס נאָך איצט אויך נישט פון בעסערע שפייזען, איידער די דאָרפישע. מילך, אייער, גרינס, קעז, טונקעל ברויט — דאָס האָב איך ליב. מיין גוּ־טער אַפּעטיט וועט נישט איבערגעריסען ווערען, ווען דער מעטר־דאָטעל און די קעלנער, וואָס רינגלען מיך אַרום, וועלען ביי מיר נישט צונעמען יעדע לוסט צו עסען. אין יענער צייט פלעג איך פאַר זעקס־זיבען קאָפּיקעס עסען אַ מיטאָג מיט מער הנאה, איידער דערנאָך פאַר זעקס—זיבען פראַנק. באַרנעס, קעז, ברויט און עטליכע גלעזלעך פשוט׳ען וויין, מיט וועלכען איך פלעג פערטרינקען דאָס עסען, פלעגען מיך מאַכען פאַר דעם גליקליכ־סטען פון עסער. אָבער אפילו אַזוינע מיטאָגען האָבען אויך גע־קאָנט אַוועקהרג׳ענען מיינע צוואַנציג פראַנק. מיט יעדען טאָג האָב איך אַיינגעזעהן, אַז דער סוף רוקט זיך צו זיי אַלץ נעגטער און נענטער, און נישט געקוקט אויף דעם לייכטזין פון מיינע יאָרען, בין איך אַריינגעפאַלען אין גרויס פחד אי־בער מיין צוקונפט. די אַלע מיינע האָפנונגען זענען פערביטען געוואָרען אויף איין האָפנונג: קריגען אַ בעשעפטיגונג, וואָס זאָל מיר געבען די מעגליכקייט דורכצולעבען זיך, און אויך דאָס איז געווען אונמעגליך.

איך האָב געטראַכט פון מיין פריערדיגער אַרבייט, אָבער איך האָב זי נישט געקאָנט אויף אַזוי פיל, אַז איך זאָל מיך בעשליסען אַריינצוגעהן צו אַ גראַווירער; אגב זענען גראַווירער־ווערקשטאַטען וועניג געווען אין טורין. אויסוואַרטענדיג אויף עפּיס בעסערס, בין איך דערווייל אַרומגעגאַנגען פון אַ קראָם צו אַ קראָם און געבעטען אַרבייט. איך האָב געזאָגט, אַז איך קאָן גראַווירען מאָנאָגראַמען און הערבען אויף געפעסען און געוואָלט צוציהען בעשטעלער דורך אַ ביליגען פרייז. נאָר דאָס האָט אויך וועניג געהאָלפען. טאָמער האָב איך יאָ געפונען אַ שטיקעל אַר־

ביים, האָט מען מיר דערפֿאַר אַזוי ביליג בעצאָלט, אַז עס האָט קוים געקלעקט אויף עטליכע מיטאָגען.

נאָר איינמאָל בין איך גאַנץ פֿריה אַדורכגעגאַנגען אַ גאַס און דערזעהן דורכ'ן פענסטער פון אַ מאַגאַזין אַ יונגע קרעמע-רין, וואָס האָט געהאַט אַזאַ פריינדליך און חנ'עווריג געזיכט, אַז, נישט-געקוקט אויף מיין שעמעריי בנוגע צו פרויען, בין איך באַלד אַריין צו איר אין קראָם און פאָרגעלעגט מיין קליינישקען טאַלענט. זי האָט מיך נישט אַדורכגעטריבען; זי האָט מיך געבעטען זיצען. דערצעלען איר פון מיין לעבען, דערביי האָט זי בעדויערט מיינע צרות און געראַטען נישט צו פאַלען פון מוט; גוטע מענשען וועלען מיך נישט פערלאָזען. דערנאָך האָט זי געשיקט צום דערבייאיגען יובעלירער נאָך אינ-סטרומענטען, אין וועלכע איך האָב מיך גענויטיגט, און גע-בראַכט מיר אייגענהענטיג פרישטיג פון קיך. דאָס אַלץ האָט מיר אויסגעזעהן, ווי אַ גוטע התחלה. איך האָב מיך נישט גענאַרט. דער יונגער פרוי איז, אַפנים, געפעלען געוואָרען מיין אַרבייט. נאָך מער איז איר געפעלען געוואָרען מיין פלוידעריי און אַז איך בין מער געוועזט געוואָרען מיט איר, האָב איך היבש גע-פלוידערט. זי האָט אפילו אויסגעזעהן זעהר פריינדליך, פונדעסט-וועגען פלעג איך מיך תחילת שעמען פאַר איר: זי איז געוועזן צופיל געפוצט און מאַעסטעטיש. אָבער די פריינדליכקייט אירע, דער האַרציגער טאָן בשעת'ן אויספרעגען מיך, די צאַרטע מאַני-רען אירע האָבען מיר באַלד צוגעגעבען מוט. איך האָב בעמערקט מיין ערפאָלג און דאָס האָט מיר געהאָלפען פערגרעסערן אים. נישט-געקוקט אויף דער איטאַליענישער אָבשטאַמונג פון דער יונגער קרעמערין און אויף איר זעלטענער שענקייט, וואָס האָט זי עטוואָס געמאַכט פאַר אַ קאָקעטין, האָב איך דאָך נישט באַלד געקאָנט ווערען נאָנט מיט איר. זי איז געוועזן צו-פער-באָרגען דערצו, און איך—צו-שעמעדיג. צוריק-גערעדט, האָבען מיר אויך נישט געהאַט די מעגליכקייט צו דערפירען ביז'ן סוף אונזערע סימפּאַטיעס צווישען איינאַנדער. אָבער דאָס גיט-צו נאָך מער רייץ דער ערינערונג וועגען די קורצע מינוטען, וואָס איך

האָב פערבראַכט מיט דער יונגער איטאַליענערין. איך מעג זאָגען, אַז פאַר דער צייט פון מיין צוזאַמענקומען מיט איר, האָב איך גענאָסען די זיסטע פערגעניגענס פון ליבע. די גוטסקייט, וואָס איז געלעגען אין יעדען שטריך פון דעם רייצענדיגען, העכסט-פיקאַנטען פנימ׳ל פון דער שענער ברונעטין, האָט אויך אויסגעוויכט די רירעוודיגקייט פון געזיכטסצוג. גערופען האָט מען זי פרוי באַזיל.

דער מאַן אירער, אַ מענש זעהר אַנ׳אויפעריגער און עלטער פאַר איר, האָט זי פאַר׳ן אַוועקפאָרען איבערגעלאָזען זונטער דער השגחה פון פריקאַזטשיק; דער דאָזיגער פריקאַזטשיק, וואָס איז געווען מער כעס׳ן איידער אָנגענעמער מאַן, האָט, קענטיג, אויך געהאַט אַנ׳אויג אויף פרוי באַזיל, אָבער אַרויסגעוויזען האָט ער עס בלויז דורך כעס. ער האָט מיך נישט ליב געהאַט, אָבער מיר פלעגט שטאַרק געפעלען זיין שפּילען אויפ׳ן פלייט—ער האָט גוט געשפּילט. ער פלעגט זיין שטאַרק נישט צופרידען, בשעת איך פלעג אַריינקומען צו זיין דאַמע און האָט זיך בעצויגען צו מיר מיט פעראַכטונג. פרוי באַזיל האָט אים געצאָלט מיט דעמזעלבען. עס האָט זיך אפילו גערדאַכט, אַז זי צערטעלט מיך אומישנע אין זיין געגענוואַרט, כדי צו פייניגען אים. אַזאַ מין נקמה איז מיר אפילו נישט זעהר געווען צום האַרצען; עס וואָלט מיר אַ סך מער געפעלען, ווען דאָס וואָלט געטאָן געוואָרען, בשעת מיר זענען געווען אַליין, אונטער פיר אויגען. אָבער פרוי באַזיל האָט נישט דערפירט איר נקמה צום דערוויַדערטען פריקאַזטשיק ביז אַזאַ מדרגה, און בשעת מיר פלעגען בלייבען אַליין, פלעגט זי זיך האַלטען אַנז׳ערש. צי זי האָט איינגעפונען, אַז איך בין צו-יונג, צי זי האָט נישט געקאָנט מאַכען די ערשטע שריט, אָדער זי האָט באמת געוואָלט בלייבען ריין—נאָר אויג-אויף-אויג פלעגט זי זיין מיט מיר איינגעהאַלטען. דאָס האָט מיך נישט אָבגעשטויסען, אָבער שטאַרק פערשעמט—פאַרוואָס ווייס איך אַליין נישט. הגם איך האָב נישט געפיהלט צו פרוי באַזיל יענע אויפריכטיגע און הויכע אַכטונג, וואָס איך האָב געשפּירט צו פרוי דע-וואַרען, דאָך האָב איך מיך פאַר

דער ערשטער מער געשעמט, איידער פאר דער צווייטער; מיט איר האָב איך מיך נישט געקאָנט אזוי פריי בעגעהן, ווי מיט פרוי ד ע-וו אַ ר ע ן. איך האָב געציטערט, נישט געקאָנט קוקען אויף איר, נישט געוואַגט צו אָטעמען נעבען איר, און דאָך האָט זיך מיר שרעקליך נישט געוואָלט שיידען מיט איר. מיט דורש־טיגע אויגען האָב איך, אונבעמערקט פאַר איר, געקוקט אויף אַלץ, וואָס איז מיר געווען געפעלען אין איר אָדער אין אירע קליי־דער. איך האָב געגעסען מיט די אויגען די בלומען פון איר קלייד, דאָס שפיצעל פון איר שענעם שיכעל, דאָס שטיקעלע ווייסע האַנט, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צווישען דער האַנטשו און דעם אַרבעל, און די הויט, וואָס האָט טיילמאָל דורכגעלויכטען צווישען דעם אויסשניט פונ׳ם קלייד און דעם טיכעל. איין איינ־דריק האָט פערשטאַרקט דעם צווייטען. דאָס, וואָס איז דערלויבט געווען צו זעהן און נאָך עטוואָס מער, האָט מיר פערשאַפט גרויס תענוג, אָבער איך האָב געפיהלט, אַז מיין בליק ווערט צומישט, דאָס האַרץ צוזאַמענגעדריקט. מיט גרויס מיה האָב איך רעגולירט דעם אָטעם, וואָס האָט זיך אַלץ מער און מער פער־האַקט; איך האָב מיך נאַר געסטאַרעט, דאָס אָטעמען זאָל זיך נישט הערען, וואָס איז געווען זעהר שווער אויסצופירען, מחמת אין צימער איז געשטאַנען אַ שטילשווייגעניש. צום גליק, פלעגט פרוי ב אַ ז י ל זיין בעשעפטיגט מיט איר אַרבייט און האָט עס, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, נישט בעמערקט. דאָך האָב איך טיילמאָל געזעהן — מסתמא, צוליב דער סימפּאַטיזירונגסקראַפט — ווי דאָס טיכעלע פלעגט איר ציטערן. אָט דאָס געפערליכע בילד פלעגט מיר שוין אינגאַנצען צומישען דעם מח, און בשעת איך פלעג זיין גרייט, אַ צומישטער, פאַלגען מיינע צופלאַמטע געפיה־לען, פלעגט זי זיך גראַד אין דער מינוט ווענדען צו מיר מיט זעהר אַ רוהיגער בעמערקונג, און איך פלעג קומען צו זיך.

אַ סך מאָל בין איך געזעסען מיט איר אויג־אויף־אויג, און נישט זי און נישט איך האָבען נישט אַרויסגעוויזען סיי דורך אַ זשעסט און סיי דורך אַנ׳אויסדריקליכען בליק, אַז מיר פערשטע־הען איינער דעם צווייטען. אַזאַ מין לאַגע, שטאַרק פיינליך פאַר

מיר, האָט מיר אָבער אויך פערשאַפט זעהר זיסע מינוטען און, פשוט בעזאָגט, האָב איך אפשר קוים-קוים פערשטאַנען, פאַרוואָס איך האָב מיך אַזוי געפּיינינגט. עס האָט אויסגעוויזען, אַז איר געפעלט אויך צו זיין מיט מיר אונטער פיר אויגען, לפחות, האָט זי מיר געגעבען אָפטע געלעגענהייטען צו פערבלייבען אַלבעיאַנד, אָבער אויסגעניצט האָבען מיר עס גאַנץ אונשולדיג.

איינמאָל זענען איר זעהר דערעסען געוואָרען די טעמפּע געשפּרעכען פון פריקאַזטשיק און זי איז אַוועק צו זיך אין צי-מער. איך בין געזעסען אין דעם הינטערשטען טייל פון געשעפט, האָב אַלץ געהערט און זיך צוגעאיילט גיכער צו ענדיגען מיין אַרבייט. געענדיגט—בין איך אַוועק צו דער פרוי באַזיל. אונבעמערקט בין איך אַריין צו איר אין צימער; זי איז געזעסען ביים פענסטער, מיט'ן פּלייצע צום טיר און אויסגעהאַפט. זי האָט נישט געקאָנט בעמערקען, ווי איך בין אריין, נישט געקאָנט הערען מיינע טריט: דרויסען האָט געראַשט פון שווערע פורען. זי איז שטענדיג געגאַנגען שען אָנגעטאָן, דאָסמאָל איז זי געווען בעזונדערס שען געקליידט, כמעט קאָקעטיש. די יונגע פרוי איז געזעסען אין אַ גראַציעזער פּאָזע. איר אָנגעבויגטער קאָפּ האָט געלאָזט זעהן איר ווייסען האַלז; בלומען האָבען געפּוצט איר פיין-אויפגעהויבענער פריזור. איבער איר גאַנצער פיגור איז געווען אויסגעגאָסען עפּיס אַ זעלטענער רייץ. איך האָב געהאַט צייט אָנצוזעהן איר שענקייט, און פער'שכור'ט בין איך געוואָרען. איך בין געפאַלען אויף די קניה דאָרט, וואו איך בין געשטאַנען, און ליידענשאַפטליך אויסגעצויגען צו איר די הענד. איך בין געווען זיכער, אַז זי וועט נישט דערזעהן און נישט דערהערן, אָבער ביים קאַמין איז געהאַנגען אַ שפּיגעל, און ער האָט מיך אויסגעגעבען. איך ווייס נישט, וואָס פאַר אַ רושם עס האָט געמאַכט אויף איר מיין געפיהלאויסברוך; זי האָט מיר גאָרנישט געזאָגט, נאָר אַ קוק געטאָן אויף מיר און מיט אַ פינ-גערבעוועגונג אָנגעוויזען אויף אַ האַפּטדעקע, וואָס איז איר געלעגען ביי די פיס. איך האָב אַ ציטער געטאָן, אויסגעשריען און בעוואָרפען זיך צו איר. דאָס אַלץ האָט געדויערט אַנ'אויגענבליק,

אָבער מען וועט מיר קוים גלויבען, ווען איך וועל זאָגען, אַז איך האָב נישט געוואַגט אַ וואָרט אַרויסצורײדען, די אויגען אויפ־הויבען, צורירען זיך, אָנהאַלטען זיך אָן איר קניה. איך בין אַזוי פערבליבען אין אַן׳אונבעקוועמער פּאָזע נעבען אירע פיס. איך האָב געשוויגען, זיך נישט בעוועגט און, נאַטירליך, נישט געווען רוהיג. איך בין געווען פול אויפרעגונג, שמחה, דאַנקבאַרקייט און פול הייסע אונבעשטימטע פערלאַנגען, וואָס זענען איינגעהאַלטען געוואָרען אויס מורא נישט צו דערצאָרנען יענע, וואָס אויף איר סימפּאַטיע האָט מיין יונג האַרץ נישט געקאָנט האָפען.

זי האָט אויך אויסגעוויזען אַזוי דערשראָקען און אויפגע־רעגט, ווי איך. אויפגערעגט דורך מיין נאָנטקייט, אַליין נישט־וויסענדיג, ווי אַזוי איך בין דאָ איר געפאַלען צו די פיס, האָט זי שוין אָנגעהויבען זעהן די פאָלגען פון מיין אונבעקלערטען שריט; האָט זי מיך נישט צוגעצויגען צו זיך און אויך נישט אָבגעשטויסען. זי האָט נישט אָבגעקערט די אויגען פון איר אַר־בייט און געמאַכט אַ מינע, ווי זי וואָלט מיך נישט געזעהן ביי אירע פיס. אָבער נישט-געקוקט דערויף, וואָס איך בין געווען נאַריש, האָב איך דאָך געזעהן, אַז איר ווערט איבערגעגעבען מיין אויפ־עגונג און, מעגליך, אויך מיינע בעגערן, נאָר עס האַלט זי אָב די בושה, וואָס איז ענליך צו מיינער. דאָך האָט דאָס אַלץ נישט געגעבען מיר דעם מוט גובר צו זיין די שע־מעדיגקייט. פרוי ב אַ ז י ל איז אינגאַנצען עלטער געווען פאַר מיר מיט אַ פינף-זעקס יאָר, און דעריבער איז ביי מיר אויסגעקומען, אַז זי בעדאַרף מאַכען דעם ערשטען שריט. איך האָב זיך גע־זאָגט: „גיט זי מיר נישט קיין רמז, איך זאָל זיין דרייסטער, הייסט עס, אַז זי וויל עס נישט". אפילו איצט געפין איך אײן, אַז איך האָב דעמאָלט לאָגיש געטראַכט, און, געוויס, זי איז גע־ווען געגוג קלוג און האָט געקאָנט פערשטעהן, אַז אַזאַ אונפּראַק־טישען, ווי איך, האָט מען בעדאַרפט נישט בלויז צוגעבען מוט, נאָר אויך אויפקלערן.

איך ווייס נישט, מיט וואָס עס וואָלט זיך געענדיגט די־דאָזיגע שטומע סצענע, וואָס האָט אָבער געהאַט אַ סך אויפרע־

גיגג, אָדער וויפיל צייט איך וואָלט פערבראַכט אין אַט דער קאַמישער, נאָר זעהר זיסער לאַגע, ווען מען וואָלט אונז נישט געשטערט. אין דער אייגענער רגע, בשעת מיין אויפרעגונג האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה, האָב איך דערהערט אַ קלאַפּ פון דער אויפגעעפּענטער קיכטיר. די קיך איז געווען דערביי. מיט אַ זשעסט האָט מיר פרוי באַזיל געהייסען אויפשטעהן און גע-זאָגט: „הויבט זיך אויף, ראָזין געהט". איך בין באַלד אויפגע-שפּרונגען, אַ כאַפּ געטאָן איר אויסגעצויגענע האַנט און הייס אַ קוש געטאָן זי. בּיים צווייטען קוש האָב איך דערפיהלט, ווי איר שענע האַנט האָט זיך עטוואָס צוגעדריקט צו מיינע ליפּען. קיינ-מאָל אין לעבען האָב איך נישט איבערגעלעבט אַזאַ זיסע מינוט. נאָך אַזאַ געלעגענהייט האָט זיך שוין מער נישט אונטערגערוקט, און אונזער יונגע ליבע איז ווייטער נישט געגאַנגען.

עס קאָן זיין, אַז טאַקי נאָר דערפאַר איז די געשטאַלט פון דער יונגער פרוי אָנגעצייכענט אין דער טיפעניש פון מיין האַרצען מיט אַזוינע כשופ'דיגע שטריכען. די געשטאַלט איז נאָך שענער געוואָרען, ווען איך האָב בעסער דערקאָנט דאָס לעבען און פרויען. ווען פרוי באַזיל וואָלט כאָטש עטוואָס פּראַקטי-שער געווען, וואָלט זי, פערשטעהט זיך, אַנדערש געהאַנדעלט. אויב איר האַרץ האָט זיך אַרויסגעוויזען עטוואָס שוואַך, איז עס אָבער געווען ערליך. מעגליך, אַז איר געפיהל צו מיר איז געווען די ערשטע אונטריישאַפט בנונע צום מאַן, און עס קאָן אויך זיין, אַז איך וואָלט בעדאַרפט מער קעמפען מיט איר שעמעריי, איי-דער מיט מיין אייגענער. נעבען איר האָב איך איבערגעלעבט אונגעהויער זיסע מינוטען. קיין שום תענוג, וואָס איך האָב ווען-עס-איז איבערגעלעבט אין די אָרעמס פון אַ פרוי, איז נישט ווערט געווען די צוויי מינוטען, וועלכע איך האָב פערבראַכט ביי די פיס פון פרוי באַזיל און נישט געוואַגט אָנצורירען איר קלייד. ניין, דאָס סאַמע גרעסטע פערגעניגען אין דער וועלט גיט אונז די ערליכע פרוי, וואָס מיר ליבען. איר קלענסטער טאַט—איז אַ חסד. אַנ'אונבעדייטענדע בעוועגונג פון פינגער, אַ דריק מיט'ן האַנד צו מיינע ליפּען—דאָס איז גאָר, וואָס איך

האָב געגעסען פון פרוי באזיל, אָבער די ערינערונגען וועגען אָט די קליינישטשקע חסדים ענטציקען מיך נאָך ביז איצט.

שפעטער האָב איך מיך אומזיסט געסטאַרעט צו פערבלייבען אַליין מיט פרוי באַזיל. זי האָט עס, אַפּנים, נישט געוואָלט. זי האָט זיך אָנגעהויבען בעציהען צו מיר—איך וועל נישט זאָגען—קעלטער, נאָר איינגעהאַלטענער, ווי פריער; און מיר דאַכט זיך, אַז זי האָט אויסגעמידען מיינע בליקען, זי האָט מורא-געהאַט, אַז זי וועט אויך נישט זיין אימשטאַנד צו קוקען פריי אויף מיר. דער פערפלוכטער פריקאַזטשיק איז נאָך ערגער געוואָרען, ווי פריער. ער האָט זאָגאַר גע'חוזק'ט איבער מיר. ער האָט מיר אפילו געזאָגט, אַז איך וועל האָבען ערפאָלג ביי פרויען. איך האָב שטאַרק געציטערט, צי בין איך נישט גענוג פאָרזיכטיג און האָב מיך געסטאַרעט איינצעוויקלען דעם סוד אין אַ כלומרשטער געוועגהייט, וואָס מען דאַרף זיך מיט דעם נישט פערבאָרגען. דאָס האָט מיך נאָך מער, ווי פריער, געצוואונגען צו וועלען בלייבען אַליין מיט פרוי באַזיל, אָבער גלייכציטיג האָב איך אויך געוואָלט, אַז מיין פערגעניגען זאָל נישט געשטערט ווערען און דעריבער האָב איך אַלץ נישט געפונען קיין פאַסענדע געלעגענהייט.

אָט איז נאָך אַ ראָמאַנטישע משוגעת, וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געקאָנט געהיילט ווערען פון איר און וואָס האָט צוזאַמען מיט מיין אָנגעבוירענער שעמעריי מיר געשטערט דעם ערפאָלג ביי פרויען. איך נעם מיר דעם מוט צו זאָגען, אַז איך האָב שטענדיג ליב געהאַט אַזוי אויפריכטיג, אַזוי פול, אַז איך האָב לייכט נישט געקאָנט דערגרייכען קיין גליק. נאָך קיינמאָל איז קיינעמס ליידענשאַפט נישט געוועזן הייסער און גלייכציטיג—ריינער פאַר מיינער; נאָך קיינמאָל האָט קיינער נישט געליבט האַרציגער, אויפריכטיגער און ריינער פון מיר. איך בין שטענדיג גרייט-געוועזן אָבצוגעבען דאָס גליק מיינס צוליב דעם וואוילשטאַנד פון דער געליבטער פרוי. איר רעפּוטאַציע איז מיר שטענדיג געוועזן טייערער פון מיין אייגענעם לעבען, און פאַר קיין תענוג אין דער וועלט וואָלט איך נישט מסכים-געוועזן שטע-

לען אין אַ סכנה די רוהיגקייט אירע. צוליב דעם פלעג איך מיך שטענדיג בעגעהן פּאַרזיכטיג און אָבגעהיט מיט פרויען, פערבאַר־ גען פלעגען זיין מיינע טאַטען, און דעריבער בין איך זעלטען געקומען צו אַ גליקליכען רעזולטאַט. איך האָב נישט געהאַט קיין ערפאָלג, ווייל איך האָב צופיל ליב געהאַט.

דער פריקאַזטשיק איז געווען זעהר אַ מאָדנער מענש: וואָס אונדערטרעגליכער מיר האָט אויסגעוויזען דער דאָזיגער מנוול, אַלץ ווייכער איז ער געוואָרען צו מיר. פרוי באַזיל, ווען איך בין געפעלען געוואָרען פון ערשטען טאָג, האָט בעשלאָסען צו געבען מיר אַן אַרבייט אין געשעפט. איך האָב נישט שלעכט געוואוסט אַריטמעטיק, האָט זי פאָרגעלעגט דעם פריקאַזטשיק, ער זאָל מיר געבען פירען די ביכער; אָבער דעם אויפעריגען יונג איז עס נישט געפעלען געוואָרען. ער האָט, מסתמא, מורא גע־ האַט, איך זאָל ביי אים נישט צונעמען די שטעלע. זענען, אַל־ זאָ, מיינע בעשעפטיגונגען, אויסער גראַווירען, בעשטאַנען דערין, וואָס איך האָב איבערגעשריבען מאַנכע חשבונות און פאַפּירלעך, אַראָבגעווישט דעם שטויב פון ביכער און איבערגעזעצט בריף פון איטאַליעניש אויף פראַנצויזיש. פלוצלונג איז דער פריקאַז־ טשיק גוט געוואָרען און פאָרגעלעגט אויסצולערנען מיר דאָפּעל־ טע בוכהאַלטעריע, ווייל ער װיל מיר געבען אַ מעגליכקייט צו אַרבייטען ביים הער באַזיל, בשעת יענער וועט זיך צוריק־ קערן. אין זיין קול און אין דעם אויסדרוק פון געזיכט איז גע־ לעגען עפּיס פאַלשעס, גאַליגעס, איראָנישעס, וואָס האָט נישט דערוועקט אין מיר קיין צוטרוי. פרוי באַזיל, וואָס האָט נישט געוואַרט אויף מיין ענטפער, האָט טרוקען געזאָגט, אַז איך בין אים זעהר דאַנקבאַר, אַז דער מזל וועט זיך, מעגליך, בעסער בעציהען צו מיר און אַז עס איז אַ שאָד, אַז איך מיט מיין פערשטאַנד זאָל ווערען בלויז אַ פריקאַזטשיק.

פרוי באַזיל האָט מיר נאָך פריער נישט איינמאָל גע־ זאָגט, אַז זי וואָלט מיך וועלען בעקאָנען מיט אַ פּערזאָן, וואָס וואָלט מיר געקאָנט ברענגען נוצען (זי האָט גאַנץ גוט פערשטאַ־ נען, אַז זי דאַרף מיך דערווייטערן). דאָנערשטאָג האָבען מיר

ביידע געמאַכט די שטומע ליבעסערקלערונג און זונטאָג איז ביי איר געווען אַ מיטאָג פאַר געסט. איך האָב מיך אויך בעטייליגט. ביים טיש איז אויך געזעסען אַ גייסטליכער מיט אַן אָנגענעם געזיכט. זי האָט מיך אים פאָרגעשטעלט. דער גייסטליכער האָט זיך זעהר וואַרים בעצויגען צו מיר און האָט אַרויסגעזאָגט עטליכע בעמערקונגען מכח מיין לעבען. דערפון האָב איך פערשטאַנען, אַז ער ווייס עס בפרטיות פון פרוי באַזיל. לויט דער אַכטונג, וואָס אַלע האָבען אים אַרויסגעוויזען, האָב איך משער-געווען, אַז דאָס דאַרף זיין זעהר אַ וויכטיגע פערזאָן, און זיין פאָטערליכער טאָן אין די געשפּרעכען מיט פרוי באַזיל האָט מיך איבערצייגט, אַז ער איז איר גייסטליכער פאָטער. איך געדענק, אַז אין זיינע אָנשטענדיג-פאַמיליערע בעציהונגען צו דער גייסטליכער טאָכטער איז אויך געלעגען אַכטונג, וואָס האָט דעמאָלט אויף מיר נישט געמאַכט אַזאַ רושם, ווי עס וואָלט איצט געקאָנט מאַכען. וואָלט איך דעמאָלט קליגער געווען—אַך, ווי מיך וואָלט געריירט דאָס בעוואוסטזיין, אַז איך האָב פעראינטערעסירט אַ יונגע פרוי, וואָס דער גייסטליכער פאָטער אירער האָט אַזוי געשעצט.

דער טיש איז צו-קליין געווען פאַר אונז, האָט מען געדעקט נאָך אַ קליין טישעל. ביי דעם טישעל האָב איך געהאַט דאָס פערגעניגען צו עסען מיט'ן פריקאַזטשיק; דערפון האָב איך גאָרנישט פערלאָרען, נישט אין זין פון אויפמערקזאַמקייט צו מיר און נישט אין זין פון הנאה ביים עסען. אויפ'ן קליינעם טישעל זענען אַרויסגעשטעלט געוואָרען אַ סך טעלער, וואָס זענען, נאַטירליך, געווען בעשטימט נישט בלויז פאַר'ן פריקאַזטשיק אַליין. פון אָנהויב איז אַלץ געגאַנגען גלאַטיג. די פרויען זענען געווען פרעהליך, די מענער העפליך. פרוי באַזיל איז געווען זעהר גאַסטפריינדליך. פּלוצלונג, אין מיטען מיטאָג, האָבען מיר דערהערט, ווי עס האָט זיך אָבגעשטעלט אַן'עקיפּאַזש פאַר דער גאַסטיר, און דערנאָך טריט. דאָס איז געווען דער הער באַזיל. אָט זעה איך, ווי ער קומט-אריין אין אַ טונקעלרויטען סורטוק מיט גאָלדענע קנעפּלעך (פאַרבען, וואָס איך האָב זעהר פיינט געקראָגען

פון יענער צייט). ער איז געווען הויך, שען געבויט און אָנגע-זעהן. אַריינגעקומען איז ער האַסטיג, מיט אַ מינע פון אַ מענשען, וואָס וויל עמיצען כאַפּען, כאָטשביים טיש זענען געזעסען בלויז זיינע פריינד. פרוי באַזיל האָט זיך געוואָרפען דעם מאַן אויפ׳ן האַלז, אָנגענומען אים ביי די הענט און געצערטעלט זיך צו אים, אָבער ער האָט נישט געענטפערט אויף אירע צערטליכקייטען.

באַזיל האָט זיך בעגריסט מיט די געסט, מען האָט אים געמאַכט אַנ׳אָרט ביים טיש און ער האָט גענומען עסען. נאָכ-דעם, ווי ער האָט געענטפערט אויף עטליכע פראַגען מכח זיין רייזע, האָט דער סוחר געוואָרפען אַ בליק אויפ׳ן קליין טישעלע און שטרענג געפרעגט: „וואָס איז דאָס פאַר אַ יונגעל?״ פרוי באַזיל האָט אים נאַאיוו דערקלערט, ווער איך בין. דעמאָלט האָט ער געוואָלט וויסען, צי איך נעכטיג ביי אים אין הויז. „ניין״,— האָט מען אים געענטפערט. „פאַרוואָס נישט?—האָט ער גראָב געפרעגט—אַז דאָס יונגעל זיצט דאָ גאַנצע טעג, פאַרוואָס זאָל ער אויך נישט שלאָפען אין מיין הויז?

האָט זיך אַריינגעמישט דער גייסטליכער. ער האָט זעהר געלויבט פרוי באַזיל און אין קורצע ווערטער געלויבט מיין אויפפירונג און צוגעגעבען, אַז הער באַזיל האָט קיין שום רעכט נישט אָנצופאַלען אויף די גוטע מעשים פון זיין פרוי; פער-קערט. ער אַליין האָט זיך געמעגט בעטייליגען דערין, וואָרום אין איר בעציהונג בנוגע צו מיר איז נישטאָ קיין שום שלעכ-טעס. דער מאַן האָט געענטפערט מיט איינגעהאַלטענעם כעס— ער האָט זיך געשעמט פאַר׳ן גייסטליכען; אָבער פונ׳ם איינגע-האַלטענעם כעס איז פאַר מיר געווען קלאָר גענוג, אַז ער ווייס אַ סך וועגען מיר און אַז שולדיג איז דאָ דער פריקאַזטשיק.

באַלד ווי מיר האָבען זיך אויפגעהויבען פון טיש, האָט מיר דער פריקאַזטשיק געמאָלדען מיט נצחון, אַז זיין הער האָט מיר געהייסען פערלאָזען דאָס הויז און קיינמאָל נישט קומען אַהער. דער פריקאַזטשיק האָט זיך געסטאַרעט איבערצוגעבען דעם דאָזיגען בעפעל אין אַ האַרבען און אַ בעליידיגענדען טאָן. איך האָב גאָרנישט געזאָגט, אַוועקגעגאַנגען, אָבער מיין האַרץ

איז צוריסען געוואָרען פון אומעט. איך האָב ווייניגער געטרויערט דערויף, וואָס איך שייד מיך מיט דער ליבער פרוי; מער האָט מיך געפייניגט דאָס, וואָס איך לאָז זי איבער אויף דער גראָבקייט פון איר מאַן. געוויס, ער איז געווען גערעכט, וואָס ער האָט נישט געוואָלט, אַז זי זאָל אים זיין נישט טריי. אָבער זי איז געווען אַן׳איטאַליענערין, דאָס הייסט זי האָט נישט פערטראָגען קיין בעליידיגונג און האָט געקאָנט צאָלען דערפאַר. כאָטש אַזוי איז זי זיך געווען אַ בעשיידענע פרוי מיט אַ סך גוטע מעלות. מיר דאַכט זיך, אַז בנוגע צו איר איז ער אַרויף אויף אַ פאַלשען וועג, וואָס האָט אים בעדאַרפט זיכער דערפירען צו אַן׳אומגליק, פאַר וועלכען ער האָט זיך געשראָקען. אַזוי האָט זיך געענדיגט מיין ערשטע ליבעפאַסירונג. אַ פאָר מאָל בין איך אַדורכגעגאַנגען פאַרביי פרוי באַזיל׳ס הויז; איך האָב געמיינט אַז איך וועל דערזעהן יענע, וועמען מיין האַרץ האָט נישט אויפגעהערט צו בעדויערן. אָבער אַנשטאָט איר, האָב איך נאָר בעמערקט דעם מאַן מיט׳ן פריקאַזטשיק, וואָס פלעגט מיר מאַכען מיט דער הילף פונ׳ם קראָממאַרשין אַ מער-אויסדריקליכען, איידער אָנגענעמען זשעסט. איך האָב פערשטאַנען, אַז מען היט מיך שטאַרק, בין געפאלען פון מוט און שוין מער אינגאַנצען זיך נישט בעוויזען אויף יענער גאַס. דעמאָלט האָב איך בעשלאָסען לפחות, צו בעזוכען יענעם, וואָס האָט מיך געזאָלט מקרב-זיין, לויט דער רעקאָמענדאַציע פון פרוי באַזיל. צום אומגליק, האָב איך נישט געוואוסט זיין נאָמען. צולעצט, האָבען אַנדערע געשעהענישען פעריאָגט פון מיין זכרון די רייצענדיגע ערינערונג וועגען פרוי באַזיל, און אינגיכען האָב איך זי אינגאַנצען פערגעסען. אין מיר, נאָך אַלץ דעם אונפראַקטישען יונגעל, איז פון דער דאָזיגער פאַסירונג אפילו די לוסט צו שענע פרויען נישט געבליבען.

פרוי באַזיל האָט נישט פערשענערט, נאָר פערבעסערט עטוואָס מיין קליינישקע גאַרדעראָב. ווי אַ בערעכענטע פרוי, האָט זי זיך מער געזאָרגט, איך זאָל זיין אָנגעטאָן נישט אַזוי שען, ווי ריין; זי האָט מיך געוואָלט בעפרייען פון צרות און נויט.

פון גלאַנץ האָט זי נישט געטראַכט. דער סורטוק, וואָס איך האָב געבראַכט פון זשענעוו, איז נאָך געווען אַזוי פיל גוט, אַז איך האָב אים געקאָנט טראָגען. האָט זי נאָר צוגעגעבען צו אים אַ הוט און אַ ביסעל וועש. איך האָב נישט געהאַט קיין מאַנזשע-טען און האָב שטאַרק געוואָלט זיי האָבען, אָבער זי האָט מיר זיי נישט געשענקט. פרוי באַזיל האָט זיך נאָר בעגרענצט דער-מיט, וואָס זי האָט מיר געגעבען די מעגליכקייט אָנצוטאָן זיך ריין, און כל זמן איך פלעג זיין ביי איר, האָב איך נישט בע-דאַרפט דערמאָנען וועגען דעם.

באַלד נאָך מיין קאַטאַסטראָפע האָט דעם זעלנער׳ס פרוי, וואָס האָט זיך, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, זעהר פריינדליך בעצויגען צו מיר, מודיע-געווען מיר, אַז זי האָט פאַר מיר אַנ׳-אָרט, אַז אַנ׳אָנגעזעהענע פרוי וויל מיך זעהן. איך האָב תיכף משער-געווען, אַז עס הויבט זיך אָן איינער פון מיינע ראָמאַנען אין דער הויכער וועלט. דאָס איז געווען מיין ליבסטער טרוים. די אָנגעזעהענע פרוי האָט זיך אויסגעוויזען ווענינער גלענצענד, ווי איך האָב מיך משער-געווען. אָבגעפירט צו איר האָט מיך דער דינער, וואָס, האָט איר געזאָגט וועגען מיר. זי האָט מיך בעטראַכט און געשטעלט עטליכע פראַגען. קיין שלעכטען איינ-דרוק האָב איך אויף איר נישט געמאַכט, נאָר זי האָט מיך אָנ-גענומען נישט, אַלס ליבלינג, חלילה, נאָר אַלס לאָקיי. דאָס איינציגע, וואָס מיך האָט געטרייסט, איז כאָטש געווען דאָס, וואָס אירע דינער האָבען געטראָגען אַקסעלבענדער, און מיר האָט מען עס נישט געגעבען. דערצו זענען די קליידער, וואָס מען האָט מיר געגעבען, געווען אָחן גאַלונען און אויסגעזעהן, ווי גע-וועהנליכע ציווילקליידער. און דערמיט האָבען זיך געענדיגט מיי-נע גאָלדענע האָפנונגען.

די אלמנה פונ׳ם גראַף ווערסעלי, צו וועלכער איך בין אָנגעקומען, האָט נישט געהאַט קיין קינדער. געווען איז זי פון פיטעלער ווואקס, מיט זעהר אַנ׳איידעל געזיכט. זי איז געווען געבילדעט, ליב געהאַט די פראַנצויזישע ליטעראַטור און גוט זי געקאָנט. זי האָט היבש געשריבען און אויך אויף פראַנצויזיש.

די הויפטאַרבייט מיינע, וואָס האָט נישט אַרויסגערופען אין מיר קיין עקעל, איז בעשטאַנען דערין, וואָס איך האָב געשריבען בריף אונטער איר דיקטירונג. איר אַליין האָט עס געשטערט צו טאָן די קרעבסקראַנקהייט.

גרעפין ד ע-ו ו ע ר ס ע ל י איז נישט בלויז געווען זעהר אַ קלוגע פרוי, נאָר זי האָט אויך געהאַט אַ הויכע און אַ שטאַרקע נשמה. איך האָב בייגעווען איר לעצטע קראַנקהייט, געזעהן, ווי זי האָט געליטען יסורים, ווי זי איז לאַנגזאַם אָבגעשטאָרבען און קיין איין מאָל נישט אַרויסגעוויזען קיין שוואַכקייט, נישט געמאַכט קיין שום קענטליכע אָנשטרענגונג איבער זיך, קיין איין מאָל נישט אַרויסגעגאַנגען פון איר ראָל פון אַ פרוי, און איר איז אפילו נישט איינגעפאַלען, אַז זי בעגעהט זיך פילאָזאָפיש. דאָס וואָרט פ י ל אָ ז אָ פ י ע איז נאָך דעמאָלט נישט געווען אין מאָדע, און דער גרעפין איז נישט געווען בעקאַנט דער זין, וואָס ווערט איצט צוגעגעבען דעם דאָזיגען וואָרט. טיילמאָל איז די קראַפט פון איר כאַראַקטער דערגאַנגען ביז טרוקענקייט. איר פלעגט זיך שטענדיג אויסווייזען, אַז זי איז אַזוי ווייניג ווייך צו אַנדערע, ווי צו זיך. זי האָט געטאָן גוטס מיט אומגליקליכע בלויז דערפאַר, ווייל זי האָט עס געהאַלטען פאַר אַ מצוה, אָבער נישט דערפאַר, ווייל זי האָט זיי באמת מיטגעפיהלט. טיילמאָל פלעג איך שפירען אויף זיך איר געפיהלאָזיגקייט.

עס וואָלט געווען נאַטירליך, ווען די גרעפין זאָל ליב בעקומען דעם יונגען פעהיגען בחור'ל, וואָס האָט זיך שטענדיג געפונען ביי איר אויף די אויגען, און פאַר'ן טויט אַ טראַכט טאָן, אַז ווען זי וועט שטאַרבען, וועט ער זיך נויטיגען אין הילף און אין אַנ'אָנהאַלט. אָבער זי האָט פאַר מיר גאָרנישט געטאָן, מעגליך, אויך דערפאַר, וואָס זי האָט איינגעפונען, אַז איך בין נישט ווערט איר אויפמערקזאַמקייט אָדער דערפאַר, וואָס די מענשען, וועלכע האָבען געהאַט אויף איר אַ ווירקונג, האָבען איר געשטערט צו טראַכטען פון עמיץ אַנ'אַנדערן, אויסער זיי.

דאָך געדענק איך אויסגעצייכענט, אַז פרוי ד ע-ו ו ע ר ס ע-ל י האָט יאָ געהאַט אַ פערלאַנג צו דערקענען מיך נענטער. זי

פלעגט מיך טיילמאָל פונאַנדערפרעגען וועגען דאָס און יענס, ליב געהאַט צו זעהן די בריף, וואָס איך פלעג שרייבען צו פרוי דע-וואַרען, ליב געהאַט, איך זאָל איר אָבגעבען אַ חשבון פון מיינע געפיהלען. אָבער צו דערקאָנען מיך האָט זי אויסגע-קליבען אַ שלעכט מיטעל: זי איז נישט געווען אָפּענהערציג מיט מיר. מיין האַרץ האָט זיך ליב אויסצוגיסען, אָבער דערביי זאָל עס פיהלען, אַז עס ווערט אויסגעגאָסען אין אַ צווייט האַרץ אַריין: קאַלטע טרוקענע פראַגען, אָהן דער מינדסטער שפור פון געפעלען אָדער נישט געפעלען ווערען, האָבען אין מיר נישט דערוועקט קיין צוטרוי. ווען איך האָב נישט געוואוסט, צי עס געפעלט מיין פלוידעריי אָדער נישט, האָב איך שטענדיג גע-פיהלט שרעק און האָב מיך שוין אַזוי נישט געסטאַרעט אַרויס-צוזאָגען מיינע געדאַנקען; דערביי האָב איך געטראַכט, אַז איך זאָל, חלילה, נישט אַרויסזאָגען עפּיס אַזוינס, וואָס זאָל מיר שאַ-דען. שוין שפּעטער האָב איך בעמערקט, אַז די טרוקענע מאַניר פון אויספרעגען מענשען מיט'ן צוועק צו דערקאָנען זייער אי-נערליכע וועלט, איז כאַראַקטעריסטיש פאר פרויען, וואָס פרע-טענדירען אויף שכל. זיי מיינען, אַז דערמיט, וואָס זיי וועיזען נישט אַרויס זייערע געפיהלען, וועט זיי זיין לייכטער צו זעהן די געפיהלען ביים צווייטען; אָבער זיי בעמערקען נישט, אַז מיט זייער אייגענער איינגעהאַלטענקייט נעמען זיי צו ביי יע-נעם דעם מוט צו זיין אָפּענהערציג און יענער ווערט פאָרזיכ-טיג. אָבער ווען יענעם וויזט זיך אויס, אַז מען לאָזט אים נאָר ריידען און אַליין איז מען דערביי אַ זייטיגער, אָהן וואַרימ-קייט, הויבט ער אָן צו לייגען, אָדער ער ווערט אַנטשוויגען אָדער ער הויבט זיך אָן זעהר צו היטען. אים איז זאָגאַר אָנגענע-מער, מען זאָל אים אָננעמען פאַר אַ נאַר, איידער ער זאָל נענאַרט ווערען פון פשוט'ער נייגיריגקייט. ווערטו פערבאָרגען דיין האַרץ, ווערטו שלעכט לעזען אין יענעמס האַרץ.

פרוי דע-ווערסעלי האָט מיר קיינמאָל נישט געזאָגט אַזאַ וואָרט, אין וועלכען עס זאָל זיך הערען סימפּאַטיע, מיט-לייד, וואוילגענויגטקייט. זי פלעגט מיך קאַלט פונאַנדערפרעגען,

אין פּלאַג ענטפערן צוריקגעהאַלטען. מיינע תשובות פלעגען זיין אַזוינע שעמעדיגע, אַז זי פלעגט זיי אָננעמען פאַר דערשראָקע־נע און זענען איר אינגיכען דערעסען. די לעצטע צייט האָט זי מיך אויפגעהערט אויסצופרעגען און גערעדט מיט מיר בלויז פון געשעפטזאַכען. פרוי דע-וו ערס על, האָט געהאַט וועגען מיר אַ מיינונג, וואָס האָט זיך ווײניגער געשטיצט דערויף, וואָס איך בין געווען אין דער ווירקליכקייט, נאָר דערויף, ווי אַזוי איך האָב מיך אויפגעפירט; און די אויפפירונג מיינע האָט זיך געווענדט אָן איר.

איך מיין, אַז אויך דעמאָלט בין איך אונטערגעוואָרפען גע־ווען ז׳ער ווירקונג פון מאוס׳ע רכילות׳ן, וואָס האָבען מיך בכלל פערפאָלגט דאָס גאַנצע לעבען און וואָס האָבען מיר גורם-געווען אַ שטאַרקען עקעל צו די אַלע זאַכען, וואָס ווערען אַרויסגערופען פון רכילות. פרוי ווערסעלי׳ס יורש איז געווען איר פלימע־ניק—גראַף דע-לאַ-ראָק, וואָס האָט שטאַרק אַרומגעטאַנצט אַרום ויין מומען. אויסערדעם, האָבען די עלטסטע דינער, וואָס האָבען פערשטאַנען, אַז זי דאַרף אַוועקשטאַרבען, אויך נישט פערגעסען אָן זיך. אַרום איר האָבען געשמייעט אַזוי פיל מענשען, אַז זי האָט גאָר קיין צייט נישט געקאָנט האָבען אַ טראַכט צו טאָן וועגען מיר. דער גאַנצער פערוואַלטער מיט׳ן הויז איז געווען הער לאָרענצי, אַ מענש זעהר אַ געשיקטער. זיין פרוי, נאָך אַ מער געשיקטערע, האָט געקאָנט אַזוי נושא-חן-זיין ביי דער פרוי ווערסעלי, אַז זי האָט מער אויסגעזעהן אַ פריינדין, איידער ווי אַ מענש אויף שכירות. האָט זי אַהין אַריינגעגעבען אירע אַ פלימעניצע פאַר אַ דינסט. די פלימעניצע מיט דער מומען האָבען צוזאַמען בעאַרבייט די אַלטע גרעפין. סוף-כל-סוף האָט די גרעפין אָנגעהויבען קוקען אויף אַלץ מיט זייערע אויגען.

איך האָב נישט געהאַט דאָס גליק געפעלען צו ווערען די דאָזיגע דריי פאַרשווינען, מחמת איך האָב זיי נאָר געפאָלגט, אָבער נישט געדינט. איך האָב נישט געטראַכט, אַז אויסער פרוי דע-ווערסעלי, וועמען איך בעדאַרף פאָלגען, האָב איך אויך בעדאַרפט זיין אַ משרת ביי אירע דינער. דערצו בין איך אַליין

געוועזן אַזאַ פאַרשוין, וואָס האָט ביי זיי אַרויסגערופען גרויס אונ-רוהיגקייט. זיי האָבען פערשטאַנען, אַז איך געפין מיך נישט אויף מיין אָרט און האָבען מורא-געהאַט, אַז די גרעפין זאָל עס אויך נישט איינזעהן און זאָל מיר נישט געבען עפּיס א העכערע בעשעפטיגונג, וואָס דערמיט וואָלט איך אפשר פערקלענערט זיי-ער ירושה. אַזוינע מענשען קאָנען זיך נישט אויסצייכענען מיט גרויס יושר, ווייל זיי זענען צו-דורשטיג, און זיי האַלטען אַז דאָס געלד, וואָס ווערט אָבגעזאָגט אַ צווייטען איז זייער געלד. זיי האָבען זיך, אַלזאָ, געסטאַרעט מיט אַלע כחות צו דערווייטערן מיך פון דער גרעפין.

די גרעפין האָט ליב געהאַט צו שרייבען בריף. אין איר קראַנקהאַפטען צושטאַנד פלעגט עס איר פערשאַפען עטוואָס פער-געניגען. אָבער מיט דער הילף פון דאָקטאָר האָבען זיי איר גע-צוואונגען אָבצוזאָגען זיך דערפון. מיט׳ן אויסרייד, אַז איך בין נישט גענוג טריי, האָט מען גענומען אַ פּאָר פּויערים—טרעגער. צולעצט, האָבען די דריי חברה-לייט אַזוי געשיקט אָוועקגעשטעלט די זאַך, אַז די גרעפין האָט אָנגעשריבען די צואה נאָכדעם, ווי זי האָט מיך אַ גאַנצע וואָך נישט געזעהן. איך האָב נישט גע-וואַגט אַריינצוגעהן צו איר אין צימער. אמת, נאָך דער צואה האָב איך פון דאָס ניי אָנגעהויבען אַריינצוגעהן צו דער גרעפין אין שלאָפצימער און פערבלייבען ביי איר לענגער, ווי אַן׳אַנדע-רער; מיין הארץ פלעגט צוריסען ווערען פון אירע יסורים. איר שטאַרקער כאַראַקטער האָט אין מיר דערוועקט אַכטונג און מיט-געפיהל. אַ סך הייסע אויפריכטיגע טרערען האָב איך פערגאָסען ביי איר אין צימער, און קיינער האָט עס נישט געזעהן.

מיר האָבען זי דאָך פערלאָרען. איך האָב געזעהן, ווי זי איז געשטאָרבען. פרוי ד ע-וו ע ר ס ע ל י האָט געלעבט, ווי אַ קלו-גע פרוי און געשטאָרבען, ווי אַ קלוגע פרוי. פרוי דע-ווערסעלי איז געוועזן פון נאַטור אַן׳ערנסטע. צום סוף פון איר קראַנקהייט איז זי געוואָרען פרעהליך. די דאָזיגע פרעהליכקייט איז געוועזן אַזאַ אויסגעהאַלטענע, אַז זי האָט נישט געקאָנט זיין קיין גע-מאַכטע. דאָס איז געוועזן אַקוראַט דער היפוך פון איר טרויערי-

גער לאַגע. בלויז די לעצטע צוויי טעג איז זי געלעגען אין בעט און ביז'ן סאַמע טויט מיט אַלעמען רוהיג געשמועסט. און פלוצלונג האָט זיך אין דער שטילקייט דערהערט אַ מאָדנער קלאַנג. „גאָט — האָט זי געזאָגט — די פרוי, וואָס איז פעהיג דערויף, איז נאָך נישט געשטאָרבען!" דאָס זענען געווען אירע לעצטע ווערטער.

דער דינערשאַפט האָט פרוי דע-ווערסעלי אָבגעזאָגט אַ פענסיע אויפ'ן גאַנצען לעבען. מיך האָט מען נישט אַריינגענומען אין איר פערמאָגען און דעריבער האָט מען מיר גאָרנישט בעשטימט. דאָך האָט גראַף דע-לאַ-ראָק געהייסען אַרויסגעבען מיר דרייסיג ליווער און איבערגעלאָזט מיר דעם נייעם קאָסטיום, וואָס איך האָב געטראָגען אין דער גרעפינס הויז און וואָס הער לאָרענצי האָט מיר אים געוואָלט צונעמען. דער גראַף האָט מיר אפילו פערשפּראָכען אויסצוגעפינען אַ שטעלע און דערלויבט מיר צו בעזוכען אים. איך בין צוויי מאָל געווען ביים גראַף, אָבער מען האָט מיך נישט צוגעלאָזט צו אים. איך האָב שנעל פערלאָרען דעם מוט און מער נישט געגאַנגען צו אים.

פאַרוואָס קאָן איך שוין נישט ענדיגען מיין דערצעלונג וועגען פרוי דע-ווערסעלי'ס הויז. אויסערליך האָט זיך מיין לאַגע נישט געענדערט, אָבער איך בין אַרויס פון דעם דאָזיגען הויז נישט אַזאַ, אַ וועלכער איך בין אַריין. יענס הויז גיט מיר די ערינערונג וועגען אַ פערברעכען, וואָס איך בין דאָרט בעגאַנגען און וועגען דער אונגעוועגליך-שווערער חרטה, וואָס פייניגט מיין געוויסען נאָך איצט, הגם פון יענער צייט זענען שוין פערלאָפען גאַנצע פירציג יאָר. די שווערע ערינערונג וועגען מיין פערברעכען ווערט נישט אָבגעשוואַכט, נאָר, פערקערט, זי ווערט נאָך שאַרפער מיט די ווייטערדיגע טעג פון מיין לעבען. האָב איך עס געקאָנט קלערען, אַז אַ שלעכטער טאַט פון אַ קינד וועט האָבען אַזוינע שווערע פאָלגען? און טאַקי אָט די דייטליכע פאָלגען לאָזען נישט טרייסטען מיין האַרץ. עס קאָן זיין, אַז צוליב מיין שולד איז אַ ליב, ווזויל און אָנשטענדיג מיידעל, אודאי אַ

בעסערע פאַר מיר, אזמגעקומען, אַריינגעפאַלען אין נויט און אין שמוץ.

עס איז שווער, אַז ביי אַ שלעכטער ווירטשאַפט אין אַ שטוב זאָל נישט זיין קיין אונאָרדנונג, אַז עס זאָלען נישט פער-פאַלען ווערען קיין זאַכען; אָבער אַלע דינער זענען געווען זעהר ערליך. דער הער לאָרענצי, ווידער, האָט שטאַרק נאָכגעקוקט און דעריבער איז דער אינווענטאַר געווען גאַנץ. בלויז ביי לאָרענ-צי'ס פלימעניצע איז פערפאַלען געוואָרען אַנ'אַלט שטיקעל בע-זילבערט בענדעל! איך וואָלט געקאָנט צונעמען עפּיס אַזוינס, וואָס וואָלט אַ סך מער ווערט געווען, אָבער מיר איז נאָר גע-פעלען געווען דאָס דאָזיגע בענדעל, האָב איך עס אַוועקגע-גנב'עט, אָבער אַזוי ווי מיר איז גאָר אויפ'ן זינען נישט געקו-מען צו בעהאַלטען מיין גנבה'לע, האָט מען עס באַלד ביי מיר געפונען. וויל מען דאַך וויסען, וואו האָב איך גענומען דאָס דאָ-זיגע בענדעל. איך בין צוטומעלט געוואָרען, געמומען מורמלען אָב-געהאַקטע ווערטער און, צולעצט, רויט-ווערענדיג, האָב איך גע-זאָגט, אַז מאַריאָן האָט עס מיר געשענקט. מאַריאָן איז געווען אַ יונג מיידעל פון די בערג און האָט געדינט, אַלס קיכערין, ביי פרוי דע-ווערסעלי. מאַריאָן איז געווען שען און האָט געהאַט זעהר אַ פריש פנימ'ל, וואָס מען קאָן עס קריגען נאָר ביי די בערגאיינוואוינער. אויסערדעם, האָט זי אויסגעזעהן בעשיידען און מילד. האָט מען זי דערזעהן, האָט מען זי געמוזט ליב בע-קומען. זי האָט זיך אויפגעפירט זעהר גוט און זיך אויסגעציי-כענט מיט זעלטענער ערליכקייט. און דעריבער האָבען זיך אַלע שרעקליך געוואונדערט, בשעת איך האָב בעשולדיגט מאַריאָן. מיר האָט מען נישט ווייניגער געטרויט, ווי איר, האָט מען בעשלאָ-סען, אַז מען דאַרף קאָנטראָלירען, ווער פון אונזביידען איז דער גנב. האָט מען אַ רוף געטאָן מאַריאָנ'ען; אַלע האָבען זיך צונויפ-געזאַמעלט; געקומען אפילו דער גראַף דע-לאַ-ראָק. נאָר אָט קומט מאַריאָן. מען ווייזט איר דאָס בענדעל. איך בעשולדיג זי מיט גרויס חוצפה. זי שווייגט, אַ פערגאַפטע, און וואַרפט אויף מיר אַ קוק, וואָס קאָן אפילו ריהרען אַ שטיין. נאָר קאַלט בלייבט מיין

אכזר׳יש האַרץ. צולעצט, וואַרפט זי אָב, אָהן אויפרעגונג, רוהיג און זיכער, מיין בלבול, ווענדט זיך צו מיר, הייסט מיר בערו-היגען זיך און נישט בעשמוצען אַנ׳אונשולדיג מיידעל, וואָס האָט מיר קיינמאָל קיין שלעכטס נישט געטאָן. אָבער מיט אַ גרויזאַ-מער אונפערשעמטקייט חזר איך איבער די בעשולדיגונג און רייד איר אין פנים אַריין, אַז זי האָט מיר געגעבען דאָס בענדעל. דאָס אָרימע מיידעל הויבט-אָן גיסען מיט טרערען און רעדט צו מיר:

—אַך, רוסאָ, איך האָב געגלייבט, אַז איר זענט אַ גוטער. איר מאַכט מיך זעהר אונגליקליך, אָבער איך וואָלט נישט גע-וואָלט זיין אויף אייער אָרט—און גאָר.

זי האָט זיך ווייטער פערטיידיגט פשוט און דרייסט און מיך קיין איין מאָל נישט בעליידיגט. אָט די איינגעהאַלטענקייט אירע, וואָס האָט זיך נישט געשטימט מיט מיין צו-זיכערן טאָן, האָט איר געשאַדט. עס איז אויסגעקומען אוננאַטירליך פאָרצושטע-לען זיך פון איין זייט—אַזאַ טייוועלשע חוצפה און פון דער אַנ-דער זייט—אַזאַ הימלישע מילדקייט. די פראַגע איז נישט אינ-גאַנצען בעשלאָסען געוואָרען, אָבער די מיינונגען האָבען זיך געניגט אויף מיין צד. צוליב דער אונאָרדנונג, וואָס איז געווען אין שטוב, האָט מען זיך ווייטער נישט בעשעפטיגט מיט דער אויספאָרשונג, און גראַף ד ע-ל אַ-ר אָ ק, וואָס האָט אונזביידען משלח-געווען, האָט זיך בעגנוגענט דערמיט, וואָס ער האָט גע-זאָגט, אַז דאָס געוויסען פון דעם שולדיגען וועט נקמה נעמען פאַר דעם אונשולדיגען. זיין נבואה איז נישט געווען קיין אומ-זיסטע: יעדען טאָג ווערט עס מקוים.

איך ווייס נישט, וואָס איז געוואָרען מיט׳ן קרבן פון מיין בלבול, אָבער עס איז אַ ספק, צי זי האָט באַלד נאָך דעם דאָזי-גען געשעהעניש בעקומען אַ גוטע שטעלע. איר כבוד איז בע-שמוצט געוואָרען. אַ גאָרנישטדיגע גנבה איז אָבער דאָך אַ גנבה. איך מיין אפילו, אַז נויט און איינזאַמקייט זענען נאָך נישט פון די גרעסטע געפאַרען, וועלכע איך האָב אונטערגעוואָרפען דאָס דאָזיגע מיידעל. ווער ווייס, צו וואָס דאָס פיינליכע בעוואוסט-זיין, אַז זי איז געוועכס, האָט געקאָנט דערפירען אַ מיידעל פון

ירע יאָרען. און אויב ביים געדאַנק פון איר אומגליק איז מיין הרטה געווען אַנ׳אונדערטערגליכע, קאָן מען שוין פערשטעהן, ווי שרעקליך פאַר מיר איז געווען די השערה, טאָמער האָב איך זי באַך ערגער געמאַכט פון זיך.

אָט די שרעקליכע ערינערונג פייניגט מיך טיילמאָל אַזוי שטאַרק, אַז אין די שלאָפלאָזע נעכט זעה איך זי, פונקט ווי דאָס אָרימע מיידעל וואָלט געקומען צו מיר און פאָרגעוואָרפען מיר דעם חטא—און אַזוי דייטליך, פונקט ווי דאָס וואָלט פאַר-געקומען ערשט נעכטען. בשעת איך האָב רוהיג געלעבט, האָט מיך דאָס געוויסען וועניגער געפייניגט; אָבער אין צרות האָט דאָס געוויסען מיר צוגענומען די איינציגע זיסע טרייסט פון אַלע אונשולדיג-גע׳רודפ׳טע: דאָס בעוואוסטזיין פון דער אייגע-נער גערעכטיגקייט. דער געדאַנק וועגען מ אַ ר י אָ ן האָט מיך גע-צוואונגען דייטליך צו פיהלען דאָס, וואָס איך האָב שוין געזאָגט ערגעץ אין איינעם אַ ווערק, אַז אין דער גליקליכער צייט פון לעבען בעהאַלט זיך די חרטה, אָבער אין אַנ׳אומגליק בעווייזט זי זיך שאַרף. דאָך האָב איך מיך קיינמאָל נישט בעשלאָסען צו ליידען וועגען דעם מיט עמיצען און דערמיט זיך לייכטער מאַ-כען אויף דער נשמה. אפילו דעם נאָנטסטען פריינד האָב איך מיך נישט געקאָנט מודה-זיין אין מיין פערברעכען. אפילו פרוי ד ע-וו אַ ר ע ן האָב איך עס נישט דערצעלט. איך האָב איר נאָר געזאָגט, אַז איך האָב גרויס פיין פון אַ שרעקליכען חטא, אָבער וואָס איז עס, האָב איך איר נישט געזאָגט. און ביז היינטיגען טאָג דריקט מיך דער שטיין פון חרטה, און איך קאָן זאָגען, אַז „מיין ודוי" האָב איך אָנגעהויבען שרייבען מיט דער כונה, עט-וואָס צו בעפרייען זיך פון איר.

האָב איך אָפענהערציג דערצעלט פון מיין פערברעך, און אודאי וועט קיינער נישט איינגעפינען, אַז איך וויל עס פער-קלענערן. אָבער איך וואָלט אָבגעטראָטען פונ׳ם ציל פון מיין בוך, ווען איך וואָלט נישט געוויזען אַלע מיינע שטימונגען און האָלט מיך געשראָקען צו בעשולדיגען זיך. נאָך קיינמאָל איז דער בייזער ווילען נישט געווען ווייטער פון מיר, ווי אין יע-

ג, גרויזאַמער מינוט, און איך וועל זאָגען אַ מאָדנע זאַך, הגם זעהר אַנ׳אמת׳ע: מיין פריינדליכקייט צו דעם מיידעל מאַריאַן איז געווען די סבה דערפון, וואָס איך האָב נאָר אויף איר אַרויפגעוואָרפען די שולד. איך האָב אָפט געטראַכט פון איר, און בשעת איך האָב מיך בעדאַרפט פערענטפערן, האָב איך אין דער שווערער מינוט די גאַנצע שולד אַרויפגעוואָרפען אויף דעם ערשטען בעסטען מענשען, וואָס איז מיר געקומען אין קאָפּ אַריין. איך האָב געזאָגט, אַז זי האָט געטאָן דאָס, וואָס איך האָב אַליין געוואָלט טאָן. איך האָב אויסגעטראַכט, אַז מאַריאַן האָט מיר כלומרשט געשענקט דאָס בענדעל, ווייל באמת האָב איך עס איר געוואָלט אַוועקשענקען. בשעת זי איז אַריין אין צימער, האָט זיך מיר פיינליך צוזאַמענגעדריקט דאָס האַרץ, אָבער אַז איך האָב דערזעהן דעם עולם אַרום זיך, איז אין מיר דערשטיקט געוואָרען די חרטה. פאַר שטראָף האָב איך מיך כמעט נישט געשראָקען; מיך האָט די בושה געשראָקען מער, איידער דער טויט, איידער דאָס פערברעכען, מער פון אַלץ אויף דער וועלט. די בושה האָט מיך געמאַכט חוצפה׳דיג, און וואָס פער-ברעכערישער איך בין געוואָרען, אַלץ דרייסטער האָט מיך גע-מאַכט די שרעק פאַר׳ן מודה-זיין זיך. איך האָב אויפגעציטערט ביים געדאַנק, אַז עס וועט זיך דערגעהן מיין גנבה, אַז מען וועט מיר עפענטליך וואַרפען אין פנים — גנב, ליגנער, רכילות׳ניק. אָט די אימה, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט מיין גאַנץ וועזען, האָט מיר אָבגענומען די מעגליכקייט עפּיס אַנדערש צו פיהלען. ווען מען וואָלט מיר געגעבען צייט צו בעדענקען זיך, וואָלט איך אָהן שום צווייפעל מודה געווען זיך אין אַלץ. ווען הער דע-לאַ-ראָק וואָלט מיך אָבגערופען אין דער זייט און געזאָגט: „מאַכט נישט אומגליקליך דאָס מיידעל. אויב איר זענט שולדיג, זאָגט עס" — וואָלט איך מיך געוויס געוואָרפען צו זיינע פיס; אָבער מיך האָט מען איינגעשראָקען, בעת מען האָט מיר גאָר בעדאַרפט צוגעבען מוט. מען האָט בעדאַרפט נעמען אין אַכט מיינע יאָרען. קוים אַרויס פון די קינדערשע יאָרען, ריכטיגער, נאָך אַ קינד געווען. אַ געמיינהייט איז אין די יונגע יאָרען אַ כ...

פערברעכערישער, איידער אין די דערוואַקסענע יאָרען, אָבער אַ שוואַכקייט קאָן מען גיכער מוחל-זיין אין די יונגע יאָרען. מיין סאַט איז אין פלוג געווען בלויז אַ שוואַכקייט און נישט עפּיס אַנדערש; און דעריבער איז די ערינערונג וועגען דעם מיך ווע-ניגער מצער, איידער דער געדאַנק וועגען די שלעכטע פאָלגען, וואָס זענען געקומען דערפון. דער טאַט אַליין האָט אויף מיר זאָגאַר געהאַט אַ גוטע ווירקונג: ער האָט מיך אויף שטענדיג בעפרייט פון דעם אַלעם, וואָס איז ענליך צו פערברעכען. פון דעם איינציגען פערברעכען איז מיר פערבליבען אַ צו-שטאַר-קער איינדרוק. מיר דאַכט זיך, אַז מיין עקעל צו ליגען נעמט זיך הויפּטזעכליך פון דער פיינליכער בעדויערונג, אַז איך האָב דעמאָלט אַזוי שרעקליך געקאָנט לייגען. אויב מען קאָן אויסקוי-פען אַ פערברעכען, ווי איך האָב די העזה צו מיינען, האָב איך עס אויסגעקויפט דורך די אַלע אומגליקען, וואָס איך לעב-איבער אין סוף פון מיין לעבען, דורך דער פירציגיעריגער ערליכקייט און אָפענהערציגקייט, וואָס איך האָב אַרויסגעוויזען אין די סאַ-מע שווערסטע סיטואַציעס. די אָרימע מאַריאָן האָט אַזוי פיל שולדיגע, אַז ווי איך זאָל נישט זיין שולדיג געגען איר, האָב איך דאָך נישט קיין מורא אַוועקצוטראָגען מיט זיך מיין חטא. דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב געוואָלט זאָגען וועגען דעם. זאָל מען זשע מיר דערלויבען מער קיינמאָל זיך נישט אומקערן צו דעם דאָזיגען טרויעריגען צופאַל.

# דריטעס בוך.

1728—1731.

אַרויס פון פרוי ד ע-וו ע ר ס ע ל י'ס הויז כמעט אַזאַ, ווי איך בין אַהין אַריין, האָב איך מיך אומגעקערט צו מיין פריער-דיגער הויזווירטין און אָבגעוואוינט ביי איר ביי אַ זעקס וואָ-כען. אינ'ם משך פון דער דאָזיגער צייט האָט מיר דאָס אַרומ-געהן לעדיג און דאָס געזונד אונמעגליך געמאַכט מיין טעמפּע-ראַמענט. איך האָב געפיהלט אַ שטענדיגע אונרוהיגקייט, געוועזן צוזייט, פערטראַכט, געוויינט, געזיפצט, שטאַרק געבענקט נאָך גליק, וואָס איז מיר געוועזן נישט קלאָר און וואָס זיין פעלען האָט מיר דאָך פערשאַפט גרויסע יסורים. עס לאָזט זיך נישט בעשרייבען מיין דעמאָלטדיגער צושטאַנד; זאָגאַר זעהר וועניג מאַנסלייט קאָנען זיך אים פאָרשטעלען, מחמת אין דער פער'-שכור'ונג פון פערלאַנגען געניסען זיי שוין עטוואָס דעם תענוג און דערמיט פערקלענערן זיי על פּי רוב דעם איבערפלוס פון לעבען, וואָס פיינגט און ענטציקט צוזאַמען דעם יונגענמאַן. מיין

פלאַמענדיג בלוט האָט מיר גאָכאַנאַנד פערפולט דעם מח מיט גע־שטאַלטען פון פרויען און מיידלעך, אָבער איך האָב נישט פער־שטאַנען זייער אמת'ן ציל און האָב זיי אין דמיון געצוואונגען צו שפילען יענע משונה'דיגע ראָל, וואָס פרויען האָבען אויך פריער געשפילט אין מיין דמיון. אַזוינע בילדער פלעגען מיך שטאַרק אויפרעגען און, צום גליק, נישט אויסגעלערנט, ווי אַזוי צו בערוהיגען מיין הייס בלוט. אין אָט דער צייט וואָלט איך אָבגעגעבען דאָס גאַנצע לעבען, צו פערבלייבען כאָטש אויף אַ פירטעל שעה מיט אַזאַ איינער, ווי די קליינינטשקע גאָטאָן! אָבער פאַר מיר זענען אַוועק יענע צייטען, ווען קינדערשע שפּי־לערייען זענען געווען אַ געוועגליכע זאַך. מיט די יאָרען האָב איך דערקאָנט די בושה, די בעגלייטערין פון זינד. די בושה האָט נאָך אויף אַזוי פיל פערגרעסערט מיין אָנגעבוירענע שעמע־דיגקייט, אַז מען האָט זי נישט געקאָנט גובר־זיין. און סיי אין דער יוגענד און סיי דערנאָך האָב איך שטענדיג געוואַרט אויף די ערשטע שריט מצד דער פרוי, אפילו אין יענע פאַלען, בשעת איך האָב פערשטאַנען, אַז איך האָב דאָ צו טאָן מיט אַ נישט זעהר בעשיידענער פערזאָן.

מיין אויפרעגונג פלעגט דערגעהן אַזוי ווייט, אַז בשעת איך האָב נישט געקאָנט שטילען מיינע בעגערן, פלעג איך זיי נאָכמער פונאַנדערברענען מיט משונה'דיגע מעשים. איך פלעג אַוועק אין טונקעלע אַלעען, אין פערשטעקטע ווינקעלעך, וואו איך וואָלט מיך געקאָנט בעווייזען אַ פרוי אָדער אַ מיידעל אין אַזאַ מראה, אין וועלכער איך האָב בעגערט צו זיין מיט זיי. זיי וואָלטען דערזעהן אַ סצענע נישט זעהר אַ מאוסע, נאָר גיכער אַ לעכערליכע. שווער צו בעשרייבען די משונה'דיגע הנאה, וואָס איך האָב געשפירט אין אַזוינע מינוטען. נאָך איין שריט— און אַ דרייסטערע פרוי וואָלט זיך בעגאַנגען מיט מיר אַזוי, ווי מיר האָט זיך שרעקליך געוואָלט, אָבער מיר האָט געפעלט מוט צו וואַרטען. מיין משוגעת האָט זיך געענדיגט מיט אַ קאַטאַסט־ראָפע אויך זעהר אַ לעכערליכער, אָבער ווייניגער אָנגענעם פאַר מיר.

איינמאָל בין איך אַרויף ווייט אויף אַ הויף, אין מיטען מיט אַ ברונים, וואו דינסטען האָבען גענומען וואַסער. אין יענעם טייל הויף, וואָס איך האָב אויסגעוועלט פאַר מיין טאַטפּונקט, האָבען זיך געפונען קעלערס מיט פעראייניגטע משופּע׳דיגע דורכ-גאַנגען. איך האָב אַריינגעקוקט אין די דאָזיגע טונקעלע אונטער-ערדישע קאָרידאָרען, און בעשלאָסען, אַז זיי ציהען זיך אָהן אַן עק און אַז אין פאַל פון אַ נויט, וועל איך מיך קאָנען דאָרט בעהאַלטען. און מיט אַ רוהיג האַרץ האָב איך, אַלזאָ, די דינסטען געוויזען עפּיס אַזוינס, וואָס איז געווען מער קאָמיש, איידער צו-ציהענד. די קליגערע פון זיי האָבען זיך געמאַכט, אַז זיי בע-מערקען גאָרנישט; אַנדערע האָבען זיך פונאַנדערגעלאַכט, די דריטע, ווידער, האָבען זיך בעליידיגט און געמאַכט אַ טומעל. איך האָב מיך תיכף אַריינגעכאַפּט אין מיין בעהעלטעניש. האָט מען מיך אָנגעהויבען נאָכיאָגען. איך האָב דערהערט אַ מאַנסביל-שען קול; דערויף האָב איך זיך גאָרנישט געריכט און זיך דער-שראָקען. איך בין געלאָפען אַלץ ווייטער אונטער דער ערד און זיך געקאָנט דאָרט פערבלאָנדזען. טומעל און געשריי און דער קול פונ׳ם מאַנסביל זענען געגאַנגען נאָך מיר. איך האָב אַלץ געהאָפּט אויף דער פינסטערניש און פלוצלונג דערזעהן ליכט. איך האָב אַ ציטער-געטאָן און געוואָרפען זיך ווייטער. נאָר אָט האָט מיר אַ וואַנט פערשטעלט דעם וועג. איך בין געבליבען שטעהן אַנ׳אונבעהאָלפענער. אין אַ מינוט אַרום האָט מיך דעריאָגט און געפאַקט אַ הויכער מאַנספערשוין מיט גרויסע וואָנסען, מיט אַגרויסען הוט און מיט אַ גרויסען שווערד ביי דער זייט. אַ פיר-פינף אַלטע ווייבער זענען אָנגעלאָפען מיט אים אינאיינעם. יע-דע פון זיי איז געווען בעוואָפענט מיט אַ באַרשט.

דער מאַן מיט׳ן שווערד האָט מיך געכאַפּט ביי דער האַנט און גראָב געפרעגט, וואָס האָב איך געטאָן אויפ׳ן הויף. אודאי האָב איך נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן. אָבער אין דער דאָזיגער קריטישער מינוט האָב איך מיט אַלע קרעפטען אָנגע-שטרענגט דעם מח און בעשאַפען אַ ראָמאַנטישע געשיכטע. מיט תחנונים האָב איך געבעטען מיין פערפאָלגער, ער זאָל רחמנות

האָבען אויף מיר, אַנ׳אונגליקליכֿען יונגעל, און דערביי צוגעגע־
בען, אַז איך בין אַ יונגער סאָרנעמער אויסלענדער, וואָס איז
געררירט פון זינען און וואָס איז אַנטלאָפען פון פּאָטערס הויז,
ווייל יענער האָט מיך געוואָלט האַלטען איינגעשלאָסען; און אַז
איך בין אַ פערפאַלענער, אויב ער וועט אויסזאָגען, ווער איך
בין; נאָר אויב ער וועט מיך אָבלאָזען, וועל איך, מסתמא, געפי־
נען אַ מעגליכֿקייט אָבצודאַנקען אים, ווי געהעריג.

איך האָב זיך גאָרנישט געריכֿט, אַז מיין דערצעלונג און
מיין האַלטונג זאָלען מאַכֿען אַ גוטען איינדרוק אויף דעם דאָזי־
גען שרעקליכֿען מאַן. ער האָט מיך גאַנץ קורץ אויסגע׳מוסר׳ט
און אָבגעלאָזט אָהן ווייטערדיגע שאלות. לויט׳ן אויסדרוק פון די
ווייבער האָב איך פערשטאַנען, אַז דער פּאָרזיצענדער, וואָס האָט
מיך שטאַרק איבערגעשראָקען, איז מיר זעהר נויטיג געווען און
אַז ווען נישט ער, וואָלטען זיי מיך אַזוי לייכֿט נישט אָבגע־
לאָזט. איך האָב געהערט, ווי זיי האָבען בייז געמורמעלט, אָבער
איך האָב נישט פערשטאַנען, וואָס זיי ריידען; אגב האָב איך
מיך גאָרנישט אינטערעסירט דערמיט: קוים האָב איך נאָר בע־
בערקט, אַז דעם פּאָרזיצענדערס שווערד רירט זיך נישט פון אָרט,
בין איך שוין געווען זיכֿער, אַז מיין כח און געשיקטקייט וועו־
לען מיך מציל-זיין פון די דינסטען.

אין עטליכֿע טעג אַרום בין איך געגאַנגען צוזאַמען מיט
איינעם אַ יונגען גלח, מיינעם אַ שכן, און זיך אָנבעגעגנט מיט
דעם מאַן מיט׳ן שווערד. ער האָט מיך דערקאָנט און קאָמיש
נאָכֿגעקרימט: „איך בין אַ פרינץ! איך בין אַ פרינץ, נאָר אַ פּחדן,
דאָך זאָל זיין האָהייט ווידער נישט טאָן דאָסזעלבע, וואָס פּריי־
ער!״ מער האָט ער גאָרנישט געזאָגט; איך האָב אַראָבגעלאָזט
דעם קאָפּ און שנעל פאַרבייגעגאַנגען, דאַנקענדיג אים אין האַר־
צען פאַר זיין בעשיידענקייט. הגם דער דאָזיגער צופאַל האָט
נישט געהאַט קיין פאָלגען, פאַר וועלכע איך זאָל מיך דאַרפען
שרעקען, דאָך האָט ער מיך קליגער געמאַכט.

צוליב פרוי דע-ווערסעלי׳ס הויז האָב איך געהאַט עטליכֿע
שפּעקאַנטשאַפסען, וואָס איך האָב אומישנע אונטערגעהאַלטען—סאַ־

מער וויל איך האָבען אַפּעולה פון זיי. טיילמאָל פלעג איך בע-
זוכען איינעם אַגלה, וואָס האָט געהייסען העם. געוועזען איז ער
אַלערער ביים גראַף מעלאַרעד'ס קינדער. דער דאָזיגער יונגער
און וועניג-בעוואוסטער מענש איז געוועזען זעהר קלוג און גוט
געבילדעט. און איך קאָן זאָגען, אַז ער איז געוועזען איינער פון
די סאַמע ערליכסטע מענשען, וואָס איך האָב געקאָנט אין לע-
בען. ער האָט מיר קיין שום נוצען נישט געבראַכט אין דעם זין,
ווי איך האָב געהאָפט, מחמת ער איז געוועזען וועניג בעוואוסט,
צו קאָנען נאַראַיען מיר עפּיס אַשטעלע; אָבער די נאָנטע בע-
קאַנטשאַפט מיט אים האָט מיר געגעבען אַסך גוטע זאַכען, וואָס
וייער פּעולה האָב איך געפילט דאָס גאַנצע לעבען. ער האָט
בעפעסטיגט אין מיר די כללים פון יושר און די כללים פון פער-
שטאַנד. מיינע געשמאַקען און שטרעבונגען פלעגען זיך דאָ אויפ-
הויבען אונגעהויער הויך און דאָ פלעגען זיי זעהר נידעריג פאַ-
לען. דאָ בין איך געוועזען אַהעלד און דאָ אַנ'אויסוואורף. הע ם
האָט זיך געסטאַרעט איינצושטעלען מיך אויף אַפעסטען אָרט און
ווייזען מיך פאַר מיר גופא און דערביי נישט געשאַנעוועט מיין
אַמביציע, אָבער אויך נישט אַראָבגעוואָרפען מיך פון מוט. מיט אַכ-
טונג האָט ער זיך אָבגערופען וועגען מיין כאַראַקטער און מיינע
פעהיגקייטען, אָבער דערביי געזאָגט, אַז ער זעהט אין מיר אַזוי-
נע נייגונגען, וואָס קאָנען שטערען די מעלות מיינע. הע ם האָט
מיר אויסגעמאָלט אַנ'אמת בילד פון לעבען, וועגען וועלכען איך
האָב געהאַט אַפאַלשע פאָרשטעלונג. ער האָט מיר בעוויזען, אַז
אפילו בשעת'ן קאַמף מיט'ן מזל בעדאַרף דער קלוגער מענש
שטרעבען צו גליק און זיין וואָס נענטער צו אים; ער האָט מיר
קלאָר געמאַכט, אַז דאָס עכטע גליק קאָן נישט זיין אָהן קלוג-
הייט און אַז קלוגהייט איז צוגענגליך פאַר אַלע קלאַסען מענשען.
ער האָט שטאַרק אָבגעקילט מיין התפעלות בנוגע צו אַהויכער
שטעלונג, און געוויזען מיר, אַז מענשען, וואָס הערשען איבער
אַנדערע, זענען נישט קליגער און נישט גליקליכער. איינמאָל האָט
ער מיר אַרויסגעזאָגט אַנ'אמת, וואָס איך פלעג זעהר אָפט דער-
מאָנען דערנאָך: ווען יעדער וואָלט געקאָנט לייענען אינ'ם האַרץ

פון אַ צווייטען, וואָלטען פיל מענשען זיך געוואָלט אַראָבלאָזען, איידער אויפהויבען. אָט דער מערקווירדיגער אמת, אין וועלכען עס איז נישטאָ קיין שום גוזמא, האָט מיך עטעער, אין משך פון מיין לעבען, געצוואונגען צו פערבלייבען אויף מיין אָרט. הע ם האָט מיר אויך געגעבען די ערשטע בעגריפען פון ריינער ערע. ער האָט מיר אויך דערקלערט, אַז די גרויסע העלדענטאַטען זעגען שוין נישט צוגעפאַסט צו דער מאָדערנער געזעלשאַפט; אַז מען הויבט זיך אויף צו-הויך, פאַלט מען עפּטערער; אַז דאָס אויספילען ערליך די קליינינשקע התחייבות׳לעך פאָדערט נישט ווייניגער גייסטיגע קראַפט, איידער דער העלדענטאַט; אַז דאָס פערשאַפט א מענשען מער כבוד און גליק, איידער אַ העלדישקייט, וואָס איז איינמאָל אין לעבען אַרויסגעוויזען געוואָרען; אַז עס איז אַ סך גלייכער צו זיין שטענדיג געשעצט פון די אַרומיגע, איידער איין מאָל אין לעבען אַרויסרופען ביי זיי התפעלות.

וויל מען, ווי געהעריג, בעשטימען די פליכטען פון אַ מענשען, דאַרף מען אויך בערירען זייער מקור. קודם כל האָט ער גענומען אין אַכט מיין נישט לאַנג געמאַכטען שריט, צוליב וועלכען איך האָב מיך געפונען אין דער איצטיגער לאַגע. הע מ׳ ס געשפרעכען פלעגען מיך נישט פערמאַטערן; פערקערט, זייער קלאָרקייט און פשטות און איבערהויפט די האַרציגקייט, מיט וועלכער זיי זענען געווען דורכגעדרונגען, האָבען זיי אין מיינע אויגען צוגעגעבען אַ בעזונדער רייץ. איך האָב זעהר אַ ליבענדיגע נשמה און בינד מיך לייכט צו צו מענשען; דערביי מעסט איך נישט מיין צוגעבונדענקייט מיט יענעמס גוטס, וואָס ווערט מיר געטאָן און קוק מער אויף די גוטע כוונות און דערשפיר זיי שטענדיג. איך האָב באמת ליב בעקומען הע מ׳ ן. איך בין, אַזוי צו זאָגען, געווען זיין איינציגער נאָכפאָלגער און פון זיינע שמועסען מיט מיר האָב איך געהאַט אַ גרויסע פעולה: זיי האָבען מיך אָבגעצויגען פון זינד, וואוהין עס האָט מיך געשלעפּט מיין לעדיג-געהן.

איינמאָל, ווען איך האָב אַמוועניגסטען געוואַרט דערויף, איז מען געקומען נאָך מיר פונ׳ם גראַף ד ע-ל אַ-ר אָ ק. עטליכע

מאָל בין איך געגאַנגען צו איס, אָבער איך האָב מיך אַלץ נישט געקאָנט צו אים דערשלאָגען. דאָס איז מיר דערעסען געוואָרען, און איך האָב אויפגעהערט צו געהן צו אים, בעשליסענדיג ביי זיך, אַז ער האָט מיך, מיטאַמאָל, פערגעסען אָדער ער האָט וועגען מיר שלעכטע ערינערונגען. איך האָב אַ טעות געהאַט. דער גראַף האָט נישט איין מאָל געזעהן, ווי טריי איך בין געוועזן זיין פערשטאָרבענער מומען און האָט עס איר אפילו געזאָגט. דאָס־זעלבע האָט ער מיר אויך איינמאָל געזאָגט, הגם איך האָב שוין דערמאָלט נישט געטראַכט פון מיין ווייטערדיגער דינסט ביי פרוי דע-ווערסעלי.

דער גראַף האָט מיך זעהר גוט אויפגענומען און געזאָגט, אַז הגם ער האָט מיר דערמאָלט אויף זיכער נישט צוגעזאָגט, דאָך האָט ער מיר געזוכט אַנ׳אָרט און, לסוף, געפונען עטוואָס זעהר פאַסענדיגעס; אַז ער גיט מיר אַ מעגליכקייט צו ווערען עפּיס אין לעבען; אַז מיין ווייטערדיגער גורל ליגט אין מיינע אייגענע הענט; אַז ער וויל מיך אַריינגעבען אין אַ פאָרנעמען און געשעצטען הויז און אַז פאַר מיין קאַריערע נויטיג איך מיך שוין נישט מער אין אפּיטרופּסים. דערנאָך האָט ער צוגעגעבען, אַז פון אָנהויב וועט מען זיך אפילו מיט מיר בעגעהן, ווי מיט אַ פשוט׳ן דינער, וואָס איך בין נישט לאַנג געוועזן, נאָר אַז מען וועט איינגעפינען, אַז לויט מיינע געפיהלען און אויפפירונג שטעה איך העכער פון אַ דינער, וועט מען מיך נישט איבערלאָזען ביי דער דאָזיגער שטעלע. דער סוף פון זיינע ווערטער האָט אינגאַנצען צושלאָגען מיינע גלענצענדע האָפנונגען, וואָס דער אָנהויב האָט אין מיר דערוועקט. „שוין ווידער אַ דינער!”— האָב איך זיך געזאָגט אין געדאַנק, אַ פערביטערטער. אָבער די פערביטערונג איז דאָך אינגיכען אויסגעגלעט געוואָרען אין מיר. איך האָב געפיהלט, אַז איך בין צו-ווייניג פאַסענד פאַר אַ דינערשטעלע און האָב מיך נישט געשראָקען, אַז מען זאָל מיך איבערלאָזען דערביי.

דע-לאַ-ראָק האָט מיך אָבגעפירט צום גראַף גובאָן, דעם הויפּטשטאַלמייסטער פון דער קעניגין און דעם קאָפּ פון בערימ-

טען הויז סאָלאַר. אַז איך האָב דערזעהן דעם בכבוד'ען און גע-אַכפּערטען זקן, בין איך בעזונדערס געריהרט געווען פון זיין פריינדליכער אויפנאַם. ער האָט מיך האַרציג פונאַנדערגעפרעגט. איך האָב אים זעהר אויפריכטיג געענטפערט. ער האָט געזאָגט דעם גראַף דע-לאַ-ראָק, אַז איך האָב אַן'אָנגענעמע און קלוגע פיזיאָנאָמיע און אַז אים דאַכט זיך, אַז איך בין ווירקליך נישט נאַריש, אָבער דאָס איז נאָך קנאַפּ און מען דאַרף זעהן, וואָס ווייטער וועט זיין. דערנאָך האָט ער זיך אָבגעקערט צו מיר און געזאָגט: „קינד מיינס, יעדע זאַך איז כמעט שווער אין אָנהויב, נאָר אייער אַרבייט וועט נישט זיין קיין שווערע. פירט זיך אויף גוט און זעהט אַלעמען צופרידענצושטעלען. דאָס איז דערווייל אייער איינציגע אַרבייט. מען וויל פאַר אייך זאָרגען".

גראַף גובאָן איז באַלד אַוועק צו דער מאַרקיזין ברע-יאַט, זיין זוהנס פרוי, און איר פאָרגעשטעלט מיך. דערנאָך האָט ער מיך פאָרגעשטעלט זיין צווייטען זוהן. דאָס אַלץ האָב איך אָנגענומען פאַר אַ גוטען סימן. איך בין שוין געווען אויף אַזוי פיל פראַקטיש, אַז איך האָב געקאָנט פערשטעהן, אַז אַ דינער ווערט געוועהנליך אַזוי נישט צוגענומען. און מיט מיר איז מען זיך ווירקליך נישט בעגאַנגען, ווי מיט אַ דינער. אמת, איך האָב געגעסען אין דינערצימער, אָבער איך האָב נישט געטראָגען קיין ליווריי, און בשעת דער גראַף פּאַוורי אַ, אַ יונגער לעבקינד, האָט מיך געוואָלט אַוועקשטעלען אויפ'ן לאָקייאָרט פון זיין קאַ-רעט, האָט זיין זיידע מיר פערווערט צו בעגלייטען ווען עס איז פון זיין פאַמיליע. דאָך האָב איך צוגעדינט ביים טיש און בכלל געטאָן די אַרבייט פון אַ דינער, נאָר, אַזוי צו זאָגען, פריי און אונאָבהענגיג. מען האָט מיר דיקטירט בריף, איך האָב אויס-געשניטען בילדלעך פאַר'ן גראַף פּאַווריאַ. קיין בעשטימטע אַר-בייט האָב איך נישט געהאַט און פרייע צייט איז געווען גענוג. אָט די פרייע צייט איז געווען גאַנץ געפערליך, מחמת דאָס לע-דיג-געהן האָט מיך געקאָנט דערוועקען צו זינד, וואָס עס וואָלט גאָר נישט געשעהן, ווען מען וואָלט מיר געגעבען אַ רעכטע בע-שעפטיגונג.

נאָר דאָס איז נישט געשעהן, צום גליק. העמ׳ס שמועסען האָבען געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף מיין האַרץ; איך האָב זיי אַזוי ליב בעקומען, אַז איך פלעג טיילמאָל אַוועקגעהן, צו הע־רען נאָכאַמאָל דעם גוטען מדריך. איך מיין, אַז די, וואָס האָבען געזעהן, ווי איך גנב׳ע מיך אַרויס פון שטוב, האָבען נישט גע־וואוסט, וואוהין איך געה. מען קאָן נישט צוטראַכטען קיין קלי־גערע עצות, ווי די, וואָס הע ם האָט מיר געגעבען וועגען מיין אויפפירען זיך. מיין אָנהויב ביים גראַף אין הויז איז געווען אַ גלענצענדער. איך בין געווען אונגעהויער פלייסיג, אויפמערקזאַם, געהאָרזאַם און האָב פשוט אַלעמען ענטציקט. העם האָט מיר קלוג געראַטען, איך זאָל זיין עטוואָס איינגעהאַלטענער, כדי מיין פלייס זאָל מיט דער צייט נישט אָבגעשוואַכט ווערען, און די בעלי־בתים זאָלען עס נישט בעמערקען. „לויט׳ן אָנהויב,—האָט ער געזאָגט,—וועט מען פון אייך פאָדערן אַ פאָרטזעצונג. האַלט זיך בעסער איצט איין, כדי איר זאָלט דערנאָך קאָנען אַרבייטען מער, אָבער בשום אופן נישט ווייניגער״.

אין גובאָנ׳ס הויז האָט זיך קיינער נישט געסטאַרעט צו וויסען פון מיינע קלייניטשקע פערפאָלקאָמונגען, וואָס איך האָב געהאַט און זיי האָבען אַלע גערעכענט, אַז פון מיר איז זיך נישטאָ וואָס צו דערוואַרטען, אויסער מיינע אָנגעבוירענע פעהיג־קייטען, און דעריבער, נישט געקוקט דערויף, וואָס גראַף גובאָן האָט מיר געזאָגט, האָט מען מיר נישט געגעבען אַזאַ פאָסטען, וואָס זאָל פאָדערן אַ מער־ברייטערע גייסטיגע ענטוויקלונג. דעם גראַפס ענינים זענען אַוועק נישט זעהר געראָטען. האָט מען מיך פערגעסען. מאַרקיז דע־ברייל, דעם גראַף גובאָנ׳ס זוהן, איז אין דער דאָזיגער צייט געווען באָמשאַפטער אין ווין. אין הויף זענען פאָרגעקומען פערשידענע שינוים, וואָס האָבען געהאַט אַ ווירקונג אויך אויף דעם גראַפס פאַמיליע. עטליכע וואָכען צייט האָ־בען מיינע הערען איבערגעלעבט אַזוינע מהומות, אַז קיין איינער פון זיי האָט קיין צייט נישט געהאַט אַ טראַכט צו טאָן וועגען מיר. דערווייל בין איך אָבגעקילט געוואָרען צו דער אַרבייט. איין אומשטאַנד האָט געהאַט אויף מיר אַ גוטע און גלייכצייטיג

אַ שלעכטע ווירקונג: איך האָב פערגעסען אָן אַלע פערוויילונגען אויסער דער שטוב, אָבער מיין אַרבייט האָב איך געמאַכט אָהן פלייס. ברייל׳ס טאָכטער, אַ מיידעל פון ניינצן יאָרען, איז געווען אַ גאַנץ שען וועזען מיט אַ שענער פיגור, מיט זעהר אַ קלאָר גע-זיכט און זעהר שוואַרצע האָר. זי איז אפילו געווען אַ ברונעטין, אָבער איר געזיכט האָט געהאַט אַ מילדען אויסדרוק, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר בלאָנדע פרויען, און אָט דער אויסדרוק האָט מיך שטענדיג שטאַרק געצויגען. דער הויפּקאָסטיום, וואָס האָט זיך געפּאַסט דעם יונגען מיידעל, האָט נעט אַרומגעכאַפּט איר שענע טאַליע און דערביי נישט געדריקט די ברוסט און די אַקסלען. מען וועט מיר זאָגען, אַז פאַר אַ דינער פאַסט גאָרנישט צו בעמערקען אַזוינע זאַכען.

געוויס, איך בין נישט גערעכט געווען, אָבער דאָך האָב איך געזעהן די שענקייט פונ׳ם מיידעל, אגב, נישט נאָר איך אַליין. דער מעטרדאָטעל און די קאַמערדינער האָבען ביים טיש שטענדיג גערעדט פון אירע פּראַכטען און איך פלעג האָבען גרויסע יסורים פון די האַמעטנע שמועסען זייערע. דאָך האָב איך מיך אויף אַזוי פיל נישט פערלאָרען, אַז איך זאָל מיך באמת פערליבען אין דעם מאַרקיז׳ס טאָכטער. איך האָב געוואוסט מיין אָרט. איך האָב אָבער ליב געהאַט צו קוקען אויף דער יונגער ברייל, הערען אירע קורצע בעמערקונגען, אין וועלכע עס האָט זיך געפּיהלט שכל, בעדאַכטקייט, ערליכקייט. מיינע פּרעטענזיעס זענען נישט געגאַנגען ווייטער דערפון, ווי צו בעדינען איר, און זענען נישט אַרויס פון די ראַמען פון מיינע רעכט. בעדינענדיג ביים טיש, האָב איך מיך בענוצט דערמיט, וואָס מיר איז דער-לויבט געווען. איז נאָר אָבגעטראָטען דער דינער פון איר שטול, האָב איך באַלד פערנומען זיין אָרט. די איבעריגע צייט בין איך געשטאַנען נעגען איר, זיך געסטאַרעט פון די אויגען צו פער-שטעהן איר בעפעהל און אָבגעהיט די רגע איבערצובייטען איר דעם טעלער. וואָס וואָלט איך נישט אַוועקגעגעבען, ווען זי וואָלט מיר עפּיס בעפעלט, ווען זי וואָלט אַ קוק געטאָן אויף מיר, גע-זאָגט מיר כאָטש איין וואָרט, אָבער אומזיסט! איך האָב גע-

שפירט דאָס בעליידיגענדע בעוואוסטזיין, אַז איך בין פאַר איר אַ גאָרנישט און געזעהן, אַז זי בעמערקט אפילו נישט, צי איך בין דאָ אָדער נישט.

נאָר איינמאָל האָט איר ברודער, וואָס פלעגט זיך ביים טיש טיילמאָל ווענדען צו מיר מיט עטליכע ווערטער, צוגעוואָרפען מיר עפּיס אַ שלעכטע בעמערקונג. האָב איך אים גענטפערט אַזוי געטאָקט, אַזוי פיין, אַז איך האָב זי פעראינטערעסירט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר. אָט דער שנעלער בליק האָט מיך ענטציקט. אויף מאָרגען איז מיר ווידער געלונגען צו פעראינטערעסירען זי. איך האָב, נאַטירליך, אויסגענוצט די געלעגענהייט. אין דעם טאָג איז געגעבען געוואָרען אַ גרויסער עפענטליכער מיטאָג, אויף וועלכען איך האָב מיט פערוואונדערונג דערזעהן, אַז דער מעטרדאָטעל בעדינט מיט אַ שווערד און מיט אַ הוט אויפ׳ן קאָפּ. צופעליג האָט מען אָנגעהויבען ריידען וועגען דעוויז פונ׳ם הויז סאָלאַר. די פיעמאָנטער, וואָס האָבען נישט זעהר גוט געקאָנט די פראַנצויזישע שפראַך, האָבען געפונען אין דעם דאָזיגען דעוויז אַנ׳אָרטאָגראַפישען גרייז.

דער אַלטער גובאָן האָט געוואָלט עפּיס ענטפערן דערויף, נאָר ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און געזעהן, אַז איך שמייכעל און דערוועג מיך נישט צו ריידען. האָט ער מיר געהייסען ריידען. דעמאָלט האָב איך דייטליך און געלונגען בעוויזען, אַז דאָס איז נישט קיין גרייז. האָבען אַלע שווייגענדיג אָנגעקוקט דאָ מיך, דאָ איינער דעם צווייטען. דער עולם איז געווען שטאַרק פערוואונדערט. אַממערסטען האָט מיר פערשאַפט תענוג דאָס, וואָס איך האָב דייטליך געזעהן אויף דער יונגער ברייל׳ס געזיכט אַ צופרידענעם אויסדרוק. דאָס שטאָלצע מיידעל האָט מיך בעערט מיט אַ נייעם בליק, וואָס איז, לפחות, ווערט געווען דעם ערשטען. דערנאָך האָט זי אַ קוק געטאָן אויפ׳ן זיידען און אַזוי ווי מיט אונגעדולד געוואַרט, אַז ער זאָל מיך לויבען. און גובאָן האָט מיך ווירקליך געלויבט און אַזוי הייס און אָפּענהערציג און מיט אַזאַ צופרידענער מינע, אַז אַלע ביים טיש האָבען אים אונטערגעהאַלטען. דאָס איז געווען אַ קורצע, נאָר

זעהר אַ זיסע מינוט. דאָס איז געװען אײנע פון יענע פאַרבײ־לױפענדיגע רגע׳ס, װאָס ברענגען מיט זיך דאָס גלײכגעװיכט און נעמען נקמה פאַר דעם געטראָטענעם שטאָלץ פון אַנ׳עלענדען מענשען.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט די יונגע ברײל פון דאָסני אױפגעהױבען אױף מיר די אױגען און מיט אַ שעמעדיגען צאַרטען קול געבעטען, איך זאָל איר דערלאַנגען צום טרינקען. נאַטירלין, האָב איך נישט געמאַכט קײן שהיות, אגב, אַז איך בין צוגעגאַנגען צו איר, האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַזאַ ציטערניש, אַז איך האָב אָנגעגאָסען צופיל װאַסער אין גלאָז און פערגאָסען דעם טעלער און זאָגאַר איר קלײד.

איר ברודער האָט מיך לײכטזיניג געפרעגט, פאַרװאָס ציטער איך אַזױ. די דאָזיגע פראַגע האָט מיך אָבער גאַנץ װעניג בערוהיגט, און די יונגע ברײל איז שטאַרק רױט געװאָרען.

דערמיט האָט זיך געענדיגט מײן ראָמאַן, און די לעזער װעלען בעמערקען, אַז אױך איצט, װי פריער מיט פרוי באַזיל און װי בכלל אין מײן גאַנצען לעבען, איז מײן ליבע געװען נישט גליקליך. אומזיסט איז מײן ליבסט אָרט געװאָרען דאָס פּאָדערצימער פון דער מאַרקיזין ברײל. איר טאָכטער האָט מיך גאָרנישט בעמערקט. דאָס מײדעל איז אַרײן און אַרױסגעגאַנגען, נישט געקוקט אױף מיר, און איך האָב קױם געװאַגט אױפצוהױבען אױף איר די אױגען. איך בין געװען אַזױ װײט נאַריש און אומגעלומפּערט, אַז בשעת זי איז אײנמאָל פאַרבײגעגאַנגען און פערלאָרען אױף דער פּאָדלאָגע אַ האַנטשו, האָב איך מיך נישט אַ װאָרף־געטאָן אױפצוהױבען זי, הגם איך בין גרײט געװען בעדעקען מיט קושען די דאָזיגע האַנטשו. איך האָב מיך נישט גערירט פון אָרט און געלאָזט דעם גראָבען האַמעטנעם דינער בעדינען דאָס יונגע מײדעל. אין אָט דער מינוט װאָלט איך אים גערן צוריסען די ציטערניש מײנע האָט נאָך פערשטאַרקט דאָס בעװאוסטזײן, אַז איך האָב נישט געהאַט דאָס גליק געפעלען צו װערען דער מאַרקיזין ברײל. זי האָט מיר קײנמאָל גאָרנישט געהײסען טאָן און זיך אפילו אָבגעזאָגט פון מײן בעדינונג, און

אַז זי האָט מיך אַ פּאָר מאָל בעמערקט אין פּאָרערצימער, האָט זי מיך זעהר טרוקען געפרעגט, פאַרוואָס בעשעפטיג איך מיך נישט מיט עפּיס.

איך האָב מיך געמוזט אָבזאָגען פון מיין ליבען פּאָדערצימער. פון אָנהויב האָט עס מיר באַנג געטאָן און איינגיכען האָבען די אומשטענדען אָבגעווענדט מיינע געדאַנקען פון דעם מאַרקיז'ס טאָכטער און איך האָב אויפגעהערט צו טראַכטען פון איר.

דער אַלטער גובאָן האָט מיך דאָן בעמערקט. אין אָווענד, נאָכ'ן מאָלצייט, וועגען וועלכען איך האָב דערצעלט, האָט ער אַ גאַנצע האַלבע שעה געשמועסט מיט מיר און איז, אַפּנים, געבליבען צופרידען פון'ם שמועס. איך בין ממש געווען אויפ'ן זיבעטען הימעל. דער גוטער אַלטער, וואָס איז אפילו געווען זעהר אַ קלוגער, אָבער ווייניגער, ווי פרוי דע-ווערסעלי, איז בעזעסען מער האַרץ, ווי יענע, און בנוגע צו אים בין איך געווען גליקליכער.

ער האָט מיר געראַטען, איך זאָל מיך ווענדען צו זיין זוהן, דעם אַבאַט גובאָן, וואָס קאָן מיר בעהילפיג זיין און געבען מיר דאָס, וואָס מיר האָט געפעלט פאַר דער קינפטיגער שטעלע. אויף מאָרגען בין איך באַלד אַוועקגעלאָפען צום אַבאַט. ער איז זיך בעגאַנגען מיט מיר נישט ווי מיט אַ דינער, געבעטען מיך זיצען ביים קאַמין, קורץ מיך אויסגעפרעגט און באַלד מיר בעמערקט, אַז איך האָב מיך אָנגעהויבען אַ סך זאַכען לערנען און קיין זאַך נישט אויסגעלערנט ביז'ן סוף. ער האָט בעמערקט, אַז מיינע קענטענישען אין דער לאַטיינישער שפּראַך זיינען בעזונדערס שוואַך און זיך אונטערגענומען צו פערשטאַרקען זיי. מיר האָבען בעשלאָסען, איך זאָל קומען צו אים אַלע פרימאָרגען, און טאַקי אויפ'ן צווייטען טאָג האָבען זיך אָנגעהויבען אונזערע לעקציעס. אויף אַזאַ אופן בין איך מאָדנע צופעליג—און אָט די צופעליגקייט האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין מיין לעבען—גלייכצייטיג געשטאַנען אי העכער, אי נידעריגער פון מיין נאַטירליכער לאַגע. איך בין געווען שילער און דינער אין איין און דעמזעלבען הויז. איך בין געווען אַ דינער און זיך געלערנט

ביי אַ מענשען, וואָס לויט זיין שטעלונג האָט ער געקאָנט זיין לערער ביים קעניגס קינדער.

די לעקציעס האָב איך געמאַכט פלייסיג, און אַבאַט גובאָן האָט מיר צוגעהאָלפען מיט אַזאַ ליבער גערנדיגקייט, אַז נאָך איצט ווער איך גערירט פון דער ערינערונג וועגען דעם. אין דערפריה פלעג איך ביי אים פערברענגען אַ היבש שטיקעל צייט, איך פלעג אים זיין שילער און דינער אינאיינעם. צוריקגערעדט, האָב איך גאָרנישט געהאַט צו טאָן אָרום אים: ער האָט פיינט געהאַט, מען זאָל אים אין עפּיס צוהעלפען. איך האָב פשוט גע-שריבען אונטער זיין דיקטירונג און פלעג אים איבערשרייבען די בריף. אויף אַזאַ אופן האָב איך מיך נישט נור אויסגעלערנט די איטאַליענישע שפּראַך, נאָר איך האָב מיך אויך שטאַרק צו-געבונדען צו דער ליטעראַטור און אָנגעהויבען פערשטעהן, וואָס הייסט אַ גוט ווערק—אַ זאַך, וואָס לאַ-טריביו׳ס ביכער האָבען מיר עס נישט געגעבען. דאָס פערשטעהן אַ גוט ווערק האָט מיר גע-בראַכט גרויס נוצען דערנאָך, בשעת איך האָב אָנגעהויבען אַר-בייטען זעלבסטשטענדיג.

פאַר׳ן צווייטען פעריאָד פון מיין זיין אין גראַף גובאָנס הויז האָב איך געהאַט מער סמך צו האָפען אויף אַ גוטע צו-קונפט, איידער אַנ׳אַנדערש מאָל, און דערביי נישט דאַרפען אויסטראַכטען קיין ראָמאַנטישע פּראָיעקטען. דער אַבאַט איז גע-ווען צופרידען מיט מיר און פאָרגעזאָגט מיר אַ גלענצענדע צו-קונפט. זיין פאָטער האָט זיך צו מיר אַזוי שטאַרק צוגעבונדען, אַז ער האָט, ווי מיר האָט געזאָגט גראַף פאַווריאַ, גערעדט ווע-גען מיר מיט׳ן קעניג; אפילו מאַרקיזין דע-ברייל אַליין האָט זיך אויפגעהערט צו בעציהען צו מיר מיט פעראַכטונג. מיט איין וואָרט, ביים גראַף גובאָן אין הויז בין איך געוואָרען אַנ׳אַלגע-מיינער ליבלינג, און מיך האָבען מקנא-געווען די דינער; זיי האָבען געזעהן, אַז די בעציהונג צו מיר איז גאָר אַנ׳אַנדערע, אַז איך לערן מיך ביי דעם זוהן פון זייער הער און זיי האָבען געפּיהלט, אַז איך וועל נישט לאַנג בלייבען אויף איין מדרגה מיט זיי.

לויט די וועניג, צופעליג פאַרבייגעוואָרפענע בעמערקונגען, וועגען וועלכע איך פלעג עפטער טראַכטען, בשעת איך פלעג בלייבען אַליין, האָט מיר אויסגעוויזען, אַז די פאַמיליע ס אָ-ל אַ ר, וואָס האָט געשטרעבט צו אַ דיפלאָמאַטישער קאַריערע און, מעגליך, געזעהן אין דער צוקונפט אַ וועג צום מיניסטאָרענפּאָרט-פעל, האָט זעהר געוואָלט צוגרייטען אַ טיכטיגען טאַלענטירטען מענשען, סאָלקאָם אָבהענגיג פון איר פאַמיליע, אויף וועלכען מען זאָל זיך קאָנען מיט דער צייט פערלאָזען און וואָס זאָל קאָ-נען ברענגען נוצען דער פאַמיליע. דער אַלטער גובאַן האָט עס געמיינט איידעל, קלוג, גרויסמוטיג, ווי עס פּאַסט פאַר אַ וואויל-טעטיגען און אָנשטענדיגען מאַן. נאָר קודם כל האָב איך נישט אינגאַנצען פערשטאַנען די בעדייטונג דערפון, און ווידער איז עס געוועזען אַ צו-בעדאַכטע זאַך פאַר מיין משוגע'נעם קאָפּ. דעם אַלטען גראַפס פלאַן האָט געפאָדערט זעהר אַ סך געהאָרכזאַמקייט און אויסגעהאַלטענקייט. מיין משוגע'נע אייגענליבע האָט געהאָפט צו פאַקען דאָס גליק אויפ'ן וועג פון פּאַסירונגען. אין דעם דאָ-זיגען פלאַן האָב איך נישט געזעהן די בעטייליגונג פון אַ פרוי; און דעריבער האָט מיר אַזאַ וועג צו אַ בעסער לעבען אויסגעווי-זען צו-לאַנג, שווער און לאַנגווייליג. און גראָד דערמיט, וואָס פרויען שפּילען דאָ נישט קיין ראָל, האָט עס מיר בעדאַרפט אויס-וויזען חשוב'ער, ווייל די גוטע טאַטען, וואָס ווערען בעשיצט דורך דאַמען, וואָלטען נישט ווערט געוועזען מיינע מעלות.

אַלץ איז געגאַנגען אַזוי, ווי מען דאַרף נישט בעסער. מיין אַמביציע איז געגלעט געוואָרען, און איך האָב כמעט אַלע-מען געצוואונגען מיך צו אַכטען. מיין עקזאַמען האָט זיך שוין געענדיגט און אויף מיר האָט מען געקוקט, ווי אויף אַ יונגענמאַן, וואָס פערשפּרעכט אַ סך און וואָס איז ביז אַ געוויסער צייט גע-וועזען נישט אויף זיין אָרט. אַלע האָבען געוואַרט, איך זאָל איינ-גיכען פערנעמען אַ שטעלע, וואָס זאָל זיך פּאַסטען פאַר מיר. אָבער מיין אָרט איז נישט געוועזען יענס, וואָס מענשען האָבען פאַר מיר בעשטימט; דורך אַנ'אַנדער וועג האָב איך עס דער-גרייכט! דאָ וועל איך בעשרייבען אַ טאַט, וואָס איז זעהר כאַ-

ראַקטעריסטיש פאַר מיר. עס וועט זיין גענוג, אז איך זאָל אים ווייזען פאַר׳ן לעזער אָהן דערקלערונגען.

אין טורין זענען אפילו געווען אַ סך געטויפטע, אַזוי ווי איך, נאָר איך האָב זיי נישט ליב געהאַט און זיך נישט גע-וואָלט זעהן מיט קיין איינעם פון זיי. אָבער טיילמאָל פלעג איך מיך טרעפען מיט זשענעווער, וואָס האָבען נישט געטוישט דעם גלויבען, און צווישען זיי—מיט איינעם אַ מיוסאַר. געווען איז זיין צונאָמען „שרייער" און זיין פראָפעסיע מיניאַטורמאָלעריי. מיוסאַר האָט זיך דערוואוסט, אַז איך וואוין ביים גראַף גובאָן און איז געקומען צו מיר מיט נאָך אַ זשענעווער, מיט איינעם אַ באַקל, מיט וועלכען איך האָב מיך צוזאַמען געלערנט ביים גראַ-ווירער. דער דאָזיגער באַקל איז געווען אַ אינטערעסאַנטער, אַ פרעהלי-כער און פעהיג אויף די סאַמע קאָמישעסטע שפיצלען, וואָס האָבען אויסגעוויזען זעהר חנ׳עוודיג ביי זיינע יאָרען. און איך האָב אים אַזוי ליב בעקומען, אַז איך האָב מיך נישט געקאָנט שיידען מיט אים. ער האָט געהאַלטען ביים פּאָרען צוריק קיין זשענעוו. סאַראַ געוואַלטיגער פערלוסט פאַר מיר! מיט שרעק האָב איך געוואַרט דערויף. איך האָב מיך, לפחות, געוואָלט בענוצען מיט דעם לעצט ביסעל צייט, וואָס ער האָט געהאַט צו זיין אין טורין, און האָב מיך נישט געשיידט מיט אים, אָדער ריכטיגער, ער האָט זיך נישט געשיידט מיט מיר, ווייל אין דער ערשטער צייט בין איך נאָך נישט געווען אַזוי ווייט משוגע, אַז איך זאָל אַוועק צו אים אָהן אַ דערלויבניש.

האָט מען אָבער איינגיכען אָנגעהויבען צו בעמערקען אין גראַפס הויז, אַז איך בין אינגאַנצען פּערטאָן מיט באַקל׳ן און מען האָט אים פערוועהרט צו קומען צו מיר. דאָס האָט מיך זעהר אויפגערעגט, און איך האָב מיך שטאַרק צובונטעוועט: אויפ-געהערט צו געהן אויף די לעקציעס צום אַבאַט, אויפגעהערט זיך ווייזען פאַר׳ן גראַף און בין אינגאַנצען אַוועק פון דערהיים. האָט מען מיך אויסגע׳מוסר׳ט, אָבער איך האָב מיך נישט פער-בעסערט. האָט מען מיר געזאָגט, אַז מען וועט מיך משלח-זיין. און דאָס האָט מיך שוין גאָר אַוועקגע׳הרג׳עט: איך האָב מיך

דערמאָנט, אַז באַקל קאָן אַוועק פון טורין נישט אַליין. פון דער דערער מינוט אָן איז מיר אַלץ נמאס געוואָרען. פאָראויס האָב איך גאָרנישט געזעהן, אויסער דער נסיעה מיט באַקל׳ן. איך האָב נאָר געטרוימט פונ׳ם אונענדליכען פערגעניגען צו געהן איבער בערג צוזאַמען מיט איהם. און ביים סוף פון דער נסיעה ערגיץ ווייט-ווייט האָט מיר געפינטעלט די געשטאַלט פון פרוי דע-וואַרען. פון קומען צוריק קיין זשענעוו האָב איך נישט גע-טראַכט. בערג, טאָלען, וועלדער, טייכלעך, דערפער און פעלדער האָבען זיך געצויגען אין מיין דמיון, ווי אַ לאַנגע קייט. איין בילד איז געוועזען שענער פונ׳ם צווייטען. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אָט די געבענשטע נסיעה וועט זיך ציהען דאָס גאַנצע לעבען מיינס!

מיט גרויס תענוג פלעגט מיר קומען אין זכרון דער ערש-טער איבערגאַנג איבער די בערג. היינט ווי-זשע האָט בעדאַרפט אויססוייזען דאָס געהן צוריק? איצט בין איך געוועזען פריי, און מיר איז פאָרגעשטאַנען צו געהן מיט אַ פרעהליכען חבר פון מיי-נע יאָרען, אָהן שום דאגות, אָהן אַ שום לאַסט, קיינעם נישט בעדאַרפען פאָלגען, און געהן און אָברוהען זיך, וואו אונז וועט געפעלען און ווי אונז וועט געפעלען. נאָר אַ משוגע׳נער האָט געקאָנט ברענגען אַזאַ גליק פאַר אַ קרבן צו האָנאָראָווע פלאַנען, צו וועלכע עס האָט געפירט אַ שווערער, אַ לאַנגער און אַ נישט-זיכערער וועג. אגב, ווען אַלע פלאַנען פון גראַף וואָלטען פער-ווירקליכט געוואָרען, וואָלט אפילו די גלענצענדסטע פערווירקלי-כונג נישט ווערט געוועזען דאָס פירטעל שעה פרייהייט און פער-געניגען אין דער יוגענד!

אָנגענומען זיך מיט די דאָזיגע חכמות, האָב איך מיך אַזוי גוט אויפגעפירט, אַז מען האָט מיך, לסוף, דורכגעטריבען. דעם דאָזיגען רעזולטאַט האָב איך דערגרייכט נישט זעהר לייכט. איינ-מאָל, אין אָוונד, בשעת איך בין געקומען אַהיים, האָט מיר דער מעטרדאָטעל מודיע געוועזען אין נאָמען פון גראַף, אַז איך בין אינגאַנצען פריי פון דער שטעלע. און דאָס טאַקי האָב איך גע-וואָלט; אַז איך פיר מיך אויף נישט גוט, האָב איך נישט-ווי-

לענדיג געפיהלט, און דעריבער האָב איך מיך בעדאַרפט פער-ענטפערן פאַר זיך גופא. איך האָב גערעכענט, אַז אויב איך וועל אַנדערע בעשולדיגען, וועט שוין מיין אָנגענומענער בעשלוס דע-מאָלט זיין אַ מין נויטווענדיגקייט. מען האָט מיר איבערגעגעבען, אַז גראַף פּאַווריאַ האָט מיר געהייסען קומען צו אים, איידער איך וועל אַוועקגעהן פון שטוב. זעהענדיג, אַז איך האָב אינגאַנ-צען פערלאָרען דעם קאָפּ און בין נישט פעהיג צו פאָלגען דעם גראַפס בעפעל, האָט מיר דער מעטרדאָטעל, ערשט נאָכדעם, ווי איך האָב מיך געזעהן מיט'ן גראַף פּאַווריאַ, אַרויסגעגעבען דאָס געלד, וואָס איך האָב גאַנץ ווייניג פערדינט. עס איז פּראָיעק-טירט געווען צו געבען מיר אַנ'אַנדער פּאָסטען און דערווייל האָט מען מיר נישט בעשטימט קיין געהאַלט.

נישט-געקוקט דערויף, וואָס איך בין געווען יונג און לייכט-זיניג, האָט דער גראַף פּאַווריאַ גערעדט מיט מיר זעהר קלוג און—איך נעם מיר דעם מוט צו זאָגען—ביז גאָר צערטליך. זעהר ווייך האָט ער מיר דערמאָנט, ווי אַזוי זיין פּעטער האָט זיך געזאָרגט וועגען מיר און וואָס פאַר אַ כוונות ער האָט גע-האַט. ער האָט מיר דייטליך בעוויזען, וואָס פאַר אַ פעלערן איך מאַך, כדי וואָס גיכער אומצוקומען און, צולעצט, מיר פאָרגעלעגט, איך זאָל מיך אונטערגעבען; איין תנאי האָט ער מיר געשטעלט: איבעררייסען די בעקאַנטשאַפט מיט'ן קליינעם יונגאַטש, וואָס האָט מיך אַראָבגעפירט פון וועג.

עס איז געווען אַזוי דייטליך, אַז דער גראַף רעדט נישט אין זיין נאָמען, אַז נישט-געקוקט אויף מיין נאַריש צוהיצטען קאָפּ, האָב איך אין דער דאָזיגער מינוט דערפילט די גאַנצע גוטסקייט פון מיין אַלטען הער, און זי האָט מיך טיף גערירט. אָבער דער געדאַנק וועגען דער נסיעה האָט צופיל גערייצט מיין דמיון. קיין זאַך האָט נישט געקאָנט איבערוועגען דעם רייץ פון דער נסיעה. איך בין געווען אויסער זיך. איך האָב מיך געסטאַ-רעט אָנצונעמען זיך מיט מוט, העזה און שטאָלץ און געענטפערט גאַנץ שארף, אַז קוים האָט מען מיך אָבגעזאָגט פון דער שטע-לע, וויל איך שוין פון גאָרנישט הערען, אַז איצט איז שוין

שפעט צו פערריכטען די זאַך, אַז איך האָב איין מאָל פאַר אַלע מאָל בעשלאָסען נישט צו זיין אונטערגעוואָרפען אַזאַ געפאַר— אַרויסגעטריבען ווערען צוויי מאָל פון שטוב.

דער גראַף איז אויפגערייצט געוואָרען, אָנגערופען מיך מיט אַזאַ נאָמען, ווי איך האָב פערדינט, אָנגעכאַפּט מיך פאַר'ן אַק־סעל און אַרויסגעשטויסען פון צימער און פערשלאָסען הינטער מיר די טיר. איך בין אַרויס זעהר אַ גליקליכער, פונקט ווי איך וואָלט אָבגעהאַלטען אַ גרויסען נצחון. איך האָב מיך אָבער גע־שראָקען פאַר אַ צווייטער אַטאַק און בין מיך גראָב בעגאַנגען; איך בין אַוועק און נישט בעדאַנקט דעם אַבאַט פאַר זיין גוטסקייט.

וויל מען פערשטעהן, ווי ווייט עס קאָן דערגעהן מיין משוגעת, בעדאַרף מען וויסען, אויף וויפיל מיין האַרץ איז פע־היג אָנצוצינדען זיך פון פערשידענע קלייניגקייטען, אויף וויפיל עס האָט ליב צו אָבסערווירען זיי, מעגען זיי אפילו זיין גאָר נישטיג. אין אַזוינע מינוטען ווערט מיין געליבטע אידעע גע־שטיצט פון סאַמע משונה'דיגע, קינדערשע און ווילדע איינפאַלען, צוליב וועלכע עס דאַכט זיך דוקא, אַז די אידעע קאָן פערווירקליכט ווערען. וועלען גלויבען די לעזער, אַז כמעט אַ ניינצעניעריג יונ־געל האָט געהאַלטען אַ לעדיג פלעשעל פאַר אַ מיטעל צו קריגען געלד אין אַ משך פון זיין גאַנצען וויטערדיגען לעבען? טאָ הערט-זשע.

מיט עטליכע וואָכען פאַר דעם, ווי מען האָט מיך משלח־געווען פון גראַפס הויז, האָט מיר דער אַבאַט געשענקט אַ שע־נעם געראָן-פאָנטאַן*), וואָס האָט מיך אַריינגעבראַכט אין גרויס התפעלות. בשעת מיר פלעגען דורכלאָזען דורך אים וואַסער און דערביי שמועסען, האָבען מיר, דער קלוגער באַקל און איך,

---

*) אַ קליין קאָמפּליצירט אַפּאַראַטעל מיט רעדלעך, וואָס אַז מען שטעלט עס אַוועק אויף דער אויבערפלעך פון וואַסער, הויבט עס אָן טרייבען דורך די רעדלעך דאָס וואַסער אַרויף און בעת מעשה מאַכט עס דעם איינדרוק פון אַ פאָנטאַנדעל.

משער-געוועזן, אַז דאָס דאָזיגע פּאָנטאַנדעל וועט אונז געבען אַ מעגליכקייט אַ סך לענגער צו רייזען, איידער מיר האָבען פריער אויסגערעכענט. איז נאָך פאַראַן עפּיס אויף דער וועלט אינטע-רעסאַנטערעס פון'ם געראָן-פּאָנטאַנדעל? אונזער קינפטיג גליק איז געבויט געוואָרען אויף דעם דאָזיגען געדאַנק. מיר ווילען, האָ-בען מיר געדעכענט, צונויפרופען אין יעדען דאָרף די פויערים און זיי ווייזען אונזער פּאָנטאַן. דערפאַר ווילען אונז די פויע-רים מכבד-זיין מיט כל טוב, וואָרום מיר האָבען סיי-ווי-סיי גע-האַלטען, אַז פּראָדוקטען קאָסטען נישט קיין געלד די יעניגע, וואָס זאַמלען זיי, און אויב די פויערים זענען נישט מכבד די דורכגעהער, איז עס בלויז פון קאַרגשאַפט. אין דמיון האָבען מיר אומעטום געזעהן חתנות און בעלער און האָבען משער-געוועזן, אַז מיר קאָנען זיך אַזוי געהן אויפ'ן חשבון פון אונזער פּאָנטאַנדעל פון פיעמאָנט קיין סאַוואָי און קיין פראַנקרייך און וואוהין אונז וועט זיך פערוועלען. מיר האָבען צוזאַמענגעשטעלט אונגעהויערע וועגפלאַנען און זיך גערעכענט לאָזען קיין צפון—מער צוליב דעם, מיר זאָלען קאָנען איבערגעהן די אַלפען, איידער צוליב עפּיס אַ נויטווענדיגקייט.

און אָט אַזוי, געשטיצט אויף עפּיס אַ פּלאַן, האָב איך מיך גע-לאָזט אין וועג אַריין; איבערגעלאָזט אָהן בענקעניש מיין אפּיטרופּוס, מיין לערער, מיינע למודים, מיינע האָפנונגען און כמעט די זי-כערסטע קינפטיגע קאַריערע. אָט וואָס מיך האָט געצוואונגען אָנ-צוהויבען אַ לעבען פון אַ נע-ונד'ניק. אַדיע, רעזידענצשטאָדט, אַדיע, קעניגליכער הויף, אייגענליבע, כבוד, שענע פרויען, גרויסע ראָ-מאַנען, אויף וועלכע איך האָב אַזוי געהאָפט דאָס פערגאַנגענע יאָר! איך געה מיר אַוועק מיט מיין פּאָנטאַנדעל און מיט באַקל'ן און מיט אַ מאָגער בייטעלע, אָבער מיט אַ האַרץ, פול שמחה און מיט אַ געדאַנק צו געניסען דאָס גליק פון'ם וואַנדערלעבען, וואָס איז מיר געווען טייערער פון אַלץ אויף דער וועלט. אָבער אָט די ווילדע נסיעה האָט מיר דאָך געגעבען כמעט אַזאַ תענוג, וועגען וועלכען איך האָב געטרוימט. הגם געשעהן איז עס עט-וואָס אַנדערש, איידער איך האָב גערעכענט. אונזער פּאָנטאַנדעל

האָט אפילו יאָ אויף אַ רגע פעראינטערעסירט די בעל-הבית׳טעס און די דינסטען פון די קליינע שענקלעך, אָבער פאַר׳ן עסען האָבען זיי דאָך גענומען געצאָלט. דאָס האָט אונז נישט שטאַרק געערגערט און מיר האָבען נאָך אַלץ געהאָפט אויפ׳ן פאָנטאַן, ער זאָל אונז געבען צום לעבען, בשעת אין אונזער בייטעלע וועט ווערען לעדיג. די הילף פון פאָנטאַן איז אָבער אַוועק מיט׳ן ווינט. נעבען בראַמאַנט איז ער צובראָכען געוואָרען, כּן יאבדו. ער האָט אונז שוין סיי-ווי-סיי אָנגעהויבען דערעסען, הגם דער׳ן האָבען מיר זיך איינער דעם צווייטען נישט מודה-געווען. דאָס אומגליק מיט׳ן פאָנטאַן האָט אונז נאָך פרעהליכער געמאַכט; מיר האָבען אַ סך געלאַכט און דערביי איז אונז געקומען אויפ׳ן זי-נען, אַז מיר האָבען גאָר פערגעסען אָן דעם, אַז די שיך און קליידער קאָנען אונז צוריסען ווערען און אַלץ געהאָפט, אַז דער פאָנטאַן וועט אונז געבען נייע קליידער און נייע שיך.

און, ווי פריער, זענען מיר פרעהליך געגאַנגען, נאָר ווע-נינער אָבגעקערט פון וועג, צו יענעם ציל, וועגען וועלכען מיר האָבען שוין איצט בעדאַרפט בעסער אַ טראַכט טאָן, מחמת אונ-זער בייטעלע איז היבש לעדיגער געוואָרען. אין שאַמבערי איז מיר געקומען אויפ׳ן זינען נישט די נאַרישקייט פון מיין נאָר-וואָס געמאַכטען שריט (נאָך קיינמאָל ווערט נישט אַ מענש אַזוי גיך שלום מיט׳ן עבר, ווי איך), נאָר די פאָרגעשטאַנענע אויפנאַם פון פרוי דע-וואַרען, ווייל איר הויז האָב איך גע-האַלטען אַזוי ווי מיין אייגען הויז. אַז איך בין אָנגעקומען צום גראַף גובאָן, האָב איך איר אָנגעשריבען וועגען דעם; זי האָט געוואוסט, ווי אַזוי מען האָט דאָרט אויף מיר געקוקט און האָט זיך געפרעהט דערמיט און געגעבען מיר עצות פון ווייטען, ווי אַזוי איך זאָל מיך בעציהען צו די דאָזיגע לייטזעליגע לייט. זי האָט גערעכענט, אַז מיין צוקונפט איז געזיכערט, אויב איך וועל נישט מאַכען עפּיס אַ נאַרישען שריט. וואָס וועט זי זאָגען, אַז איך וועל מיך ווייזען פאַר איר? מיר איז אפילו אויפ׳ן זינען נישט געקומען, אַז זי וואָלט געקאָנט נישט אויפנעמען מיך, אָבער איך האָב מיך געשראָקען, זי זאָל מיר נישט מאַכען פאָר-

װאורפען, װאָס האָט מיר אױסגעװיזען ערגער פון דחקות און נױט. איך האָב בעשלאָסען אַראָבצושלינגען אירע פּאָרװאורפען און טאָן אַלץ, זי צו בערוהיגען. אין דער גאַנצער װעלט האָב איך נאָר געזעהן אײן פרױ דע-װאַרען. װאױנען בײ איר און זײן איר נישט סימפּאַטיש האָט מיר אױסגעזעהן, װי עפּיס אונ-מעגליכעס. בעזונדערס האָט מיך בעאונרוהיגט דער געדאַנק װע-גען מײן װעג-חבר. איך האָב נישט געװאָלט צװינגען פרױ דע-װאַרען, צו נעמען אױף זיך די קאָפּדרעהעניש אױך װעגען אים און האָב מורא-געהאַט, אַז איך װעל נישט אַזױ גיך פּטור װע-רען פון אים. האָב איך פּאָרזיכטיג אָנגעהױבען שמועסען מיט אים מכּח שײדען זיך, און אין דעם לעצטען טאָג האָב איך מיך אומישנע בעצװיגען צו אים זעהר קאַלט. ער האָט מיך פערשטאַ-נען. דאָס איז געװען אַ הײסער קאָפּ, אָבער נישט אַ נאַר. איך האָב געמײנט, אַז ער װעט האָבען גרױסע שמערצען דערפון, אָבער עס הױבט זיך גאָרנישט אָן. מײן פרײנד באַקל האָט זיך פון קײן זאַך נישט גענומען צום האַרצען. באַלד, װי מיר זענען נאָר געקומען אינ׳ם שטעדטעלע אַנעסי, האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן: „נו, אָט ביזטו שױן געקומען״—און, אַרומגענומען מיך, זיך צװזעגענט, אַ דרעה-געטאָן זיך אױף אײן פוס און נעלם גע-װאָרען. מער האָב איך קײנמאָל גאָרנישט געהערט פון אים. די בעקאַנטשאַפט אונזערע און די חבר׳שאַפט האָט געדױערט בײ אַ זעקס װאָכען, אָבער די פאָלגען זײערע װעלען לעבען, ביז װאַ-נען איך װעל נישט שטאַרבען.

אַך, װי מיר האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ, בשעת איך בין צוגעגאַנגען צו פרױ דע-װאַרענ׳ס הױז. די פיס האָבען גע-ציטערט, אין די אױגען האָט געפינטעלט. איך האָב גאָרנישט געזעהן, גאָרנישט געהערט. עטליכע מאָל האָב איך מיך צוגע-שטעלט: איך האָב מיך בעדאַרפט אָבאָטעמען און קומען צו זיך. האָט מיך אַזױ צוטרױסעלט די אימה װעגען דעם, אַז איך װעל נישט בעקומען די נױטיגע הילף? קאָן אַ הונגערטױט אין מײנע יאָרען גורם-זײן אַזאַ פחד? נײן, נײן. איך זאָג עס זיכער און שטאָלץ. דער געדאַנק װעגען הילף האָט קײנמאָל אין לעבען

נישט געקאָנט ענטציקען אָדער צוזאַמענפּרעסען מיין הארץ. פאַר דער גאַנצער צייט פון מיין לעבען, פול מיט פּאַסירונגען, פרייד און לייד, בין איך עפּטער געבליבען הענגען אין לופטען, אָהן אַ שטיקעל ברויט, אָבער איך האָב מיר גאַנץ געלאַסען בעצויגען צו רחבות און דחקות. אין פאַל פון אַ נויט וואָלט איך, ווי אַ יעדער אַנדערער, געקאָנט בעטען אַ נדבה, אָדער גנב'ענען, אָבער קיינמאָל וואָלט איך נישט געהאַט קיין עגמת-נפש דערפון, וואָס איך בין דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה. ווייניג מענשען האָבען אַזוי פיל געליטען, וויפיל איך האָב מיך אָנגעליטען; ווייניג מענשען האָבען אַזוי פיל געוויינט, וויפיל איך, אָבער די אָרימקייט אָדער דער שרעק אַריינצופאַלען אין נויט האָט ביי מיר קיינמאָל נישט אַרויסגעריסען נישט קיין זיפץ, נישט קיין טרערען. מיין נשמה האָט געוואוסט פון עכטער פרייד און צער, וואָס האָבען קיין שייכות נישט געהאַט צו אָרימקייט און רייכקייט. און טאַקי דע-מאָלט, בשעת איך האָב נאָך געהאַט דאָס סאַמע נויטיגע, האָב איך מיך געפיהלט העכסט אומגליקליך.

באַלד, ווי איך האָב מיך געוויזען פאַר פרוי ד ע-וו אַ ר ע ן, האָט מיך בערוהיגט דער אויסדרוק פון איר געזיכט. ביי איר ערשטען וואָרט האָב איך אַ ציטער געטאָן, געוואָרפען זיך צו אי-רע פיס און פון גרויס שמחה צוגעפאַלען מיט די ליפען צו איר האַנט. איך ווייס נישט, צי זי האָט עפּיס געהערט וועגען מיר אָדער דאָס זאָל זיין צוליב אַן אַנדער סבה, נאָר אויף איר גע-זיכט האָב איך נישט בעמערקט קיין שום חדוש'ן זיך און קיין זכר פון פערדרוס.

—מיין קליינינטשקער אָרימער פריינד—האָט זי האַרציג גע-זאָגט—ביזטו ווידער דאָ. איך האָב געוואוסט, אַז דו ביזט צו-יונג פאַר אַ רייזע קיין טורין, און בין צופרידען, וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזט נישט ערגער, ווי איך האָב מיך געשראָקען.

דערנאָך האָט זי מיר געהייסען אַלץ דערצעלען. אין עט-ליכע ווערטער האָב איך איר איבערגעגעבען פון אַלץ, דערביי נישט אָבגענויגט פון אמת, הגם מאַנכע פּרטים האָב איך אַדורכ-געלאָזט; אין אַלגעמיין אָבער האָב איך זיך נישט געשאַנעוועט

און זיך נישט געסטאַרעט צו פערענטפערן. האָט מען בעדאַרפט אָנהויבען קלערען וועגען אַנ׳אָרט פאַר מיר. פרוי דע-וואַרען האָט אַרוף געטאָן די דינסט—בעראַטען זיך מיט איר. בשעת זיי האָבען זיך בעראַטען, האָב איך מיך נישט געוואַגט צו אָטעמען. אָבער אַז איך האָב דערהערט, אַז שלאָפען וועל איך אין פרוי דע-וואַרענ׳ס הויז, האָב איך מיך קוים געקאָנט איינהאַלטען פון שמחה. באַלד האָט מען מיין קליין פעקעלע אַריינגעטראָגען אין אַ צימער, בעשטימט פאַר מיר. איך בין געווען אויפ׳ן זיבעטען הימעל. דערצו האָב איך נאָך געוואוסט, אַז אָט דאָס גליק וועט נישט זיין קורץ. אין דער רגע, בשעת די ביידע פרויען האָבען גערעכענט, אַז איך בין פערנומען מיט עפיס זייטיגעס, האָב איך דערהערט, ווי פרוי דע-וואַרען האָט געזאָגט: „זאָל מען ריידען, וואָס מען וויל, נאָר אַז גאָט האָט אים ווידער געבראַכט צו מיר, וועל איך אים נישט פערלאָזען".

און אָט אַזוי האָב איך מיך בעזעצט ביי איר אין הויז; אמת, נישט דעם דאָזיגען טאָג האַלט איך פאַר׳ן אָנהויב פון דעם גליקליכען פעריאָד פון מיין לעבען, אָבער די צייט, וואָס איז געקומען נאָך אים, האָט מיר צוגעגרייט דעם וועג צו גליק. די פיהלבאַרקייט, וואָס העלפט אונז אויסצוגעפינען דעם קוואַל פון פערגעניגען אין אונזער נשמה גופא, איז אפילו אַ נאַטורזאַך, אָדער, מעגליך, אַ פּראָדוקט פון דער אָרגאַניזאַציע אונזערער, דאָך בעדאַרף האָבען די דאָזיגע פיהלבאַרקייט אַזוינע אומשטענדען, אין וועלכע זי זאָל זיך קאָנען ענטוויקלען. אָהן די געהעריגע אומשטענדען וואָלט אַ פיהלבאַרער מענש פון נאַטור גאָרנישט גע-פיהלט און וואָלט געשטאָרבען, נישט-דערקאָנענדיג זיך אַליין. אין דעם פרט בין איך געווען נישט-ענטוויקעלט אָדער כמעט נישט-ענטוויקעלט ביז דאָס לעבען אין אַנעסי; און עס קאָן זיין, אַז איך וואָלט שוין אַזוי פערבליבען אויף שטענדיג נישט-ענטוויי-קעלט, ווען איך וואָלט מיך נישט בעקאָנט מיט פרוי דע-וואַרען, אָדער ווען איך וואָלט מיך יאָ געקאָנט מיט איר, אָבער איך וואָלט נישט געלעבט נאָענט מיט איר אַזוי לאַנג, אַז איך זאָל בעקומען די זיסע געוואוינהייט צו צאַרטע געפיהלען, וואָס זי האָט

אין מיר דערוועקט. איך נעם מיר די העזה צו זאָגען, אַז דער מענש, וואָס איז אָנגעצונדען מיט איין ליידענשאַפטליכער ליבע, לעבט נישט איבער דאָס סאַמע צאַרטע געפיהל אין לעבען. איך קאָן אַן׳אַנדער געפיהל, וואָס איז, מעגליך, נישט אַזוי פלאַמיג, אָבער וואָס איז טויזענדער מאָל זיסער. דאָס דאָזיגע געפיהל געהט טיילמאָל צוזאַמען מיט דער ליבע, אָבער עפטער איז עס גאָר־נישט געבונדען מיט איר. און נישט קיין פשוט׳ע פריינדשאַפט איז געווען דאָס געפיהל, וועגען וועלכען איך רייד. דאָס איז געווען צאַרטער פון פריינדשאַפט; מער ליידענשאַפט האָט עס געהאַט. איך בין נישט נוטה צו מיינען, אַז אַזאַ געפיהל קאָן מען אויך האָבען צו אַ ווענזען פון אונזער געשלעכט; איך בין טיילמאָל געווען אַן׳איבערגעגעבענער פריינד ביז גאָר, און דאָך האָב איך צו קיין איינעם פון מיינע פריינד נישט געשפירט דאָס דאָזיגע געפיהל. אַלץ, וואָס איך האָב דאָ געזאָגט, איז נישט קלאָר, אָבער דאָס וועט ווערען קלאָר פון מיין ווייטער־דיגער דערצעלונג. מען קאָן גוט בעשרייבען אַ געפיהל נאָר דע־מאָלט, ווען מען בעווייזט, ווי אַזוי דאָס איז אויסגעדריקט גע־וואָרען.

פרוי דע־וואַרען האָט געוואוינט אין אַ גרויסען אַלטען הויז; אין דעם דאָזיגען הויז איז געווען אַ גרויס רעזערוו־צימער, וואָס האָט געדינט פאַר אַן׳אויפנאַכצימער. דאָ האָט מען מיך בעזעצט. די פענסטער זענען אַרויסגעקומען צו יענעם שטעגעלע, וועגען וועלכען איך האָב שוין דערצעלט: דאָרט איז פאָרגעקומען מיין ערשטע בעגעגעניש מיט פרוי ד ע־וו אַ ר ע ן. הינטער׳ן טייכעל און גאָרטען האָבען זיך אַרויסגעזעהן פעלדער. פאַר דעם יונגען בעוואוינער פון צימער איז די דאָזיגע לאַנדשאַפט נישט געווען אַבי אַ זאַך. נאָך באָסע האָב איך דאָס ערשטע מאָל דערזעהן גרינס. איך האָב שטענדיג געלעבט צווישען ווענט און שטענדיג געקוקט בלויז אויף דעכער אָדער אויף גרויע גאַסען. אַך, ווי דאָס נייע בילד האָט געווירקט אויף מיין נשמה! ווי האָט עס מיך געצויגען! די לאַנדשאַפט אונטער׳ן פענסטער האָט אין אַ בעדייטענדער מאָס פערגרעסערט מיין נייגונג צו צערטליכקייט.

דאָס האָט מיר אויסגעוויזען ווי נאָך אַ לייטזעליגקייט פון מיין טייערער בעשיצערין. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט מיר אומישנע אָבגעגעבען דאָס דאָזיגע צימער. אין דמיון פלעג איך מיך איבערטראָגען מיט איר הינטער'ן שטאָדט. איך פלעג זי זעהן צווישען בלומען און גרינס. איר רייץ פלעגט אין מיינע אויגען זיך אויסמישען מיט'ן רייץ פון פרילינג. מיין האַרץ, וואָס איז ביז אַהער געווען איינגעפרעסט, האָט זיך דערפיהלט פריי אין דער דאָזיגער נאַטור-רחבות, און לייכט פלעג איך מיך אָבאָטע-מען צווישען די בוימער.

פרוי דע-וואַרען איז נישט געווען אַרומגערינגעלט מיט אַזוי פיל גלאַנץ און עשירות, וואָס איך האָב געזעהן אין טורין, אָבער אין איר שטוב האָט געהערשט יענע ריינקייט און יענע פאַטריאַרכאַלע ברייטקייט, צו וועלכער עס ווערט קיינמאָל נישט צוגעמישט קיין לוקסוס. ווענינ זילבערנע כלים האָט זי געהאַט, פון פאַרפאָר איז גאָר נישטאָ וואָס צו ריידען. איר קיך האָט נישט געוואוסט פון עופות, אין קעלער זענען נישט געווען קיין אויסלענדישע וויינען. דערפאַר אָבער האָט זיך אין קיך און אין קע-לער שטענדיג געפונען אַ היבשער אויסוואַל פון שפייזען, מכבד צו זיין יעטווידערן, וואָס איז געקומען צו איר, און אין די פאָרצעלייענע טעצעלעך פלעגט זי געבען גרויסאַרטיגע קאַווע. יעדערן, ווער עס האָט זי נאָר בעזוכט, פלעגט זי איינלאַדען צו מיטאָג אָדער, לפחות, צו זיך אין שטוב. און קיין אַרבייטער, קיין דורכגעהער איז נישט אַרויס פון איר שטוב, נישט בעקומענדיג פריער קיין שפייז אָדער וויין. די דינערשאַפט אירע איז בעשטאַנען פון אַ דינסט, אַ גאַנץ שען מיידעל, וואָס האָט געהייסען מערסערע, אַ דינער, וואָס האָט געהייסען קלאָד אַנע, וועגען וועלכען איך וועל נאָך ריידען שפעטער, אַ קעכין און צוויי געדונגענע טרעגער, וואָס פלעגען קומען, בשעת פרוי דע-וואַרען פלעגט אַוועקפאָרען אין געסט; דאָס פלעגט אָבער געשעהן זעלטען. די הוצאה פון דער נישט-קליינער ווירטשאַפט האָט אויסגעמאַכט ביי אַ צווייטוויזענד ליווער. ביי אַ גוטער בעל-הבית'טע וואָלט די קליינע הכנסה גע-קאָנט דעקען די הוצאות, וואָרום זי האָט געלעבט אין אַ לאַנד,

וואו די ערד איז געווען אַ גוטע און געלד זעלטען. צום אומגליק, איז שפּאָרזאַמקייט נישט געווען די מדה פון מיין בעשיצערין; פרוי דע-וואַרען איז אַריינגעקראָכען אין חובות.

ווען איך וואָלט געהאַט מיטלען, וואָלט איך טאַקי איינגעפירט ביי מיר אין שטוב יענעם סדר, וואָס אָן אים האָט זיך געהאַלטען פרוי דע-וואַרען. קאָן מען זיך פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ פערגעניגען מיר האָט פערשאַפט דאָס לעבען ביי איר. מיר איז נאָר איין זאַך נישט געווען געפעלען—מען האָט בעדאַרפט זיצען ביים טיש זעהר לאַנג. אין דער ערשטער מינוט האָט איר שרעקליך געעקעלט פון דעם זופּגערוך און פון די אַנדערע מאכלים, און אָט דער עקעל האָט געדויערט אַ היבש ביסעל צייט. ביסלעכווייז פלעגט זי קומען צו זיך, אָנהויבען ריידען, אָבער נישט עסען. בלויז אין אַ האַלבער שעה אַרום פלעגט פרוי דע-וואַרען פּרובען אַראָבשלינגען דעם ערשטען ביסען. איך וואָלט מיך געקאָנט אָבפּאַרטיגען מיט דריי מיטאָגען פאַר דער צייט, און דאָס לעצטע געריכט פלעג איך ענדיגען פריער, איידער זי האָט זיך גענומען פאַר דאָס ערשטע געריכט. פלעג איך פון דאָסניי מיט איר מיטאָגען און אויף אַזאַ אופן געגעסען פאַר צוויי; דאָס האָט מיר נישט געשאַדט. איך האָב מיך אָבגעגעבען דער ליבער שטימונג פון אַנ׳איינגעאָרדענט לעבען, און צו מיין גליק איז נישט צוגעמישט געוואָרען קיין שום זאָרג וועגען דעם, צי דאָס וועט זיך לאַנג ציהען. איך האָב נאָך נישט געוואוסט, ווי אַזוי זעֶנען געשטאַנען אירע געשעפטען און האָב גערעכענט, אַז איר וועט נישט זיין שווער צו לעבען ווייטער, אַזוי ווי איצט. שפּעטער האָב איך גענאָסען פערגעניגען אין איר הויז נישט ווייניגער, אָבער איך האָב שוין געקאָנט בעסער איר מעמד און געזעהן, אַז די הוצאה וועגט-איבער די הכנסה און דעריבער נישט געקאָנט אַזוי רוהיג בענוצען זיך מיט די אַלע בעקוועמליכקייטען. איך האָב שוין געזעהן פאָראויס, וואָס עס וועט זיין, און דאָס האָט קאַליע געמאַכט מיינע פערגעניגענס. אומזיסט האָב איך געקוקט אין דער צוקונפט אַריין: איך האָב נישט געקאָנט מיט עפּיס העלפען.

פון דעם ערשטען טאָג אָן איז צווישען אונז איינגעשטעלט געוואָרען יענע ליבע נאָנטקייט, וואָס האָט זיך געצויגען ביז איר טויט. מיין נאָמען איז געווען: „מיין קלייניטשקער“, איך האָב זי גערופען — מ אַ מ ע ל ע. און פערבליבען זענען מיר שוין קלייניטשקער און מאַמעלע, אפילו בשעת די צייט האָט כמעט אָבגעווישט דעם חלוק פון די יאָרען. איך האַלט, אַז אין די דאָזיגע צוויי נעמען האָט זיך אויסגעדריקט דער כאַראַקטער פון אונזער בעציהונג, די פשטות אירע און איבערהויפט די בעציהונגען צווישען אונזערע הערצער. פרוי דע-וואַרען איז מיר געווען די סאַמע צאַרטעסטע מוטער, וואָס האָט געטראַכט נישט פון איי-גען פערגעניגען, נאָר פון מיין גליק, און אויב דאָס הייסע גע-שלעכטסגעפיהל האָט אַריינגעטראָגען זיין פאָרציע אין מיין בעצי-הונג צו איר, האָט עס דאָך נישט פערענדערט דעם עיקר פון מיין בעציהונג; דאָס האָט זי נאָך זיסער געמאַכט. עס האָט מיך פער'שכור'ט דער רייצענדיגער געדאַנק, אַז איך האָב אַ יונגע שענע מאַמעלע, וועמען עס איז אַזוי אָנגענעם צו גלעטען. איך זאָג גלעטען אין בוכשטעבליכען זין פון וואָרט, וואָרום פרוי דע-וואַרען פלעגט מיך ווירקליך קושען און בעשיטען מיט די מו-טערליכסטע און צערטליכסטע לאַסקעס; איך האָב איר געצאָלט מיט דעמזעלבען, אָבער מיר איז קיינמאָל אין קאָפּ נישט געקו-מען שלעכטע אויסצוניצען די גוטסקייט אירע. מען וועט זאָגען, אַז צולעצט זענען געקומען גאָר אַנדערע בעציהונגען. איך בין מיך מודה דערין, אָבער מען דאַרף נישט איילען. איך קאָן דאָך נישט אַלץ דערצעלען פאַר אַ מאָל.

בשעת מיר האָבען זיך צום ערשטען מאָל בעגעגענט, האָב איך באמת דערשפירט אַ בעזונדערע ליידענשאַפטליכע אויפרעגונג, אָבער דאָס איז אַרויסגערופען געוואָרען פון התפעלות. מיינע אונ-בעשיידענע בליקען האָבען זיך קיינמאָל נישט געסטאַרעט אַריינ-צודרינגען אונטער אירע טיכלעך, כאָטש איר פולע פיגור, שלעכט בעדעקט, האָט זיי געקאָנט צוציהען. נאָנט פון איר האָב איך נישט געשפירט קיין פלאַמענדיגע געפיהלען, קיין בעגערן. אַ זיסע רוה פלעגט מיך אַרומכאַפּען און איך האָב געהאַט גרויס תענוג,

אַליין נישט-וויסענדיג פון וואָס. מיט איר וואָלט איך געווען גרייט צו פערברענגען דאָס גאַנצע לעבען און אַ גאַנצע אייביג-קייט און וואָלט פון איין לאַנגווייליגער רגע נישט געוואוסט. בלויז מיט דער מאַמעלען אַליין האָב איך נישט בעמערקט די טרוקענקייט פון אַ געשפּרעך, וואָס פערשאַפט מיר געוועגליך גרויסע יסורים: מען דאַרף דאָך אים אונטערהאַלטען. זענען מיר געבליבען אַליין, האָבען מיר מער געפּלוידערט, איידער גערעדט, און אונזער פּלוידעריי האָט זיך געצויגען אַזוי לאַנג, ביז עמיצער האָט אונז געשטערט. מיט פרוי דע-וואַרען האָט מען מיך נישט בעדאַרפט צווינגען צו ריידען; פערקערט, מיר פלעגט זיין שווער צו שווייגען. עפטער פלעגט זי קלערען פון אירע פּלאַנען און טיילמאָל שטאַרק פערטראַכטען זיך. איך פלעג איר נישט שטערען צו טראַכטען. איך פלעג אויך אַנטשוויגען ווערען און קוקען אויף איר און זיין בעת מעשה דער גליקליכסטער אין דער וועלט. איך האָב געהאַט אַ מאָדנע מאַניע: בשעת מיר פלעגען ריידען זאַלבענאַנד, האָב איך קיין זאַך נישט בעגערט, אָבער איך האָב שטאַרק געזוכט די געלעגענהייט צו בלייבען מיט איר אויג-אויף-אויג. דאָס האָט מיר פערשאַפט גרויס תענוג, און איך פלעג אַרויס פון די כלים, בשעת שלעכטע מענשען פלעגען קומען און שטערען אונזערע געשפּרעכען. פלעגט נאָר עמיץ אַריינקומען אין צימער, אַלץ-איינס, צי אַ מאַנספּערשוין, צי אַ פרוי, פלעג איך אויפשפּרונגען פון אָרט אַנ׳אויפגערייצטער; מיר איז געווען אונגעהויער שווער, ווען עמיץ האָט זיך געפונען צווישען אונז ביידען. שטעהענדיג ביי איר אין פאָדערצימער, פלעג איך צעלען די מינוטען, פערשילטען די אייביגע בעזוכער און נישט פערשטאַנען, וועגען וואָס זיי קאָנען ריידען מיט איר, בשעת ביי מיר אַליין איז נאָך פערבליבען אַזוי פיל נישט-דערערדטעס!

די גאַנצע קראַפט פון מיין געפיהל צו דער מאַמעלען האָב איך געשפּירט, בשעת איך פלעג זיין מיט איר צושיידט. נעבען איר האָב איך געהאַט דאָס געפיהל פון צופרידענהייט; נישט נעבען איר—פלעגט די אונרוהיגקייט, וואָס פלעגט מיך בעפאַלען, דערגעהן ביז יסורים. די פאָדערונג צו לעבען [illegible] איר פלעגט

מיך צונפילען מיט עקסטאַז, וואָס פלעגט זיך עפטער ענדיגען מיט טרערען. איך וועל אייביג געדענקען, ווי אַזוי, איינמאָל, אין אַ גרויסען יום-טוב, איז זי אַוועק אין קירך און איך—דורכ־געהן זיך. איך האָב געטראָגען איר געשטאַלט אין מיין האַרצען, און מיין גאַנץ וועזען האָט געברענט מיט'ן בעגער צו זיין מיט איר דאָס גאַנצע לעבען. איך האָב שוין געהאַט שכל איינצוזעהן, אַז ביי דער איצטיגער צייט איז עס נאָך אונמעגליך און אַז דאָס גליק, פון וועלכען איך האָב אַזוי פיל געחלומ'ט, וועט זיך נישט ציהען לאַנג. דאָס האָט צוגעגעבען מיינע טרוימען די שאַ־טירונג פון אומעט, אין וועלכען עס איז, איבעריגענס, נישט געלעגען קיין שום מרה-שחורה. מיין אומעט פלעגט זיך אויסגלעטען פון אַ ליכטיגער האָפנונג. דער קלאַנג פון גלאָקען, וואָס פלעגט מיך שטענדיג בעוועגען, דאָס געזאַנג פון פויגעל, דער רייץ פון טאָג, דער חן פון לאַנדשאַפט, די צעוואָרפענע דאָרפהייזלעך, וואָס איך האָב אין דמיון געמאַכט פאַר אונזער אַלגעמיינע וואוי־נונג—דאָס אַלץ האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ טיפען, צאַרטען טרויעריגען און האַרציגען איינדרוק, אַז איך פלעג מיך, פונקט ווי אין אַ כשוף, איבערטראָגען אין יענער גליקליכער צייט און אין יענער געבענשטער וואוינונג, וואָס האָבען דערנאָך געגעבען מיין האַרץ אַזוי פיל תענוג, אַזוי פיל גליק, אָהן דעם געדאַנק וועגען געשלעכט-הנאות. איך געדענק נישט, אַז איך זאָל האָבען ווען-עס-איז אַריינגעדרונגען אין דער צוקונפט מיט מער קראַפט און מיט מער אילוזיע, איידער אין דער דאָזיגער מינוט. ווען מיין טרוים איז פערווירקליכט געוואָרען, האָט מיך אין דער ערי־נערונג וועגען אים אַממערסטען איבערראַשט דאָס, וואָס אַלץ איז מקוים געוואָרען פונקט אַזוי, ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט. אויב אַ חלום אויף וואָך איז ווען-עס-איז געווען ענליך צו נביאות, איז עס נאָר אין דעם פאַל. איך האָב מיך נאָר גענאַרט אין דער צייט. אין מיין דמיון זענען טעג, יאָרען, דאָס גאַנצע לעבען אַדורכגעגאַנגען אָהן אַ ריס. אין דער ווירקליכקייט אָבער האָט מיין גליק לאַנג נישט געדויערט. וועה, איך האָב אַממער־סטען גליק גענאָסען אין חלום

איך וואָלט קיינמאָל נישט געקאָנט ענדיגען די רשימה פון אַלע מיינע משוגעת׳ן, וואָס די ערינערונג וועגען דער רייצענדער מאַמעלען האָט דערוועקט אין מיר, בשעת איך בין געווען נישט נעבען איר. ווי אָפט פלעג איך קושען מיין געלעגער, טראַכ־טענדיג, אַז זי האָט געשלאָפען אויף אים, קושען די פאָרהענ־גלעך, דאָס מעבעל פון צימער, וואָרום דאָס אַלץ האָט איר גע־הערט, וואָרום איר שענע האַנט האָט בעריהרט די דאָזיגע זאַכען. איך האָב געקושט די דיל, ווייל זי איז געגאַנגען איבער איר. טיילמאָל, זאָגאַר אין איר געגענוואַרט, פלעג איך אַרויסוואַרפען אַזוינע מאָדנע שפּיצלעך, וואָס האָבען געקאָנט דערוועקט ווערען נאָר דורך ליבע. איינמאָל, ביים טיש, בשעת זי האָט אַריינגע־לעגט אין מויל אַ קליינעם ביסען, האָב איך אָנגעהויבען שרייען, אַז איך זעה אין אים אַ האָר; האָט זי אַרויסגעוואָרפען דעם בי־סען אויפ׳ן טעלער, אָבער איך האָב אים געכאַפּט און באַלד אַראָבגעשלונגען.

מיט איין וואָרט, צווישען מיר און זעהר אַ ליידענשאַפטלי־כען געליבטען איז געווען בלויז איין אונטערשייד, אָבער זעהר אַ וויכטיגער, אַנ׳אונטערשייד, וואָס האָט געמאַכט מיין דעמאָלטדי־גע לאַגע כמעט אונפערשטענדליך. פון איטאַליען בין איך געקו־מען נישט אינגאַנצען אַזאַ, ווי איך בין אַוועק אַהין, אָבער יונ־גע מענשען פון מיין עלטער, קאָן זיין, קערן זיך קיינמאָל נישט אום אין אַזאַ צושטאַנד, אין וועלכען איך בין געווען. איך בין געבליבען גאַנץ, אָבער איך האָב געפיהלט די שנוים, וואָס די יאָרען האָבען אַריינגעבראַכט אין מיין אָרגאַניזם. מיין אונרוהיגער טעמפּעראַמענט האָט זיך, צולעצט, אַרויסגעוויזען, און איך האָב מיך אָנגעהויבען שטאַרק שרעקען פאַר מיין געזונד. אינגיכען האָב איך מיך בערוהיגט און בעקומען אַ געפערליכע געוועהנהייט, וואָס נאַרט-אָב די נאַטור און וואָס בעפרייט די יונגעלייט פון מיין כאַראַקטער פון אַנ׳אונריינעם לעבען; דערפאַר אָבער בע־צאָלען זיי זיך מיט׳ן געזונד, מיט די כחות און טיילמאָל זאָגאַר מיט׳ן לעבען. די דאָזיגע געוועהנהייט, וואָס איז בעקוועם, מחמת די יונגעלייט דאַרפען זיך נישט שעמען און דריקען, האָט אויך

אַ גרויסען רייץ פאַר יונגע בחורים'לעך מיט אַ לעבעדיגער פאַנ-
טאַזיע. די שלעכטע געוואונהייט גיט זיי, אַזוי צו זאָגען, די
מעגליכקייט צו בעזיצען אַלע פרויען און איסצוקלויבען, וועלכע
שענהייט זיי ווילען, אָהן איר הסכם. די געוואונהייט האָט מיך
שטאַרק אריינגעשלעפט און איך האָב קאַליע געמאַכט מיין פעס-
טען אָרגאַניזם, וואָס די נאַטור האָט מיר געגעבען און וואָס האָט
געהאַט גענוג צייט צו ענטוויקלען זיך. איצט נעמט דאָס אָרט,
וואו איך האָב געוואוינט: איך האָב מיך געפונען אין אַ הויז פון
אַ שענער פרוי, איך האָב געטראָגען איר געשטאַלט אין האַרצען,
שטענדיג געזעהן זי בייטאָג און אין אָוונד זיך געפונען צווי-
שען זאַכען, וואָס האָבען זי מיר דערמאָנט; איך האָב געשלאָ-
פען אין אַ בעט, וואו זי האָט, ווי איך האָב געוואוסט, געשלאָ-
פען פריער. וויפיל געלעגענהייטען אויפצורעגען זיך! יענער לע-
זער, וואָס פערשטעהט די קראַפט פון די דאָזיגע געלעגענהייטען,
קוקט שוין מסתמא אויף מיר, ווי אויף אַנ'אָבגעשטאָרבענעם.
פערקערט, דאָס, וואָס האָט מיך בעדאַרפט אומברענגען, האָט מיך
פערהיט, לפחות, אויף אַ געוויסער צייט. פער'שכור'ט פון דעם
תענוג, וואָס איך האָב געוואוינט נעבען דער מאַמעלען, פער-
ברענט פון בעגערן, פערברענגענדיג מיט איר די גאַנצע צייט,
האָב איך אין איר געזעהן—צי זי איז געווען נעבען מיר אָדער
נישט—אַ צאַרטע מוטער, אַ טייערע שוועסטער, אַ זיסען פריינד,
אָבער נישט מער. איך האָב זי שטענדיג געזעהן דיזעלבע, נישט-
פערענדערט—אָבער בלויז זי געזעהן. איר בילד, וואָס איז איי-
ביג אָנגעקריצט אין מיין האַרצען, האָט נישט צוגעלאָזט קיין
וואולגאַרע טרוימען. פאַר מיר איז זי געווען די איינציגע פרוי
אויף דער וועלט, און די זעלטענע צאַרטגעפיהלען, וואָס זי האָט
אין מיר דערוועקט, האָבען דערשטיקט די תאוה צו אנדערע
פרויען, אָבגעהיט מיך פון איר אַליין און פון אַלע איבעריגע
פרויענשענהייטען. מיט איין וואָרט, איך האָב מיך גוט געהאַלטען,
ווייל איך האָב זי ליב געהאַט. זאָל דער, וואָס קאָן, בעשטימען,
לויט די דאָזיגע שפירונגען, וועלכע זענען דאָ שלעכט איבערגעגע-
בען געוואָרען, דעם כאַראַקטער פון מיין בעציהונג צו איר. איך

אָבער קאָן דאָ נאָר דאָס זאָגען, אַז אויב מיין געפיהל צו דער מאַמעלען וועט דעם לעזער אויסוויייזען משונה׳דיג, וועט עס אים דערנאָך אויסוויזען נאָך משונה׳דיגער.

בעשעפטיגט מיט זאַכען, וואָס האָבען מיך אַמוועניגסטען אינטערעסירט, האָב איך אָבער פערבראַכט די צייט זעהר און זעהר אָנגענעם. איך האָב צוזאַמענגעשטעלט פּראָיעקטען, געמאַכט חשבונות, איבערגעשריבען רעצעפּטען, פונאַנדערגעסאָרטירט גראָזען, געשטויסען מינעראַלפּראָשקעס. איך האָב גלייכצייטיג בעדאַרפט ריידען מיט אַ סאָלדאַט, מיט׳ן אַפּטייקער, מיט אַ יחוס׳דיגער פרוי, מיט אַ מאָנאַך. איך פלעג כעס׳ן, שפּרינגען פון דער הויט, שיקען זיי אַלעמען צו אַלדי שוואַרץ יאָר. פרוי דע-וואָרען, וואָס האָט זיך צו אַלץ בעצויגען האָפערדיג, האָט געלאַכט ביז טרערען פון מיין קאָכען זיך. איר איז בעזונדערס קאָמיש אויסגעקומען דאָס, וואָס בשעת איך קאָן מיך אַמוועניגסטען איינהאַלטען פון געלעכטער, שפּרינג איך אַממערסטען פון דער הויט. אָט די קליינינטשקע אַנטראַקטלעך, וואָס האָבען מיר געגעבען דאָס פערגעניגען צו בייזערן זיך, זענען געווען זעהר זיסע. און אויב אַ נייער אונאָנגענעמער גאַסט פלעגט קומען בשעת אַ קריג, פלעגט איט די מאַמעלע מאַכען פאַר אַ מיטעל צום ווייַלען זיך. שעלמיש פלעגט זי אים אַריינשלעפּען אין אַ שמועס און דערביי פלעגט זי וואַרפען אויף מיר אַזוינע בליקען, פאַר וועלכע איך וואָלט זי גערן אָנגעשלאָגען. מיט גרויס מיה פלעגט זי דערשטיקען אין זיך דאָס געלעכטער און כאַפּען אַ קוק אויף מיר, ווי איך שטעה בעת מעשה און קוק זי אָן מיט אויגען פון אַ צורייצטער חיה. אין הערצען אָבער האָט עס מיר אַלץ אויסגעוויזען זעהר קאָמיש.

דאָס אַלץ, וואָס גופא פאַר זיך איז עס מיר נישט געווען געפעלען, האָט מיך דאָך געוויילט, ווייל דאָס איז געווען אַ טייל פון דעם זיסען וועזען. די אַלע אַרומיגע און די אַלע בעשעפטיגונגען מיינע זענען נישט געווען לויט מיין געשמאַק, אָבער זיי אַלע זענען מיר געווען צום האַרצען. מיר דאַכט זיך, אַז איך וואָלט, צולעצט, זאָגאַר ליב בעקומען די מעדיצין, ווען מיין

עקעל צו איר וואָלט נישט געדינט פאַר אַ געלעגענהייט צו חוזק׳ן איבער מיר. איך פלעג פערזיכערן, אַז איך דערקאָן אַ מעדיציניש בוך לויט׳ן ריח, און קאָמישער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס איך פלעג מיך ווירקליך זעלטען טועה-זיין. פרוי דע-וואַרען פלעגט מיך צווינגען, איך זאָל פערזוכען די סאַמע עקעל-האַפּטסטע רפואות. אומזיסט פלעג איך מאַכען פּליטה אָדער נישט לאָזען זיך; נישט-געקוקט אויף מיין בעטען זיך און אויף די שרעקליכע תנועות, וואָס איך פלעג מאַכען, און אויף די צו-זאַמענגעדריקטע ציין און אויף מיין נישט וועלען, האָב איך אָבער נאָר דערזעהן, ווי עס דערנענטערן זיך צו מיין מויל אירע שע-נע אויסגעשמירטע פינגער, פלעג איך עפענען די ליפּען און פערזוכען די רפואה. ווען די שטוביגע פלעגען זיך צונויפזאַמלען אין מיין צימער, פלעגט זיך אויפהויבען אַזאַ געשריי, מיט אַ טו-מעל, מיט אַ געלעכטער, אַז דער זייטיגער וואָלט געקאָנט מיי-נען, אַז דאָ ווערט געשפּילט עפּיס אַ פאַרס און רפואות און פערשידענע עליקסירען ווערען דאָ גאָרנישט געמאַכט. דאָך איז נישט די גאַנצע צייט אַוועק אויף קינדערשע שפּילערייען. הגם די פריערדיגע ליידענשאַפט צום לעזען איז אָבגעשוואַכט געוואָ-רען, פונדעסטוועגען האָב איך פון דאָסניי אָנגעהויבען לעזען צו-ביסלעך. דער אַבאַט גובאָן האָט מיך אויסגעלערנט לעזען נישט אַזוי דורשטיג און מער בעדאַכט, ווי איך האָב אַמאָל געלייענט. איך האָב מיך איינגעוועגט צו בעמערקען אַ סטיל און מיך האָט שוין אָנגעהויבען אינטערעסירען די פיינקייט פון זאַצבוי.

טיילמאָל פלעג איך שמועסען מיט דער מאַמעלען איבער די געלייענטע ביכער, אָפטמאָל פלעג איך איר פאָרלייענען. דאָס האָט מיר פערשאַפט גרויס פערגעניגען. איך האָב -מיר געסטאַרעט גוט צו לעזען, און דערפון האָב איך געהאַט אַ גרויסע פעולה. איך האָב שוין געזאָגט, אַז דער מאַמעלעס שכל איז געווען זעהר ענטוויקעלט; אין דער בעשריבענער צייט האָט זיך די מאַמעלע געפונען אין פולען גלאַנץ. פיל ליטעראַטען האָבען זיך געסטאַ-רעט געפעלען צו ווערען איר און האָבען זי צוגעוועגט צו ערנ-סטע ווערק. זי איז דערצויגען געוואָרען אין זעהר אַנ׳אויסגע-

זועלטער געזועלשאַפט. קיין סאַוואַי איז זי געקומען זעהר אַ יונגע, און, אַ דאַנק דער בעקאַנטשאַפט מיט'ן סאַוואָיער אַדעל, האָט זי פערלאָרען יענע געקינסטעלטע מאַנירען, וואָס כאַראַקטעריזירען די איינוואוינער פון וואָ, וואו די פרויען ריידען מיט עפּיגראַמען און האַלטען די בייסיגע שארפזיניגקייט פאַר אַ שענעם טאָן.

פרוי דע-וואַרען האָט אפילו דעם הויף געזעהן פאַרביי-געהענדיג, אָבער זי האָט בעוויזען רעכט אַ קוק צו טאָן אויף אים און האָט אים גוט פערשטאַנען. זי האָט שטענדיג געהאַט פריינד אין הויף, און כאָטש מען האָט דאָרט געמורמעלט אויף איר, צוליעב איר אויפפירונג און אירע חובות, דאָך האָט זי נישט פערלאָרען איר פענסיע ביז'ן סאַמע טויט. די מאַמעלע האָט געוואוסט די הויכע וועלט און געקאָנט מאַכען אַ סך-הכל פון דעם, וואָס זי האָט געזעהן. אָט דער סך-הכל איז געווען די געליבטע טעמע פון אירע שמועסען, און פאַר מיר איז עס געווען בעזונדערס וויכטיג צוליב מיינע ווילדע פאַנטאַזיעס, וואָס איך האָב מיר אַריינגעשלאָגען אין קאָפּ. טיילמאָל פלעגט זיך די מאַמעלע אַריינלאָזען אין צושוואומענע, נישט-קלאָרע רייד. דע-מאָלט פלעג איך קושען אירע ליפּען אָדער הענט, אָננעמען זיך מיט געדולט, און אירע לאַנגע טיראַדען פלעגען מיר נישט דער-עסען.

דאָס דאָזיגע לעבען איז געווען אַזוי גוט, אַז ער האָט זיך לאַנג נישט געקאָנט ציהען, און נאָר די שרעק, אַז עס ענדיגט זיך, האָט מיר געשטערט מיין פערגעניגען. די מאַמעלע פלעגט זיך וויצלען מיט מיר און דערביי פלעגט זי מיך אויספאָרשען, אָבסערווירען, פונאַנדערפרעגען; זי האָט געבויט פערשידענע פּלאַנען פאַר מיר, וואָס האָבען מיר גאָרנישט געשמעקט. צום גליק, האָט זיך דאָס אַלץ געענדיגט דערמיט, וואָס זי האָט בלויז דערקאָנט מיינע נייגונגען, געשמאַקען, פעהיגקייטען. האָט מען בעדאַרפט געפינען אַ געלעגענהייט אָדער בעשאַפען אַזאַ געלעגענ-הייט, וואָס זאָל לאָזען רעאַליזירען מיינע פעהיגקייטען, און דאָס האָט געפאָדערט צייט. פערגרעסערנדיג מיינע מעלות, וואָס האָבען שטאַרק אימפּאָנירט דער מאַמעלען, האָט זי שוין נישט-ווילענדיג

דערוויטערט די מינוט, ווען זיי זאָלען קאָנען צוגעפּאַסט ווערען צו אַ תכלית. מיט איין וואָרט, אַ דאַנק דער מאַמעלעס גוטער מיינונג וועגען מיר, איז אַלץ געגאַנגען אַזוי, ווי מיר האָט זיך געוואָלט. אָבער פרוי דע-וואַרען איז פּאָרט אויסגעקומען צו ענדערן דעם קוק אויף מיר—און אַ סוף איז שוין געווען צו מיין רוהיג לעבען. געקומען אירער אַ קרוב, הער דאָבאָן, אַ מענש זעהר אַ קלוגער, וואָס האָט אויך אַזוי ליב געהאַט פּערשידענע פּלאַנען, ווי די מאַמעלע, אָבער ער האָט זיך נישט אויסגעבראַכט אויף זיי, ווי זי, ער איז אויך געווען פון די, וואָס זוכען פּאַסירונג און צופאַל. דאָבאָן האָט נאָר-וואָס געהאַט פאַרגעשטעלט דעם קאַרדינאַל דע-פּליערי אַ פּלאַן פון זעהר אַ פּערוויקעלטען לאָטערייששפּיל; דער פּלאַן איז נישט געפעלען געוואָרען, און דאָבאָן האָט זיך געגרייט פּאָרצולעגען זיין פּלאַן דעם טורינער הויף, וואו ער איז דערנאָך ווירקליך אָנגענומען און פּערווירקליכט געוואָרען. דאָבאָן האָט זיך אָבגעשטעלט אין אַ נעסי און זיך פערליבט אין דעם אינטענדאַנטס פרוי, זעהר אַ ליבע וועזען, וואָס איז מיר געווען געפעלען. בלויז די דאָזיגע פרוי פלעג איך מיט פערגעניגען בעגעגענען אין דער מאַמעלעס הויז. מען האָט מיך פאָרגעשטעלט דאָבאָנ׳ען, פרוי דע-וואַרען האָט מיט אים גערעדט וועגען מיר. דאָבאָן האָט געזאָגט, אַז ער וועט זיך דורכריידען מיט מיר און זעהן, צו וואָס איך וועל מיך טויגען, און אויב ער וועט געפינען אין מיר גוטע פעהיגקייטען, וועט ער זיך סטאַרען געבען מיר אַ שטעלע. פרוי דע-וואַרען האָט מיך עטליכע טעג נאָכאַנאַנד געשיקט צו אים אינדערפריה מיט אַ כלומר׳שטער שליחות. פון אירע כונות דערביי האָט זי מיר גאָר נישט געזאָגט. דאָבאָן האָט זעהר געשיקט מיך געצוואונגען אַרויסצוגעהן מיט לשון, האָט איינגעשטימט מיט מיר און צוגעגעבען מוט; דערביי האָט ער נישט אַרויסגעוויזען, אַז ער אָבסערווירט מיך, געמאַכט אַ מינע, ווי עס וואָלט אים סתם געווען אָנגענעם צו שמועסען מיט מיר. מיר איז ער זעהר געפעלען געווען. פון די דאָזיגע וויזיטען מיינע ביי אים האָט ער אָבער דערנאָך אַרויסגעטראָגען אַ מיינונג, אַז איך זעה אפילו אויס נישט

נאַריש און האָב אַ גאַנץ רירעוודיגען פּרצוף, אָבער אויב איך בין נישט לחלוטין נאַריש, בין איך, לפּחות, נישט קלוג, אַז איך האָב נישט קיין געזונדטע השגות, אַז איך בין נישקשה פון אַנ'עם-הארץ, מיט איין וואָרט, בעגרענצט בין איך אין אַלע הינזיכטען.

דאָס סאַמע גרעסטע, וואָס איך האָב, לויט זיין מיינונג, געקאָנט דערגרייכען אין לעבען—איז עס זיין אַ גלח'ל ערגיץ אין אַ דאָרף. אַזאַ בעריכט האָט ער געגעבען וועגען מיר פרוי דע-וואַרען. צום צווייטען, צום דריטען, אָבער נישט צום לעצטען מאָל האָט מען זיך אַזוי אָבגערופען וועגען מיר, און מאַסעראָנס מיי-נונג איז אויך דערנאָך עפּטער בעשטעטיגט געוואָרען.

די סבה פון דער דאָזיגער מיינונג איבער מיר ליגט אין מיין כאַראַקטער, און דעריבער דאַרף מען זי דערקלערן. דער לעזער פערשטעהט, אַז איך בין נישט מסכים מיט דער דאָזיגער מיינונג, און ווי אָביעקטיוו איך זאָל נישט קוקען אויף זיך, קאָן איך מיך דאָך נישט פערלאָזען אויף די ווערטער פון אַ מאַסעראָן, אַ דאָבאָן און אַנדערע, וואָס זיי זאָלען דאָרטען נישט ריידען.

אין מיר זענען פעראייניגט צוויי עלעמענטען, אונפער-שטענדליכע פאַר מיר, וואָס לאָזען זיך נישט פעראייניגען: זעהר אַ הייסער טעמפּעראַמענט, זעהר לעבענספולע, פלאַמענדיגע ליידענ-שאַפטען און אַ געוואַלטיגע לאַנגזאַמקייט אין אויסטראַכטען אַ אידעע, וואָס קומט מיר תּחילת אין קאָפּ אַריין נישט קלאָר און שטענדיג צו-שפּעט. עס איז ענליך דערויף, ווי מיין פערשטאַנד און הארץ וואָלטען נישט אָנגעהערט צו איין און דערזעלבער פערזאָן. שנעלער פון בליץ פילט-אָן דאָס געפיהל מיין נשמה, אָבער אָנשטאָט צו פערגיסען אין מיר ליכט, פערבלענדט עס מיך און פערברענט. איך פיהל אַלץ און זעה גאָרנישט. איך בין היציג, אָבער טעמפּ. איך בין פעהיג צו טראַכטען נאָר דעמאָלט, ווען איך בין קאַלטבלוטיג. און אַ מאָדנע זאַך, נישט-געקוקט אויף דעם אַלעם, וואָס דאָ איז געזאָגט געוואָרען, האָב איך דאָך אַ גוטע תּשוקה, דורכדרינגליכקייט, אפילו פיינקייט פון שכל. מיך טאָר מען נאָר נישט אַיילען; עפּטער פלעגען מיר קומען אויפ'ן

זינען שענע עקספּראָמטען, אויב מען האָט מיר נאָר געגעבען אַ געוויסע צייט צו פערטראַכטען זיי; אָבער פלוצלונג האָב איך קיינמאָל נישט געזאָגט און נישט אָנגעשריבען עפּיס אַזוינס, וואָס זאָל האָבען אַ שטיקעל ווערט. איך וואָלט געקאָנט פירען זעהר אַ ליבען געשפּרעך פער פּאָסט, אויף דעם אופן, ווי די שפּאַניער שפּילען אין שאָך.

דאָס לאַנגזאַמע דענקען און דאָס שנעלע פּיהלען ווייזט זיך אַרויס אין מיר נישט נאָר אין אַ געשפּרעך; איך פלעג עס פּיהלען, זענענדיג אַליין מיט זיך, ביי דער אַרבייט. מיינע אידעען צולעגען זיך מיר אין קאָפּ מיט אונגעהויערער שווערִגקייט: זיי בלאָנזשען מיר אום אין מח, רעגען מיך אויף, צווינגען דאָס האַרץ צו קלאַפּען שטאַרק, און אין מיין אויפרעגונג זעה איך קיין זאַך נישט דייטליך. איך בין נישט אימשטאַנד אָנצושרייבען אַ וואָרט; איך דאַרף וואַרטען. ביסלעכווייז זעצט זיך אָב די אויפרעגונג, אינ'ם כּאַאָס דרינגט-אַריין אַ שיין און אַלץ צולעגט זיך אין דער געהעריגער אָרדנונג. אָבער דערויף בעדאַרף איך האָבען אַ סך צייט און די קלאָרקייט טרעט-אַריין נאָך אַ לאַנגער שווערער אויפרעגונג. האָט איר אַמאָל געזעהן אַנ'אָפּער אין איטאַליען? בשעת די אַנטראַקטען אין די דאָזיגע גרויסע טעאַטערן ווערט אַ בהלה, וואָס ציהט זיך גאַנץ לאַנג: אַלע דעקאָראַציעס ווערען צוזאַמענגעמישט; פון אַלע זייטען זעהסטו, ווי מען שלעפּט זיי; אַ הארצוועהטאָג צו קוקען דערויף; עס דאַכט זיך, אַז פון אַלץ וועט דאָ ווערען אַ תּל. אָבער ביסלעכווייז טרעט-אַריין אַ סדר אין אַלץ; יעדער זאַך פערנעמט איר אָרט און דער צושויער דערזעהט מיט פערוואונדערונג, אַז פון דער בהלה האָט זיך אויסגעשיילט אַ שענע סצענע. כמעט דאָסזעלבע געשיהט אין מיין מח, בשעת איך זעץ מיך שרייבען. ווען איך וואָלט געקאָנט געדולג וואַרטען און דערנאָך איבערגעבען אין דער פולער שענקייט דאָס, וואָס עס מאָלט מיר דער מח, וואָלט איך גאָר ווייניג קאָנקורענטען געהאַט.

אָט פּאַרוואָס מיר איז אַזוי שווער צו שרייבען. מיינע אויסגעשטריכענע, פיל מאָל פעררייכטע, פערמעקטע מאַנוסקריפּטען,

וואָס מען קאָן זיי נישט לייענען, בעווייזען, וויפיל מיה איך האָב אין זיי אַריינגעלעגט. נישטאָ אַזאַ כתב-יד, וואָס איך זאָל אים נישט האָבען איבערגעשריבען אַ מאָל פינף, איידער איך גיב אַוועק אין דרוק אַריין. זיצענדיג ביים טיש מיט פעדער און טינט, האָב איך נאָך קיינמאָל גאָרנישט אָנגעשריבען; אויפ׳ן שפּאַציר, צווישען פעלזען און וועלדער, ביינאַכט, בשעת עס שלאָפט זיך נישט—דעמאָלט שרייב איך אין מיין מח. דער לעזער וועט, נאַטירליך, פערשטעהן, ווי לאַנגזאַם אַזאַ מענש דאַרף אַרבייטען און נאָך בעזונדערס אַזוינער, וואָס האָט קיין זכרון נישט פאַר ליטעראַטור און וואָס האָט קיינמאָל אין לעבען נישט געדענקט אויף אויסווענדיג אַ זעקס לידער פאַר אַ מאָל. און טאַקי דעריבער גיבען מיר זיך אַיין בעסער אַזוינע ווערק, וואָס פאָדערן אַרבייט, איידער אַ געוויסע לייכטקייט, ווי בריף, למשל; איך האָב קיינמאָל נישט געקאָנט כאַפּען דעם טאָן, וואָס איז נויטיג פאַר אַ בריף, און דאָס קאָרעספּאָנדירען זיך פלעגט מיר פערשאַפען אמת׳ע יסורים. אפילו אַז איך האָב בעדאַרפט אָנשרייבען אַ בריף וועגען אַ קלייניגקייט, האָב איך אויך דערויף געמוזט האָרעווען עטליכע שעה נאָכאַנאַנד. אַז איך האָב עמיצען באַלד געוואָלט אָנשרייבען דאָס, וואָס מיר איז געקומען אין זינען אַריין, האָב איך נישט געוואוסט, ווי אַזוי אָנצוהויבען און ווי אַזוי צו ענדיגען. און דעריבער שטעלען מיר זיך פאָר מיינע בריף ווי אַ זאַמלונג פון ווערטער; דער, וואָס לעזט זיי, קאָן זיי קוים פערשטעהן.

מיר איז נישט נור שווער אויסצודריקען מיינע אידעען: נאָר מיר איז אויך נישט לייכט זיי צו בענעמען. איך האָב מיך נאָכגעקוקט נאָך מענשען און האַלט מיך פאַר אַ גוטען בעאָבאַכטער, און דאָך קאָן איך להלוטין נישט זעהן דאָס, וואָס איך זעה. איך זעה נאָר גוט דאָס, וואָס מיר איז געבליבען אין זכרון און קלוג בין איך בלויז אין דער ערינערונג. פון אַלץ, וואָס ווערט גערעדט, געטאָן און קומט-פאָר אין מיין געגענוואַרט, פערשטעה איך גאָרנישט, בענעם גאָרנישט. נאָר אויסערליכע סימנים איבער-ראַשען מיך: אָרט, צייט, טאָן, זשעסט, סביבה. קיין זאַך ווערט

נישט אַנטרונען פון מיר. דעמאָלט שטײט איך מיך אויף ווערטער און מעשים, וואָס לעבען-אויף אין מיין זכרון און איך בעגרייף די געדאַנקען, לויט וועלכע די מענשען האָבען געהאַנדעלט אין דעם אָדער יענעם פאַל, און בין מיך זעהר זעלטען טועה.

קוים בין איך אַ קנאַפּער מושל איבער מיין שכל, בשעת איך געפין מיך אַליין, וועט שוין דער לעזער, נאַטירליך, זיך לייכט פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ פּנים איך האָב אין אַ געשפּרעך מיט איינעם אָדער עטליכע; וואָרום אַז מען זאָל געבען אַ גע-העריגען ענטפער, דאַרף מען דאָך טראַכטען וועגען טויזענדער זאַכען מיט אַ מאָל. ביי דעם איין געדאַנק וועגען אַזוי פיל בע-דינגונגען, פון וועלכע איך קאָן, ווי איך בין אַלעמאָל זיכער, אַ סך פערגעסען, ווער איך גאָר אינגאַנצען בטול. איך פערשטעה נישט, ווי אַזוי דערוועגען זיך מענשען צו ריידען אויף פער-זאַמלונגען, וואָרום אַז מען זאָל נישט זאָגען עפּיס אַזוינס, וואָס זאָל בעליידיגען עמיצען פון די צוהערער, דאַרף דער רעדנער ביי יעדען וואָרט בעטראַכטען די פּערזאַמעלטע, קלערען פון זייערע כאַראַקטערען, דערמאָנען זייער לעבענסגעשיכטע. אין דעם פּרט האָבען שוין וועלטליכע מענשען גרויס פאָרצוג; זיי ווייסען, וועגען וואָס מען דאַרף פערשווייגען און קאָנען דעריבער ריידען זיכערער, און דאָך פאַלען זיי נישט-זעלטען אַריין מיט די רייד. היינט שטעלט-זשע זיך פאַר אַ מענשען נישט קיין וועלטליכען, וואָס קומט צום ערשטען מאָל אין אַ געזעלשאַפט; פאַר אַזאַ איינעם איז דאָך אונמעגליך צו ריידען כאָטש אַ מינוט, ווי געהעריג. אין ריידען מיט עמיצען אויג-אויף-אויג זעה איך נאָך אַנ׳ערגערע אונבעקוועמליכקייט: מען דאַרף לויטער ריידען. בשעת יענער רעדט, דאַרפט איר ענטפערן, ווערט יענער אַנט-שוויגען, מוזט איר אונטערהאַלטען דעם געשפּרעך. צוליב דער דאָזיגער לאַסט אַליין וואָלט איך נישט געקאָנט איבערטראָגען אַ געזעלשאַפט. די נויטווענדיגקייט צו ריידען די גאַנצע צייט אָהן שום פאָרבערייטונג, האַלט איך פאַר אונדערטרעגליך. איך ווייס נישט, צי דאָס האָט עפּיס אַ שייכות צו מיין אונגעהויערן עקעל צו אַ יעדען מין לאַסט, אָבער די נויטווענדיגקייט צו ריידען נאָכאַנאַנד

צווינגט מיך שטענדיג צו זאָגען אַ נאַרישקייט.

שרעקליכער פון אַלץ איז דאָס, וואָס בשעת איך ווייס נישט וואָס צו זאָגען, ווער איך נישט אַנטשוויגען, און כדי צו בעצאָלען וואָס גיכער דעם חוב, רייד איך אָהן אַנ׳אויפהער. איך אייל מיך דעמאָלט אַרויסצושטופען אַ סך פראַזען אָהן אַ שום געדאַנק; אין בעסטען פאַל האָבען זיי קיין שום ווערט נישט. ווילט זיך מיר מנצח זיין אָדער פערבאָרגען מיין נאַרישקייט, רייסט זי זיך מיר נאָך שטאַרקער אַרויס. פון טויזענדער ביישפּילען, וואָס איך וואָלט דאָ געקאָנט ברענגען, נעם איך נאָר איין פאַל; ער געהערט נישט צו דער צייט פון מיין יוגענד, נאָר צו דעם פעריאָד, אין וועלכען איך האָב שוין געקאָנט זיין פּראַקטיש און זיין געווענט צו געזעלשאַפט און האָבען וועלטליכע מאַנירען, ווען איך וואָלט געווען פעהיג דערויף.

איינמאָל, אין אָווענד, בין איך געזעסען מיט צוויי פאָרנעמע דאַמען און אַ הער, וועלכען איך מעג אָנרופען ביים נאָמען: דאָס איז געווען דער הערצאָג גאָנטאָ. אויסער אונז, איז מער קיינער נישט געווען אין צימער. אינ׳ם געשפּרעך האָב איך מיך געסטאַרעט אַריינצושטעלען מיינע בעמערקונגען, איין גאָט ווייס וואָסערע. די אַלע דריי האָבען זיך אָבער גאָרנישט גענויטיגט אין מיין הילף. די הויזווירטין האָט געהייסען ברענגען איר רפואה, וואָס זי פלעגט נעמען צוויי מאָל אַ טאָג צום מאָגען.

איר פריינדין, וואָס האָט געזעהן, ווי יענע האָט זיך פערקרימט נאָך דער רפואה, האָט געפרעגט:

— דאָס איז דעם הער טראָנשענס אָפּיאַט?*)

— איך מיין נישט, — האָט די ערשטע געענטפערט מיט דעמזעלבען טאָן.

— און איך מיין, אַז אייער רפואה טויג אויך אַזוי נישט, ווי טראָנשענס מאַרמעלאַד, — האָט העפליך בעמערקט דער שאַרפזיניגער רוסאָ.

---

*) טראָנשענס אָפּיאַט אָדער טראָנשענס מאַרמעלאַד — אַ רפואה צום מאָגען.

אַלע זענען אַנטשוויגען געוואָרען; קיינער האָט נישט גע־שמייכעלט און אַ וואָרט נישט געזאָגט; אין אַ מינוט אַרום האָט מען אָנגעהויבען ריידען פון עפּיס אַנדערש. וואָלטען דאָ געזעסען פרויען פון אַנ׳אַנדער קלאַס, וואָלט מיין נאַרישקייט אויסגעוויזען נאָר קאָמיש. אָבער איך האָב מיך געווענדט צו אַ פרוי, וואָס וועגען איר האָט מען פיל גערעדט, און מיין נאַרישקייט איז געווען אַ שרעקליכע, כאָטש איך האָב, נאַטירליך, נישט געוואָלט בעליידיגען די בעל-הבית׳טע פון הויז. מיר דאַכט זיך, אַז צוויי פון די דריי, וואָס האָבען בייגעזעהן די דאָזיגע סצענע, האָבען זיך קוים איינגעהאַלטען פון געלעכטער. אָט וואָסערע שאַרפזיניגע בעמערקונגען עס פלעגען זיך ביי מיר אַרויסרייסען, בשעת איך פלעג וועלען ריידען און גאָרנישט געהאַט, וואָס צו זאָגען. דער דאָזיגער פאַל לאָזט זיך מיר נישט פערגעסען. ער געדענקט זיך מיר אַזוי ווי ער איז, און אויסערדעם, מיין איך, האָט ער גע-האָט פאָלגען, וואָס דערמאָנען מיר אים שוין צופיל אָפט.

דאַכט זיך, גענוג געזאָגט, דער לעזער זאָל פערשטעהן, ווי אַזוי איך, נישט קיין נאַר, פלעג אויסזעהן, ווי אַ שוטה, פאַר מענשען, וואָס זענען אין דער הינזיכט געווען גאַנץ געניט. ער־גער פון אַלץ איז דאָס, וואָס מיין פּנים און אויגען זענען מבטיח עטוואָס בעסערס, און אָט די גענאַרטע הבטחה שטרייכט נאָך אונטער מיין נאַרישקייט. די אַלע פּרטים, וואָס זענען אַרויסגערופען געוואָרען דורך אַ בעזונדער צופאַל, זענען אָבער נישט אוננוציג פאַר דער ווייטערדיגער דערצעלונג.

איך וואָלט ליב געהאַט די געזעלשאַפט, ווי אַלע אַנדערע, ווען איך וואָלט נישט געווען זיכער, אַז איך וועל איר אויס-וויזען נישט בלויז משונה, נאָר איך וועל זיין פּשוט נישט ענליך צו זיך. פאַר מיר איז דאָס בעסטע — בעהאַלטען זיך און שרייבען, און אָט אַזוי טו איך טאַקי. זעהענדיג מיך, וואָלטען מענשען קיינמאָל נישט געוואוסט, וואָס איך בין ווערט, זיי וואָלטען עס אפילו נישט משער-געווען. אַזוי איז געשעהן מיט פרוי דיופּען, און כאָטש זי איז זעהר אַ קלוגע געווען און כאָטש איך האָב געוואוינט ביי איר אין הויז עטליכע יאָר, האָט זי מיר דערנאָך

נישט זעלטן עס געזאָגט. איבעריגענס, זענען געווען אויסנאַמ-פאַלען. איך וועל מיך נאָך אומקערן צו זיי.

אויף אַזאַ אָרט זענען בעשטימט געוואָרען מיינע פעהיג-קייטען און קלאָר געוואָרען די שטעלונג, וואָס איז אַממערסטען פאַסיג פאַר מיר. מער האָט מען וועגען דעם נישט גערעדט. איצט האָט מען מיר נאָר בעדאַרפט געבען די מעגליכקייט, איך זאָל קאָנען ווערען דאָס, צו וואָס איך טויג מיך, אָבער איך בין נישט געווען צוגעגרייט, אפילו נישט גענוג גוט געקאָנט די לאַטייניש שפראַך, צו ווערען אַ גלח. פרוי דע-וואַרען האָט גע-וואָלט, אַז איך זאָל מיך צו-לערנען אַ געוויסע צייט אין אַ סע-מינאַרשול און האָט גערעדט וועגען דעם מיט׳ן הער ג ר אָ, דעם פערוואַלטער פון סעמינאַרשול. דאָס איז געווען אַ קליינשיק גוט מענשעלע, בלינד אויף איין אויג, אַ מאָגערער און גרויער.

עפטער פלעגט ער בעזוכען די מאַמעלען, וואָס פלעגט אים גוט אויפנעמען, צערטלען אים, רייצען זיך מיט אים און טייל-מאָל הייסען אים פערציהען איר די קליידשנירלעך. דער מאָנאַך פלעגט עס גאַנץ גערן טאָן. בשעת ער פלעגט זיך נעמען דערצו, פלעגט פרוי דע-וואַרען אַרומגעהן איבער׳ן צימער און כאַפּען זיך ווײלעווייז צו אַנ׳אַנדער זאַך. דער מאָנאַך פלעגט, נעבעך, דאַרפען נאָכלויפען נאָך די קליידשנירלעך. ווײלעווייז פלעגט ער מורמלען:

— אָבער שטעהט אַ ווײלע. איך בעט אײך.

דאָס בלעגט שאַפען אַ גאַנץ מאַלעריש בילדעל.

גראָ איז גאַנץ גערן אײנגעגאַנגען אויף דער מאַמעלעס פאָרשלאַג. ער איז מושוה געוואָרען אויף אַ קליינעם שכר-למוד און האָט מיך גענומען צו זיך איצט האָט מען בעדאַרפט האָבען דעם עפּיסקאָפּס דערלויבניש. יענער האָט עס נישט נור געגעבען, נאָר אפילו צוגעזאָגט צו צאָלען פאַר מיר. ער האָט מיר דער-לויבט צו טראָגען וועלטליכע קליידער, ביז וואַנען מען וועט נישט זעהן, צו איך האָב אַ פעולה אין לערנען.

וואָס פאַר אַ פערענדערונג! איך בין געגאַנגען אין סע-מינאַרשול, ווי אין אַ גיהנם. אַ סעמינאַרשול איז אַ מרה-שחורה׳-

דיגער בנין, בעזונדערס פאַר אַ מענשען, װאָס איז נאָר-װאָס אַרויס פון אַ הויז פון אַ שענער ליבער פרוי! מיט זיך האָב איך גענומען אַ בענדעל, װאָס די מאַמעלע האָט מיר געליען. דאָס דאָזיגע בענדעל האָט מיר געגעבען אַ סך טרייסט. קיינער װעט זיך נישט אָנשטויסען, װאָס דאָס איז געװען פאַר אַ בוך: אַ נאָטענהעפט. די מאַמעלע האָט זיך בעשעפטיגט מיט אַ סך קונסטען, דערין אויך מיט מוזיק. זי האָט געהאַט אַ שטים, נישט שלעכט געזונגען און אַ ביסעל געשפּילט קלאַװיר. פרוי דע-װאַרען האָט מיר געגעבען עטליכע לעקציעס איבער געזאַנג, און זי האָט בע-דאַרפט אָנהויבען פון אָנהויב: איך האָב בלויז געקאָנט עטליכע נגונים פון תּהלים און דאָס נישט איבעריגס גוט. אַ צענדליג פרויען-לעקציעס, װאָס בעת מעשה האָט מען נאָך אונז געשטערט, האָבען מיך נישט געקאָנט אויסלערנען זינגען פון נאָטען. אָבער מיר האָט זיך אַזוי געװאָלט קאָנען די דאָזיגע קונסט, אַז איך האָב בעשלאָסען צו לערנען אַליין. מײן נאָטענהעפט האָט נישט געהערט צו די לייכטע מוזיקאַלישע װערק: דאָס זענען געװען קלע-ראַמבאָ׳ס קאַנטאַטען. די לעזער װעלען פערשטעהן, מיט װאָס פאַר אַ פלייס און עקשנות איך האָב זיך געלערנט, װען איך װעל זאָגען, אַז איך האָב מיך שוין געקאָנט פונאַנדערקלויבען און אויסזינגען דעם ערשטען רעטשעטאַטיװ און די אַריע פון דער קאַנטאַטע „אַלפּיי און אַרעטוזע״.

געװען איז אין דער סעמינאַרשול אַ מנובל אַ לערער, װאָס צו-ליב אים האָב איך פיינט געקראָגען די לאַטײנישע שפּראַך, װייל ער האָט זי געלערנט. געהאַט האָט ער גלאַטע פעטע שװאַרצע האָר, אַ פלאַך פּנים, אַ קול פון אַ פּופּלאַקס און אויגען פון אַ רויב-פויגעל; אַ באָרד — װי פון חזיר׳שע האָר; שטענדיג האָט ער סאַרדאָניש געשמייכעלט. אַלע אברים זיינע האָבען זיך בעװעגט, פונקט װי אויף פּרוזשינעס. איך האָב פערגעסען זיין פערהאַסטען נאָמען, אָבער איך געדענק קלאָר זיין פּוטערדיג און שרעקליך פּנים. דערמאָן איך אים, קאָן איך מיך קוים אײַנהאַלטען פון ציטערניש. אָט זעה איך, װי ער געהט איבער׳ן קאָרידאָר און רופט מיך מיט אַ בעװעגונג פון דעם פערפעצטען פּירעקיגען הוט.

זיין צימער האָט מיר אויסגעוויזען שרעקליכער פון אַ תפיסה. וואָס פאַר אַנ׳אונטערשייד צווישען אַזאַ לערער און דעם הויפּ־אַבאַט.

פערבלייב איך אַ צוויי מאָנאַטען אין די הענט פון דעם דאָזיגען בופלאַקס, בין איך זיכער, אַז מיין מח וואָלט עס נישט אויסהאַלטען. אָבער דער גוטער גראָ האָט בעמערקט, אַז איך בין געוואָרען אומעטיג, עס נישט, ווער אָבגעצערט, און ער האָט פערשטאַנען די סבה פון מיין מרה־שחורה. אגב איז עס געווען נישט שווער צו פערשטעהן. האָט ער מיך אַרויסגעריסען פון דער חיה׳ס נעגעל און איבערגעגעבען מיך אין די הענט פון דעם סאַמע וויילסטען מענשען אויף דער וועלט. מיין צווייטער לערער, דער יונגער אַבאַט גאַטיע, איז דורכגעאַנגען דעם קורס פון אַ סעמינאַרשול. איך האָב קיינמאָל נישט געזעהן אַ מער ווייכערעס אויסזעהן. העלע האָר האָט ער געהאַט און אַ געלב בערדעל. זיינע גרויסע בלויע אויגען האָבען געהאַט אַ געמישטען אויסדרוק פון צאַרטקייט, האַרציגקייט און אומעט. לויט׳ן בליק און לויט׳ן קול פון דעם דאָזיגען יונגענמאַן, האָט מען געקאָנט פערשטעהן, אַז ער האָט פאָראויסגעפיהלט זיין גורל און פערשטאַנען, אַז ער איז געבוירען געוואָרען נישט פאַר גליק. זיין כאַראַקטער האָט נישט סותר־געווען זיין אויסזעהן. אַ גע־דולדיגער און אַ העפליכער, האָט דער דאָזיגער יונגערמאַן מיך אַזוי ווי נישט געלערנט, נאָר געלערנט זיך מיט מיר צוזאַמען. איך האָב אים געמוזט ליב בעקומען. מיין ערשטער לערער האָט צוגעגרייט דערצו אַ גוט באָדען. אָבער נישט־געקוקט אויף דעם שטיק צייט, וואָס גאַטיע האָט מיט מיר געלערנט, נישט־געקוקט אויף דעם גאַנצען פלייס פוןביידע צדדים, אויף דעם אויסגע־צייכענטען אַרט אונטעררייכטען — נישט־געקוקט אויף דעם אַלעם, האָב איך אַ סך געאַרבייט און געהאַט אַ קליינע פעולה. אַ מאָדנע זאַך, איך האָב געהאַט אַ גאַנץ גוטען קאָפּ, אָבער איך האָב מיך קיינמאָל נישט געקאָנט עפּיס אויסלערנען ביים לערער. אַנ׳אויס־נאַהם איז געווען מיין פאָטער און הער לאַמבערסיע. אַלץ, וואָס איך האָב מיך דערנאָך אויסגעלערנט, האָב איך עס דערגרייכט

מיט אייגענע כחות, מיין מח, וואָס קאָן נישט פערליידען קיין שום דרוק, האָט זיך נישט געקאָנט אונטערגעבען די געזעצען פון דער מינוט. פון שרעק אַליין, אַז איך וועל מיך נישט אויס-לערנען, ווי געהעריג, דאָס אָדער יענץ, פלעג איך ווערען נישט אויפמערקזאַם. איך פלעג נישט וועלען מצער-זיין דעם לערער און פלעג דעריבער מאַכען אַ מינע, ווי איך וואָלט פערשטאַנען זיינע דערקלערונגען. פלעגט ער לערנען ווייטער, און איך האָב גאָרנישט געוואוסט. עס האָט זיך אונטערגערוקט די צייט, ווען עס זענען איינגעטיילט געוואָרען פאָסטענס. גאַטיע איז אַוועק-געפאָהרען אין זיין פראָווינץ, אַלס דיאַק. מיט אים איז מיטגע-גאַנגען מיין בעדויערונג, מיין וואַרים געפיהל און מיין דאַנק-באַרקייט. איך האָב אים בעגלייט מיט ברכות, וואָס זענען אויך אַזוי מקוים-געוואָרען, ווי מיינע טרוימען. אין עטליכע יאָר אַרום האָב איך מיך דערוואוסט, אַז אַ מיידעל האָט געהאַט פון אים אַ קינד, בשעת ער איז שוין געווען אַ גייסטליכער. אָט דאָס מיידעל האָט דאָס גאַנצע לעבען געליבט דער דאָזיגער מענש, וואָס האָט געהאַט זעהר אַ צאַרט האַרץ. איז געקומען צו אַ מאוס׳ן סקאַנדאַל אויף אַזאַ געביט, וואָס געפינט זיך אונטער אַ שטרענגער השגחה. די גייסטליכע קאָנען האָבען קינדער נאָר מיט אַנ׳אשת-איש — דאָס איז שוין אַ כלל. דערפאַר, וואָס דער אָרימער גאַטיע איז זיך בעגאַנגען נישט לויט׳ן כלל, האָט מען אים אַריינגעפאַקט אין טורמע, און בערעדט און בע׳עולה׳ט און אָבגענומען דעם סאַן.

אין דער צייט, ווען איך בין געווען אין סעמינאַרשול, האָט דאָבאָן געמוזט פערלאָזען אַנעסי. דעם אינטענדאַנט האָט גאָרנישט געשמעקט, וואָס פרוי דע-וואַרענס פערוואַנדטער באַמ-בעלט זיך אַרום זיין ווייב.

איין מאָל אין וואָך פלעגט מען מיך פריי לאָזען פון דער סעמינאַרשול. עס איז איבריג צו זאָגען, ווי אַזוי איך פלעג אויסניצען מיין פרייהייט. איינמאָל, זונטאָג, בשעת איך בין גע-ווען ביי דער מאַמעלען, האָט זיך אָנגעצונדען אַ בנין, וואָס האָט געהערט צו אַ פראַנצויזישען מאָנאַסטיר. אין דעם ברענענדיגען

בנין האָט זיך געפונען אַ בעקעריי און געווען דאָרט אַ סך טרו-
קען האָלצוואַרג. די שרפה האָט זיך שנעל געשטאַרקט. פרוי דע-
וואַרענס הויז האָט אויך געקאָנט פערכאַפּט ווערען פון פייער.
דאָס פייער, געטראָגען פון ווינט, האָט עס שוין געלעקט. האָט
מען אין איילעניש גענומען לויפען פון שטוב; דאָס מעבעל האָט
מען אַרויסגעטראָגען אין גאָרטען, אַקוראַט געגען מיין פענסטער,
הינטער'ן טייכעל, וועגען וועלכען איך האָב שוין דערצעלט. איך
האָב מיך אַזוי פערלאָרען, אַז איך האָב גענומען וואַרפען פון
פענסטער אַלץ, וואָס מיר איז נאָר צום האַנט געקומען, אַרויס-
געוואָרפען אַ גרויס שטויסעל פון שטיין, וואָס אין אַן'אַנדער צייט
וואָלט איך עס גאָרנישט געקאָנט אויפהויבען. איך האָב שיער
נישט אַרויסגעשליידערט אַ גרויסען שפּיגעל, נאָר עמיץ האָט מיך
אָבגעהאַלטען. דער גוטער עפּיסקאָפּ, וואָס איז אין דעם דאָזיגען
טאָג גראָד געווען צו-גאַסט ביי פרוי דע-וואָרען, איז אויך נישט
געבליבען שטעהן מיט ליידיגע הענט: ער האָט אַוועקגעפירט פרוי
דע-וואַרען אין גאָרטען און גענומען מיט איר און אַלע שטוביגע
בעטען צו גאָט. שפּעטער אַ ביסעל בין איך שוין אויך געווען
אין גאָרטען און מיט אַלעמען צוגלייך תּפילה-געטאָן. בשעת דער
עפּיסקאָפּ האָט מתפּלל געווען, האָט דער ווינט געענדערט זיין
ריכטונג, אָבער אַזוי שנעל און אַזוי צו דער צייט, אַז די פלאַם,
וואָס האָט שוין געלעקט די וועגט און אַריינגעריסען זיך אין די
פענסטער, האָט זיך אַוועקגעקערט אין אַ זייט, און דער מאַמע-
לעס הויז איז געבליבען גאַנץ. אין צוויי יאָר אַרום איז הער
דע-בערנע געשטאָרבען און זיינע געוועזענע חברים האָבען
געזאַמעלט מאַטעריאַל, צו פערערעכענען אים צו די קדושים. צו
די ידיעות האָב איך צוגעגעבען דעם פאַל מיט דער שרפה—און
גוט געטאָן. איך האָב אָבער שלעכט געטאָן, וואָס איך האָב אָנ-
גערופען נס דאָס, וואָס איז געשעהן. איך האָב געזעהן, ווי דער
עפּיסקאָפּ האָט געבעטען צו גאָט, איך האָב אויך געזעהן, ווי אין
דער צייט האָט דער ווינט זעהר גליקליך געענדערט זיין ריכ-
טונג און אָט דאָס האָב איך בעדאַרפט זאָגען און בעשטעטיגען;
איך האָב אָבער נישט בעדאַרפט בעשטעטיגען, אַז איינס האָט

אַרויסגערופען דאָס צווייטע, מחמת איך ווייס עס נישט.

אין אַלע מיינע פּראָפּעסיעס איז מיר נאָכגעגאַנגען דער שלים-מזל. הגם גאַטיע האָט זיך נישקשה אָבגערופען וועגען דעם ערפאָלג פון מיינע למודים, דאָך איז אַלעמען געווען קלאָר, אַז דעם אַבאַטס בעריכט שטימט נישט מיט מיינע פעולות, און דע-ריבער איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז ווייטער לערנען לוינט נישט פאַר מיר. דער עפּיסקאָפּ און דער מדריך האָבען מיך אָבגעשיקט צו פרוי דע-וואַרען, זאָגענדיג איר, אַז איך טויג מיך נישט פאַר אַ גלח און אַז איך בין, איבעריגענס, אַ גוט, נישט-צולאָזען יונ-געל. און טאַקי דערפאַר, נישט-געקוקט אויף די אַלע שלעכטע מיינונגען וועגען מיר, האָט מיך די מאַמעלע נישט פערלאָזען. מיט גרויס נצחון האָב איך איר געבראַכט צוריק דאָס נאָטענ-העפט, מיט וועלכען איך האָב מיך אַזוי גוט בענוצט. דאָס איינ-ציגע, וואָס איך האָב מיך אויסגעלערנט אין דער סעמינאַרשול, איז עס די אַריע פון „אַלפיי און אַרעטוזע“. מיין שטאַרקע ליי-דענשאַפט צו מוזיק האָט דער מאַמעלען איינגעגעבען אַ געדאַנק, צו מאַכען מיך פאַר אַ מוזיקאַנט. דערצו האָט זיך גראָד געמאַכט אַ גוטע געלעגענהייט: אַ פּאָר מאָל אין וואָך האָט מען זיך ביי איר בעשעפטיגט מיט מוזיק; דער קירכרעגענט פלעגט איינאָרד-נען אירע קליינינטשקע קאָנצערטען. געווען איז ער אַ פּאַריזער און געהייסען האָט ער לע-מעטר; אַ גוטער קאָמפּאָזיטאָר איז ער געווען און אַ מענש אַ פרעהליכער, אַ לעבעדיגער. ער איז געווען נאָך יונג, נישט מאוס, נישט קלוג, דערפאַר אָבער זעהר אַ גוטער. די מאַמעלע האָט מיך בעקאַנט געמאַכט מיט אים; איך האָב מיך צוגעבונדען צו אים און אַליין אויך געהאַט ביי אים עטוואָס חן. מיר האָבען זיך בעדונגען און איך בין אָנגע-קומען צו אים; אַ גאַנצען ווינטער האָב איך פערבראַכט ביי אים און בעזונדערס אָנגענעם איז געווען דאָס, וואָס די שול פאַר זינגען האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דער מאַמעלען.

די יונגע וועלען פערשטעהן, אַז דאָס לעבען פון אַ גע-זאַנגשול, וואָס איז פול שמחה און נגונים, אַז דאָס לעבען מיט מוזיקאַנטען און זינגער איז מיר געווען מער צום האַרצען, איי-

דער די תּפיסה פון אַ סעמינאַרשול מיט דער געזעלשאַפט פון גלחים. כאָטש דאָס לעבען אין שול איז געוועזן פרייער, דאָך איז עס געוועזן איינטעניג און מען האָט אויך בעדאַרפט פאָלגען מאַנכע אינסטרוקציעס. זעקס חדשים נאָכאַנאַנד בין איך אַרויס פון דער געזאַנגשול נאָר צוליב דעם, אַז איך זאָל מיך זעהן מיט דער מאַמעלען און ערגיץ אַנדערש האָט מיך גאָרנישט געצויגען, בשעת איך בין געוועזן פריי. צו דער דאָזיגער צייט געהערן די סאַמע שטילסטע עפּיזאָדען פון מיין לעבען. און איך דערמאָן מיך וועגען זיי שטענדיג מיט גרויס פערגעניגען. מאַנכע סיטואַציעס, אין וועלכע איך בין אַריינגעפאַלען, זענען אַזוי אָנגעפילט געוועזן מיט גליק, אַז בשעת איך דערמאָן מיך וועגען זיי, ווער איך אַזוי ווי יונגער. איך געדענק נישט בלויז צייט, אָרט, מענשען, וואָס האָבען געשפּילט אַ ראָל אין דעם אָדער יענעם פאַל, נאָר איך געדענק אויך אַלץ, וואָס האָט נאָר געהאַט עפּיס אַ שייכות צו יענער צייט: די לופטטעמפּעראַטור, דעם ריח, פאַרבען, דעם אָרטיגען איינדרוק, וואָס מען קאָן פיהלען נאָר אין אַ געוויסען אָרט: למשל, איך געדענק דייטליך אַלץ, וואָס איז רעפּעטירט געוואָרען אין שול, אַלץ, וואָס איז געזונגען געוואָרען, אַלץ, וואָס איז געטאָן געוואָרען. איך געדענק, ווי בשעת איך בין געגאַנגען צו מיין אָרט אויף דער טריבון מיט אַ קליין פּליטעל אין האַנט, האָב איך מיך שטאַרק געגרויסט דערמיט, וואָס לע-מעטר האָט מיר איבערגעגעבען די סאָלאָנומער, בערפאַסט ספּעציעל פאַר מיר. זאַכען און אומשטענדען, וואָס זענען דייטליך אָנגעקריצט אין מיין זכרון, האָבען שיין אַ סך מאָל אַרויסגערופען אין מיין נשמה אַ בעזונדער זיס געפיהל, און זיי האָבען אויסגעוויזען רייצענדער, ווי אין דער ווירקליכקייט. מיט איין וואָרט, אַלץ, אפילו די דינסט פּערינע, אַ וואויל מיידעל, וואָס די קליינע זינגער פלעגען איר דערנעמען דאָס לעבען, אַלץ, אַלץ פון דער דאָזיגער צייט ענטציקט מיך אָדער ברענגט מיך אַריין אין שטילען אומעט.

כמעט אַ יאָר צייט האָב איך געוואוינט אין אַנעסי און קיין שום פאָרוואורף נישט פערדינט; אַלע זענען געוועזן צופרי-

דען מיט מיר. נאָך טורין האָב איך קיין שום נאַרישקייט נישט געטאָן, און כּל זמן איך בין געװען אויף דער מאַמעלעס אויגען, האָב איך מיך גוט אויפגעפירט. זי האָט מיך שטענדיג גוט אויס-געראַגולירט. דאָס געפיהל צו איר איז געװאָרען מיין איינציגע ליידענשאַפט, און פאַר אַ בעװייז דערצו, אַז די דאָזיגע ליידענ-שאַפט איז נישט געװען קיין משוגעת, קאָן דינען דאָס, װאָס זי האָט מיר פאָרמירט דעם מח. אמת, אָט דאָס איינציגע געפיהל האָט, אַזוי צו זאָגען, פערשלונגען אַלע מיינע פעהיגקייטען, אָב-גענומען מיר די מעגליכקייט אויסצולערנען זיך װאָס-עס-איז, אפילו מוזיק, הגם איך האָב מיך מיט אַלע כּחות געסטאַרעט צו קאָנען מוזיק. איך האָב נישט געהאַט קיין פּעולה נישט צוליב מיין שולד; איך האָב מיך גערן און פלייסיג געלערנט, אָבער איך בין געװען צווייט, פערטראַכט, אַרומגעכאַפּט פון איין גע-פיהל. איך האָב אָנגעשטרענגט מיין גאַנצען װילען, צו געהן פאָראויס, נאָר איין שטויס האָט מיך געקאָנט אָנשטויסען אויף נייע משוגעת'ן. און דער שטויס איז געקומען. דער צופאַל האָט זיך אונטערגערוקט, און, װי דער לעזער װעט װייטער זעהן, האָב איך מיך באַלד בענוצט מיט דער ערשטער בעסטער גע-לעגענהייט.

איינמאָל, אין אַ קאַלטען פעברואַראָװענד, איז לע-מעטר און מיר אַלע, זיינע זינגער, געזעסען ביים פייער. עמיץ האָט אָנגעקלאַפּט אין דער אונטערשטער גאַסטיר; פערינע האָט גענו-מען אַ לאַמטערן, אַראָבגעלאָזט זיך פון די טרעפּ, געעפענט די טיר און באַלד צוריקגעקומען. מיט איר צוזאַמען איז אין צימער פאַמיליאַר אַריין אַ יונגערמאַן, געזאָגט לע-מעטר'ן עטליכע העפלי-כע, זעהר גוט צוזאַמענגעשטעלטע פראַזען און האָט זיך אָנגעגע-בען פאַר אַ פראַנצויזישען מוזיקאַנט, װאָס איז געצװאונגען אָנצו-נעמען אַ קליינע שטעלע, מחמת ער געפינט זיך אין אַ געדריק-טער לאַגע. אַז דער גוטער לע-מעטר האָט דערהערט די װער-טער פראַנצויזישער מוזיקאַנט, האָט אים אָנגעהויבען שטאַרק קלאַפּען דאָס האַרץ: ער האָט שרעקליך ליב געהאַט זיין היימאַט און זיין קונסט. לע-מעטר האָט זעהר װאַרים אויפגע-

גומען דעם יונגעמאַן און פאַרגעלעגט אים אַ נאַכטלעגער.

דער נייגעקומענער האָט אָהן שום צערעמאָניעס אָנגענומען די איינלאַדונג. בשעת ער האָט זיך געוואַרימט ביים פייער, האָב איך אים בעטראַכט: ער איז געווען נישט קיין הויכער, מיט ברייטע אַקסלען; אינ׳ם בוי פון זיין קערפּער איז געווען עפּיס אַ פעלער, הגם קיין מום איז נישט געווען צו מערקען אויף אים. איך וואָלט געקאָנט אויף אים זאָגען, אַז ער איז געווען אַ הארבאַטער מיט אַ פלאַכען רוקען. זיין שוואַרצער פּראַק איז גיכער געווען צוטראָגען, איידער אַלט, ערטערווייז איז ער געהאַנגען שטיקערווייז; אַרויסגעזעהן האָט זיך אויך זעהר אַ דין, נאָר זעהר אַ שמוציג העמד; ער האָט געטראָגען גרויסאַרטיגע מאַנזשעטען און שטיבלעטען, וואָס אין יעדען פון זיי וואָלטען געקאָנט אַריינקריכען זיינע ביידע פיס; אַ קליין היטעלע אויפ׳ן קאָפּ, אָבער פון יענעם מין היטעלעך, וואָס מען טראָגט זיי נאָר פאַר לייטען אונטער׳ן אָרים. אין דעם דאָזיגען לעכערליכען קאָסטיום איז דאָך געווען עפּיס אַריסטאָקראַטישעס, און דעם מוזיקאַנטס האַלטונג האָט נישט קאַליע געמאַכט דעם אַלגעמיינעם איינדרוק. ער האָט געהאַט אַ דין אָנגענעם געזיכט, גערעדט האָט ער שען, פאַמיליאַר, אָבער אָהן עניות. ער האָט אויסגעוויזען, ווי אַ יונג לעבקינד, וואָס האָט שוין אַ געוויסע פּראַקטיק. ער האָט אונז געזאָגט, אַז ער הייסט ווענטיור-דע-ווילנעוו, אַז ער געהט איצט פון פּאַריז און אַז ער האָט זיך אַראָבגעשלאָגען פון וועג; פערגעסענדיג עטוואָס זיין ראָל, האָט ער דערנאָך צוגעגעבען, אַז ער געהט קיין גרענאָבל צו אַ קרוב, אַ מיטגליד פון פּאַרלאַמענט.

ביים אָוונדברויט איז אַוועק אַ שמועס איבער מוזיק און ווענטיור האָט גוט גערעדט וועגען איר. ער האָט געוואוסט אַלע בעריהמטע ווירטואָזען, אַלע בעריהמטע זאַכען, אַלע אַרטיסטען, אַרטיסטקעס, אַלע שענע פרויען, אַלע הויכגעשטעלטע לייט. עס האָט אויסגעוויזען, ווי ער וואָלט זיין בעקאַנט מיט אַלץ, וועגען וואָס מען האָט נאָר גערעדט. פלעגט מען אָבער אָנהויבען שמועסען אויף אַ בעשטימטער טעמע, פלעגט ער באַלד איבעררהאַקען דעם שמועס און אַרויסוואַרפען עפּיס אַ פרעהליך שפּיצעל. פלעגט דער

עולם לאַכען און דערביי פערגעסען, ווענען וואָס מען האָט גע־שמועסט. געווען איז עס שבת. לע-מעטר האָט אים געהייסען עפּיס זינגען. וועגטיור האָט תיכּף איינגעשטימט. האָט לע-מעטר געפּרעגט, אַ וואָסער שטים האָט ער, האָט יענער געזאָגט, אַז אַ קאָנטראַלטשטים און גענומען ריידען פון עפּיס אַנדערש. איידער מען איז געגאַנגען אין קירך אַריין, האָט מען אים פאָרגעלעגט איבערצוקוקען זיין פּאַרטיע; ער האָט אפילו נישט אַריינגעקוקט דערין. די דאָזיגע חוצפה האָט שטאַרק אָנגעגריפען לע-מעטר'ן.

— איר וועט זעהן — האָט מיר אויפ'ן אויער געזאָגט דער רעגענט — ער ווייס קיין איין נאָטע נישט.

— איך האָב אויך מורא, — האָב איך געזאָגט.

איך בין אַוועק נאָך זיי און בין געווען זעהר אונרוהיג, אַז מען האָט בעדאַרפט אָנהויבען, האָט מיר שרעקליך געקלאַפּט דאָס האַרץ: איך בין געווען שטאַרק פעראינטערעסירט מיט'ן ניי־געקומענעם. וועגטיור האָט אויסגעזונגען זיינע צוויי סאָלאָס מערק־ווירדיג ריכטיג און מיט גרויס געשמאַק; דערצו האָט זיך אַרויס־געוויזען, אַז ער האָט זעהר אַן אָנגענעמע שטים. נאָך דער מעסע האָבען אים די מוזיקאַנטען פערשאָטען מיט קאָמפּלימענטען; דערויף האָט ער געענטפערט מיט נאַריש מאַכען זיך, אָבער דאָס איז ביי אים אויסגעקומען זעהר חנ'עוודיג. לע-מעטר האָט אים הייס געדריקט צום האַרצען. איך האָב נאָכגעטאָן מיין לערער. וועגטיור האָט בעמערקט, אַז איך האָב הנאה פון זיין ערפאָלג און דאָס האָט אים פערשאַפט פערגעניגען.

איך בין זיכער, אַז דער לעזער וועט פערשטעהן, אַז נאָך מיין פערקאָכטקייט אין באַלק'ן, וואָס איז פלוג געווען אַ פּשוט'ער פייער, האָב איך מיך נישט געקאָנט ענטציקען מיט דעם דערצויגענעם, טאַלענטירטען און וועלטליכען וועגטיור'ן, וואָס איז ענליך געווען צו אַ חנ'עוודיגען לעבקינד. און אַזוי איז געשעהן, נאָך יעדער יונגערמאַן אויף מיין אָרט וואָלט זיך שטאַרק פער־קאָכט אין וועגטיור'ן, און נאָך שטאַרקער, ווייל ער וואָלט, מסתמא, געהאַט מער חוש צו פערשטעהן די מעלות פון דעם מאָדנעם פראַנצויז און מער שׂכל, צוצובינדען זיך צו אים. וועגטיור

האָט בלי שום ספק געהאַט אַ סך מעלות, איבערהויפּט האָט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זעהר אַ זעלטענער מעלה פאַר זיינע יאָרען, נעמליך: ער האָט זיך נישט געאיילט אַרויסצוווייזען זיין געבילדעטקייט. אמת, ער האָט זיך איבערגענומען מיט אַ סך קענטנישען, וואָס ער איז זיי גאָרנישט בעזעסען, אָבער ער האָט קיינמאָל נישט גערעדט וועגען דעם, וואָס ער האָטווירקליך גע-קאָנט. ער איז נישט נאָכגעלאָפען נאָך דער געלעגענהייט אַרויס-צוווייזען זיינע טאַלענטען, און האָט זיך אים געמאַכט אַזאַ צופאַל, האָט ער זיך גאַנץ קאַלט מכין-געווען דערצו, און דערפאַר איז דער איינדרוק זעהר אַ שטאַרקער געווען. ווענטיור האָט קיינמאָל נישט אויסגעשעפּט די טעמע פון אַ שמועס, און דעריבער האָט קיינער נישט געקאָנט זאָגען, ווען ער וועט אַרויסווייזען דאָס אַל'ץ, וואָס ער קאָן. אַ וויציגער, אַ שפּילענדיגער, אַ גייסטרייכער, אַ רייצענדיגער, וואָס האָט שטענדיג געשמייכעלט און קיינמאָל נישט געלאַכט, האָט ער געקאָנט מיט אַ פיינעם טאָן ריידען וועגען די סאַמע גרעבסטע זאַכען און צווינגען אַלעמען אויסצוהערען עס. אפילו די בעשיידענסטע פרויען פלעגען זיך דערנאָך וואונדערן: למאי האָבען זיי עס אים דערלאָזט צו ריידען? זיי האָבען גע-פיהלט, אַז מען האָט זיך בעדאַרפט בייזערן, און האָבען דאָס נישט געקאָנט. ליב געהאַט האָט ער בלויז געפאַלענע מיידלעך, און איך האַלט נישט, אַז ביי אים איז ווען-עס-איז געווען אַ ב'-עכטער ראָמאַן.

מיין פערקאָכעניש אין ווענטיור'ן, וואָס איז אין גרונד גע-ווען קליגער, איידער מיין פלעצליכע חבר'שאַפט מיט באַקל'ן, האָט נישט אַרויסגערופען קיין שום אונבעקלערטע שריט, ווי די ליבע צום זשענעווער, און האָט לענגער געדויערט פון איר. איך האָב ליב געהאַט צו זעהן ווענטיור'ן, האָרכען אים; אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, האָט מיר אויסגעזעהן אונגעהויער חנ'עוודיג; איך האָב געקוקט אויף אים, ווי אויף אַ געטליכקייט, אָבער איך האָב דאָך נישט געזוכט דורכאויס זיין געזעלשאַפט—מיין געפיהל צו אים האָט מיך דערצו נישט געצוואונגען. איצט האָב איך גע-האַט אַ גוט געגענגיפט-מיטעל געגען אַזוינע עקסטרעמען. די

כללים, אין וועלכע ער האָט זיך געהאַלטען, זענען מיר זעהר געפעלען געווען, אָבער איך האָב פערשטאַנען, אַז פאַר מיר טויגען זיי זיך נישט. איך האָב געהאַט אַ פאָדערונג צו פערגע-ניגענס, וועגען וועלכע ער האָט גאָר קיין שום אַנונג נישט געהאַט. איך האָב אפילו נישט געוואָלט מיט אים ריידען וועגען מיין געפיהל צו פרוי דע-וואַרען: איך האָב פערשטאַנען, אַז ער וואָלט מיך אויסגעלאַכט. דאָך האָט זיך מיר געוואָלט פעראייניגען אָט די צוויי הויפטגעפיהלען מיינע. מיט התלהבות האָב איך גערעדט פון אים מיט דער מאַמעלען. לע-מעטר האָט אים געלויבט. זי האָט דערלויבט צו קומען מיט אים צו איר. זייער בעקאַנטשאַפט האָט זיך נישט איינגעגעבען. ער האָט אַיינגעפונען, אַז זי איז אַנ׳-אַנגעצויגענע, זי האָט געהאַלטען, אַז ער איז זעהר אַ צולאָזענער יונגערמאַן און האָט זיך שטאַרק געשראָקען פאַר מיין חבר׳שאַפט מיט אים; זי האָט מיר נישט נור פערווערט צו קומען מיט אים צו איר, נאָר זי האָט מיר דייטליך אָנגעוויזען די געפאַר, וואָס מיר שטעהט-פאָר, דורך דער בעקאַנטשאַפט מיט אַזאַ יונגענמאַן; איך בין אַליין געוואָרען פאָרזיכטיגער מיט אים. צום גליק, האָט מען אונז שנעל פונאַנדערגעשיידט.

לע-מעטר האָט געהאַט די געשמאַקען פון זיין קרייז מענשען. ער האָט ליב-געהאַט וויין. ביים טיש פלעגט ער זיין אַיינגע-האַלטען, נאָר ביי זיך אין קאַבינעט, ביי דער אַרבייט, האָט ער נישט געקאָנט נישט טרינקען. זיין דינסט האָט עס שוין אַזוי גוט געוואוסט, אַז קוים האָט ער צוגעגרייט פאַפיר צום שרייבען און האָט זיך גענומען פאַר דער וויאָלינטשעל — איז תיכף ומיד אַנידערגעשטעלט געוואָרען אויפ׳ן טיש אַ גראַפין מיט אַ גלאָז, און דער גראַפין איז פון צייט-צו-צייט דערגאָסען געוואָרען. לע-מעטר איז קיינמאָל נישט געווען אינגאַנצען שכור, געווען איז ער נאָר ערב-שכור. דאָס איז באמת ווערט געווען צו בעדויערן, וואָרום ער איז געווען זעהר אַ גוטער מענש און אַזאַ פרעהליכער, אַז די מאַמעלע פלעגט אים רופען קאָטערל. צום אומגליק, האָט ער ליב-געהאַט זיין זאַך, אַ סך געאַרבייט און אַ סך געטרונקען. די דאָזיגע בעדינגונגען האָבען, צולעצט, געווירקט אויף זיין געזונד

און כאַראַקטער. צייטענווייז פלעגט ער ווערען מרה-שחורה'דיג, עפטער פלעגט ער זיך בעליידיגען. ער איז נישט געווען פעהיג צו גראָבקייט און נישט-העפליכקייט און האָט קיינמאָל קיין שלעכט וואָרט נישט געזאָגט אפילו עמיצען פון זיינע זינגער. צום אומגליק, פלעגט לע-מעטר, ווי אַ מענש נישט קיין קלוגער, שלעכט פערשטעהן אַ וויץ און די אייגענשאַפט פון אַ כאַראַקטער, און דעריבער פלעגט ער זיך אויפרעגען פון קלייניגקייטען.

לע-מעטר האָט טיילמאָל געהאַט אונאָנגענעמליכקייט אין דער קירך. ער האָט געהאַלטען, אַז מען שעצט אים דאָרט נישט גענוג. בעזונדערס האָט אַבאַט דע-ווידאָן, אַ מענש זעהר אַ קאָרעקטער, נאָר צופיל דורכגעדרונגען מיט'ן בעוואוסטזיין פון דער אייגענער איידעלקייט, נישט אַרויסגעוויזען די געהעריגע אַכטונג צו זיין טאַלענט. לע-מעטר'ן האָט עס שטאַרק פערדראָסען. דאָס יאָר האָט דער עפיסקאָפּ געגעבען אין דער הייליגער וואָך זיין געוועהנליכען מיטאָג, און, ווי אַלעמאָל, איינגעלאַדען לע-מעטר'ן. צווישען לע-מעטר'ן און דע-ווידאָנ'ען איז געקומען צו אַ שטאַרקען קריג, שטאַרקער, ווי אַלעמאָל. דע-ווידאָן איז זיך בעגאַנגען מיט אים זעהר בעליידיגענד און האָט אים אַ וואָרף-געטאָן אַ שאַרף וואָרט, וואָס יענער האָט עס אים נישט געקאָנט שענקען. לע-מעטר האָט בעשלאָסען צו מאַכען פליטה טאַקי צומאָרגענס ביינאַכט, און מען האָט אים בשום אופן נישט געקאָנט אָבריידען דערפון; פרוי דע-וואַרען, צו וועלכער ער איז זיך געקומען געזעגענען, האָט אָנגעווענדט אַלע כחות, צו בערוהיגען אים. נאָר ער האָט זיך נישט געוואָלט אָבזאָגען פון'ם פערגעניגען אָבצורעכענען זיך מיט זיינע טיראַנען און אַוועקוואַרפען זיי אויף פסח, דאָס הייסט דעמאָלט, ווען זיי האָבען זיך שטאַרק גענויטיגט אין אים. ער האָט זיי געוואָלט צוועקשטעלען אין אַנ'אונבעקוועמער לאַגע. אָבער ער האָט זיך אַליין אויך געפונען אין אַ שווערער לאַגע: ער האָט זעהר געוואָלט מיטנעמען זיינע נאָטען, און דאָס איז געווען אונמעגליך: זיי זענען געלעגען פערפּאַקט אין אַ קאַסטען, וואָס מען האָט אים נישט געקאָנט נעמען אונטער'ן אָרים. די מאַמע איז זיך בעגאַנגען אַזוי, ווי איך וואָלט מיך בעגאַנגען אויף איר

אָרט. אײַנזעהענדיג, אַז זי קאָן נישט אָבהאַלטען לע-מעטר'ן, האָט זי בעשלאָסען צו פערהעלפען אים. איך דערוועג מיך צו בעהויפטען, אַז זי האָט בעדאַרפט אַזוי טאָן. לע-מעטר איז איר געווען אינגאַנצען איבערגעגעבען. דאָס אַלץ, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות צו זיין קונסט, איז געשטאַנען איר צו דינסט, און ער האָט זיך אונטערגעגעבען אַלע אירע פאָדערונגען. פרוי דע-וואַרען האָט אין דער קריטישער מינוט פאַר אים בעצאָלט מיט אַמאָל פאַר אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן פאַר איר ביסלעכווייז אין אַ משך פון דריי-פיר יאָר. זי האָט געהאַט אַזאַ נשמה, אַז זי האָט קיינמאָל נישט בעדאַרפט טראַכטען, אַז זי טוט אַ גוטע זאַך, בשעת זי האָט אויסגעפילט איר חוב. זי האָט מיך גערופען און געהייסען בעגלייטען לע-מעטר'ן, לפחות, ביז ליאָן און נישט אַוועקלאָזען אים ווייטער, אויב ער וועט זיך נויטיגען אין מיר. שפּעטער האָט זי זיך מודה-געווען, אַז דער פערלאַנג צו דערווייטערן מיך פון ווענטיור'ן האָט איר אונטערגעזאָגט דעם דאָזיגען פּלאַן. זי האָט זיך בעראַטען מיט איר טרייען דינער קלאָד אַנע, ווי אַזוי איבערצושיקען דעם קאַסטען מיט נאָטען. אַנע האָט געזאָגט, אַז מיר דאַרפען נישט נעמען קיין פערד אָדער אייזעל אין אַנעסי, מחמת דאָס וועט געבען אַ מעגליכקייט אונזערע פערפאָלגער צו דעריאָגען אונז שנעל; מיר דאַרפען אַליין אַוועקטראָגען דעם קאַסטען ווייטער פון דער שטאָדט און דערנאָך אָנדינגען אין אַ דאָרף אַנ'אייזעל און ער זאָל אָבפירען ווייטער דעם קאַסטען. דאָרטען, האָט ער געזאָגט, אויף דער פראַנצויזישער טעריטאָריע, וועלען מיר שוין זיין אויסער געפאַר. מיר האָבען געפאָלגט זיין עצה און אין דעמזעלבען אָוונד אַ זייגער זיבען האָבען מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין. מיט'ן אויסרייד, אַז זי וויל דעקען מיינע רייזע-הוצאות, האָט די מאַמעלע פולער געמאַכט דעם „קאָטערלס“ בייטעלע, און דאָס איז אים צוניץ געקומען. קלאָד אַנע, דער גערטנער און איך האָבען ווי-עס-איז דערשלעפּט דעם קאַסטען ביז דעם ערשטען דאָרף. דאָרט האָבען מיר אָנגעדונגען אַנ'אייזעל. אין דערזעלבער נאַכט זענען מיר געקומען קיין סייסעל.

איך האָב שוין, דאַכט זיך, געזאָגט, אַז צייטענווייז בין איך

אַזוי וועניג ענליך צו זיך, אַז מען קאָן מיך אָננעמען גאָר פאַר אַן׳אַנדער מענשען מיט גאָר אַן׳אַנדער כאַראַקטער. די לעזער וועלען עס באַלד זעהן. לע-מעטר האָט געקאָנט דעם סייסעלער גלח און דעריבער האָט ער זיך בעדאַרפט, נאַטירליך, נישט ווייזען אויף זיינע אויגען. איך האָב געראַטען, פערקערט, אַריינ-געהן צום גלח און מיט עפּיס אַנ׳אויסרייד בעטען ביי אים אַ נאַכט-לעגער צום שלאָפען; דערביי זאָלען מיר מאַכען אַנ׳אָנשטעל, אַז די גייסטליכע פון אַנעסי איז כלומר׳שט בעוואוסט דערפון, אַז מיר זענען אַוועק קיין סייסעל. לע-מעטר׳ן איז עס געפעלען גע-וואָרען; דאָס האָט צוגעגעבען זיין נקמה די שאַטירונג פון חוזק און שפּאַס. זענען מיר, אַלזאָ, אַוועק צום גלח. ער האָט אונז זעהר גוט אויפגענומען. לע-מעטר האָט אים געזאָגט, אַז אויפ׳ן פערלאַנג פונ׳ם עפּיסקאָפּ געהען מיר קיין בעלע, אַיינצואָרדנען דאָרט די מוזיק אויף פּסח און אין עטליכע טעג אַרום וועלען מיר זיך צוריקקערן. מיט דער הילף פון דעם דאָזיגען ליגען האָב איך אָנגערעדט נאָך אַ סך ליגענס און אַזוי נאַטירליך, אַז איך האָב שטאַרק נושא-חן געווען ביים גלח און ער האָט זיך זעהר וואַרים בעצויגען צו מיר. ער האָט אונז גאָר אויפ׳ן פיינעם אופן מכבד-געווען, אַיינגעלעגט אונז שלאָפען בעקוועם און האָט גאָר-נישט געוואוסט, מיט וואָס אונז צו דינען. מיר האָבען זיך צו-זעגענט מיט אים, ווי די בעסטע פריינד אויף דער וועלט, און מבטיח-געווען, אַז ווען מיר וועלען געהן צוריק, וועלען מיר ביי אים לענגער ווייליען. אַז מיר זענען נאָר געבליבען אַליין, האָבען מיר זיך ביידע שטאַרק צולאַכט. איך בין מיך מודה, אַז ווען איך דערמאָן מיך אָן דעם, ווילט זיך מיר תיכף פונאַנדערלאַכען: שווער זיך פאָרצושטעלען אַ שפּיצעל, וואָס זאָל זיך בעסער און געלינגענער אַיינגעבען, ווי אָט דאָס שפּיצעל. מיר וואָלטען מסתמא געלאַכט דעם גאַנצען וועג, ווען לע-מעטר, וואָס האָט נישט אויפ-געהערט צו טרינקען און צו פּלוידערן, וואָלט נישט געהאַט עטליכע קרענקליכע אַטאַקען, וואָס האָבען אים שטאַרק געפּייניגט די לעצטע צייט און וואָס זענען ענליך געווען צו פּאַליגע. אין אַזוינע פאַלען האָב איך גאָרנישט געוואוסט, וואָס מען טוט און

זיך געשראָקען. מיר זענען אַוועק קיין בעלע, ווי מיר האָבען געזאָגט דעם גלח, און כאָטש מען האָט זיך דאָרט אויף אונז נישט געריכט, האָט מען זיך דאָך שטאַרק דערפרעהט מיט אונזער קומען. לע-מעטר איז געווען בעוואוסט אין דער ספערע פון זיין קונסט און האָט עס פערדינט. דער בעלער רעגענט האָט געהאַלטען פאַר אַ כבוד צו שפּילען פון דעם קאָטערלס בעסטע מוזיקאַלישע ווערק און האָט זיך געסטאַרעט צו בעקומען אַ הסכמה פון אַזאַ מבין, ווי ער. אָבער ער איז נישט בלויז געווען אַ מבין, ער איז אויך געווען אַ מענש מיט יושר, אַנ׳אונפּאַרטייאישער און האָט פיינט געהאַט קנאה און חניפה. ער איז געשטאַנען אַ סך העכער פון אַלע אַנדערע קירכרעגענטען און זיי האָבען עס אַזוי גוט געשפּירט, אַז זיי האָבען אים גיכער געהאַלטען פאַר זייער אָנפירער, איידער פאַר זייער גלייכען. מיר האָבען זעהר גוט פערבראַכט אין בעלע אַ טאָג פינף, און דערנאָך האָבען מיר זיך געלאָזט אין וועג אריין און געגאַנגען אָהן פּאַסירונגען, אויסער יענע קרענקליכע אַטאַקען, וועגען וועלכע איך האָב גערעדט.

געקומען אין ליאָן, האָבען מיר געוואַרט אויפ׳ן קאַסטען, וואָס איז געגאַנגען מיט׳ן שיף. לע-מעטר האָט בעזוכט זיינע בעקאַנטע. אין עטליכע טעג אַרום זענען מיר זיך געגאַנגען איבער אַ דערבייאיג געסעל, נישט ווייט פון אונזער גאַסטהויז. פּלוצלונג איז מיט לע-מעטר׳ן געשעהן נאָך אַנ׳אַטאַק, אָבער אַזאַ שטאַרקע, אַז מיך האָט אַרומגעכאַפּט אַנ׳אימה. איך האָב געגרופען נאָך הילף, געבעטען, מען זאָל מיר העלפען אַריינטראָגען מיין פריינד אין גאַסטהויז; אַרום דעם אומגליקליכען, וואָס איז געלעגען אָהן בעוואוסטזיין, אין מיטען גאַס, מיט שוים אויף די ליפען, האָט זיך אויפגעזאַמעלט אַנ׳עולם מענשען, מען האָט זיך געשטויסען און געוואָלט זעהן, און אין אַט דער מינוט האָט אים פערלאָזען דער איינציגער אָנהאַלט זיינער, אויף וועלכען ער האָט געקאָנט רעכענען. איך האָב מיך בענוצט מיט דער רגע, בשעת קיינער האָט זיך אויף מיר נישט אומגעקוקט, האָב מיך אַריינגעכאַפּט אין אַ זייטיג געסעל און נעלם-געוואָרען. דאַנקען גאָט, אַרויסגעזאָגט שוין דעם דריטען שווערען אמת. ווען איך וואָלט נאָך בעדאַרפט אַרויס-

זאָגען אַ סך אַזוינע אמת'ן, וואָלט איך אינגאַנצען אַוועקגעוואָרפען די אָנגעהויבענע זאַך.

פון אַלעם, וואָס איך האָב ביז אַהער דערצעלט, איז גע-בליבען עפּיס אַ זכר אין יענע ערטער, וואו איך האָב געלעבט, אָבער דאָס, וואָס איך וועל דאַרפען דערצעלען אין דעם קומענ-דיגען בוך, איז קיינעם נישט בעקאַנט. דאָס וועט זיין אַ בע-שרייבונג פון די סאַמע ווילדסטע מעשים מיינע, וואָס וואָלטען זיך געקאָנט ענדיגען נאָך ערגער, ווי דאָס איז געשעהן אין דער ווירקליכקייט. מיין קאָפּ, וואָס איז געווען געשטימט אין טאָן פון אַ פּרעמדען אינסטרומענט, איז איבערגעגאַנגען זיין מאָס און ערשט שפּעטער האָט ער זיך צוריק אויסגעגלייכט. עס האָט גענומען אַנ'-עק צו מיינע משוגעת'ן, אָדער זיי האָבען, לפּחות, אָנגענומען אַ שאַטירונג, וואָס איז געווען פּאַסענד פּאַר מיין נאַטור. איך געדענק—אָבער נישט אַזוי קלאָר—דעם פּעריאָד פון מיין יוגענד, און איך וועל נאָך דאַרפען ריידען וועגען איהם. אין דער דאָזיגער צייט האָט קיין זאַך נישט אָנגערירט מיין האַרץ אויף אַזוי פיל, אַז די ערינערונג זאָל זיך מיר טיף איינקריצען אין זכרון, און עס איז זעהר מעגליך, אַז איך זאָל אונגערן ענדערן דעם סדר פון מיין דעמאָלטדיגען אונאויפהערליכען וואַנדערן: איך האָב אַזוי פיל אַרומגערייזט דעמאָלט! איך שרייב בלויז לויט'ן זכרון, אָהן ראָקומענטען, אָהן מאַטעריאַלען; וואָלט איך זיי געהאַט, וואָלט איך געקאָנט ריכטיג אָנרופען דאָס אָרט און צייט פון דעם אָדער יענעם פּאַל. מאַנכע געשעהענישען פון מיין לעבען געדענק איך אַזוי, פּונקט ווי זיי וואָלטען אָקאָרשט פּאָרגעקומען; אָבער אַנדערע לעדיגע ערטער קאָן איך אויספילען נאָר מיט אַזוינע דערצעלונגען, וואָס זענען אויך אַזוי נישט קלאָר, ווי די ערינערונג, וואָס איז געבליבען נאָך זיי. קאָן, אַלזאָ, זיין, אַז איך האָב גע-מאַכט און וועל נאָך מאַכען קליינינטשקע פעלערן. דאָך, אָבער, אין אַלץ, וואָס איז באמת וויכטיג געווען פאַר דער פראַגע, וואָס האָט מיך אינטערעסירט, בין איך געווען אָפענהערציג און גענוי. איך וועל מיך סטאַרען ווייטער אויך זיין אַזוי. דער לעזער קאָן רעכענען דערויף.

באַלד, ווי איך האָב איבערגעלאָזט לע-מעטר׳ן, האָב איך תיכּף בעשלאָסען, וואָס איך זאָל ווייטער טאָן, און אַוועק צוריק קיין אַנעסי. די סבה, וואָס האָט געצוואונגען לע-מעטר׳ן צו אַנטלויפען און דער סוד פון אונזער אַוועקגעהן איז מיר לכתחילה געווען זעהר טשיקאַווע; די נייגעריגקייט און דער חשק צו פער-זיכערן אונזער אַנטלויפען האָבען מיר נישט געלאָזט קלערען וועגען אַנעסי. אָבער קוים בין איך עטוואָס רוהיגער געוואָרען, איז דאָס געפיהל, וואָס איז געווען שטאַרקער פון אַלע אַנדערע, מיך בע-פאַלען מיט אַ בעזונדער קראַפט. אַלץ, וואָס איז פרעמד געווען דעם דאָזיגען געפיהל, האָט מיך מער נישט אינטערעסירט און בעצויגען. איך האָב מיך נאָר געוואָלט צוריקקערן צו דער מאַמעלען, מיין צאַרט און אויפריכטיג געפיהל צו דער מאַמעלען האָט אַרויסגעשליידערט פון מיין האַרצען די אַלע דמיון-פלאַנען און דעם רייץ פון אייגענליבע. געהאַלטען פאַר אַ גליק האָב איך נאָר איינס: לעבען נעבען דער מאַמעלען; אָבער געהענדיג מיט לע-מעטר׳ן, האָב איך געפיהלט, אַז מיט יעדען שריט דערווייטער איך מיך פון דעם דאָזיגען גליק. און ביי דער ערשטער מעגליכ-קייט האָב איך געאײַלט צו דער מאַמעלען. איך האָב מיך אַזוי געאײַלט און געווען אַזוי צווייט, אַז מיר איז גאָרנישט געבליבען אין קאָפּ פון דעם דאָזיגען איבערגאַנג. אין מיר לעבען נאָר די מינוטען פון מיין פערלאָזען ליאָן און דאָס אומקערן זיך אין אַנעסי, דער לעזער וועט פערשטעהן, צי האָב איך נעקאָנט פער-געסען מיין קומען אין שטעדטעל: איך האָב דאָרט נישט געטראָפען פרוי דע-וואַרען, זי איז אַוועקגעפאָרען קיין פאַריז.

איך האָב קיינמאָל אַקוראַט נישט געוואוסט די געהיימע סבה פון איר אָבפאָר. איך בין זיכער, אַז זי וואָלט עס מיר דערקלערט, ווען איך וואָלט שטאַרק געבעטען. אָבער קיינמאָל האָט נאָך קיינער וועניגער פון מיר נישט געשטרעבט צו וויסען די סודות פון זייערע פריינד. מיין האַרץ אינטערעסירט נאָר אָט די ווײַלע, וואָס פילט עס אָן אינגאַנצען. אינ׳ם האַרץ בלייבט נישט קיין שום אָרט פאַר׳ן עבר. אָבער די עבר׳דיגע פערגעניגענס, וואָס זיי זענען מיר איצט די איינציגע טרייסט, וואוינען אין אים,

פון דעם ביסעל, וואָס די מאַמעלע האָט מיר דערנאָך געזאָגט, האָב איך פערשטאַנען, אַז זי האָט מורא-געהאַט, מען זאָל אָן איר נישט פערגעסען בשעת די אונרוהען, וואָס זענען אויסגע-בראָכען געוואָרען אין טורין דורכדעם, וואָס דער סאַרדינער קעניג האָט זיך אָבגעזאָגט פון טראָן, און זי האָט געוואָלט בעקומען אַ פענסיע פונ׳ם פראַנצויזישען הויף. ווי זי פלעגט מיר עפטער זאָגען, האָט זיך איר בעסער געוואָלט שטעהן אין פערבינדונג מיט׳ן פראַנצויזישען קעניג; צוליב דעם, וואָס פראַנקרייך איז געווען בעשעפטיגט מיט אַ סך ערנסטע פראַגען, האָט די רעגירונג קיין צייט נישט געהאַט נאָכצושפירען די יעניגע, וועמען זי האָט אַרויסגעגעבען שטיצע. אויב דאָס איז ריכטיג, איז נאָר מאָדנע דאָס, וואָס אַז די מאַמעלע האָט זיך צוריקגעקערט, איז די בע-ציהונג צו איר נישט קעלטער געוואָרען, און זי האָט שטענדיג בעקומען איר פענסיע. פיל האָבען געמיינט, אַז איר איז איבער-געגעבען געוואָרען אַ געהיימע שליחות אָדער דורכ׳ן עפיסקאָפּ אָדער נאָר דורך אַ מער-העכערע פערזאָן, וואָס האָט איר זעהר אָנגענעם איינגעאָרדענט איר צוריקקער. אויב דאָס איז אמת, ווייס איך נאָר איינס, אַז דער שליח איז נישט געווען קיין שלעכטער, און אויסער איר יוגענד און שענקייט, האָט די מאַמעלע געהאַט אַלע נויטיגע מעלות, גליקליך אויסצופירען די מיסיע, וואָס איז אויף איר אַרויפגעלעגט געוואָרען.

פֿערלאַג „יודיש" וואַרשא.

## 8) ברוך שפּינאָזא ............ ש. סטופּניצקי.

(„שפּינאָזא איז טייער דער גאַנצער מענשהייט, אָבער נאָכמעהר אונז, יודען, און דעריבער איז כמעט דער חוב פֿאַר יעדען יודען זיך גרינדליך צו בעקענען מיט'ן גייסט און פֿילאָזאָפֿישער שיטה"). פּרייז 13.50 מ.

## 9.10) די פֿרוי ................ א. סטרינדבערג.

(„דער ראָמאַן „די פֿרוי" האָט אַרויסגערופֿען אַ סענסאַציע אין אייראָפּאַ און האָט באַלד אַהערגעשטעלט דעם אויטאָר אין די ערשטע רייהען פֿון די וועלט-קינסטלער"). פּרייז 25 מאַרק.

## 11) כינא I-סטער באַנד, אויס דער סעריע, „לענדער און פֿעלקער", צוזאַמענגעשטעלט דורך ד. קאַסעל און מ. בירנבוים.

(„דאָס דאָזיגע בוך בעהאַנדעלט אויספֿיהרליך די געאָגראַפֿישע לאַגע קלימאַט, אמונה, מנהגים, מלוכה-פֿיהרונג און אָרט-לעבען פֿון כינע און אויך פֿון די קליינע מזרח-מלוכה'לעך, ווי: קאָרייע, מאַנדזשוריען, מאָנגאָליען א. אַז. וו." (רייך אילוסטרירט). פּרייז 16 מאַרק.

## 12) ווען קייטען קלינגען .............. אָלגין.

(„אין דעמדאָזיגען בוך הערט מייסטערהאַפֿט געשילדערט דער גרויזאַמער קאַמף געגען די צאַרישע קייטען און טורמעס, וואָס האָבען געפּייניגט דעם פֿרייען גייסט פֿון רוסלאַנד"). פּרייז 13.50 מאַרק.

## 13.14) טויזענד און איין נאַכט.

(„דער נאָמען אַליין ברענגט שפּיס פֿאַר'כישוף'טען גרוס פֿון הייסע שענע פֿאַנטאַסטישע יעגענדען. דאָס זענען יענע דופֿטיגע מעשה'לעך, וואָס וואַרפֿען אַריין אַ גאָלדענעם גן-עדן-חלום אין דעם גרויען אייליגען הו-הא פֿון לעבען") 2 ביכער פּרייז 27 מאַרק

## 15) זכרונות און אַרטיקלען. . . . . . . . . וו. מעדעם.

מיט דער ביאָגראַפיע און בילד פון אויטאָר.

(„אַזאַ גלענצענדער שריפטשטעלער, ווי מעדעם, ווערט געלייענט ניט נאָר ביי זיין אייגען פאָלק, נאָר אויך ביי אַנדערע פעלקער").

## 16) די נשמה פון אַ פרוי . . . . . . . . . . . . סאַבאַטי.

(„די פרוי, איהר בלוט, איהר וועלט, איהר מאַכט, איהר ראָל — דאָס זענען די פעדעם, פון וועלכע עס איז מיט אַזויפיל טאַלענט איינגעוועבט געוואָרען דערדאָזיגער מערקווירדיגער ראָמאַן").

## 17,18,19,20, אַלעקסאַנדער דער ערשטער . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . ד. מערעזשקאָווסקי.

(„ווייל מען פערשטעהן דאָס גרויסע און טראַגישע רוסלאַנד אין זיין ערשטען קאַמף מיט'ן צאַריזם, אין זיין ירידה און גלאַנץ, אין זיין גוטען און שלעכטען, מוז מען לייענען דאָסדאָזיגע גראַנדיעזע ווערק, וואָס איז אַ באַ-שאַטץ פון אונשטערבליכער קונסט").

## 21) די שטרעמונגען אין דער ליטעראַטור פון XIX-טען יאָהרהונדערט.

(„היינטיגע צייטען איז זיך שווער פאָרצושטעלען אַ ליטעראַטור, וואָס אין איהר זאָלען נישט איבערגעזעצט ווערען די טיפע און גלאַנצפּ-לע ווערק פון וועלט-בעריהמטען קריטיקער און דענקער").

## 22) נאַפּאָלעאָן אין רוסלאַנד . . . . היינריך ראָס.

(„היינריך ראָס געהערט נישט צו יענע שרייבער, וואָס האָבען גע-זונגען לויבלידער נאַפּאָלעאָנ'ען, נאָר ער געהט מיט איהם בעסער נאָך טריט ביי טריט און דעקט-אויף די אַלע טונקעלע זייטען פונ'ם גרויסען קריגס-פיהרער, אין זיין מלחמה מיט רוסלאַנד. דאָסדאָזיגע בוך איז אונגעהייער אינטערעסאַנט און שפּאַנענדיג פאַר יעדען").

## 1731—1732

קער איך מיך אום צוריק און געפין זי נישט. זאָל זיך דער לעזער פאָרשטעלען מיין פערוואונדערונג און פערדראָס. אין דער דאָזיגער מינוט האָט מיר שוין באַנג-געטאָן, וואָס איך האָב מעשה-אויסוואורף אַוועקגעוואָרפען דעם אָרימען לע-מעטר׳ן. מיין הרטה האָט זיך נאָך פערשטאַרקט, בשעת איך האָב מיך דער-וואוסט וועגען דעם אומגליק, וואָס מיט אים איז געשעהן. דער קאַסטען, אין וועלכען עס האָט זיך געפונען דאָס רייכטום זיינס, דער קאַסטען מיט׳ן אוצר, וואָס איז אַרויסגעראַטעוועט געוואָרען מיט אַזוי פיל מיה, איז באַלד, ווי מען האָט אים געבראַכט קיין ליאָן, אַרעסטירט געוואָרען. דאָס האָט געטאָן דער גראַף דאַרטאָן, ווען די אַנעסיער גייסטליכע האָבען מודיע-געווען דורך אַ בריף, אַז מען האָט גע׳גנב׳עט די נאָטען. אומזיסט האָט לע-מעטר גע-בעטען, אַז מען זאָל אים אומקערן זיין רייכטום, זיינע מיטלען צו עקזיסטירען, די אַרבייט פון זיין גאַנץ לעבען. מיין לערער

האָט דאָך, לפּחות, געהאַט דאָס רעכט איבערצוגעבען די זאַך אין געריכט אַריין. אָבער אַ נעכטיגער טאָג! דאָס רעכט פון שטאַרקען האָט אויגענבליקליך פערנאַפּערט די האַרבע שאלה, און דער אָרימער לע-מעטר האָט פערלאָרען דעם רעזולטאַט פון זיינע קענטנישען, די ווערק פון זיינע יונגע יאָרען און די מעגליכקייט צו עקזיסטירען אויף דער עלטער.

דער קלאַפּ פון דעם אַלעם איז פאַר מיר געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט מיך אינגאַנצען געקאָנט אַוועק'הרג'ענען, אָבער מענשען פון מיין דעמאָלטדיגער עלטער פיהלען נישט בעזונדערס טיף אַ צער און זיי לאָזען זיך זעהר לייכט טרייסטען. איך האָב געהאָפט אינגיכען צו בעקומען אַ ידיעה פון פרוי דע-וואַרען, הגם איך האָב איר אַדרעס נישט געוואוסט און זי האָט נישט גע-רעכענט, אַז איך האָב מיך שוין צוריקגעקערט. מיין בעגעהן זיך מיט לע-מעטר'ן האָב איך נישט געהאַלטען פאַר גאָר שלעכט: איך האָב מיך געסטאַרעט בעהילפיג צו זיין מיין לערער נאָר בשעת זיין אַנטלויפען. מיט וואָס האָב איך אים נאָך געקאָנט בעהילפיג זיין? ווען איך פערבלייב מיט אים אין פראַנקרייך, וואָלט איך אים נישט געקאָנט אויסהיילען פון זיין קראַנקהייט, נישט אומ-געקערט אים דעם קאַסטען און איך וואָלט בלויז פערדאָפּעלט די הוצאה און קיין שום נוצען נישט געבראַכט. אַזוי האָב איך אין יענער צייט געקוקט דערויף. איצט זעה איך די זאַך גאָר אַנדערש. די שלעכטע טאַט הויבט אונז אָן צו פייניגען נישט באַלד נאָכ-דעם, ווי זי איז בעגאַנגען געוואָרען; בשעת מיר טראַכטען וועגען איר שוין אַ סך שפּעטער, דערפיהלען מיר אַ שטאַרקען וועהטאָג, און די ערינערונג ווערט נישט אויסגעלאָשען.

צו הערען עפּיס פון דער מאַמעלען, האָב איך בעדאַרפט טאָן נאָר איין זאַך: וואַרטען. וואו וואָלט איך זי געזוכט אין פאַריז און אויף וועלכע מיטלען וואָלט איך געקאָנט אַהין פאָרען? אין אַנעסי האָב איך פאָרט געקאָנט בעקומען פון איר עפּ"ס אַ ידיעה. איך בין געבליבען אין אַנעסי און זיך גאַנץ שלעכט אויפגעפירט. איך בין נישט בעגאַנגען צום עפּיסקאָפּ, וואָס האָט מיך מקרב-געווען און וואָלט מיר געקאָנט פערהעלפען אין דער

צוקונפט. אין אַנעסי איז נישט געווען מיין בעשיצערין, און איך האָב מורא-געהאַט, ער זאָל מיך נישט נעמען מוסר׳ן פאַר אונזער אַנטלויפען. איך בין אויך נישט געגאַנגען אין דער סעמינאַרשול: דאָרט איז שוין נישט געווען דער הער גראָ. איך האָב נישט געזעהן קיין איינציגען פון בעקאַנטע, נאָר מיט פערגעניגען וואָלט איך בעזוכט דעם אינטענדאַנטס פרוי. אָבער איך וואָלט קיין מוט נישט געהאַט צו געהן צו איר. האָב איך געטאָן עפּעס ערגערעס: איך האָב אָבגעזוכט ווענטיור׳ן, וועגען וועלכען איך האָב, נישט-געקוקט אויף מיין נעפיהל צו אים, גאָר נישט געטראַכט, זינט איך בין אַוועק מיט לע-מעטר׳ן. איצט האָב איך מיך דערוואוסט, אַז עס קלינגט מיט אים אין שטאָדט. פרויען האָבען ראָמאַנסירט מיט אים, מען האָט זיך געשלאָגען פאַר אים. זיין ערפאָלג האָט מיך גאָר משוגע געמאַכט; איך האָב אָן אַלץ פערגעסען און געטראַכט נאָר פון ווענטיור׳ן. איך האָב אפילו נישט געטראַכט פון פרוי דע-וואַרען. צו האָבען וואָס אַ גרעסערע פעולה, האָב איך געבעטען מיין גלענצענדען פריינד, ער זאָל מיך מיטנעמען; ער איז מסכים-געווען. געוואוינט האָט ער ביי אַ שוסטער, אַ מענשען זעהר אַ קאָמישען וואָס איז ענליך געווען צו אַ קלאָאון. דאָס ווייב האָט ער גערופען נישט אַנדערש, ווי שלומפּער, און דעם דאָזיגען נאָמען האָט זי אָרענטליך פערדינט. מאַן און ווייב פלעגען זיך עפּטער אַרומרייסען און ווענטיור, וואָס פלעגט כּל־זמן־ער׳שט וועלען מאַכען צווישען זיי שלום, פלעגט נאָך פערלענגערן זייער אַרומרייסען זיך. מיט אַ קאַלטען טאָן, מיט זיין פּראָוואַנסאַלישען אַקצענט פלעגט ער זאָגען עטליכע ווערטער, וואָס האָבען געהאַט אַ געוויסען רושם: פלעגען פאָרקומען זעהר קאָמישע סצענעס. אַזוי פלעגט אַוועק דער פרימאָרגען. אַ זייגער דריי-פיר פלעגען מיר צובייסען, און ווענטיור פלעגט אַוועק צו זיינע גלענצענדע בעקאַנטע און ביי זיי מיטאָגען. דעמאָלט פלעג איך בלאָנקען אַליין און טראַכטען פון זיינע גרויסע מעלות און זיך ענטציקען פון זיינע זעלטענע פעהיגקייטען און מקנא-זיין זיינע טאַלענטען און פער-שאָלטען מיין שלעכטען מזל, וואָס האָט מיך נישט געוואָלט פירען צו אַזאַ גליקליך לעבען. אַך, ווי ווייניג איך האָב פערשטאַנען

דעם זין פון לעבען! איך וואָלט נאָך געהאַט אַ מער-רייצענדיג לעבען, ווען איך וואָלט נישט געווען אַזוי נאַריש און געקאָנט בעססער אויסנוצען דעם חלק, וואָס איז מיר אָנגעקומען.

פרוי דע-וואַרען האָט מיטגענומען אַנע׳ן מיט זיך אין איבער-געלאָזען אין אַנעסי די דינסט מערסערע, וועגען וועלכער איך האָב שוין גערעדט. אַז איך בין צוריקגעקומען, האָט די דינסט געוואוינט אין דער בעל-הבית׳טעס צימער, מערסערע. אַ מיידעל, עטוואָס עלטער פון מיר, איז געווען נישט בלויז שען, נאָר אויך חנ׳עווריג. אָט דאָס מיידעל, וואָס איז נישט בעזונדערס קלוג גע-ווען, האָט געהאַט נאָר איין חסרון: זי פלעגט זיין קאַפּריזנע מיט איר בעל-הבית׳טע. איך פלעג עפטער אַריינגעהן צו איר. זי איז געווען מיינע אַנ׳אַלטע בעקאַנטע און האָט מיר דערמאָנט אָן זעהר אַ נאָנט וועזען, און דעריבער האָב איך זי ליב געהאַט. זי האָט געהאַט אַ סך חבר׳טעס, צווישען זיי, איינע אַ זשיראָ, אַ זשע-נעווער מיידעל. אַלס שטראָף פאַר מיינע זינד בין איך געפעלען געוואָרען דער דאָזיגער זשיראָ, זי האָט שטענדיג געבעטען מערסערע׳ן, אַז יענע זאָל מיך ברענגען צו איר. פלעג איך בע-זוכען זשיראָ, ווייל איך האָב ליב געהאַט מערסערע׳ן. אויסער-דעם, פלעגען צו איר עפטער קומען שענע מיידלעך, מיט וועלכע איך פלעג מיך בעגעגענען מיט פערגעניגען. זשיראָ פלעגט אַלץ האַלטען אין איין קאָקעטירען מיט מיר, אָבער איך האָב געפיהלט צו איר עקעל. אַז זי פלעגט צורוקען צו מיר איר טרוקענע טונקעלע גאָמבע, פערשמירט מיט שפּאַנישען טאַבאַק, פלעג איך מיך קוים אַיינהאַלטען: מיר פלעגט זיך וועלען אַ שפּיי טאָן אויף איר. אָבער איך בין געווען געדולדיג. איך האָב ליב געהאַט צו זיין צווישען יונגע מיידלעך און זיי פלעגען זיך זעהר מילד בעגעהן מיט מיר—צי דערפאַר ווייל זיי פלעגען וועלען צו-פרידענשטעלען זשיראָ׳ן אָדער טאַקי צוליב מיר גופא.

אין זייער בעציהונג צו מיר האָב איך אָבער נאָר געזעהן אַ געוויסע פריינדשאַפט. שפּעטער האָב איך עפטער געטראַכט, אַז אָן מיר האָט זיך עס געווענדט, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער עס זאָלען אָננעמען די בעציהונגען צווישען מיר און זיי, אָבער בשעת

מעשה האָב איך גאָרנישט געטראַכט דערפון און האָב מיך גאָר־נישט געסטאַרעט צו ראָמאַנסירען.

אויסערדעם, האָבען מיך קיינמאָל נישט געצויגען קיין גייטאָרינס, דינסטען, קליינע קרעמערקעס: איך האָב געטרוימט פון אַריסטאָקראַטישע מיידלעך. יעדער האָט זיך זיינע פאַנטאַזיעס; אַריסטאָקראַטישע דאַמען זענען געווען מיין פאַנטאַזיע, און אין דער דאָזיגער פראַגע געה איך מיך פונאַנדער מיט האָראַציע'ן. אין מיר רעדט אָבער נישט די גאוה; איך האָב ליב פרישע געזיכטפאַרבען, שענע הענט, פיינע קליידער, פיינקייט און ריינקייט אינ'ם גאַנצען וועזען; די פיינע מאַניר אָנצוטאָן זיך און ריידען, דאָס קליינע ליבע שיכלעלע, בענדלעך, גאַזען, און די גוט געמאַכטע פריזור. פון צוויי פרויען וועל איך אויסוועלען די, וואָס איז ווייניגער שען, אָבער וואָס בעזיצט מער די דאָזיגע מעלות. אָבגעבען פאָרצוג דער, וואָס איז ווייניגער שען, זעהט מיר אַליין אויס זעהר לעכערליך, אָבער געגען מיין ווילען געפעלט עס דוקא אַזוי מיין האַרץ.

נו, איז וואָס? איך האָב דאָס אויך געהאַט אונטער'ן האַנט, און עס האָט זיך געווענדט אָן מיר, צי איך זאָל מיך בענוצען מיט דער געלעגענהייט אָדער נישט. אַך, ווי איך האָב ליב פון צייט-צו-צייט צו דערמאָנען די גליקליכע רגע'ס פון מיין יוגענד! זיי זענען געווען אַזוי זיס און אַזוי קורץ און אַזוי זעלטען, און אַזוי שלעכט האָב איך זיי אויסגעניצט! אַך, די ערינערונג וועגען גליק פילט אָן דאָס האַרץ מיינס מיט זיסען תענוג, וואָס איז נויטיג דערויף, איך זאָל קאָנען מוטיג איבערקומען דאָס לעצטע לאַנגוויילינע ביסעל יאָרען.

איינמאָל האָט מיר די בעגינענצייט אויסגעוויזען אַזוי שען, אַז איך האָב מיך שנעל אָנגעטאָן און אַרויס הינטער'ן שטאָדט: איך האָב געוואָלט זעהן, ווי עס געהט-אויף די זון. דער רייץ פון פרימאָרגען האָט מיך איינגאַנצען פער'כשופ'ט. די ערד איז געלעגען אין איר גאַנצען פוץ פון גראָזען און בלומען, די נאַכטיגאַלען, וואָס האָבען שוין געהאַלטען ביים ענדיגען זינגען, האָבען געוואָלט אויף צולעצט בעווייזען, וואָס זיי קאָנען און מיט אַ

בעזונדער קראַפט זיך צוגאָסען אין טרעלען, אַלע פויגעל האָבען אין כאָר זיך געזעגענט מיט׳ן פרילינג און בעגריסט דעם ליבען אָנהויב פון זומער. אַ זוינע טעג זעהען נישט מענשען פון מיין איצטיגער עלטער און די טעג אַליין איז אויך נישט צו זעהן אין דעם טרויעריגען אָרט, וואו איך וואוין היינט.

אונבעמערקטערהייט בין איך גאַנץ ווייט אַוועק פון שטאָדט; עס איז געוואָרען הייסער; איך האָב שפּאַצירט אין שאָטען, ביי אַ קליינעם שטראָם, וואָס איז געלאָפען אין טאָל אַריין. הינטער מיר האָב איך דערהערט אַ טופעריי פון פערד און מיידעלשע שטימען. עס האָט אויסגעוויזען, ווי די פּאָרער וואָלטען זיך געפונען אין אַ שווערער לאַגע, נאָר דאָך האָבען זיי געלאַכט פון גאַנצען האַרצען. איך האָב מיך אומגעקערט. עמיצער האָט מיך אָנגערופען ביים נאָמען; איך בין צוגעגאַנגען און דערזעהן צוויי יונגע בעקאַנטע מיידלעך: דע-גראַפענריד און האַליי. זיי זענען ביידע נישט געוועזען פון די גוטע רייטערינס און האָבען נישט געוואוסט, ווי אַזוי צווינגט מען די פערד איבערצוגעהן דעם שטראָם. עפּיס אַ יוגענד-משוגעת האָט פערטראָגען דע-גראַפענריד, זעהר אַ חנ׳עוודיג יונג מיידעל פון בערן, ווייט פון דערהיים, און זי האָט געטאָן דאָסזעלבע, וואָס פרוי דע-וואַרען, ביי וועלכע איך האָב זי עטליכע מאָל געזעהן; אָבער זי האָט נישט בעקומען קיין פענסיע, ווי די מאַמעלע, און מיט שמחה האָט זי אָנגענומען האַלייס הילף. יענע האָט ליב בעקומען דע-גראַפענריד, געבעטען די מוטער אַריינצונעמען זי אין הויז אַריין און האַלטען זי, ביז וואַנען עס וועט זיך נישט אָבגעפינען עפּיס אַ פּאַסענדיגער פּאָסט. האַליי, וואָס איז געוועזען מיט אַ יאָר יונגער פאַר גראַפענריד, האָט איבער-ראַשט מיט איר גרויסער שענקייט. אין איר האָט זיך געזעהן מער צאַרטעס, מער ראַפינירטעס. זי האָט געהאַט זעהר אַ דינע פיגור, וואָס איז גלייכצייטיג געוועזען אויך זעהר פערענדיגט, און דאָס בעצייכענט פאַר אַ מיידעל די בעסטע צייט פון איר שענקייט. די חבר׳טעס האָבען זיך זעהר ליב געהאַט און מחמת ביידע זענען געוועזען פון נאַטור זעהר גוטע, האָט מען געקאָנט האָפען, אַז זייערע בעציהונגען וועלען נאָך לאַנג נישט קאַליע ווערען

סיידען אז דאָ זאָל זיך נישט אַריינמישען עפּיס אַ מעשה מיט אַ ליבע. זיי האָבען געזאָגט, אַז זיי פאָרען קיין טון — אַנ׳אַלטער שלאָס, וואָס האָט געהערט דער פּרוי האַליי, און האָבען געבעטען, איך זאָל צווינגען די פערד אַריינגעהן אין וואַסער; אַליין האָבען זיי עס נישט געקאָנט טאָן. איך האָב געוואָלט אַ שמייס טאָן די פערד, אָבער די יונגע רייטערינס האָבען זיך געשראָקען, די פערד זאָלען מיר נישט מכבד-זיין מיט די הינטערשטע פיס. בין איך געפאַלען אויף אַנ׳אַנדערן פּלאַן: איך האָב גענומען האַלייס פערד פאַר׳ן צוים און איבערגעפירט עס איבער אַ פלאַכען אָרט אין שטראָם; דאָס וואַסער האָט מיר דערגרייכט ביז איבער די קני. דאָס צווייטע פערד איז געהאָרזאָם נאָכגעגאַנגען פון הינטען. איבערגעפירט — האָב איך מיך געוואָלט צוזעגענען מיט די יונגע מיידלעך און אַוועקגעהן, ווי אַ למך, אָבער זיי האָבען זיך איבער-געשעפּטשעט צווישען זיך, און פריילײן דע-גראַפּענריד האָט געזאָגט:

— ניין, ניין, אַזוי געהט מען פון אונז נישט אַוועק. צוליב אונז האָט איר זיך אַיינגענעצט און על-פּי-יושר דאַרפען מיר אייך אויסטריקענען. קומט מיט אונז: איר זענט אונזער געפאַנגענער.

דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט; איך האָב אַ קוק געטאָן אויף פריילײן האַליי.

— יאָ, יאָ,—האָט יענע געזאָגט און זיך פונאַנדערגעלאַכט, דערזעהענדיג מיין פערשעמט פּנים—איר זענט אונזער קריגסגע-פאַנגענער.—זעצט זיך אויף איר פערד, פון הינטען. מיר דאַרפען אָבגעבען אַ באריכט וועגען אייך.

— אָבער, פריילײן, איך האָב נישט די ערע צו קאָנען פּרוי האַליי, אייער מוטער: וואָס וועט זי זאָגען, אַז זי וועט מיך דערזעהן?

— איר מוטער—האָט געזאָגט דע-גראַפּענריד — איז נישטאָ אין טון. מיר זענען אַליין. היינט אין אָוועגד קערן מיר זיך אום, וועט איר פאָרען מיט אונז צוריק.

עלעקטריע ווירקט נישט געשווינדטער, ווי די דאָזיגע ווער-טער האָבען אויף מיר געווירקט. אַרויסגעשפּרונגען אויף פריילײן

דע-גראַפענרידס פערד, האָב איך געציטערט פון שמחה, און אַז איך האָב בעדאַרפט אַרומנעמען דאָס מיידעל, נישט אַראָבצופאַלען, האָט מיין האַרץ אַזוי שטאַרק געקלאַפּט, אַז זי האָט עס בעמערקט און געזאָגט, אַז דער שרעק אַראָבצופאַלען רופט ביי איר אויך אַרויס אַזאַ האַרצקלאַפעניש. איך האָב מיך געפונען אין אַזאַ פּאָזע, אַז די ווערטער אירע האָבען כמעט אויסגעוויזען ווי אַ פּאָרשלאָג, איך זאָל מיך איבערצייגען אין זייער ריכטיגקייט. אָבער איך האָב עס נישט געוואַגט צו טאָן און פאַר דער גאַנצער צייט פון פאָרען האָבען מיינע הענט איר געדינט, ווי אַ גאַרטעל, אמת, זעהר אַני-איינגער, אָבער ער האָט זיך קיין איין מאָל נישט גערירט פון אָרט. די פרוי, וואָס וועט עס איבערלייענען, וועט אַיינגעפינען, אַז מען דאַרף מיך פאַטשען דערפאַר און זי וועט זיין גערעכט!

די פרעהליכקייט פון אונזער נסיעה און דאָס פלוידערן פון די יונגע מיידלעך, האָבען מיר אַיינגעגעבען אַזאַ חשק צו ריידען, אַז ביז סאַמע אָוועגד און אפילו ביז דער מינוט פון שיידען זיך האָבען מיר אַלץ געטאָן און גערעדט. זיי האָבען מיך געקאָנט אויף אַזוי פיל אויפמונטערן, אַז איך האָב מיך געפיהלט מיט זיי איינגאַנצען פריי, און מיין צונג האָט גערעדט נישט ווענינער פון מיין בליק, הגם זיי ביידע האָבען נישט אויסגעדריקט איינס און דאָסזעלבע. דער געשפּרעך אונזערער פלעגט נאָר אָבגעשוואַכט ווערען, ווען איך פלעג בלייבען עטליכע מינוט אויג-אויף-אויג מיט איינער פון זיי. אָבער באַלד פלעגט אַריינקומען די צווייטע, און עס פלעגט שוין נישט זיין קיין צייט צו דערקלערען די סבה פון אונזער שעמעריי.

אַז מיר זענען געקומען קיין טון און איך האָב מיך אויס-געטריקענט, האָבען מיר זיך אַנידערגעזעצט פרישטיגען. נאָכדעם האָט מען בעדאַרפט מאַכען די גרויסע הכנות צום מיטאָג. די צוויי יונגע מיידלעך האָבען זיך גענומען דערצו, דערביי האָבען זיי פון צייט-צו-צייט געקושט דעם אַרענדאַרס קינד, און דאָס אָרימע קיכערל האָט געקוקט אויף די קינדערלעך, אַוועקשטאַר-בענדיג פון קנאה. פון שטאָדט האָט מען געשיקט פּראָוויזיע, און מיר האָבען געהאַט אויסגעצייכענט מאַטעריאַל צום מיטאָג. בע-

זונדערס זענען געווען אַ סך נאַשערייען. צום אומגליק, האָט מען פערגעסען אָן וויין. עס פערשטעהט זיך, אַז פערגעסען האָבען עס די יונגע מיידלעך: זיי האָבען נישט געטרונקען; מיר האָט באַנג געטאָן דערויף, וואָס קיין וויין איז נישט געווען, מחמת מיט זיין הילף האָב איך געהאָפט צו ווערען דרייסטער. האַליי און דע-גראַפענריד האָט עס אויך באַנג געטאָן, מעגליך אויך צו-ליב דערזעלבער סבה, אויף געוויס ווייס איך נישט. זייער מונטערע חנ׳עוודיגע פרעהליכקייט איז ריין-אונשולדיג געווען, און צו וואָס, ווידער, האָט זיי געטויגט מיין מוט און דרייסטקייט? זיי זענען געווען זאַלבענאַנד. די יונגע מיידלעך האָבען געשיקט פרעגען, צי איז נישט פאַראַן וויין ביי די שכנים. אָבער קיין וויין איז אין ערגעץ נישט געווען. די פויערים פון דעם דאָזיגען קאַנטאָן זענען אָרים און איינגעהאַלטען. אַז די צוויי חבר׳טעס האָבען אויסגעדריקט זייער בעדויערונג וועגען דעם, האָב איך געזאָגט, אַז זיי דאַרף עס שטאַרק נישט באַנג טאָן, מחמת זיי בעדאַרפען נישט קיין וויין, צו פער׳שכור׳ן מיך. בלויז אָט די איין העפ-ליכקייט האָב איך מיך דערוועגט צו זאָגען פאַר דעם גאַנצען טאָג, און מיר דאַכט זיך, אַז די צוויי שענע מיידלעך האָבען פערשטאַנען, אַז איך האָב נישט געלייגט.

געמיטאָגט האָבען מיר ביים אַרענדאַר אין קיך; די צוויי חבר׳טעס זענען געזעסען אויף די בענק ביים לאַנגען טיש; זייער גאַסט האָט פערנומען דאָס אָרט פון דעם דרייפיסיגען שטול. וואָס פאַר אַ מיטאָג! וואָס פאַר אַ זיסע ערינערונג! צו וואָס האָב איך בעדאַרפט זוכען אַנדערע פערגעניגענס, ווען אָט דאָס ביסעל האָט מיר אַזוי אויפריכטיג און ריין געקאָנט געבען הנאה. קיין איין אָוונדברויט אין די פּאַריזער הייזער האָט זיך נישט געקאָנט פערגלייכען מיט דעם דאָזיגען מיטאָג; שוין נישט גע-רעדט פון דער פרייד און שמחה, נאָר אפילו פון דער פיזישער הנאה פון עסען.

נאָכ׳ן מיטאָג האָבען מיר בעשלאָסען צו זיין שפּאַרזאַמער, נישט אויסגעטרונקען דאָס לעצטע ביסעל קאַווע, וואָס איז אונז געבליבען פון מיטאָג, און איבערגעלאָזט עס צום אָוונד-

ברויט; מיר האָבען אויך געהאַט טשאַסטקעס, וואָס די מיידלעך האָבען געבראַכט. צו געבען אַרבייט אונזער אַפּעטיט, זענען מיר אַוועק אין פּרוכטגאָרטען און מיט קאַרשען פּערענדיגט אונזער דעסערט. איך בין אַרויפגעקראָכען אויף אַ בוים און געוואָרפען די יונגע מיידלעך גאַנצע קרענצלעך קאַרשען; זיי, ווידער, האָבען מיך בעוואָרפען צוריק מיט די ביינדלעך. פריילײן האַליי האָט זיך איינמאָל אַזוי בעקוועם געשטעלט געגען מיר מיט אַן׳אויס-געשפּרייטען פאַרטוכעל און מיט אַ פערבויגטען קאָפּ אַ הינטער, און איך האָב מיך אַזוי גוט געצילט, אַז אַ גאַנץ קאַרשענקרענצעל איז איר געפאַלען הינטער׳ן קאָרסאַזש. אַך, ווי מיר האָבען גע-לאַכט! איך האָב זיך געזאָגט: „פאַרוואָס זענען מיינע ליפּען קיין קאַרשען נישט! מיט וואָס פאַר אַ הנאה וואָלט איך זיי אויך געוואָרפען אַהין!״

אַזוי איז אַוועק דער טאָג; מיר האָבען פריי געשפּאַסט, אָבער נישט איבערגעגאַנגען די גרעניצען פון אָנשטענדיגקייט. קיין שום צווייד״טיג וואָרט, קיין שום דרייסטערע טאַט. די איינ-געהאַלטענקייט אָבער איז נישט געווען קיין געצוואונגענע: זי איז געווען אַ נאַטירליכע. מיט איין וואָרט, מיין בעשיידענקייט,— מאַנכע וועלען זאָגען: מיין נאַרישקייט—איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דאָס גרעסטע, וואָס איך האָב מיר געקאָנט דערלויבען, איז געווען דאָס, וואָס איך האָב אַ קוש געטאָן האַלייס שפּיצען פינגער. אמת, די אומשטענדען האָבען צוגעגעבען גאָר אַ בעזונדער ווערט דעם דאָזיגען חסד אירען. מיר זענען געווען אַליין; איך האָב קוים געטאָן; זי איז געזעסען מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען. מיינע ליפּען האָבען קיין איין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסזאָגען און איך האָב זיי נאָר צוגעדריקט צו איר האַנט, וואָס זי האָט בעהאַלטען נאָכ׳ן קוש און געקוקט אויף מיר שוין גאָרנישט אַזוי בייז. איך ווייס נישט, וואָס איך וואָלט איר געזאָגט; עס איז אַריין איר חבר׳טע, וואָס האָט מיר אויסגעוויזען זעהר העסליך אין דער מינוט.

צולעצט, האָבען זיך די יונגע מיידלעך דערמאָנט, אַז מען דאַרף שוין פאָרען אין שטאָדט אַריין. מיר האָבען נישט געהאַט

געגוג צייט, אַז די נאַכט זאָל נישט צופאַלען פריער. מיר האָבען געאיילט אין וועג אַריין און זיך אויסגעזעצט, ווי פריער, ווען איך וואָלט געקאָנט, וואָלט איך אומגעענדערט דעם סדר, ווייל פריילין האַלייס בליק האָט טיף אָנגערירט מיין האַרץ; אָבער איך האָב מיך נישט דערוועגט צו ריידען, און זי האָט מיר נישט געקאָנט פאָרלעגען אַנ׳אָרט ביי איר אויפ׳ן פערד. צוריק-וועגס האָבען מיר בעדויערט, וואָס עס ענדיגט זיך דער טאָג, אָבער מיר האָבען זיך נישט געקלאָגט אויף זיין קורצקייט, מחמת מיר האָבען אים געקאָנט אויספילען מיט אַ סך פערגעניגענס און דעריבער אים פערלענגערט.

מיר האָבען זיך צוזעגענט אונגעפער דאָרטען, וואו מיר האָבען זיך בעגעגענט. מיט וואָס פאַר אַ בעדויערונג מיר האָבען זיך צוזעגענט! מיט וואָס פאַר אַ פערגעניגען האָבען מיר זיך מכין-געווען פון דאָסניי זיך צו טרעפען! די צוועלף שעה, וואָס מיר האָבען פערבראַכט צוזאַמען, האָבען אונז אויסגעוויזען, ווי גאַנצע הונדערט יאָר פון האַרציגער נאָנטקייט.

די ליבע מיידלעך האָט קיין זאַך נישט געקאָנט פער׳סמ׳ן די דאָזיגע ערינערונג. דער האַרציגער פערבאַנד צווישען אונז דרייען איז געווען טייערער פאַר די סאַמע פלאַמענדיגסטע פער-געניגענס, וואָס וואָלטען אים צושטערט. מיר האָבען ליב געהאַט איינאַנדער אָהן סודות, אָהן שעמעריי און געהאָפט צו פערבע-האַלטען אויף אייביג די דאָזיגע ריינע ליבע. אין ריינע אונשול-דיגע בעציהונגען ליגט אַנ׳אייגענאַרטיג פערגעניגען, וואָס איז נישט שוואַכער פאַר דעם הייסעסטען תענוג, מחמת עס ווערט נישט בעשטערט פון קיין זאַך און הערט אויף אַ רגע נישט אויף אָנצופילען דאָס האַרץ מיט זיסקייט. די ערינערונג וועגען יענעם וואונדערליכען טאָג וועקט מיך מער, בעצויבערט מיך שטאַרקער, ליגט אין מיין האַרצען פרישער, איידער דאָס בילד פון אַלע אַנדערע פערגעניגענס. איך האָב אַליין רעכט נישט געוואוסט, נאָך וואָס איך האָב געלעכצט, אָבער די ליבע מיידלעך האָבען מיך שטאַרק בעשעפטיגט; איך זאָג נישט, אַז ווען איך וואָלט געקאָנט אויסקלויבען, וואָלט איך גלייך צוטיילט צווישען זיי מיין האַרץ.

ניין, איינע פון זיי געפעלט מיר בעסער; איך וואָלט געווען גליקליך, ווען מיין געליבטע וואָלט געוואָרען דע-גראַפענריד, אָבער ווען מען וואָלט מיר געגעבען אויסוואַלרעכט, וואָלט איך איר בעשטימט די ראָל פון אַנ׳אָנגעטרויטער פערזאָן. אָבער ווי דאָס זאָל נישט זיין, נאָכדעם, ווי איך האָב מיך מיט זיי צושיידט, האָב איך געפיהלט, אַז איך קאָן נישט לעבען אָהן זיי. ווער וואָלט עס געקאָנט זאָגען, אַז איך וועל זיי שוין מער קיינמאָל נישט זעהן און אַז דערמיט וועט זיך ענדיגען אונזער לופטיגע ליבע?

דער לעזער וועט לאַכען פון מיינע ליבעפאַסירונגען און וועט בעמערקען, אַז נאָך אַלע לאַנגע הקדמות האָבען זיך די סאַמע דרייסטע פון זיי געענדיגט מיט אַ האַנטקוש. אָ, איר נאַרט זיך לעזער! מעגליך, אַז איך האָב מער געגאָסען פערגעניגען פון אַ ליבע, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט אַ האַנטקוש, איידער איר מיט אייערע תענוגים — די געוועזענע און די קומענדיגע — פון ראָמאַנען, וואָס הויבען זיך אָן צום ווענינסטען מיט אַזוינע קושען!

ווענטיור, וואָס האָט זיך נעכטען זעהר שפעט געלעגט שלאָפען, איז געקומען אַהיים באַלד נאָך מיר. אין דעם דאָזיגען אָוענד האָב איך אים בעגעגענט מיט ווענינער שמחה, איידער אַלעמאָל, און איך האָב אים נישט געזאָגט, ווי אַזוי איך האָב פערבראַכט דעם טאָג. יונגע מיידלעך האָבען מיט מיר גערעדט פון אים אָהן שום אַכטונג, און עס האָט אויסגעוויזען, ווי זיי וואָלט געווען נישט אָנגענעם, וואָס איך געפין מיך אין אַזוינע שלעכטע הענט. דאָס האָט ווענט׳ור׳ן קאַליע געמאַכט אין מיינע אויגען. דערצו האָט מיך דאָס אַלץ, וואָס האָט אָבגעצויגען מיין געדאַנק פון די מיידלעך, שטאַרק אויפגערעגט. דאָך אָבער האָט ער באַלד געצוואונגען, איך זאָל אַ טראַכט טאָן פון זיך און פון אים: ער האָט אָנגעהויבען ריידען וועגען מיין לאַגע. מיין לאַגע איז געווען זעהר אַ שלעכטע. הגם איך האָב ווענינ אויסגעגעבען, אָבער דאָך האָט זיך אויסגעשעפט מיין קליינער קאַפּיטאַל. איך האָב נישט געהאַט קיין שום מיטלען צום לעבען. פון דער מאַמעלען איז קיין שום ידיעה נישט געקומען. איך האָב נישט

געוואוסט, וואָס מען טוט, און מיין האַרץ פלעגט זיך שטאַרק איינפרעסען ביים געדאַנק, אַז פריילין האַלייס פריינד וועט דאַרפען אַריינפאַלען אין דער גרעסטער דחקות און נויט.

ווענטיור האָט געזאָגט, אַז ער האָט גערעדט וועגען מיר מיט דעם סענעשאַלער וויקאַר, אַז ער וועט מיך נעמען מיטאָגען צו אים און אַז דער דאָזיגער מענש קאָן מיר בעהילפיג זיין דורך זיינע פריינד. ער האָט נאָך צוגעגעבען, אַז עס וואָלט כלל נישט שלעכט געווען פאַר מיר צו בעקאָנען זיך מיט דעם דאָזיגען קלוגען געבילדעטען מענשען, וואָס איז קאָרעקט, טאַלענטירט און האָט ליב קונסט. דערנאָך, ווי זיין שטייגער איז, איבערגעהענדיג פון קלוגע זאַכען צו נאַרישקייטען, האָט מיר ווענטיור בעוויזען פון פאַריז צוגעשיקטע שענע קופלעטלעך אויף דער מוזיק פון אַנ׳אַריע פון מורעס אָפער, וואָס איז דעמאָלט געשפּילט געוואָרען. די דאָזיגע קופלעטלעך זענען אַזוי געפעלען געוואָרען דעם הער סימאָן (די פאַמיליע פון דעם סענעשאַלער וויקאַר), אַז ער האָט אויך אָנגעשריבען קופלעטלעך אויף דערזעלבער מעלאָדיע. ער האָט פאָרגעלעגט ווענטיור׳ן אָנצושרייבען לידלעך, און ווענטיור׳ן איז איינגעפאַלען אַ ווילדע אידעע — הייסען מיר אויך אָנשרייבען לידלעך. ער האָט געוואָלט, לויט זיינע ווערטער, האָבען צו-מאָרגענס קופלעטען אין דער פאָרם פון אַ קאָמישען ראָמאַנס.

ביינאַכט האָט זיך מיר נישט געשלאָפען און איך האָב אָנגעשריבען מיינע לידלעך, ווי איך האָב געקאָנט. פאַר די ערשטע לידער אין לעבען זענען זיי געווען נישקשה; איך האָב זיי אָנגעשריבען בעסער אָדער, לפחות, מיט מער חשק, ווי איך וואָלט עס געטאָן נעכטען, מחמת אין זיי האָט זיך גערעדט וועגען צאַרטגעפיהלען, וואָס האָבען געפונען אַנ׳אָבקלאַנג אין מיין נשמה. אינדערפריה האָב איך זיי געוויזען ווענטיור׳ן; זיי זענען אים געפעלען געוואָרען און ער האָט בעהאַלטען דאָס פאַפירל אין קעשענע; ער האָט מיר נישט געזאָגט, צי ער אַליין האָט אויך אָנגעשריבען לידער, צי נישט. מיר זענען אַוועק צום הער סימאָן; יענער האָט אונז גוט אויפגענומען. עס איז אַוועק אַנ׳אָנגענעמער

שמועס; און אַנדערע האָט גאָרנישט געקאָנט זיין, וואָרום עס האָבען געשמועסט צווייַ קלוגע בעלעזונע מענשען. איך האָב געטאָן דאָס, וואָס אַלעמאָל: געהערט און געשוויגען. וועגען די לידער האָבען ביידע נישט גערעדט; און אויף וויפיל איך ווייס האָט מען וועגען מיינע לידער מער אַ וואָרט נישט גערעדט.

דאַכט זיך, אַז סימאָנ'ען איז געפעלען געוואָרען מיין האַל-טונג; אַרויסטראָגען אַ מיינונג וועגען מיינע אַנדערע מעלות אָדער חסרונות האָט ער אין דעם דאָזיגען טאָג נישט געקאָנט. ער האָט מיך שוין געזעהן ביי פרוי דע-וואַרען, אָבער ער האָט מיך קיינמאָל נישט בעמערקט. אויף אַזאַ אופן קאָן איך האַלטען דעם דערמאָנטען מיטאָג פאַר דעם אָנהויב פון מיין בעקאַנטשאַפט מיט סימאָנ'ען. אמת, דער דאָזיגער מיטאָג האָט מיך נישט דערנענ-טערט צו יענעם ציל, וואָס צוליב דעם בין איך געקומען אין סימאָנס הויז, אָבער שפעטער האָב איך פון דער בעקאַנטשאַפט מיט'ן ריכטער געהאַט אַנדערע נוצען, וואָס מאַכען מיר אָנגע-נעם די דאָזיגע ערינערונג.

איך דאַרף דערמאָנען, ווי אַזוי הער סימאָן האָט אויסגע-זעהן, וואָרום אויב איך וועל עס פערשווייגען, וועלען די לעזער, צוליב זיין שטעלונג אין דער געזעלשאַפט און דער רעפּוטאַציע פון אַ שאַרפזיניגען מאַן, נישט האָבען קיין שום אַנונג פון זיין אויסזעהן. דעם ריכטער סימאָן וואוקס האָט אַודאי נישט דערגרייכט קיין צוויי פוס. זיינע גלייכע, דינע און זאָגאַר לאַנ-גע פיס וואָלטען אים געמאַכט העכער, ווען זיי וואָלטען געגאַנ-גען ווערטיקאַל. אָבער זיי האָבען געהאַט אַ קרומע ריכטונג, ווי די פיסלעך פון אַ שטאַרק-פונאַנדערגעעפענטען צירקול. זיין אוי-בערשטער האַלבער גוף איז געווען נישט נור קורץ, נאָר אויך דין און איז בכלל געווען זעהר קליין. אָהן די קליידער וואָלט סימאָן, מסתמא, ענליך געווען צו אַ גאָטס-בהמה'לע. זיין קאָפּ, פון געוועגליכער גרויס מיט גאַנץ שענע אויגען, מיט מעסיגע געזיכטצוגען, וואָס האָבען אויסגעדריקט איידעלקייט, האָט אויס-געזעהן, ווי קינסטליך אַרויפגעזעצט אויף אַ קלעצעל. ער האָט גאָר קיין קליידער נישט בעדאַרפט האָבען, ווייל זיין גרויסער

פּאַריק האָט אים בעדעקט פון קאָפּ ביז די פיס.

געהאַט האָט ער צוויי שטימען, וואָס זענען נישט ענליך געווען צווישען איינאַנדער. אין אַ שמועס פלעגען זיי צוזאַמען-געמישט ווערען, און דער דאָזיגער קאָנטראַסט פלעגט פון אָנהויב אויסווייזען לעכערליך און דערנאָך זעהר נישט אָנגענעם. איין שטים פון די צוויי, אַ טיפע און אַ קלינגענדיגע, איז געווען, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקען, די שטים פון זיין פּער-שטאַנד, די צווייטע—אַ גרילצענדיגע, אַ שאַרפע און אַ רייסענדי-גע—איז געווען די שטים פון זיין קערפּער, אַז סימאָן פלעגט זיך אויפמערקזאַם צוהערען צו זיך, פלעגט ער ריידען זעהר גע-לאַסען, מיט אַ רעגולירטען אָטעם, און האָט געקאָנט כּסדר איינ-האַלטען די שטים אויף די נידעריגע נאָטען; פלעגט ער זיך אָבער עטוואָס אויפרעגען, פלעגט ער נעמען האַסטיגערריי-דען, און די קלאַנגען פון זיין קול פלעגען ענליך ווערען צום פייפען אין אַ שליסעל, און ער האָט שוין נישט געקאָנט איבער-געהן צו באַסענקלאַנגען. נישט-געקוקט אויף זיין משונה'דיג אויס-זעהן, וואָס איך בעשרייב עס אָהן גוזמאות, האָט ער דאָך ליב געהאַט צו ראָמאַנסירען, צו-צעוואַרפען דאַמען צאַרטע ווערטער, אָנטאָן זיך פיין, זאָגאַר קאָקעטיש. ער האָט זיך געסטאַרעט מיט אַלע מעגליכקייטען אויסצונוצען זיין הויכע לאַגע און האָט דע-ריבער ליב געהאַט אויפצונעמען מענשען מיט בקשות אינדערפריה, בשעת ער איז נאָך געלעגען אין בעט. דערזעהענדיג אויפ'ן קישען זיין שענעם קאָפּ—וואָלט גאָר קיינעם נישט איינגעפאַלען, אַז דערמיט איז בעגרענצט די גאַנצע שענקייט זיינע. די דאָזיגע אויפנאַמען פלעגען טיילמאָל אַרויסרופען אַזוינע סצענעס, וואָס אַנעסי, בין איך זיכער, דאַרף זיי נאָך געדענקען ביז היינטיגען טאָג.

איינמאָל איז סימאָן געלעגען אין בעט אָדער, בעסער גע-זאָגט, אויפ'ן בעט און געוואַרט אויף די דאָזיגע לייט. אויפ'ן קאָפּ האָט ער דעמאָלט געהאַט אַ דינע ווייסע נאַכטמיץ, בעפּוצט מיט בופעס פון ראָזע בענדלעך. געקומען אַ פויער און אָנגע-קלאַפּט אין טיר. די דינסט איז נישט געווען; דער פויער האָט נאָכאַמאָל אָנגעקלאַפּט און דער ריכטער האָט אַ געשריי געטאָן:

„אריין", אָבער אַזוי ווי דער קול איז עטוואָס שטאַרקער געווען, איז דאָס וואָרט אַדורכגעגאַנגען קוויטשיג. געהט-אַריין דער פוי-ער, קוקט זיך אַרום, פון וואַנען קומט עס אַהער אַ פרויען-קול! דערזעהן אַ מיך מיט בענדער, וויל ער תיכף אַוועקגעהן, און בעט זעהר די ליגענדיגע דאַמע, זי זאָל אים מוחל-זיין. ווערט סי-מאָן בייז, הויבט ער אָן שרייען, אָבער זיין קול ווערט נאָך דינער דערפון. דער פויער, וואָס איז איצט נאָכמער איבערצייגט אין זיין השערה און וואָס פיהלט זיך בעליידיגט, הויבט זיך אָן צו זידלען, דער צורייצטער סימאָן געפינט נישט קיין אַנדער געווער, ווי די נאַכטוואַזע, און ער איז גרייט זי צו לאָזען אין קאָפּ אַריין דעם בעזוכער. אָבער אין דער אייגענער רגע קומט אַריין די פרוי, וואָס גיט אַכטונג אויפ'ן שטוב.

דער דאָזיגער ליליפּוט, וואָס איז געווען בעליידיגט דורך דער נאַטור בלויז אויסערליך, האָט אָבער געהאַט זעהר אַ בע-וועגליכען שכל, וועלכען ער האָט זיך געסטאַרעט צו ענטוויקלען און בערייכערן מיט קענטנישען; ער איז אויך, ווי מען זאָגט, גע-ווען אַ גוטער יוריסט, נאָר ער האָט נישט ליב געהאַט די דאָזי-גע פּראָפעסיע; די ליטעראַטור האָט אים מער געצויגען. זי האָט אים געגעבען די מעגליכקייט איינצופאַסען זיינע רעדעס אין אַ גלענצענדער פאָרם; זי האָט אים געגעבען פיינקייט, וואָס מאַכט חנ'עוודיג אַלע בעציהונגען, אפילו מיט פרויען. ער האָט געקאָנט אויסוועניג אַלע יענע וויצען, וואָס בערירען פרויען. די דאָזיגע וויצען האָט ער געקאָנט צוגעבען אַ בעזונדער אָנציהענדקייט, און דערצעהלען פלעגט ער מיט אַ מינע פון אַ סוד און אויסגעבען פאַר אַ נייס דאָס, וואָס איז פערלאָפען מיט אַ זעכציג יאָר צוריק. ער האָט געקאָנט מוזיק און נישט שלעכט געזונגען — מיט איין וואָרט, וועדליג אַ יוריסט, איז ער בעזעסען אַ סך קליינינטשקע טאַלענטען. ער האָט צופרידענגעשטעלט די אַנעסער דאַמען און אַריין ביי זיי אין מאָדע: זיי האָבען אים אַריינגענומען אין זייער סוויטע, ווי אַ קליינינטשקע מאַלפּע. ער האָט אפילו אַרויס-געוויזען מאַנכע פּרעטענזיעס אויף צערטליכע בעציהונגען און דאָס האָט אזוי ווי געוויילט די דאַמען. איינע אַ דאַמע, פרוי

דעאַפּעני, האָט פערזיכערט, אז דער סאַמע גרעסטער חסד, וואָס מען קאָן אים אַרויסווייזען—איז דערלויבען אים אַקוש צו טאָן די קני פון אַפּרוי.

סימאָן האָט געוואוסט פון גוטע ביכער און גערן גערעדט וועגען זיי, און דעריבער איז אַ שמועס מיט אים געווען נישט נור אינטערעסאַנט, נאָר אויך נוצליך. שפּעטער, בשעת אין מיר האָט זיך אויפגעכאַפּט דער שטאַרקער חשק צו לערנען זיך, פלעג איך מיך עפּטער זעהן מיט אים, און דערפון האָב איך געהאַט אַ גרויסע פּעולה. איך פלעג אים עפּטער קומען בעזוכען פון שאַמבערי, וואו איך האָב צו יענער צייט געוואוינט. ער האָט געלויבט מיין התמדה, אונטערגעוואָרימט מיך און געגעבען גוטע עצות בנוגע צו ביכער. צום אומגליק, האָט זיך אין דעם דאָזיגען שוואַכען גוף געגעסטיגט זעהר אַ פיהלבאַרע נשמה, אין עטליכע יאָר אַרום האָט אים עפּיס אַ צרה אַזוי מצער־געווען, אַז ער איז אַוועקגעשטאָרבען פון אומעט. דאָס טוט אודאי באַנג, וואָרום ער איז געווען אַ גוטער מענש, וואָס האָט באַלד פון ערשטען בליק אַרויסגערופען געלעכטער, אָבער דערנאָך צוגעבונדען צו זיך. סימאָנס לעבען האָט געהאַט אַ קנאַפּע שייכות צו מיינעם אָבער איך האָב מיך בענוצט מיט אַ סך נויטיגע לעקציעס זיינע, און דעריבער האַלט איך פאַר מעגליך צו ווידמענען עטליכע שורות דער ערינערונג וועגען אים.

בין איך קוים פריי געוואָרען, בין איך תיכף אַוועקגעלאָפען אין יענע גאַס, וואו עס האָט געוואוינט פריילין האַליי, האָפענדיג, אַז איך וועל זי אָדער עמיץ אַנ׳אַנדערן דערזעהן, אָדער מען וועט, לפּחות, עפענען אַ פענסטער. אָבער גאָרנישט, קיין שום לעבעדיגען נפש האָב איך נישט בעמערקט, און כל זמן איך בין געשטאַנען אויפ׳ן גאַס, איז דאָס הויז געווען פערשפּאַרט, פונקט ווי דאָרט וואָלט קיינער נישט געוואוינט. אין דעם קלייניטשקען לעדיגען געסעל האָט זיך דייטליך געצייכענט מיין מענליכע פיגור. פון צייט־צו־צייט פלעגט עמיץ פאַרבייגעהן פאַרביי מיר; פון די דערבייאיגע הייזלעך פלעגען זיך בעווייזען מענשען און צוריק פערשווינדען אין זיי. מייז פיגור האָט מיר

געשטערט; מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע פערשטעהען, אויף וואָס איך וואַרט און די דאָזיגע שפּירונג האָט מיך געפּייניגט, וואָרום מיר איז אַלעמאָל טייערער געווען דער כבוד און רוה פון פרויען, וואָס זענען מיר ליב, איידער מיינע אייגענע פערגעניגענס.

צולעצט, איז מיר דערעסען געוואָרען צו שפּילען די ראָל פון אַ פערליבטען שפּאַניער (דערצו נאָך אָהן אַ גיטאַרע), און איך האָב בעשלאָסען צו געהן אַהיים און דאָרטען אָנשרייבען פריילין דע-גראַפּענריד; בעסער וואָלט זיך מיר געוואָלט שרייבען צו איר פריינדין, אָבער איך האָב עס נישט געוואַגט.

אָנגעשריבען אַ בריף, האָב איך אים אַוועקגעטראָגען צו זשיראָ, מחמת איך האָב מיך בעשטעלט מיט די יונגע מיידלעך. זשיראָס בעשעפטיגונג איז געווען—אויסקלאַפּען קאָלדרעס; טייל-מאָל האָט זי געהאַט אַרבייט אין פריילין האַלייס הויז. איך האָב נאָך דעמאָלט איינגעפונען, אַז מיין פערמיטלערין דאַרף זיין נישט פון די גוטע, אָבער איך האָב נישט געהאַט די העזה צו זאָגען מיינע ערשט-בעקאַנטע פריילינס, אַז אונזער קינפטיגער בריפטרעגער געפעלט מיר נישט. איך האָב מורא-געהאַט, אַז מען וועט מיר נישט פאָרלעגען אַ צווייט מיטעל דורכצושרייבען זיך. אויסערדעם, האָב איך קיין מוט נישט געהאַט מודה צו זיין זיך, אַז זשיראָ אַליין האָט געוואָרפען אויף מיר אַנ׳אויג. מיך האָט בעליידיגט, וואָס זשיראָ האָט זיך געהאַלטען בנוגע צו מיר פאַר אַ וועזען פון איין געשלעכט מיט יענע מיידלעך. דאָך האָט זיך מיר געוואָלט האָבען כאָטש איין מיטעל דורכצושרייבען זיך, איידער גאָרנישט, און איך האָב ריזיקירט.

פונ׳ם ערשטען וואָרט האָט זשיראָ פערשטאַנען מיין כונה, אָבער דאָס איז אויך נישט שווער געווען. אויב מיין שליחות צו דעם יונגען מיידעל האָט נישט געהאַט דייטליך גערעדט פאַר זיך גופא, האָט מיך אויסגעגעבען מיין נאַריש און פערשעמט פנים; דאָך האָט זיך זשיראָ גענומען אויסצופירען מיין בקשה, און ערליך אויסגעפירט. אויף מאָרגען בין איך אַוועקגעלאָפען צו איר און געפונען אַנ׳ענטפער. אודאי בין איך תיכף ומיד אַוועק פון זשיראָ, איך זאָל קאָנען פריי דורכלייענען דעם בעקומענעם

בריף. איך האָב אים בעדעקט מיט קושען. מען דאַרף דערמאָ-
נען וועגען יענער ראָל, וואָס זשיראָ האָט גענומען אויף זיך,
און אַז זי האָט אַרויסגעוויזען אַ סך איינגעהאַלטענקייט
און איידעלקייט, וואָס איך האָב זיך גאָרנישט געריכט דערויף.
זי האָט געהאַט געגוג שכל, צו פערשטעהן, אַז מיט אירע זיבענ-
אונדרייסיג יאָר, מיט אירע האָזענאויגען, מיט דער אויסגעשמיר-
טער נאָז, מיט דעם אונאָנגענעמען קול און דעם שוואַרצען לייב
וועט זי נישט קאָנען ביישטעהן די צוויי רייצענדיגע מיידלעך
אין דער עכטער בליהענדיגער שענקייט, און זי איז בעסער
מרוצה-געווען אָנצעווערען מיך, איידער איך זאָל בלייבען פאַר
אירע קאָנקורענטינס.

מערסערע, וואָס האָט קיין שום ידיעות נישט געהאַט פון
איר מאַדאַם האָט אָנגעהויבען טראַכטען פון אומקערן זיך
צוריק קיין פרייבורג. זשיראָ האָט איר שטאַרק צוגערעדט דער-
צו. זי האָט איר געגעבען צו פערשטעהן, אַז עס וואָלט געווען
גוט, ווען עמיצער וואָלט זי בעגלייט ביז צום פאָטער, און האָט
איר פאָרגעלעגט מיך. דער קליינינטשקער מערסערע בין איך גע-
ווען נישט מאוס, און איר איז געפעלען געוואָרען איר
חבר'טעס פלאַן. אין דעמזעלבען טאָג האָט מען מיט מיר גע-
רעדט וועגען דעם, ווי וועגען אַ בעשלאָסענער זאַך. אַזאַ מין
בעל-הבית'עווען מיט מיין נפש איז מיר אפילו נישט זעהר אָנ-
גענעם געווען, אָבער איך האָב מסכים-געווען און גערעכענט, אַז
אַזאַ מין נסיעה וועט נישט דויערען מער פון אַ וואָך. זשיראָ,
וואָס האָט אַנדערש גערעכענט, האָט אַלץ איינגעאָרדענט. איך
האָב זיי געמוזט אָפען זאָגען מכח מיינע פינאַנסען. דאָס איז
בעזאָרגט געוואָרען. מערסערע האָט זיך אָנגענומען צו צאָלען פאַר
מיר אין וועג; אויף מיין פערלאַנג האָט זי בעשלאָסען פאָראויס
אַוועקצושיקען איר באַגאַזש; אַליין האָבען מיר געזאָלט געהן
צופוס און עפטער אָברוהען. און אַזוי האָבען מיר טאַקי געטאָן.

מיר איז נישט אָנגענעם צו שילדערן אַזוי פיל מיידלעך,
פערליבטע אין מיר, אָבער אַזוי ווי איך קאָן מיך בעזונדערס
נישט איבערנעמען מיט דעם געברויך, וואָס איך האָב געמאַכט

פון די אַלע ליבגעפּיהלען, וועלכע איך האָב גורם-געווען, מעג איך, דאַכט זיך מיר, אָהן שום שעמערייִ זאָגען דעם אמת. מערסערע, וואָס איז געווען יונגער און אונשולדיגער פאַר זשיראַ, האָט קיינ-מאָל אַזוי שטאַרק נישט קאָקעטירט מיט מיר, ווי איר עלטערע חבר׳טע, אָבער זי פלעגט נאָכמאַכען דעם קלאַנג פון מיין קול, מיין אַקצענט, פלעגט איבער׳חזר׳ן מיינע ווערטער און פלעגט אַרום מיר אַרומטאַנצען אַזוי, ווי איך האָב גאָר בעדאַרפט אַרומטאַנ-צען אַרום מיר. ווי אַ פּחדנ׳טע פלעגט זי שטענדיג איינאָרדנען אַזוי, אַז מיר זאָל אויסקומען צו שלאָפען מיט איר אין איין צימער. אַזאַ מין פאָרזיכטיגקייט בעגרענעצט זיך זעלטען מיט שלאָפען בלויז צוזאַמען אין איין צימער, בשעת דאָס געשיהט צווישען אַ צוואַנציגיעריגען יונגענמאַן און אַ פינפאונצוואַנציגיעריגען מיידעל.

אָבער איצט האָט זיך די זאַך טאַקי בלויז דערמיט בע-גרענצט. איך בין געווען אַזאַ שוטה, אַז כאָטש מערסערע איז מיר נישט געווען מאוס, האָב איך דאָך פאַר דער גאַנצער צייט פון דער רייזע נישט געהאַט קיין שום אַ כונה פון עפּיס אַ ליבעאויפטועכטס, אפילו אַ געדאַנק וועגען אַזוינע זאַכען איז מיר אויפ׳ן זינען נישט געקומען. און וואָלט איך שוין יאָ געהאַט אַזאַ געדאַנק, וואָלט איך אויך גאָרנישט געקאָנט טאָן איבער מיין נאַרישקייט. איך פלעג מיר נישט קאָנען פאָרשטעלען, ווי אַזוי אַ יונגערמאַן און אַ יונג מיידעל קומען זיך צוזאַמען. מיר פלעגט זיך דאַכטען, אַז צו די הכנות פון דעם דאָזיגען שרעקליכען גע-שעהעניש בעדאַרף מען האָבען הונדערטער יאָרען. אויב די אָרימע מערסערע, וואָס האָט געצאָלט פאַר מיר אין וועג, איז אויסען-געווען כאָטש אַ קליינע בעלוינונג, האָט זי זיך זעהר טועה-געווען. און אין פרייבורג זענען מיר געקומען פונקט אַזוינע, ווי מיר זענען אַרויס פון אַנעסי.

פאַרבייגעהענדיג פאַרביי זשענעוו, האָב איך שיער נישט גע׳חלש׳ט אויפ׳ן בריק. איך האָב קיינמאָל נישט געקאָנט קוקען אויף די ווענט פון דער געבענשטער שטאָדט אָהן האַרצ-ציטערניש, וואָס קומט פון צופיל ליבע; איך האָב קיינמאָל נישט

געקאָנט אַרייַנגעהן אין איר רוהיג! און טאַקי אין דער אייגענער צייט, בשעת דאָס שענע בילד פון פרייהייט האָט דערהויבען מיין נשמה, בשעת דער געדאַנק וועגען גלייכהייט, פעראייניגונג און אחדות האָט מיך געריידט ביז טרערען, און פלעגט אַרויסרופען בעדויערונג אין מיר, וואָס איך האָב פערלאָרען אָט די אַלע גוטע זאַכען! ווי האָב איך געבלאָנזשעט, אָבער ווי נאַטירליך איז עס געווען. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך זעה אין מיין היימאַט דאָס, וואָס איך האָב געטראָגען אין מיין האַרצען!

אונזער וועג איז געלעגען איבער ניאָן. וועל איך אַזוי אַדורכגעהן און נישט זעהן מיין טאַטען? ווען איך וואָלט גע-האַט דערויף מוט, וואָלט איך דערנאָך געשטאָרבען פון פערדרוס. איך האָב איבערגעלאָזט מערסערע און מיט שרעק אַוועק צום טאַטען. אומזיסט האָב איך מיך געשראָקען! אַז ער האָט מיך דערזעהן, האָט זיך זיין האַרץ געעפענט פאַר פאָטערליכע גע-פיהלען. וויפיל טרערען האָבען מיר פערגאָסען, אַרומנעמענדיג זיך. לכתחילה האָט ער גערעכענט, אַז איך האָב מיך אומגעקערט צו אים אויף תמיד. איך האָב פון אַלץ דערצעלט דעם פאָטער און געזאָגט אים פון מיין בעשלוס—נישט צו בלייבען אין דער-היים. ער איז געווען געגען, אָבער שוואַך. דער פאָטער האָט מיר אָנגעוויזען אויף די סכנות, וואָס זענען מיר פאָרגעשטאַנען, און אַז משוגע דאַרף מען זיין אַ ביסעלע, נישט קיין סך; דאָך האָט ער זיך אפילו נישט אָנגעשטרענגט מיך אַיינצוהאַלטען ביי זיך, און אין דעם פרט איז ער גערעכט געווען. איינס איז אָבער פאָרט ריכטיג: דער טאַטע האָט נישט געטאָן אַלץ, וואָס איז געווען אָבהענגיג פון אים, אַיינצוהאַלטען מיך, נישט אָבלאָזען; ער האָט מעגליך, גערעכענט, אַז איך דאַרף שוין נישט אָבטרעטען פון מיין געמאַכטען שריט, אָדער ער האָט נישט געקאָנט צוטראַכטען עפיס אַ קאַריערע פאַר מיר, שוין אַ דערוואַקסענעם יונג. שפּעטער האָב איך מיך דערוואוסט, אַז ער האָט געקוקט קרום, הגם פער-שטענדליך, אויף מיין מיטגעהערין.

מיין שטיפמאַמע, עטוואָס אַ זיסליכע פרוי, האָט געמאַכט אַ מינע, ווי זי וואָלט וועלען, איך זאָל בלייבען צום אָוועגדברויט.

איך האָב מיך אָבגעזאָגט, אָבער פערשפּראָכען צוריקוועגס פער־בלייבען ביי זיי לענגער און, אַלס משכון, האָב איך איבערגע־לאָזט ביים טאַטען מיין פעקעלע מיט זאַכען. אויף מאָרגען בין איך אַוועק זעהר פריה, צופרידען דערמיט, וואָס איך האָב גע־האַט מוט אויסצופילען מיין פליכט.

מיר זענען גליקליך געקומען קיין פרייבורג. ביים סוף פון וועג איז שוין מערסערע קעלטער געוואָרען צו מיר. אַז מיר זענען געקומען, האָט זי מיר אַרויסגעוויזען בלויז קאַלטקייט. איר פאָטער, וואָס איז נישט געשוואומען אין גרויס לוקסוס, האָט מיך אויך אויפגענומען אָהן התפעלות. איך האָב מיך אָבגעשטעלט אין אַ גאָרקיך; אויף מאָרגען האָב איך בעזוכט מערסערע. זי און איר פאָטער האָבען מיך געבעטען צום מיטאָג. איך האָב אָנגענומען זייער אַיינלאַדונג. צושיידט האָבען מיר זיך אָהן טרערען; פאַרנאַכט האָב איך מיך אומגעקערט אין מיין גאָרקיך און אין אַ טאָג אַרום אַוועק פון פרייבורג, נישט-וויסענדיג, וואוהין צו געהן.

אויך דאָסמאָל האָט מיר גאָט געגעבען אַ מעגליכקייט אָנצוהויבען לעבען רוהיג און גליקליך. מערסערע איז געווען אַ וואויל מיידעל, נישט גלענצענד, נישט שען, אָבער אויך נישט מאוס; זי האָט זיך נישט אויסגעצייכענט מיט רירעוודיגקייט, אָבער זי האָט געהאַט אַ רוהיגען כאַראַקטער, וואָס פלעגט ווען-נישט-ווען אויסברעכען מיט קליינינקע שטימונגאַטאַקען, וועלכע האָבען זיך געענדיגט מיט טרערען און קיינמאָל נישט איבער־געלאָזט נאָך זיך קיין שום שטורמישע פאָלגען. איר האָט אויפ־ריכטיג געצויגען צו מיר און איך וואָלט אָן שום מיה געקאָנט חתונה-האָבען מיט איר און פאָרזעצען איר פאָטערס פראָפעסיע *) מיין ליבע צו מוזיק וואָלט מיך געצוואונגען ליב צו האָבען דעם אַלטען מערסערעס פראָפעסיע. וואָלט איך מיר פערבליבען אין

---

*) רוסאָ זאָגט נישט, מיט וואָס עס האָט זיך בעשעפטיגט מערסערע, אָבער פון דעם ווייטערדיגען זעט זיך דרינגען, אַז ער איז געוועזן אַ מוזיקער.

פרייבורג, אַ קליינינטשקען און נישט-איבעריגס שענעם שטעדטעל, וואָס איז אָבער בעזעצט מיט אָנשטענדיגע מענשען. אַודאי וואָלט איך נישט גענאָסען קיין גרויסע פערגעניגענס, אָבער איך וואָלט מיר געלעבט בשלום ביז דער לעצטער שעה; בעסער פון אַלעמען האָב איך געקאָנט וויסען, אַז אין דעם פאַל האָב איך נישט בעדאַרפט קווענקלען, וואָס אויסצוקלייבען.

איך בין אַוועק נישט קיין ניאָן, נאָר קיין לאָזאַן. איך האָב געוואָלט זעהן די וואונדערשענע אָזערע; פון לאָזאַן קאָן מען זעהן דעם גרעסטען טייל פון איר. כמעט אַלע מיינע בע-גערן זענען נישט געווען ערנסטער. די ווייטע זאָרגען וועגען דער צוקונפט האָבען מיך קיינמאָל נישט געצוואונגען צו בעגעהן זיך דוקא אַזוי און נישט אַנדערש. ווי יעדער אַנדערער, גיב איך מיך איבער דער האָפנונג, כל-זמן זי קאָסט מיר גאָרנישט. בעדאַרף איך אָבער אַ לאַנגע צייט אַרבייטען צו פערווירקליכען זי, זאָג איך מיך זאָב פון איר. דאָס קלענסטע, דאָס סאַמע אונ-דייטענדסטע פערגעניגען, וואָס איך קאָן אין דער רגע בעקומען, ציהט מיך מער, איידער דער שפעטערדיגער תענוג פון גן-עדן. איך לאָז-אַרויס די פערגעניגענס, וואָס באַלד נאָך זיי מוזען קומען יסורים. אַזוינע תענוגים ציהען מיך נישט; איך האָב ליב בלויז ריינע פרייד, און ריין קאָן נישט זיין אַזאַ תענוג, וואָס גרייט-צו נאָך זיך יסורים.

איך האָב זעהר נויטיג בעדאַרפט ערגעץ קומען, און וואָס גיכער, אַלץ בעסער, וואָרום איך האָב מיך אַראָבגעשלאָגען פון וועג; אין אָוונד האָב איך מיך געפונען אין מודאָן און דאָרטען גע׳פטר׳ט דאָס ביסעל געלד, וואָס איז מיר געבליבען, אויסער די צעהן קרייצער; אָבער איך האָב זיי אויך אָבגעגעבען אויף מאָרגען פאַר׳ן מיטאָג. פאַרנאַכט בין איך געקומען אין אַ דערפעל נעבען לאָזאַן און אַריין אין אַ שענקעל; איך האָב אַ קאָפיקע נישט גע-האַט צו בעצאָלען פאַר נאַכטלעגער און נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן. איך האָב זעהר געוואָלט עסען. האָב איך געמאַכט אַ פרעהליכע מינע און געהייסען דערלאַנגען אָוועגדברויט, פונקט ווי איך וואָלט געקאָנט רייך בעצאָלען דערפאַר. דערנאָך האָב איך מיך אָהן

דאגות אַוועקגעלעגט אין בעט און רוהיג געשלאָפֿען, אויף מאָרגען נאָכ'ן פרישטיג, האָב איך געפרעגט דעם בעל-הבית, פיל אים קומט און פאַרגעלעגט אים, אַלס משכון, מיין קורטקעלע. אָבער דער בראַווער בעל-הבית האָט זיך אָבגעזאָגט דערפון; ער האָט נאָך קיינמאָל, זאָגט ער, נישט אויסגעטאָן קיין מענשען און וויל ביי קיינעם נישט צונעמען קיין מלבושים צוליב עטליכע גילדען; ער האָט מיר געהייסען האַלטען דאָס קורטקעלע ביי זיך און אים אָבצאָלען דעמאָלט, ווען איך וועל רייכער ווערען. זיין גוטסקייט האָט מיך גערירט נישט וועניגער, ווי עס פאָדערט. דערנאָך, אַז איך האָב געטראַכט וועגען דעם, האָב איך געפיהלט אַ סך דאַנקבאַרקייט צו דעם גוטען מאַן. אינגיכען האָב איך אים אָבגעשיקט דאָס געלד מיט אַ זיכערן מענשען, נאָר אַז איך האָב מיך אין פופצען יאָר אַרום צוריקגעקערט פון איטאַליען און געפאָרען דורך לאָזאַן, האָב איך, צו מיין גרויס בעדויערונג, נישט געקאָנט אים אָבזוכען, מחמת איך האָב פערגעסען דעם נאָמען פון שענקעל און דעם בעל-הבית פאַמיליע. איך וואָלט זיכער אַריין צו אים און מיט פערגעניגען אים דערמאָנט פון זיין גוטער טאַט; איך וואָלט אים געוויזען, אַז די גוטע טאַט זיינע איז נישט געווען קיין איבעריגע. מער וויכטיגערע, נאָר וועניגער פשוט'ערע טובות האָבען מיר נישט אויסגעוויזען ווערט צו זיין אַזאַ דאַנקבאַרקייט, ווי די שטילע גוטסקייט פון דעם דאָזיגען אָרענטליכען מאַן.

דורכגעהענדיג לאָזאַן, האָב איך אַלץ געטראַכט פון מיין פערצווייפעלטער לאַגע און פון דעם, אַז איך וועל מיך נישט קאָנען אַרויסקריגען פון דער דאָזיגער שטאָדט, אויב איך וועל פערבאָרגען פאַר דער שטיפמאַמען מיין אָרימקייט. בשעת דעם דאָזיגען איבערגאַנג האָב איך מיך פערגלייכט מיט מיין חבר װענטיור: אַזוי האָב איך יענעם געזעהן, בשעת ער איז געקומען קיין אַנעסי. איך האָב פערגעסען, אַז איך האָב נישט זיין רייץ און זיינע פעהיגקייטען, און, שטאַרק דורכגענומען מיט'ן געדאַנק וועגען אים, האָב איך בעשלאָסען צו שפּילען אין לאָזאַן די ראָל פון אַ קליינ'טשקען װענטיור: געבען לעקציעס איבער מוזיק, נישט-

קאָנענדיג זי, און זאָגען אַז איך בין געקומען פון פּאַריז, וואו איך בין קיינמאָל נישט געווען. קיין שול פּאַר געזאַנג, וואו איך וואָלט געקאָנט פערנעמען אַנ׳אָרט, איז אין לאָזאַן נישט געווען; דערצו האָב איך נישט געוואָלט פערפירען בעקאַנטשאַפטען מיט אַרטיסטען, אָבער צו פערווירקליכען מיין גלענצענדען פּלאַן, האָב איך נאָר געבעטען, מען זאָל מיר אָנווייזען אַ קליין גאַסטהויז, וואו איך זאָל מיך קאָנען בעזעצען נישט טייער און אָנשטענדיג. מען האָט מיך געשיקט צו איינעם אַ פּעראָטע, וואָס האָט גע-געבען וואוינונג מיט קעסט פּאַר אַ געוויסען פּרייז. דער דאָזיגער פּעראָטע האָט זיך אַרויסגעוויזען פּאַר דעם בעסטען מענשען אין דער וועלט; ער האָט מיך זעהר גוט אויפגענומען. איך האָב אים דערצעלט מעשיות — נישט-געשטויגען-נישט-געפלויגען, וואָס איך האָב פריער צוגעטראַכט. ער האָט מיר צוגעזאָגט איבערצוריידען וועגען מיר מיט עמיצען און סטאַרען זיך אויסצוגעפינען מיר לעקציעס און צוגעגעבען, אַז ער וועט נעמען פון מיר געצאָלט, ווען איך וועל אָנהויבען פערדינען. ביי פּעראָטע׳ן האָט מען גע-צאָלט פּאַר פּאַנסיאָן פינף זילבערנע עקיו. דאָס איז אייגענטליך געווען אַ גאַנץ קליינער פּרייז, אָבער פּאַר מיר איז עס געווען אַ גרויסע הוצאה. ער האָט מיר פּאָרגעלעגט צו זיין פון אָנהויב נאָר אויף האַלבען פּאַנסיאָן; איך האָב איינגעשטימט. דער אָרימער פּעראָטע האָט, אויס גוטסקייט, געמאַכט פּאַר מיר די אַלע פּער-לייכטערונגען און זיך שטאַרק געסטאַרעט צו זיין מיר נוצליך.

פּאַרוואָס האָב איך אין דער יוגענד אָנגעטראָפען אַזוי פיל גוטע מענשען און אַזוי ווייניג געזעהן זיי אין די דערוואַקסענע יאָרען? האָט זיך אויסגעגומען דער גוטער מין מענש? ניין, אָבער איצט בעדאַרף איך אים זוכען נישט אין יענעם קרייז, וואו איך פלעג אים אַמאָל געפינען. אין די מער-העכערע קרייזען איז אינגאַנצען דערשטיקט די שטים פון נאַטור און אַ מאַסקע פון געפיהל פערשטעלט בלויז די אייגעננוציגע כונות און פוסטע בערימעריי.

איך האָב געשריבען פון לאָזאַן צום פּאָטער. ער האָט מיר צוגעשיקט די זאַכען און אַ בריף, פול מיט גוטע עצות, מיט וועלכע איך האָב מיך נישט גענוג גוט בענוצט. איך האָב שוין

אָנגעוויזען אויף די מאָמענטען פון אונפּרשטענדליכער משוגעת, וואו איך הער אויף צו זיין איך. אָט איז נאָך אַ מערקווירדיג ביישפּיל פון אַזאַ מין שטימונג. אום צו פערשטעהן ווי וויים מיין קאָפּ איז פערדרעהט געוואָרען, אויף ווייל, איך בין, אַזוי צו זאָגען, פּער׳ווענטיור׳ט געוואָרען, בעדאַרף מען זעהן, וואָס פאַר אַ משונה׳דיגע מעשים איך האָב אָבגעטאָן גאָר אין אַ קורצער צייט. איך בין געוואָרען אַ לערער פון געזאַנג און נישט געקאָנט פונאַנדערקלויבען קיין איין נאָטע. אויב איך האָב געהאַט אַ שטיקעל פּעולה אין די זעקס חדשים, וואָס איך האָב פערבראַכט ביי לע-מעטר׳ן, איז עס דאָך געווען ווענינ, צו ווערען אַ לערער. דערצו האָב איך מיך געלערנט ביי אַ קאָמפּאָ-זיטאָר, און דאָס איז גענוג, אַז די למודים זאָלען נישט טויגען. אַ פּאַריזער פון זשענעווו און אַ קאַטויל אין אַ פּראָטעסטאַנטישען לאַנד, האָב איך בעשלאָסען צו פערבאָרגען מיין נאָמען אויך אַזוי, ווי איך האָב געטוישט מיין פּאָטערלאַנד. איך האָב אַלץ געטאָן, לויט מיין גרויסען מוסטער. ער האָט זיך אָנגערופען ווענטיור דע-ווילנעוו, איך האָב פונ׳ם נאָמען רוסאָ געמאַכט אַנ׳-אַנאַגראַם, פערוואַנדעלט דעם נאָמען אין וואָסאָר און געזאָגט, אַז איך הייס וואָסאָר דע-ווילנעוו; ווענטיור האָט גע-לערענט די כללים פון קאָמפּאָזיציע, הגם ער האָט עס נישט גע-זאָגט; איך האָב זיי גראָד שוואַך געקאָנט, אָבער דערפאַר האָב איך מיך בעריטמט, אַז איך וויים זיי גוט, און, נישט-זענענדיג אומשטאַנד אָנצושרייבען אַ מעלאָדיע פון אַ סאַמע פּשוט׳ען וואָדעוויל, האָב איך מיך אָנגעגעבען פאַר אַ קאָמפּאָזיטאָר. אָבער דאָס איז נאָך נישט גאָר. מען האָט מיך פאָרגעשטעלט דעם הער טרייטאָרען, אַ פּראָפעסאָר פון רעכט, וואָס האָט ליב געהאַט מוזיק און פלעגט געבען קאַנצערטען ביי זיך אין שטוב. האָט זיך מיר געוואָלט אים בעווייזען אַ מוסטער פון מיין טאַלענט און האָב מיך גע-נומען פערפאַסען אַ פּיעסע פאַר זיין קאָנצערט, אָבער מיט אַזאַ חוצפה, פונקט ווי איך וואָלט געוואוסט, ווי אַזוי מען מאַכט עס. איך האָב געהאַט געדולט צו אַרבייטען איבער מיין שטיק ווערק גאַנצע צוויי וואָכען נאָכאַנאַנד; איך האָב עס איבערגעשריבען

און אויסגעשריבען בעזונדער די פּאַרטיעס און פונאַנדערגעטיילט זיי מיט אַזאַ זיכערקייט, פונקט ווי דאָרטען וואָלט גאָר קיין איין האַרמאָניעגרייז נישט געווען. און סאַמע צולעצט האָב איך גע-טאָן דאָס, וואָס מען וועט עס קוים גלויבען, הגם איך זאָג דעם ריינעם אמת. כּדי מיין גרויסאַרטיג ווערק זאָל אויסנעמען, ווי געהעריג, האָב איך עס פערענדיגט מיט אַ שענעם מענועט, וואָס איז שוין לאַנג געזונגען געוואָרען אין די גאַסען און איז, מעגליך, נאָך היינט אויך נישט פערגעסען.

ווענטיור האָט מיך אויסגעלערנט צו זינגען אים מיט אַ בעגלייטונג און האָט מיר אויפגעגעבען זעהר נישט-אָנשטענדיגע ווערטער אויף דעם דאָזיגען מאָטיוו, וואָס טאַקי צוליב דעם גע-דענק איך דאָס לידעל. האָב איך, אַלזאָ,ביים סוף פון מיין ווערק צוגעשטעלט דעם דאָזיגען מענועט און די בעגלייטונג צו אים, אַרויסוואַרפענדיג די ווערטער. איך האָב מודיע-געווען, אַז איך אַליין האָב עס אינגאַנצען פערפאַסט און געזאָגט עס אַזוי, פונקט ווי איך וואָלט געהאַט צו טאָן מיט מענשען פון דער לבנה.

זענען צונויפגעקומען די מוזיקאַנטען צו שפּילען מיין ווערק; יעדען פון זיי האָב איך דערקלערט דעם טעמפּ, נאָך וועלכען מען דאַרף זיך האַלטען, די ניואַנסען פון שפּילען, די איבער׳-חזר׳ונגען און דעסגלייכען. אַ סך האָב איך מיך געהיצט. אַ מינוט פינף-זעקס האָט מען אַיינגעשטעלט די אינסטרומענטען, וואָס האָבען מיר אויסגעזעהן, ווי פינף-זעקס יאָרהונדערטער. צולעצט, איז שוין אַלץ פאַרטיג געווען. איך האָב אָנגעקלאַפּט מיט אַ פּאַפּיר איבער מיין פּיופּיטער און געזאָגט: „זענט געגרייט“. אַלע זענען אַנטשוויגען געוואָרען. איך האָב אָנגעהויבען דיריזשירען מיט אַנ׳ערנסטער מינע. די מוזיקאַנטען האָבען גענומען שפּילען... ניין, זינט עס עקזיסטירען די פראַנצויזישע אָפּערן האָט נאָך קיינער נישט געהערט אַזאַ מין שטות׳עריי. וואָס מען זאָל נישט האָבען געקלערט וועגען מיין אַזוי גערופענעם טאַלענט, דאָך איז מיין ווערק געווען נאָך ערגער. די מוזיקאַנטען האָבען זיך גע-שטיקט פון געלעכטער, די צוהערער זענען געזעסען מיט אַרויס-געשפּאַרטע אויגען און וואָלטען זיך, מסתמא, גערן פערשטאָפּט

די אויערן, ווען דאָס וואָלט געווען מעגליך. מיינע מוזיקאַנטען־תלינים, וואָס האָבען זיך געוואָלט גענוג אָנלאַכען, האָבען געקאַטעוועט, ווי ווייט זיי האָבען געקאָנט. פון זייער מוזיק האָט געקאָנט פּלאַצען דאָס סאַמע דיקסטע אויערהייטעל. איך האָב נאָך אַלץ געהאַלטען אין איין דיריזשירען; אמת, פון מיר זענען געפאַלען שווערע טראָפּענס שווייס, אָבער די בושה האָט מיר נישט דערלאָזט אַוועקצוּוואַרפען אַלץ מיט אייגאַנדער און מאַכען פליטה. די צוהערער, וואָס זענען געזעסען נעבען מיר, האָבען, צו מיין טרייסט, אַריינגעשפּטשעט איינער דעם צווייטען אָדער, ריכטיגער, מיר אַליין; איינער זאָגט: „פשוט נישט אויסצוהאַלטען"; אַ צווייטער: „וואָס איז דאָס פאַר אַ משוגענע מוזיק;" אַ דריטער: „דאָס איז דאָך עפּיס אַ פלעטשערייִ פון אַ רוח".

אָרימער זשאַן־זשאַק! אין דער דאָזיגער שרעקליכער מינוט האָסטו אַוודאי נישט געטראַכט, אַז דער קעניג פון פראַנקרייך און זיין הויף וועלען נאָך אַמאָל הערען דיינע ווערק, אַז דיין מוזיק וועט אַרויסרופען פערוואונדערונג און אַפּלאָדיסמענטען, אַז אין אַלע לאָזשעס אַרום דיר וועלען די סאַמע חנ'עוודיגסטע פרויען איבער'חזר'ן אין דער־שטיל: ס'אַראַ צויבערדיגע קלאַנגען, ס'אַראַ כשוף'דיגע מוזיק. די אַלע מעלאָדיעס גיסען זיך גליין אין האַרץ אַריין!"

דער מענועט האָט אַלעמען פרעהליך געמאַכט; באַלד ווי די מוזיקאַנטען האָבען אָנגעהויבען אים צו שפּילען, איז אַלעמען בעפאַלען אַ שטאַרק געלעכטער. יעדער האָט געלויבט מיין פיינעם געשמאַק; מען האָט מיך פערזיכערט, אַז דער דאָזיגער מענועט וועט צווינגען, מען זאָל ריידען וועגען מיר. איך דאַרף נישט בעשרייבען דעם פיין, וואָס איך האָב איבערגעלעבט און עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז איך האָב עס פערדינט. אויף מאָרגען איז איינער פון די מוזיקאַנטען, לוטאָלד, געקומען צו מיר; ער איז געווען אויף אַזוי פיל גוט, אַז ער האָט מיר נישט בעגריסט מיט'ן ערפאָלג. דאָס טיפע בעוואוסטזיין פון מיין נאַרישקייט, די שעמעריי, חרטה, די פערצווייפעלטע לאַגע, די אונפעהיגקייט צו שווייגען אין מינוטען פון שווערע ליידען — דאָס אַלץ צוזאַמען

האָט מיר געצוואונגען צו עפענען פאַר אים מיין האַרץ.

איך האָב געגעבען פרייהייט מיינע טרערען, אָבער אָנשטאָט צו פערשטעהן, אַז איך בין אַנ׳עם-הארץ, האָב איך אים געעפענט אַלע מיינע סודות, און געבעטען אים, ער זאָל קיינעם נישט דער-צעלען. ער האָט מיר צוגעזאָגט און געהיט זיין הבטחה, ווי מען האָט זיך בעדאַרפט פריער ריכטען דערויף. אין דעמזעלבען אָוונד האָבען אַלע אין לאָזאַן געוואוסט, ווער איך בין, און צו בע-וואונדערן, קיינער האָט מיר עס נישט אַרויסגעוויזען, זאָגאַר דער גוטער פעראָטע, וואָס האָט מיר נישט אויפגעהערט צו געבען עסען און וואוינונג.

איך האָב געלעבט, אָבער אויף זעהר אַ צרה׳דיגען אופן. צוליב די פאָלגען פונ׳ם אָנהויב, האָט מיר לאָזאַן נישט אויסגע-וויזען פאַר זעהר אַנ׳אָנגענעם אָרט צו וואוינען. קיין שילער זענען נישט געלאָפען צו מיר; איך האָב קיין איין שילערין נישט געהאַט; קיינער פון די שטאָדטאַיינוואוינער האָט זיך נישט גע-ווענדט צו מיר. איך האָב געלערנט מיט אַ צוויי-דריי דייטשען, וואָס זענען געווען אויף אַזוי פיל טעמפ, אויף וויפיל איך בין געווען אַנ׳עם-הארץ; זיי פלעגען אָנוואַרפען אויף מיר אַ געדיכטען אומעט און זענען אין מיינע הענט נישט געוואָרען קיין גוטע מוזיקאַנטען. מען האָט מיך בלויז אַיינגעלאַדען אין אַ הויז, וואו אַ שלאַנג אַ מיידעל האָט געׄחוזק׳ט איבער מיר: זי האָט מיר גע-געבען אַ סך נאָטען, פון וועלכע איך האָב נישט געקאָנט משיג-זיין קיין איין שורה; נאָכדעם איז זי געווען אַזוי נישט גוט, אַז זי האָט דעם לערער געזונגען עטליכע אַריעס, צו בעווייזען, ווי אַזוי זיי ווערען אויסגעפירט. איך בין אַזוי ווייניג פעהיג געווען צו לייענען פון פאַפיר, אַז בשעת מיין בעשריבענעם גלענ-צענדען קאָנצערט האָב איך אויף קיין איין מינוט נישט געקאָנט נאָכ-היטען דאָס שפילען פון די מוזיקאַנטען, נישט געקאָנט זעהן, צי זיי שפילען דאָס, וואָס עס ליגט מיר פאַר די אויגען.

ביי די אַלע בזיונות האָב איך געפונען זעהר אַ צאַרטע טרייסט אין די בריף, וואָס איך פלעג פון צייט-צו-צייט בעקומען פון די צוויי חנ׳עוודיגע פריינדינס. אין פרויען האָב איך שטענדיג

געפונען אַ וואונדערבאַרע טרייסט. קיין זאַך האָט אַזוי נישט אויס-געווייכט מיין פערצווייפלונג אין אַנ׳אומגליק, ווי דאָס בעוואוסט-זיין, אַז אַ ליבע פרוי פיהלט מיך מיט. דאָך האָט זיך די דאָזי-גע קאָרעספּאָנדענץ אינגיכ̃ען איבערגעריסען און שוין מער קיינ-מאָל נישט אָנגעהויבען צוריק. שולדיג בין איך נאָר געווען; אַז איך האָב געטוישט מיין וואוינאָרט, האָב איך נישט געגעבען מיין נייעם אַדרעס די פריילייןס האַליי און דע-גראַפענריד און, זענענדיג געצוואונגען שטענדיג צו טראַכ̃טען וועגען זיך, זענען זיי מיר אינגיכ̃ען גאָר אַרויס פון זכרון.

איך האָב שוין לאַנג נישט גערעדט פון מיין אָרימער מאַ-מעלען, אָבער אויב דער לעזער מיינט, אַז איך האָב זי פערגע-סען, האָט ער אַ שטאַרקען טעות. איך האָב נישט אויפגעהערט צו טראַכ̃טען פון איר, און צוליב מאַטעריעלער נויט האָב איך זי געוואָלט געפינען אַ סך וועניגער, איידער צוליב דער פאָדערונג פון מיין האַרצען צו זעהן זי. ווי הייס און צאַרט איך בין נישט געווען צוגעבונדען צו איר, דאָך האָט עס מיר נישט געשטערט צו ליבען אַנדערע, אָבער אויף אַנ׳אַנדער אופן. שטענדיג האָט פרויענרייץ דערוועקט אין מיר די ערשטע בעוועגונגען פון גע-פיהל. אין אַנדערע פאַלען וואָלט די ליבע נישט געקאָנט אי-בערלעבען קיין פערלאָרענע שענקייט, און דאָ, אַז די מאַמעלע וואָלט אַלט און מאוס געוואָרען, וואָלט איך דאָך זי נישט אויפ-געהערט שטאַרק ליב צו האָבען. מיין האַרץ וואָלט איבערגע-טראָגען אויף איר פערזענליכקייט, אויף איר גאַנץ וועזען דאָס געפיהל, וואָס האָט צום ערשטען מאָל אויפגעפלאַקערט, אַז איך האָב דערזעהן איר רייצענדיגע אויסערליכקייט; און מיין געפיהל צו איר האָט נישט געקאָנט פערשוואונדען ווערען, נישט אָבגע-שוואַכ̃ט ווערען, כל-זמן זי איז געווען ז י. איך האָב געוואוסט, אַז איך האָב בעדאַרפט שפירען צו איר אַ דאַנקבאַרקייט, אָבער איך האָב קיינמאָל נישט געטראַכ̃ט וועגען דעם. וואָס זי וואָלט נישט געטאָן פאַר מיר, און אין וואָס זי וואָלט מיר נישט אָב-געזאָגט, וואָלט עס מיר געווען אַלצאיינס. איך האָב זי ליב גע-האָט נישט פון אַ פליכטגעפיל, און נישט פון אייגענגוץ און נישט

פון אָנשטענדיגקייט; איך האָב זי ליב געהאַט, ווייל איך בין געוועזען געבוירען זי ליב צו האָבען. איך בין מיך מודה, אַז בשעת איך פלעג מיך איינליבען אין אַ צווייטער, פלעג איך שוין נישט אַזוי אָפט טראַכטען פון דער מאַמעלען, אָבער שטענדיג האָב איך מיט דעמזעלבען פערגעניגען, און קיינמאָל—אַ פערליבטער אָדער נישט—האָב איך מיך נישט דערמאָנט אָן איר, וואו איך זאָל דערביי נישט פיהלען, אַז אָהן איר קאָן איך קיין עכט גליק נישט האָבען.

אַז איך האָב לאַנג פון איר קיין ידיעה נישט געהאַט, האָב איך נישט געטראַכט, אַז איך האָב זי לחלוטין פערלאָרען אָדער זי האָט מיך פערגעססען. איך האָב זיך געזאָגט: „פריער אָדער שפעטער וועט זי זיך דערוויסען, אַז איך האָב קיין הייס נישט, קיין אָבדאַך נישט, און זי וועט מיר אָנשרייבען, איך וועל זי זיכער געפינען". וואַרטענדיג דערויף, איז מיר געוועזען אָנגענעם צו וואוינען אין איר היימאַט, געהן איבער די גאַסען, איבער וועלכע זי איז געגאַנגען, קוקען אויף די הייזער, אין וועלכע זי האָט געוואוינט; דאָס אַלץ איז געוועזען בלויז לויט מיין השערה, מחמת צוליב מיין מגושמ׳דיגען כאַראַקטער האָב איך מיך נישט דערוועגט ביי עמיצען צו פרעגען וועגען איר, אַרויסצורײדען איר נאָמען אָהן אַ שטאַרקער נויטווענדיגקייט. מיר פלעגט זיך דאַכטען, אַז ווען איך וועל אַרויסריידען איר נאָמען, וועל איך אָפען מאַכען דאָס גאַנצע געפיהל, וואָס זי האָט מיר גורם-געווען, אַז מיינע ליפען וועלען ענטדעקען דעם סוד פון מיין האַרצען, אַז איך וועל זי עטוואָס קאָמפראָמעטירען.

מיר דאַכט זיך אויך, אַז צו דעם אַלעם איז צוגעמישט געוואָרען דער שרעק צו הערען וועגען איר עטוואָס נישט קיין גוטעס. אַ סך איז גערעדט געוואָרען וועגען איר שמד׳ען זיך און אַ ביסעל וועגען איר אויפפירונג, מורא-האָבענדיג, אַז מען וועט מיר וועגען איר זאָגען עטוואָס אונאָנגענעמעס פאַר מיר, האָב איך בעסער געוואָלט שווייגען.

אַזוי ווי מיינע תלמידים האָבען ביי מיר אָבגענומען צו-פיל צייט און אַזוי ווי איר נעבורטסשטאָדט האָט זיך געפונען

נישט ווייט פון לאָזאַן, האָב איך מיר אַוועקגעשפּאַצירט אַהין, וואָס האָט געדויערט אַ צוויי אָדער דריי טעג, און בשעת מעשה האָב איך געשפּירט די סאַמע צאַרטעסטע האַרצבעוועגונגען. די זשע-נעווער אָזערע מיט אירע וואונדערשענע ברעגען האָבען שטענדיג געהאַט פאַר מיר אַנ׳אונדערקלערליכען רייץ, וואָס איז געלעגען נישט בלויז אין דעם שענעם בילד, נאָר אין נאָך עפּיס אַנ-דערש, וואָס ה׳זט מיך מער בעוועגט און גערירט.

אַז איך האָב מיך דערנענטערט צו דעם קאַנטאָן וואָ, האָב איך געהאַט אַ מאָדנע צוזאַמענגעזעצט געפיהל, וואוהין עס איז אַריין די ערינערונג וועגען פרוי דער-וואַרען, וואָס איז אין דעם קאַנטאָן געבוירען געוואָרען, וועגען דעם פאָטער, וואָס האָט געוואוינט דערביי, וועגען פרייליין וויולסאָן, דעם אָביעקט פון מיינע ערשטע צאַרטגעפיהלען און, צולעצט, וועגען אַ סך פרעה-ליכע נסיעות אין מיין קינדהייט און, מיר דאַכט זיך, וועגען נאָך עפּיס אַזוינס, וואָס איז שטאַרקער און איינגעהילטער פון דעם אַלעם. בשעת די הייסע שטרעבונג צו אַ גליקליך און שטיל לע-בען, פאַר וועלכען איך בין געבוירען געוואָרען און וואָס אַנט-לויפט פון מיר תמיד, צינדט-אָן אין מיר דעם דמיון,—טראָגט מיך שטענדיג איבער דער טרוים אינ׳ם קאַנטאָן וואָ, אויפ׳ן ברעג פון דער זשענעווער אָזערע, אין איינס פון זיינע חנ׳עוו-דיגע דערפער. מיר איז דורכאויס נויטיג אַ גאָרטען אויפ׳ן ברעג פון אָט דער און נישט קיין אַנדער אָזערע. איך בעדאַרף האָ-בען: אַ זיכערן פריינד, אַ ליבע פרוי, אַ קוה און אַ שיפעל. כל-זמן איך וועל מיר נישט בעקומען דאָס אַלץ, וועל איך נישט קאָנען זיין פאָלקאָם גליקליך; איך לאַך אַליין פון מיין נאַריש-קייט, וואָס האָט מיך עטליכע מאָל געצוואונגען צו לאָזען זיך קיין וואָ מיט׳ן ציל צו געפינען דאָס דאָזיגע פאַנטאַסטישע גליק. איך האָב מיך שטענדיג געוואונדערט, וואָס איך פלעג אָנ-בעגעגענען ביי דער וואונדערליכער אָזערע מאַנספּערשוינען און בעזונדערס פרויען אינגאַנצען נישט אַזוינע, ווי איך האָב געמיינט זיי צו זעהן. וואָס פאַר אַ מין קאָנטראַסט דאָס האָט מיר אויס-געוויזען. די וואונדערשענע ערטער מיט זייערע איינוואוינער

האָבען אויף מיר שטענדיג געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זיי וואָל-
טען נישט געווען בעשאַפען איינע פאַר די אַנדערע.

בשעת מיין שפּאַציר אין וועווע, בשעת איך בין געגאַנ-
גען איבער דעם הערליכען ברעג, האָב איך מיך אָבגעגעבען דער
ויסטער מעלאַנכאָליע; מיין האַרץ האָט הייס געשטרעבט צו אונ-
שולדיגען פערגעניגען; עפּיס אַ זיסע שטילקייט איז מיך בעפאַ-
לען; איך האָב געזיפצט און געוויינט, ווי אַ קינד. וויפיל מאָל
האָב איך מיך אָבגעשטעלט, איך זאָל מיך קאָנען פריי אויסוויי-
נען און דערביי געקוקט, ווי די טרערען פאַלען אין וואַסער
אַריין.

אין וועווע, האָב איך מיך אָבגעשטעלט אין אַ גאַסטהויז
און אָבגעוואוינט דאָרטען צוויי טעג. איך האָב קיינעם נישט גע-
זעהן, דערפאַר אָבער האָב איך אַזוי שטאַרק ליב בעקומען די
דאָזיגע שטאָדט, אַז דאָס געפיהל צו איר בעגלייט מיך שטענדיג
אין אַלע מיינע נסיעות. דאָס געפיהל האָט מיך אויך געצוואונגען
צו בעזעצען אין דער דאָזיגער שטאָדט די העלדען פון מיין ראָמאַן.
מענשען, וואָס האָבען געשמאַק און עמפינדליכקייט, וואָלט איך
גערן געזאָגט: „געהט קיין וועווע, זעהט אירע אַרומיגע לאַנד-
שאַפטען, שיפט זיך איבער דער אָזערע און זאָגט, צי האָט די
נאַטור נישט בעשאַפען די דאָזיגע וואונדערשענע ערטער פאַר
אַזוינע מענשען, ווי יוליע, קלאַרע און סען-פרע *) דאַך זאָלט
איר זיי נישט זוכען דאָרטען".

איך קאָן אַקוראַט נישט זאָגען, וויפיל צייט איך האָב פער-
בראַכט אין לאָזאַן. פון דער דאָזיגער שטאָדט האָב איך נישט
אַרויסגעטראָגען קיין איבעריגס העלע זכרונות; איך געדענק נאָר,
אַז נישט געפינענדיג געוווג מיטלען צום לעבען, בין איך אַוועק
קיין נייִשאַטעל און דאָרט אָבגעווען דעם ווינטער. אין נייִשאַטעל
בין איך געווען גליקליכער. דאָרט האָב איך געפונען שילער און
פערדינט געווג געלד, איך זאָל מיך קאָנען פונאַנדערצאָלען מיט

*) די העלדען פון רוסאָס ראָמאַן.

מיין ליבען פריינד פּעראַטע, וואָס האָט מיר אָבגעשיקט אַלע מיינע זאַכען, הגם איך בין אים אַ סך שולדיג געווען.

איך האָב געגעבען לעקציעס איבער מוזיק און אונבעמערקטערהייט דערביי זיך אַליין געלערנט. רוהיג האָט געפלאָסען מיין לעבען; אַ בערעכענטען מענשען וואָלט עס געקאָנט צופרידענשטעלען, אָבער מיין האַרץ, וואָס האָט זיך נישט געוואָלט איינרוהיגען, האָט נאָך אַ סך פערלאַנגט. אַלע זונטאָג און אין די פרייע טעג פלעג איך שפּאַצירען איבער די פעלדער און וועלדער, אונטער'ן שטאָדט, געבלאָנזשעט אָהן אַ ציל, טרוימענדיג און דיפּצענדיג; בין איך נאָר אַרויס פון שטאָדט, פלעג איך מיך שוין צוריקקערען אין אָווענד. איינמאָל בין איך פערגאַנגען קיין בודרי און אַריין אין אַ שענקעל עסען. האָב איך דאָרט בעמערקט אַ לאַנגבערדיגען מאַן אין ליליען-מלבושים פון גריכישען שניט, אין אַ פעלענעם היטעל, מיט אַנ'איידעלען געזיכט און מיט שענע מאַנירען. מען האָט אים קוים פערשטאַנען: ער האָט גערעדט אויף עפּיס אַ מאָדנעם אונבעקאַנטען דיאַלעקט, וואָס איז מער ענליך געווען צו דער איטאַליענישער שפּראַך, איידער צו אַנ'אַנדער לשון. איך האָב כמעט אַלץ פערשטאַנען, וואָס ער האָט גערעדט; מיט'ן בעל-הבית פון שענקעל און די געבירטיגע פון קאַנטאָן ווי אָ האָט ער זיך פערשטענדיגט דורך צייכענס. איך האָב אים געזאָגט עטליכע ווערטער אויף איטאַליעניש; ער האָט מיך אויסגעצייכענט פערשטאַנען, האָט זיך באַלד אויפגעהויבען פון אָרט, צוגעגאַנגען צו מיר און מיך הייס אַרומגענומען. מיר האָבען זיך שנעל בעקאָנט און באַלד בעפריינדעט, און איך בין געוואָרען זיין איבערזעצער. געגעסען האָט ער אַ גרויסאַרטיגען מיטאָג, איך — וועניגער פון אַ געוועגליכען. ער האָט מיר פּאָרגעלעגט — איך זאָל מיך צו-זעצען צו זיין טיש. איך האָב זיך נישט געלאָזט בעטען. מיר האָבען געטרונקען, געשמועסט און געוואָרען אַלץ נענטער און נענטער צווישען זיך. ביים סוף פון מיטאָג זענען מיר שוין געווען הייסע פריינד. מיין נייער בעקאַנטער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אַנ'אָנגעזעהענער גריכישער גייסטליכער, אַנ'אַרכימאַנדריט פון ירושלים, אַז ער איז בעפאָלמעכטיגט

אויפצוזאַמלען אין איירָאָפּאַ נדבות — אויפצושטעלען קריסטוס'עס קבר. ער האָט מיר געוויזען בעשטעטיגונגען פון זיין קייזער און פון אַ סך אַנדערע קיסרים. געוועזן איז ער זעהר צופרידען פון דער סומע, וואָס איז אים שוין געלונגען אויפצוזאַמלען; אין דייטשלאַנד זענען אים אָבער פאָרגעשטאַנען אַ סך מניעות, ווייל ער האָט קיין איין וואָרט נישט געוואוסט נישט אויף דייטש, נישט אויף לאַטיין, נישט אויף פראַנצויזיש; גערעדט האָט ער נאָר גריכיש, טערקיש און פראַנקיש, און דאָס האָט אים נישט געקאָנט פערלייכטערן אין די לענדער, וואוהין ער האָט זיך דערשלאָגען.

דער גריכישער גייסטליכער האָט מיר פאָרגעלעגט געהן מיט אים צוזאַמען, ווערען זיין סעקרעטאַר און איבערזעצער. נישט-געקוקט אויף מיין נישט לאַנג-געקויפטען ליליענסורטוק, וואָס האָט נישט סותר-געוועזן מיין נייער שטעלונג, האָב איך דאָך גאַנץ צרה'דיג אויסגעזעהן, און דער גריך האָט משער-געווען, אַז מיך דאַרף זיין נישט זעהר שווער איבערצוריידען. ער האָט זיך נישט טועה-געווען. מיר זענען גיך מושוה געוואָרען; איך האָב גאָרנישט געפאָדערט; ער האָט פערשפּראָכען זעהר אַ סך. אָהן שום ערבות, נישט-קאָנענדיג אים, האָב איך מיך אָנגעטרויט אים און אויף מאָרגען אַוועקגעלאָזט זיך אין וועג צו ירושלים.

וואַנדערן האָבען מיר אָנגעהויבען פון קאַנטאָן פרייבורג, וואו מיין גייסטליכער האָט קיין גרויסע סומעס נישט געמאַכט. דער עפּיסקאָפּענטיטול האָט אים נישט דערלויבט צו בעטען נדבות און זיך ווענדען צו פּריוואַטע לייט. דערנאָך האָבען מיר זיך אַוועקגעלאָזט קיין בערן. מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט אין אַ גאַסטהויז, וואָס האָט זיך צו יענער צייט גערעכענט פון די בעסערע און וואו עס האָט זיך געפונען אַ פרעהליכע און אַ פיינע געזעלשאַפט. ביים טיש זענען געזעסען אַ סך מענשען; געגעסען האָבען מיר אויסגעצייכענט. פריער האָב איך אַ לאַנגע צייט זעהר שלעכט געגעסען. איצט איז צייט געווען אָבצונעמען דאָס, וואָס מיר האָט פריער געפעלט, און איך האָב מיך טאַקי בענוצט מיט דיזער געלעגענהייט. דער אַרכימאַנדריט אַליין האָט ליב געהאַט

אַליבע געזעלשאַפט, האָט זיך נישט געפוילט צו זיצען לענגער ביים טיש און איז בטבע געווען אַ פרעהליכער מענש. פאַר די, וואָס האָבען אים פערשטאַנען, האָט ער דערצו שען גערעדט, ווארום ער איז געווען גענוג געבילדעט און האָט צומאָל געקאָנט קאָקעטירען מיט זיין גריכישער בעלעזענקייט. איינמאָל, בשעת ער האָט געעפענט ניס צום דעסערט, האָט ער זיך שטאַרק איינגעשניטען דעם פינגער; עס איז געגאַנגען בלוט; ער האָט בעוויזען דעם עולם דעם שניט און, לאַכענדיג, געזאָגט: „פרעהט זיך, מיינע הערען! דאָס איז בלוט פון די פעלאַסגען *).

אין בערן בין איך אים צוניץ געקומען, און איך האָב גאָרנישט אַזוי שלעכט אויסגעפילט מיינע אויפגאַבען, ווי איך האָב מיך פריער געשראָקען. איך האָב גערעדט דרייסטער און בעסער, ווי איך וואָלט עס בעדאַרפט טאָן פאַר מיר. נאָר די זאַך האָט זיך אַזוי גלאַט נישט געענדיגט, ווי אין פרייבורג. דער אַרכימאַנדריט האָט בעדאַרפט אריינגעהן אין לאַנגע שמועסען און אונטערהאַנדלונגען מיט די בערנער סענאַטאָרען און זיינע פאַפירען זענען בעקוקט געוואָרען אין אַ משך פון עטליכע טעג צייט. צולעצט, אַז עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז אַלץ איז אין אָרדנונג, האָט מען דעם אַרכימאַנדריט געגעבען אַן׳אוידיענץ אין סענאַט. אַלס איבערזעצער, בין איך אַריין צוזאַמען מיט אים; מען האָט מיר געהייסען ריידען. דערויף האָב איך מיך גאָרנישט געריכט. מיר איז גאָרנישט געקומען אויפ׳ן זינען, אַז נאָך לאַנגע בעראַטונגען מיט די מיטגלידער פון סענאַט, וועל איך פון דאָסניי בעדאַרפען איבער׳חזר׳ן אַלץ פון אָנהויב פאַר׳ן גאַנצען סענאַט, פונקט ווי זיינע מיטגלידער וואָלטען פון גאָרנישט געוואוסט. זאָל זיך דער לעזער פאָרשטעלען מיין לאַגע: אַ מענש, וואָס קאָן לייכט פערשעמט ווערען, בעדאַרף ריידען נישט נור עפענטליך, נאָר אויך פאַר אַ בערנער סענאַט און דערביי אָהן דער קלענסטער

---

*) פעלאַסגען—די אוראַלטע איינוואוינער פון גריכענלאַנד, וואָס זענען אַרויסגעשטויסען געוואָרען פון דאָרטען דורך די עלינער.

הכנה. עס איז געווען פאַרוואָס צו שעמען זיך! דאָך האָב איך מיר אַ האָר נישט געשעמט. קלאָר און פּרטימ'ווייז האָב איך ארויסגעזאָגט דעם אַרכימאַדריטס בקשה, געלויבט די לייטזעליג-קייט פון די קיסרים, וואָס האָבען מיט זייערע נדבות פערגרעסערט זיין סומע, און ווע̄לענדיג דערוועקען ביי די עקסעלענצען מיט-געפיהל צו דער זאַך, האָב איך מוסף-געווען, אַז איך דערלויב מיר צו וואַרטען אויך פון זיי אַזאַ מין טאַט; דערנאָך, אַז איך האָב דערוויזען, אַז די דאָזיגע צדקה-זאַך איז הייליג פאַר אַלע קריסטען, אָהן אונטערשיד פון גלויבען, האָב איך געענדיגט דערמיט, וואָס איך האָב צוגעזאָגט גאָט'ס ברכה די אַלע לייט וואָס וועלען זיך וועלען בעטייליגען דערין. איך וועל נישט זאָגען, אַז מיין רעדע האָט געמאַכט אַ גרויסען רושם. אָבער זי איז געפעלען געוואָרען. צום סוף פון דער אוידיענץ האָט דער אַרכימאַנדריט בעקומען אַ גוטע סומע געלד, אויסערדעם, האָט מען אים געמאַכט אַ סך קאָמפּלימענטען, וואָס האָבען זיך בעצוי-צו זיין סעקרעטאַרס שכל. מיר איז געווען אָנגענעם איבערצו-געבען אים די דאָזיגע לויבערייען, דאָך האָב איך מיך נישט בעשלאָסען איבערצוגעבען זיי אים בוכשטעבליך. דאָס איז דער איינציגער פאַל, וואָס איך האָב גערעדט עפענטליך און פאַר דער העכסטער מאַכט און, מעגליך, אויך דער איינצעלנער פאַל, ווען איך האָב גערעדט דרייסט און גוט.

וואָס פאַר אַנ'אונטערשיד עס איז צו בעמערקען אין דעם געמיט פון גייסט און שכל ביי איין-און-דעמזעלבען מענשען! מיט אַ דריי יאָר צוריק, בעת איך בין געפאָרען קיין איווערדאָן, צו מיין אַלטען פריינד ראָגען, איז צו מיר געקומען אַ דעפּוטאַציע, וואָס האָט מיך געוואָלט אָבדאַנקען פאַר די ביכער, וועלכע איך האָב געשענקט דער איווערדאָנער שטאָדטביבליאָטעק. די שווייצער האָבען ליב רעדעס. איך האָב געהאַלטען, אַז איך בעדאַרף ענט-פערן דער דעפּוטאַציע, אָבער איך האָב לחלוטין נישט געוואוסט, וואָס מען זאָגט, און האָב מיך פערפלאָנטערט. אין מיין קאָפּ איז פאָרגעקומען אַזאַ מישמאַש. אַז איך בין אַנטשוויגען געוואָ-רען און דערמיט אַ־ויסגערופען חוזק אויף מיין אַדרעס. הגם

פון נאַטור בין איך אַ שעמעוודיגער, דאָך בין איך אין דער יו-
גענד טײלמאָל דרייסט געווען; אין די דערוואַקסענע יאָרען —
קיינמאָל נישט. וואָס מער איך האָב דערקאָנט די וועלט, אַלץ
וועניגער האָב איך געקאָנט איבערנעמען איר טאָן.

פון בערן האָבען מיר זיך געלאָזט קיין סאַלאָטורן. דער
אַרכימאַנדריט האָט גערעכענט בעזוכען דייטשלאַנד און אומקערן
זיך אַהיים דורך אונגאַרען און פוילען. דאָס איז געווען אַ גרויסע
נסיעה; אָבער אַזוי ווי אין וועג איז זיין בייטעלע מער פול,
איידער לעדיג געוואָרען, האָט ער זיך גאָרנישט געשראָקען
אָבצוגעבען אין אַ זייט. וואָס אָנבעלאַנגט מיך, האָב איך אויך
אַזוי ליב צו מאַכען אַ נסיעה רייטענדיג, ווי צופוס, און וואָלט
דאָס גאַנצע לעבען וועלען וואַנדערן אויף אַזאַ אופן. דאָך איז
מיר נישט בעשערט געווען צו זיין אַזוי ווייט.

געקומען קיין סאָלאָטורן, זענען מיר קודם-כל אַוועק צום
פראַנצויזישען באָטשאַפטער; צום אומגליק פון מיין אַרכימאַנדריט,
איז פראַנצויזישער באָטשאַפטער געווען דער מאַרקיז דע-באָנאַק,
וואָס האָט אַמאָל פערנומען דעם פּאָסטען פון אַ פראַנצויזישען
פאָרשטעהער אין טערקיי; ער האָט, אַודאי, אויסגעצייכענט גוט
געוואוסט דאָס אַלץ, וואָס איז געווען שייך צו קריסטוס׳עס קבר.
דעם אַרכימאַנדריט איז געגעבען געוואָרען אַ פּירטעל-שעה׳דיגע
אוידיענץ. איך בין נישט געווען ביי זייער געשפּרעך, מחמת דער
מאַרקיז האָט פערשטאַנען פראַנקיש און גערעדט אויף איטאַליעניש,
לפּחות, אַזוי גוט, ווי איך. בשעת מיין גריך איז אַרויס פון
דע-באָנאַק, האָב איך געוואָלט אַוועקגעהן צוזאַמען מיט אים,
אָבער מען האָט מיך אָבגעשטעלט. איצט האָט עס געהאַלטען
ביי מיר. איך האָב מיך אויסגעגעבען פאַר אַ פּאַריזער און
דעריבער בין איך געווען אונטערגעוואָרפען זיין עקסעלענץ. האָט
מיך דער הויכער באָטשאַפטער געפרעגט, ווער איך בין און גע-
הייסען זאָגען נאָר דעם אמת. איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז איך
וועל מיך מודה-זיין אין אַלץ, אויב ער וועט מיר געבען אַנ-
אוידיענץ אויג-אויף-אויג. דער באָטשאַפטער האָט מיך אָבגעפירט
אין זיין קאַבינעט. אַליין מיט אים אין צימער, האָב איך מיך

געוואָרפען פאַר אים אויף די קני און געהאַלטען וואָרט. איך וואָלט אים געזאָגט דעם גאַנצען אמת, אפילו ווען איך וואָלט אים נישט געגעבען קיין הבטחה דערצו, מחמת דאָס בעדערפעניש אויסצורײדען זיך צווינגט מײנע ליפּען, זײ זאָלען העלפען דאָס האַרץ אַראָבצוואַרפען פון זיך די לאַסט, וואָס דריקט אויף אים. אַז איך האָב געקאָנט זײן אָפּענהערציג מיט לוטאָלד'ן, דעם מוזיקאַנט, האָב איך מיך שוין נישט געשעמט צו עפענען מײנע סודות אויף פאַר'ן מאַרקיז דע-באָנאַק. דער פראַנצויזישער באָט-שאַפטער איז געווען אַזוי צופריעדען מיט מײן דערצעלונג און מיט מײן ווילען זאָגען דעם אמת, אַז ער האָט מיך גענומען פאַר'ן האַנט, צוגע-פירט צו זײן פרוי, פאָרגעשטעלט מיך און אין קורצע ווערטער איבער-געגעבען איר מײן געשיכטע. פרוי דע-באָנאַק האָט זיך וואַרים בע-צויגען צו מיר און געזאָגט, אַז מען דאַרף מיך נישט אַוועקלאָזען מיט'ן גריכישען מאָנאַך. געבליבען מען זאָל מיך איבערלאָזען אין מאַרקיזס הויז, ביז וואַנען ער און זײן ווײב ווילען עפּיס נישט צוטראַכטען, וואָס צו טאָן מיט מיר. איך האָב מיך געוואָלט כאָטש צוזעגענען מיט'ן אָרימען אַרכימאַנדריט, צו ווילכען איך האָב מיך צוגעבונדען, אָבער מען האָט מיך נישט געלאָזען. מען האָט אים געשיקט זאָגען מײן בעשלוס, און אין אַ פּירטעל שעה אַרום האָט מען מיר אָבגעגעבען מײנע זאַכען. אין אַ געוויסען גראַד האָט מען מיך איבערגעגעבען אונטער דער השגחה פונ'ם הער מאַרטיניער, דעם סעקרעטאַר פון באָטשאַפט. ער האָט מיך אָב-געפירט אין אַ צימער, בעשטימט פאַר מיר, און געזאָגט: „פאַר'ן גראַף דע-ליוק האָט אין דעם צימער געוואוינט אַ בערימטער מאַן, וואָס האָט געטראָגען אײער פאַמיליע; אָן אײך איז אָנ-געווענדט צו פערבײטען אים אין אַלע פּרטים און צו לאָזען רײדען אַמאָל וועגען זיך: רוסאָ דער ערשטער, רוסאָ דער צווײטער”. דעמאָלט האָב איך גאָרנישט געהאָפט צו זײן ענליך צו אַ שרײבער, און די דאָזיגע ענליכקײט וואָלט מיר גאָרנישט אימפּאָנירט, ווען איך וואָלט געקאָנט פאָרזעהן, וואָס דאָס וועט מיר קאָסטען.

הער מאַרטיניערס ווערטער האָבען דערוועקט אין מיר

נייגעריגקייט. איך האָב איבערגעלייענט די ווערק פון יענעם מאַן, וואָס זיין צימער האָב איך פערנומען. דערפאַר האָט מען מיך געלויבט, און איך האָב שוין משער-געווען, אַז איך פערשטעה און האָב ליב פּאָעזיע; איך האָב מיך אפילו געפּרובט אָנשרייבען אַ קאַנטאַט לכבוד דעם מאַרקיזס פרוי. נאָר די ליבע האָט נישט לאַנג געלעבט אין מיר. פון צייט-צו-צייט פלעג איך שרייבען שוואַכע לידלעך: דאָס איז אַ גאַנץ גוט מיטעל אויסצולערנען זיך שרייבען שענע פראַזען און בעקומען אַ בעסערן סטיל אין פּראָזע; אָבער אין דער פראַנצויזישער פּאָעזיע האָב איך קיינמאָל נישט געפונען גענוג רייץ, אַז איך זאָל מיך איר אָבגעבען אינגאַנצען.

הער מאַרטיניער האָט געוואָלט אויספּרובען מיין סטיל און געבעטען, איך זאָל אים שריפטליך איבערגעבען דאָס אַלץ, וואָס איך האָב דערצעלט דעם באָטשאַפטער. האָב איך אים אָנגעשריבען אַ לאַנגען בריף, וואָס ליגט בעהאַלטען, ווי מען האָט מיר געזאָגט, ביים הער דע-מאַריאַן, דע-באָנאַקס צווייטער סעקרעטאַר, נאָך מאַרטיניער׳ן. איך האָב געבעטען דעם הער מאַלזערב, ער זאָל מיר בעקומען דעם דאָזיגען בריף, אויב ער אָדער עמיץ אַנ־אַנדערער וועט מיר אים צושיקען, וועט אים דער לעזער געפינען אין דער זאַמלונג, וואָס וועט צוגעגעבען ווערען צו מיין ודוי.

ביסלעכווייז האָב איך בעקומען פּראַקטיק, וואָס האָט קילער געמאַכט מיינע ראָמאַנטישע פּלאַנען. אַזוי, למשל, האָב איך מיך נישט נור ניט אַיינגעליבט אין פרוי דע-באָנאַק, נאָר איך האָב זאָגאַר געפיהלט, אַז אין דעם הויז פון איר מאַן וועל איך נישט מאַכען קיין קאַריערע. הער מאַרטיניער איז געווען סעקרעטאַר פון באָטשאַפט און הער מאַריאַן איז געווען, אַזוי צו זאָגען, זיין טראָגפּאָלגער; מיך האָט מען געקאָנט אין בעסטען פאַל מאַכען פאַר אַ געהילף פון סעקרעטאַר, און דאָס האָט מיך נישט זעהר שטאַרק געצויגען. און דעריבער, אַז מען האָט מיך געפרעגט, וואָס וויל איך טאָן, האָב איך געזאָגט, אַז איך וואָלט זעהר גע־וואָלט פאָרען קיין פּאַריז. דעם באָטשאַפטער איז עס געפעלען געוואָרען; וועט ער דאָך נישט בעדאַרפען מער זאָרגען וועגען מיר, הער דע-מערוועליע, דער איבערזעצער ביי דער באָטשאַפט,

האָט געזאָגט, אַז זיין פריינד, הער גאָדאַר, אַ שווייצער פּאָל-קאָווניק אין דער פראַנצויזישער דינסט, האָט געזוכט אַזאַ איינעם פּאַר זיין יונגען פּלימעניק, וואָס בעדאַרף אַריינטרעטען אין דער מיליטערדינסט. מערוועליע האָט איינגעפונען, אַז איך וואָלט מיך פּאַסען דערצו. שטיצענדיג זיך אויף דער דאָזיגער גאַנץ אונ-בעשטימטער השערה, האָבען מיינע אפּוטרופּסים בעשלאָסען אַוועק-צושיקען מיך קיין פּאַריז. די נסיעה האָט מיר שטאַרק אימפּאָנירט— זי האָט זיך בעדאַרפט ענדיגען מיט פּאַריז. סיי די נסיעה און סיי פּאַריז—ביידע האָבען מיך געפרעהט. מען האָט מיר געגעבען עטליכע רעקאָמענדירענדיגע בריף, הונדערט פראַנק אויפ'ן וועג און אַ סך זעהר וואוילע עצות. איך האָב מיך אַוועקגעלאָזט אין וועג אַריין.

אויף דער נסיעה קיין פּאַריז האָב איך פערברויכט צוויי וואָכען, וועלכע איך האַלט פאַר די גליקליכסטע אין מיין לעבען. איך בין געוועזען יונג און געזונד; איך האָב געהאַט גענוג געלד, זעהר אַ סך האָפנונגען. איך בין געגאַנגען צופוס און אַליין. די לעזער וואָלטען זיך אַודאי וואונדערן, וואָס איך נעם-אַריין דעם לעצטען אומשטאַנד אין דער רשימה פון אָנגענעמע בעדינגונגען, ווען זיי וואָלטען זיך שוין נישט געהאַט בעקאַנט מיט מיין כאַ-ראַקטער. מיינע גאָלדענע טרוימען זענען געגאַנגען מיט מיר; מיין הייסער דמיון האָט קיינמאָל נישט געגעבען מער רייכערע חלומות, ווי דאָסמאָל אין וועג.

בשעת מען האָט מיר פאָרגעלעגט אַ פריי אָרט אין אַן עקי-פּאַזש אָדער ווען עמיץ איז צוגעגאַנגען צו מיר, האָב איך מיך געבייזערט, מחמת די דערווידערטע מענשען האָבען אומגעוואָרפען דעם בנין פון גליק, וואָס איך האָב געבויט אויפ'ן וועג קיין פּאַריז. דאָסמאָל האָב איך געהאַט קריגערישע טרוימען. איך האָב בעדאַרפט אָנקומען צו אַ מיליטערמאַן און אַליין אויך ווערען אַזאַ. מיינע אפּוטרופּסים האָבען בעשלאָסען, איך זאָל ווערען אַ קאַדעט, און איך האָב זיך שוין געזעהן אין אָפיצירען-קליידער מיט שענע ווייטע פעדערן אויפ'ן קאָפּ. דער דאָזיגער [illegible] האָט מיר פול גע[illegible]ט דאָס האַרץ. איך האָב געהאַט אַ געוויסע [illegible] אין געאָ-

מעטריע און פּאָרט־פיקאַציע. מײַן פעטער האָט געדינט אַלס אינזשענער בײַ פאָרטען און איך בין, אַזוי צו זאָגען, געװוען געבוירען פאַר דער מיליטערקונסט. פאַר אַ מיליטערישער קאַריערע האָט געקאָנט זײַן אַ שטיקעל מניעה מײַן קורצזיכטיגקייט, אָבער דאָס האָט מיך נישט מצער־געװוען. מיט מוט און קאַלטבלוטיגקייט האָב איך גערעכענט צו פערגיטיגען דעם דאָזיגען פעלער. איך האָב געלייענט, אַז דער מאַרשאַל שאַמבערג איז געװוען זעהר קורצזיכטיג. פאַרװאָס זאָל אויך נישט זײַן קורצזיכטיג דער מאַרשאַל רוסאָ? די דאָזיגע װילדע טרוימען האָבען מיך אַזוי שטאַרק צוהיצט, אַז איך האָב בלויז געזעהן מיליטער, פעסטונגען, גאַביאָנען, באַטאַרייען; און צװישען רויך און פלאַמען האָב איך געזעהן זיך, װי איך גיב אָב רוהיג מײַן בעפעל, מיט אַ לאָרנעט אין האַנט. נאָר אַז איך בין פאַרבײַגעגאַנגען פאַרבײַ די ליבע דערפער, טײַכען און װעלדער, האָב איך, דער מאַן פון גרויסען רום, נישט־װילענדיג געזיפצט. איך האָב געפיהלט, אַז מײַן האַרץ איז נישט בעשאַפען פאַר די דאָזיגע מהומות. אינגיכען, אַליין נישט־װיסענדיג װי אַזוי, האָב איך מיך איבערגעטראָגען צו מײַנע ליבע פערמעס און אָבגעזאָגט זיך אויף שטענדיג צו דינען מאַרס׳ן.

אַך, װי מיך האָט ענטוישט דער ערשטער קוק אויף פּאַריז. דער אויסערליכער פוץ פון טורין, די שענקייט פון די גאַסען, די סימעטריע פון די בנינים האָבען מיך געלאָזט װאַרטען פון פּאַריז עטװאָס גרויסעס. איך האָב געהאָפט צו זעהן אַ שטאָדט נישט בלויז אַ גרויסע, נאָר אויך אַ פערפוצטע, אַ רײַכע. איך האָב געמיינט, אַז אַלע גאַסען װעלען זײַן גרויסאַרטיג בעצירט מיט מאַרמאָרנע פּאַלאַצען און גינגאָלד. אַרײַן בין איך אין פּאַריז דורך דער פאָרשטאָדט סען־מאַרס, און דאָ זענען מיר געקומען אויף די אויגען קליינינקע שמוציגע גאַסען, קליינינקע מאוס׳ע הײַזלעך; אומעטום האָב איך געזעהן שמוץ פון אָרימקייט, אָרימע־לײַט, פורמאַנעס, הענדלערקעס מיט משקאות און מיט אַלטע היט. דאָס אַלץ האָט מיך תחילת אַזוי שטאַרק איבעררעאַשט, אַז די רײַכקייט, װאָס איך האָב דערנאָך געזעהן אין פּאַריז, האָט נישט געקאָנט אָבװישען אין מיר דעם ערשטען אונאָנגענעמען אײַנדרוק

און אין מיר איז שוין פערבליבען אַ בעהאַלטענער עקעל צום לעבען אין דער דאָזיגער רעזידענצשטאָדט. מען קאָן זאָגען, אַז די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב געוואוינט אין פּאַריז, האָב איך פערברויכט דערויף, ווי אַזוי צו קאָנען וואוינען ווייט פון דער דאָזיגער שטאָדט. אָט דאָס איז דער רעזולטאַט פון אַ צו-לעבעדיגער פאַנטאַזיע, וואָס איז אַלץ שטאַרקער מגזם, איידער מענשען זענען געוועגליך מגזם, און זעהט מער פון דעם, וואָס זיי ריידען. מען האָט מיר אַזוי שטאַרק פערלויבט פּאַריז, אַז איך האָב מיר פאָרגעשטעלט די דאָזיגע שטאָדט, ווי אַ מין פּאַר-צייטיגען בבל, אין וועלכען איך וואָלט מיך מסתמא אויך בע-דאַרפט ענטוישען, ווען איך וואָלט אים געזעהן! דאָסזעלבע איז אויך געשעהן מיט דער אָפּער, וואוהין איך בין טאַקי באַלד צו-מאָרגענס אַוועקגעגאַנגען; דאָסזעלבע איז אויך דערנאָך געשעהן מיט ווערסאַל און נאָך שפּעטער—ביים זעהן דעם ים. דאָסזעלבע שפּיר איך שטענדיג, ווען מען רעדט מיר פריער צופיל וועגען דער אָדער יענער זאַך, ווייל מענשען און זאָגאַר דער נאַטור איז שווער איבערצושטייגען די רייכקייט פון מיין דמיון.

לויט דעם, ווי עס האָבען מיך אויפגענומען די אַלע, צו וועלכע איך האָב געהאַט בריף, האָב איך מיך משער-געווען, אַז מיין קאַריערע איז געזיכערט. אַממערסטען האָבען מיך אַלע רע-קאָמענדירט דעם הער דע-סיובערק, וואָס איז אַרויס אין דעמיסיע און פילאָזאָפיש געלעבט אין באַניע. אויפגענומען האָט ער מיך גראָד נישט אַזוי וואַרים, ווי אַלע אַנדערע. עטליכע מאָל בין איך געווען ביי אים אין באַניע און ער האָט מיך קיין איין מאָל נישט מכבד געווען כאָטש מיט אַ גלאָז וואַסער. פרוי דע-מערוועליע און איר פלימעניק, אַ גוואַרדיעאָפיציר, האָבען מיך שוין אויפגענומען בעסער. זיי האָבען זיך נישט נור פריינדליך בעצויגען צו מיר, נאָר אויך בעמערקט, איך זאָל קומען צו זיי אויף מיטאָג, ווען מיר וועט זיך פערוועלען. פאַר דער צייט, וואָס איך בין געווען אין פּאַריז, פלעג איך מיך שפּעטער בע-נוצען מיט דער דאָזיגער איינלאַדונג. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז פרוי דע-מערוועליע איז געווען אַמאָל שען; אירע שענע

שוואַרצע האָר זענען איר געלעגען ביי די שלייפען אין בויגע־
לעך, לויט דער אַלטער מאָדע. אין איר איז נאָך גאַנץ געבלי־
בען דאָס, וואָס ווערט נישט געפּטר׳ט דורך יאָרען צוזאַמען מיט
דער שענקייט—אַנ׳אָנגענעמער שכל. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז
זי האָט מיך אויך נישט אייגעפונען פאַר נאַריש. זי האָט גע־
טאָן אַלץ, וואָס האָט זיך געווענדט אָן איר, צו העלפען מיר,
אָבער קיינער האָט זי נישט אונטערגעהאַלטען; אינגיכען האָב
איך מיך מיאש־געווען אין דער האַרציגער בעציהונג פון די פּאַ־
ריזער, צו וועלכע איך האָב מיך געווענדט. מען בעדאַרף, אי־
בעריגענס, זאָגען, אַז די פּאַריזער שיטען זיך גאָרנישט אַזוי מיט
פוסטע הבטחות, וועלכע זיי זענען דערנאָך נישט מקיים, ווי עס
ווערט געוועהנליך דערצעלט וועגען זיי. פערקערט, בשעת זיי
פערשפּרעכען, זענען זיי כמעט שטענדיג אויפריכטיג, אָבער זיי־
ער מאַניר אינ׳ם פערקער מיט מענשען נאַרט־אָב ערגער פון
ווערטער. די גראָבע קאָמפּלימענטען פון אַ שווייצער קאָנען נאָר
אַ שוטה אַריינפירען אין אַ טעות. די בעציהונג פון פראַנצויז איז
פשוטער און דעריבער אימפּאָנירענדיגער. מען קאָן מיינען, אַז
ער האָט בכונה צו טאָן מער, איידער ער פערשפּרעכט, און וויל
איבערראַשען אייך מיט דער אָנגענעמער פלעצליכקייט. איך זאָג
מער: די פראַנצויזען לייגען נישט ביים אויסדריקען זייערע גע־
פיהלען; זיי האָבען ליב אַ טובה צו טאָן, זענען הומאַניש, וואויל
און צייכענען זיך אפילו אויס, וואָס מען זאָל דאָרט נישט זאָ־
גען, מיט מער אויפריכטיגקייט, איידער מענשען פון אַנ׳אַנדער
נאַציאָנאַליטעט; זיי זענען לייכטזיניג און נישט בעשטענדיג; זיי
שפּירען ווירקליך דאָס געפיהל, וואָס זיי ווייזען אייך אַרויס;
אָבער דאָס דאָזיגע געפיהל ווערט אויך אַזוי שנעל אָבגעקילט,
ווי עס ווערט אויפגעפלאַקערט. בשעת זיי ריידען מיט אייך,
זענען זיי פול מיט׳ן געדאַנק וועגען אייך, פונדעסטוועגען פער־
געסען זיי אייך. קיין זאַך האָט קיין יסוד נישט ביי זיי אין
האַרצען. אַלע געפיהלען זייערע זענען אַ מינוטזאַך.

אַ סך האָבען מיך, אַלזאָ, געלויבט, אָבער איך האָב פון
דעם קיין שום נוצען נישט געהאַט. דער פּאָלקאָווניק גאָדאַר,

וואָס צו זיין פלימעניק האָט מען מיך עס געשיקט, איז געוועזן אַ מאוס׳ער אַלטער קמצן; מען קאָן אפילו נישט זאָגען, אַז ער זאָל זיין רייך, ווי קרח, אָבער ביי מיין פערצוויפעלטער לאַגע האָט ער מיר דאָך נישט בעצאָלט פאַר מיין אַרבייט. ער האָט געוואָלט, איך זאָל ווערען אַנ׳אומזיסטער לאָקיי ביי זיין פלי-מעניק, און נישט אַ גובערנער, ווי עס האָט זיך געפאָדערט, און איך זאָל מיך כסדר געפינען נעבען דעם יונגענמאַן. גאָדאַר האָט קוים מיט צרות בעוויליגט צו געבען מיר אַ פּאָרם; ער האָט גע-וואָלט, איך זאָל טראָגען קאַזאָנע קליידער. דאָס האָט אויפגע-רעגט די פרוי דע-מערוועליע, און זי האָט מיר געראַטען נישט צוצונעמען זיי. דער זוהן האָט געהאַלטען מיט דער מוטער.

מען האָט אָנגעהויבען זוכען פאַר מיר עפּיס אַנ׳אַנדער בעשעפטיגונג, אָבער עס האָט זיך אַלץ נישט געמאַכט. דערווייל איז מיין לאַגע געוואָרען אַלץ ערגער און ערגער. מען האָט זיך בעדאַרפט צו-איילען: די הונדערט פראַנק, וואָס זענען מיר גע-געבען געוואָרען אויף׳ן וועג, האָבען מיך נישט געקאָנט לאַנג אונ-טערהאַלטען. צום גליק, האָט דער באָטשאַפטער צוגעשיקט מיר נאָך אַ קליינע סומע, וואָס איז מיר שטאַרק צונוץ געקומען. איך מיין, אַז ווען איך וואָלט געווען געדולדיגער, וואָלט ער מיך נישט איבערגעלאָזט אין דער וועלט אַריין, אָבער איך קאָן נישט זיין געדולדיג, ליידען, וואַרטען און בעטען. איך האָב נישט פערגעסען מיין אָרימע מאַמעלע, אָבער ווי געפינט מען זי? וואו זוכט מען זי? פרוי דע-מערוועליע, וואָס האָט געוואוסט מיין פערגאַנגענהייט, האָט מיר געהאָלפען אויסצוגעפינען פרוי דע-וואַרען. אַ לאַנגע צייט האָט אונזער זוכעניש צו קיין רע-זולטאַט נישט געבראַכט. צולעצט, האָט מיר פרוי דע-מערוועליע געזאָגט, אַז פרוי דע-וואַרען איז מיט אַ פּאָר מאָנאַטען צוריק אַוועקגעפאָרען פון פאַריז, אָבער וואוהין—קיין סאַוואָי אָדער קיין טורין—ווייס זי נישט. מאַנכע האָבען געזאָגט, אַז זי איז איך דער שווייץ. דאָ איז געוועזן גענוג, אַז איך זאָל מיך אַוועקלאָ-זען נאָך איר, אַ זיכערער, אַז וואו זי זאָל נישט זיין, וועל איך זי אין דער פראָווינץ אָבזוכען גיכער, איידער אין פאַריז.

איידער איך האָב מיך געשיידט מיט פּאַריז, האָב איך אויסגעפּרובט מיין נייעם פּאָעטישען טאַלענט: איך האָב אָנגעשריבען, ווי איך האָב געקאָנט, אַ שיר פאַר'ן פּאָלקאָווניק גאָדאַר, וואו ער האָט בעקומען גאָר אַ נישקשה'דיגע פּאָרציע. מיין טינט-שמירעכץ האָב איך בעוויזען פרוי דע-מערוועליע, נאָר אָנשטאָט אויסצוזידלען מיך, ווי עס האָט זיך געפּאָדערט, האָט זי אַ סך געלאַכט פון מיינע סאַרקאַזמען; געלאַכט האָט אויך איר זוהן, וואָס האָט, דאַכט זיך, נישט ליב געהאַט גאָדאַר'ן; אָבער דער פּאָלקאָווניק, דאַרף מען זאָגען, איז געווען נישט ליב און נישט העפליך. איך האָב בעשלאָסען אַריינצושיקען אים דעם שיר; מוטער און זוהן האָבען מיך אונטערגעהאַלטען. האָב איך אַריינגעלעגט מיין שאַפּעכטס אין אַ קאָנווערט, אָנגעשריבען דעם אַדרעס; צו דער צייט איז אָבער אין פּאַריז נישט געווען קיין שטאָדט-פּאָסט, האָב איך בעהאַלטען דעם היבשען פּאַקעט אין קעשענע און אָבגעשיקט אים פון אָקרעז. נאָך איצט לאַכט זיך מיר, טראַכ-טענדיג, ווי אַזוי ער האָט זיך עס בעדאַרפט קנייטשען ביים ליי-ענען דעם פּאַנעגיריק, וואו עס איז געווען אַ פּאָרטרעט, ענליך צום אָריגינאַל; דער שיר האָט זיך אָנגעהויבען אַזוי:

אַלטער שוטה, מיינסטו דען פון משוגעת
וויל איך דערציהען דיין פלימעניק?

אָט דאָס קליינע ווערק, זעהר אַ שלעכט, אָבער נישט אָהן שאַרפזין, איז דאָס איינציגע סאַטירישע ווערק, וואָס איז אַרויס פון אונטער מיין פעדער. מיין האַרץ איז צו נישט-פעהיג פיינט צו האָבען, און דעריבער קאָן איך מיך נישט בענוצען מיט דער דאָזיגער בעגאַבונג. דאָך מיין איך, אַז מען קאָן זעהן פון די פּאָלעמישע אַרטיקלען, וואָס איך האָב פון צייט-צו-צייט געשרי-בען מיט דער כּוונה צו פערטיידיגען זיך, אַז ווען איך וואָלט ליב געהאַט קריג, וואָלט מען לאָכען נישט פון מיר, נאָר פון יענע, וואָס פאַלען אויף מיר אָן.

בשעת איך טראַכט וועגען די פערגעסענע פּרטים פון מיין לעבען, בעדויער איך בעזונדערס שטאַרק, וואָס איך האָב בשעת מיינע נסיעות נישט געפירט קיין טאָגבוך. נאָך קיינמאָל האָב איך

אַזוי פיל נישט איבערגעטראַכט אַזוי פיל, נישט איבערגעלעבט, נאָך קיינמאָל בין איך, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקען, נישט געװען אַזוי װייט מיט זיך גופא, ווי בשעת מיינע נסיעות צופוס און אַליין. די בעװעגונג בעלעבט און מונטערט אויף מיין מח; אויף איין אָרט קאָן איך כמעט נישט טראַכטען; כדי מיין מח זאָל זיך בעװעגען, בעדאַרף איך האָבען בעװעגונג פאַר מיין קערפּער. פרייע פעלדער, שענע פערשידענפאַרביגע ערטער, פרישע לופט, שטאַרקער אַפּעטיט, געזונד, וואָס איך בעקום בשעת׳ן געהן, פרייע שענקלעך, ווייט פון דעם, וואָס דערמאָנט מיר אָן יאָך, אָן מיין לאַגע — דאָס אַלץ גיט פרייהייט מיין נשמה, גיט מיר דרייסטע מחשבות; איך װער, אַזוי צו זאָגען, אַרומגערינגעלט דורך אַ געװאַלטיגער מחנה פון לעבעדיגע װעזענס; איך קאָמבּינירט זיי, קלויב זיי און בעהערש זיי אָהן שעמעריי און מורא; איך װער אַ בעל-הבית איבער דער גאַנצער נאַטור; מיין האַרץ געהט פון איין זאַך צו אַ צווייטער, פעראייניגט און בעהעפט זיך מיט יענע פון זיי, וואָס זענען אים בעזונדערס געפעלען. מיין האַרץ װערט אַרומגערינגעלט מיט שענע געשטאַלטען, גיסט זיך אָן מיט זיסע שפּירונגען; און בשעת איך וויל זיי מער בעפעסטיגען און נעם זיי מאָלען אין געדאַנק — וואָס פאַר אַ כח האָט דאָס פּינזעל! וואָס פאַר אַ פרישקייט האָבען די פאַרבען! וואָס פאַר אַנ׳ענערגיע פון אויסדריק װערט זיי צוגעגעבען! מען זאָגט, אַז די לעזער געפינען עס אַלץ אין מיינע װערק, הגם איך האָב זיי געשריבען אין די עלטערע יאָרען. אַך, װען עמיץ װאָלט געקאָנט זעהן די װערק פון מיין יוגענד, וואָס זענען אַרויסגערופען געװאָרען צום לעבען בשעת מיינע נסיעות, די װערק, וואָס זענען געשאַפען געװאָרען דורך מיר, אָבער קיינמאָל נישט אָנגעשריבען געװאָרען! פאַרוואָס, װעט איר פרעגען, האָב איך זיי נישט אָנגעשריבען? אָבער צו וואָס, ענטפער איך אייך, האָב איך זיי בעדאַרפט אייך שרייבען, צו וואָס האָב איך געזאָלט פערלירען דאָס זיסע פערגעניגען, כדי איך זאָל קאָנען מענשען זאָגען, אַז איך האָב געהאַט פערגעניגען?

וואָס זענען מיר אָנגעגאַנגען די לעזער, דאָס פּובליקום, די גאַנצע וועלט, בשעת איך בין אומגעשוואומען אין הימלען? און האָב איך דען געטראָגען מיט זיך פּאַפּיר און פעדער? ווען אַפילו וואָלט עס געהאַט אין זינען, וואָלט קיין איין געדאַנק נישט געקומען צו מיר. איך האָב נישט פאַרגעזעהן, אַז צו מיר וועלען קומען אידעען. זיי ווייזען זיך צו מיר. ווען זיי ווילט זיך, און נישט ווען איך וויל. אָדער זיי זענען גאָר נישטאָ, אָדער זיי בעפאַלען מיין מח, ווי אַ גרויסע מחנה, און דריקען מיך מיט זייער צאָל און קראַפט. שרייבען צען בענד אַ טאָג איז אין יענער צייט ווייניג געווען. וואו וואָלט איך געפונען צייט פאַר אַזאַ אַרבייט? האָב איך מיך ערגעץ צוגעשטעלט, האָב איך בלויז געזאָרגט וועגען אַ גוטען מיטאָג; אין וועג זיך געלאָזט—איז וועגען וועג. איך האָב געפיהלט, אַז ערגיץ הינטער טירען וואַרט אויף מיר אַ נייער גן-עדן, און איך האָב געאיילט וואָס גיכער אַריינצוגעהן אין אים.

קיינמאָל האָב איך עס נישט געפיהלט בעסער, ווי בשעת מיין צוריקקער, ווענען וועלכען איך רייד איצט. אויפ'ן וועג קיין פּאַריז האָב איך מיך בלויז בעגרענצט מיט יענע געדאַנקען, וואָס האָבען געהאַט אַ שייכות צו דעם, וואָס איך וועל טאָן אין דער רעזידענצשטאָדט. איך האָב איבערגעלעבט די קאַריערע, וואָס איך האָב ערשט בעדאַרפט אָנהויבען, און אויף דעם געביט געהאַט אַ סך רום. אָבער די דאָזיגע קאַריערע האָט זיך נישט געפּאַסט פאַר די בעדערפנישען פון מיין האַרצען; אויך די ווירקליכע ווענזענס האָבען געשטערט די ווענזענס פון מיין פאַנטאַזיע. דער פּאָלקאָווניוו גאָדאַר און זיין פּלימעניק האָבען נישט האַרמאָנירט מיט אַזאַ העלד, ווי איך. גאָט צו דאַנקען, אומקערנדיג זיך צוריק, האָב איך אָוועקגעוואָרפען די אַלע וועגען און געקאָנט, פּיל איך האָב געוואָלט, געהן אין טרוימענלאַנד, ווייל נאָר אָט דאָס לאַנד האָב איך געזוכט. און איך האָב געבלאָנזשעט איבער אים אַזוי, אַז איך האָב מיך באמת עטליכע מאָל אַראָבבעשלאָגען פון וועג. איבעריגענס, וואָלט מיר זעהר נישט אָנגענעם געווען צו געהן דירעקטער צום ציל; איך האָב געפיהלט,

אַז ווען איך וועל אַריינפאַלען אין ליאָן, וועל איך מיך אַראָבּ־לאָזען אויף דער ערד. און מיר האָט זיך קיינמאָל נישט געוואָלט אַדורכגעהן די דאָזיגע שטאָדט!

איינמאָל האָב איך מיך אומישנע אָבגעקערט פון וועג, צו בעקוקען אַ לאַנדשאַפט, וואָס האָט מיר אויסגעוויזען זעהר שען; זי איז מיר אַזוי געפעלען געוואָרען און איך האָב מיך אַזוי פיל מאָל אָבגעקערט פון איין וועג אויפ׳ן צווייטען, אַז איך האָב מיך איינגעאַנצען פערבלאָנזשעט. עטליכע שעה צייט האָב איך זיך גע־דרעהט אָהן אַ זין. צולעצט, מיד און טויט פון הונגער און דורשט, בין איך אַריין צו אַ פויער. זיין הייזעל איז נישט געווען שען און רייך, אָבער קיין אַנדער וואוינונג האָב איך אַרום נישט בע־מערקט. איך האָב געמיינט, אַז אויך אין פראַנקרייך זענען אַלע פערמעגליכע פויערים גאַסטפריינדליך, ווי נעבען זשענעווע אָדער אין דער שווייץ. איך האָב געבעטען דעם בעל־הבית פון שטוב, ער זאָל מיר געבען אַ מיטאָג פאַר געלד. ער האָט מיר פאָרגע־לעגט מילך און גראָב ברויט. מער, זאָגט ער, האָט ער גאָרנישט. מיט גרויס אַפּעטיט האָב איך געטרונקען מילך און געגעסען ברויט מיט שטרוי, אָבער דאָס איז געווען ווייניג פאַר אַ מענשען, וואָס איז אויסגעגאַנגען פון הונגער. דער פויער האָט מיך גוט בע־טראַכט און, לויט מיין אַפּעטיט, בעשלאָסען, אַז איך האָב אים נישט געליוגט, בשעת איך האָב אים דערצעלט מיין געשיכטע. זאָגענדיג, אַז ער זעהט *) זעהר גוט, אַז איך בין אַנ׳אָרענטלי־כער יונגערמאַן, אַז איך בין נישט געקומען אים אומגליקליך מאַ־כען, האָט ער געעפענט אַ קלייניטשקען ליוק נעבען דער קיך, אַראָבגעלאָזט זיך אין אַ קעלער און אין עטליכע מינוט געקומען מיט גרויסאַרטיגען ברויט פון ריינער ווייצענער מעל, מיט אָנ־געהויבענעם אפילו, אָבער אויסגעצייכענטען וויין, וואָס אַז איך האָב אים דערזעהן, איז מיר אָנגעפילט געוואָרען דאָס האַרץ מיט

*) ווערשיינליך, האָט מיין פנים דעמאָלט נישט געהאַט יענעם אויסדרוק, וואָס איז דערנאָך אים צוגעגעבען געוואָרען אויף די פּאָרטרעטען.

שמחת, דערצו האָב איך נאָך געקראָגען אַ פיינקוכען פון אייער; איך האָב געהאַט אַזאַ מיטאָג, ווי עס האָט נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געמיטאָגט אַ ווענמענש, וואָס געהט צופוס. אַז עס איז גע־קומען די צייט פונאַנדערצוצאָלען זיך, איז דער פויער פון דאָס־ניי אונרוהיג געוואָרען. קיין געלד האָט ער נישט גענומען, מיט גרויס שרעק זיך אָבגעזאָגט פון דעם. קאָמישער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט פער־שטעהן, פאַרוואָס ער האָט זיך געשראָקען, צולעצט, האָט ער מיט ציטערניש אין קול אַרויסגעזאָגט שרעקליכע ווערטער: דער בעאַמטער און דער וויינאויפקוקער זענען אין די קעלערס. דער פויער האָט דערקלערט, אַז ער האָט בעהאַלטען ברויט און וויין, ווייל ער האָט מורא פאַר אָבצאָלונגען און שטייערן, און אַז ער איז אומגליקליך, אויב מען וועט זיך דערוויסען, אַז ער שטאַרבט נישט פון הונגער. וועגען די אַלע זאַכען, וואָס ער האָט מיר דערצעלט, האָב איך קיין שום אַנונג נישט געהאַט און זיינע מעשיות האָבען אויף מיר געמאַכט אַנ׳אונפערגעסליכען איינדרוק. די אַלע מעשיות—דאָס זענען אַ קערנדיל פון נישט-אויסגעלאָשע־נער שנאה צו די דריקונגען, וואָס פאַלען אויפ׳ן אומגליקליכען פאָלק, און צו די דריקער. ענטוויקעלט האָט זיך דאָס דאָזיגע געפיהל שוין שפּעטער. דער נישט-אָרימער פויער האָט נישט גע־טאָרט עסען זיין ברויט אָפען, פאַר אַלעמען, זיין ברויט, וואָס ער האָט פערדינט מיט שוייס, און אויב ער האָט נישט גע־וואָלט אומגליקליך ווערען, האָט ער בעדאַרפט מאַכען אַנ׳אָנשטעל פון אַנ׳אביון, ווי די אַלע אַרומיגע קבצנים. איך בין אַרויס פון זיין שטוב מיט אַ געפיהל פון האַס און רחמנות און מ׳ר האָט שטאַרק באַנג געטאָן דער גורל פ׳ן דעם דאָזיגען שענעם לאַנד, וואָס די נאַטור האָט עס בעשענקט מיט אירע אוצרות, כדי עס זאָל אַריינפאַלען צו בלוטדורשטיגע פּייניגער.

בלויז אָט דעם פאַל געדענק איך דייטליך פון מיין גאַנ־צער נסיעה. נאָך געדענק איך, אַז ווען איך האָב מיך דערנענ־טערט צו ליאָן, האָט זיך מיר געוואָלט אַ קוק טאָן אויף די ברע־גען פון דער לינאָנער אָזערע, מחמת פון די אַלע ראָמאַנען, וואָס

איך האָב געלייענט מיט׳ן פּאָטער, איז נישט געווען פערגעסען אַסטרייע, און טיילמאָל פלעגט זי אויפלעבען אין מיין זכּרון. איך האָב געפרעגט ביי אַ בעל-הבית׳טע פון אַ גאָרקיך, ווי אַזוי געהט מען קיין פּאָרע. זי האָט גענטפערט, מיר האָבען זיך פונאַנדער-געשמועסט און, דרך אגב, האָט זי מיר געזאָגט, אַז דאָ איז פּאַ-ראַן אַ סך אַרבייט פאַר אַרבייטער: אַ סך קוזיניעס געפינען זיך דאָ אַרום און נעבען ליאָן ווערען אויסגעאַרבייט אַ סך זאַכען פון אייזען. דער דאָזיגער שמועס האָט אָבגעקילט מיין ראָמאַנטישע נייגיריגקייט, און איך האָב שוין נישט געוואָלט זוכען קיין דיאַ-נעס און סילוואַנדרעס צווישען שמידען. די גוטע פרוי, וואָס האָט מיר אויף אַזאַ שטייגער געוואָלט צוגעבען מוט, האָט, אודאי, געמיינט, אַז איך בין אַ שמיד.

גאָר אָהן אַ צוועק בין איך דאָך נישט געגאַנגען קיין ליאָן. אַז איך בין געקומען אין דער דאָזיגער שטאָדט, בין איך אַוועק צו דעם פריילין דיו-שאַטלע, אַ פריינדין פון פרוי דע-וואַרען. די מאַמעלע האָט מיר געגעבען צו דעם דאָזיגען מיידעל אַ בריף נאָך דעמאָלט, בשעת איך האָב בעגלייט לע-מעטר׳ן. אויף אַזאַ אופן בין איך שוין געווען בעקאַנט מיט פריילין דיו-שאַטלע. זי האָט מיר געזאָגט, אַז איר פריינדין איז ווירקליך פאַרבייגע-פאָרען ליאָן, נאָר זי ווייס נישט, צי איז פרוי דע-וואַרען גע-פאָרען קיין פּיעמאָנט, צי קיין סאַוואָי; אויב איך וויל, וועט זי איר אָנשרייבען אַ בריף און בעטען, יענע זאָל ענטפערן; עס וואָלט געווען זעהר גלייך, איך זאָל וואַרטען אין ליאָן אויף פרוי דע-וואַרענס ענטפער. איך האָב אָנגענומען די דאָזיגע עצה, אָבער איך האָב נישט געהאַט קיין מוט צו זאָגען, אַז מיין מאָגער ביי-טעלע דערלויבט מיר נישט לאַנג צו וואַרטען. איך האָב קיין מוט נישט געהאַט דאָס צו זאָגען נישט דערפאַר, ווייל פריילין דיו-שאַטלע האָט מיך שלעכט אויפגענומען, פערקערט, זי האָט מיך זעהר וואַרים אויפגענומען, ווי אירס אַ גלייכען; און טאַקי בלויז דעם האָב איך נישט געקאָנט איר זאָגען פון מיין לאַגע און אַראָבלאָזען זיך פון דער ראָל פון אַ וועלטליכען מאַן ביז אַ ראָל פון אַ שלים-מזל — אַ קבצן.

אין מיר איז פערבליבען אַ שלעכטע מיינונג וועגען די איינוואוינער פון ליאָן, און איך האָב שטענדיג געהאַלטען די דאָזיגע שטאָדט פאַר דער סאַמע פערדאָרבענסטער פון אייראָפּעאישע שטעדט. און אויך די עריגערונג וועגען דעם, אַז איך האָב מיך אַזוי געגויטיגט דאָרט, גיט נישט צו קיין איבעריגען רייץ דער דאָזיגער שטאָדט. ווען איך וואָלט געווען ענליך צו אַנדערע מענשען, ווען איך וואָלט געקאָנט לייען, באָרגען אין די גאָרקיכען, וואָלט איך מיך זעהר לייכט געקאָנט אַרויסדרעהען פון נויט; אָבער איך האָב עס נישט געקאָנט און האָב עס זעהר פיינט געהאַט. צו פערשטעהן, ווי ווייט עס איז דערגאַנגען מיין עקעל צו חובות און מיין אונפעהיגקייט צו באָרגען, איז גענוג צו זאָגען, אַז נישט-געקוקט דערויף, וואָס איך האָב דאָס גאַנצע לעבען פערבראַכט אין געדריקטע אומשטענדען און טיילמאָל האָט מיר זאָגאַר געפעלט ברויט, דאָך האָב איך אויף קיין איין מינוט נישט פערלענגערט דעם קרעדיטאָר דעם חוב, ווען יענער האָט געבעטען, און געווען בעסער גרייט צו ליידען, איידער צו באָרגען.

דער מענש, וואָס איז געצוואונגען צו שלאָפען אויפ׳ן גאַס, נויטיגט זיך אודאי, און מיר איז עטליכע מאָל אויסגעקומען אין ליאָן צו שלאָפען אונטער׳ן פרייען הימעל: איך האָב בעסער געוואָלט אויסגעבען די לעצטע עטליכע סו אויף ברויט, איידער אויף נאַכטלעגער; די סכנה פון הונגער איז אַנ׳ערגערע, איידער די געפאַר פון נישט האָבען וואו צו שלאָפען. צו בעוואונדערן, וואָס אין אָט דער שרעקליכער לאַגע האָב איך נישט געטרויערט און נישט גע׳דאגה׳ט. איך האָב מיך גאָרנישט געזאָרגט וועגען מיין צוקונפט און, שלאָפענדיג אונטער׳ן פרייען הימעל, האָב איך רוהיג געוואַרט אויפ׳ן ענטפער, וואָס פרייליין דיו-שאַטלע האָט בעדאַרפט בעקומען. אויף דער היילער ערד אָדער אויף אַ באַנק האָב איך געשלאָפען אַזוי שטאַרק, פונקט ווי אויף אַ געלעגער פון רויזען. איך געדענק, אַז איך האָב איינמאָל פערבראַכט זעהר אַ זיסע נאַכט אונטער׳ן שטאָדט, ביים וועג, וואָס איז געגאַנגען איבער׳ן ברעג פון דער רענע אָדער דער סענע—איך געדענק

נישט גוט, וועלכע פון די צוויי טייכן. אויף יענער זייט טייך האָבען זיך געזעהן סעדער און טעראַסען. אַ גאַנצען טאָג איז געװען הייס; דערנאָך איז געקומען אַ וואונדערליכער אָוועגד; דער טוי האָט בעלעבט דאָס צוטריקענטע גראָז; קיין ווינט איז נישט געווען; די פרישע, נאָר נישט קאַלטע לופט, האָט זיך נישט בעוועגט; די פערגאַנגענע זון האָט איבערגעלאָזט אויף די וואָלקענס רויטע סימנים, וואָס האָבען זיך אָבגעשפיגעלט אין וואַסער און געמאַכט עס ראָז; אין די בוימער פון די טעראַסען האָבען זיך געטוליעט נאַכטיגאַלען, וואָס האָבען הויך גערופען איינע די צווייטע. אַ פער׳כשופ׳טער האָב איך שפאַצירט. מיין האַרץ, מיינע געפיהלען זענען געווען דורכגענומען מיט׳ן רייץ פון דער נאַטור; מיר האָט נאָר עטוואָס באַנג געטאָן, וואָס איך בין אַליין; איינגעוועבט אין טרוימען, האָב איך לאַנג געבלאָנקעט און נישט געפיהלט קיין מידקייט; איך בין דאָך מיד געוואָרען. מיט פערגעניגען האָב איך מיך געלעגט אויף אַ שטיין, וואָס האָט זיך געפונען נעבען אַ פאַלשער טיר, טיפער אין וואַנט פון אַ טעראַסע. שפיצען בוימער האָבען צוגעדעקט מיין געלעגער. איבער מיר האָט געזונגען אַ נאַכטיגאַל און, הערענדיג אים, בין איך איינגעשלאָפען. זיס איז געווען מיין שלאָף, און נאָך זיסער—מיין דערוואַכונג. עס האָט שוין גאָר געטאָגט, בשעת איך האָב מיך אויפגעכאַפּט. אַז איך האָב געעפענט די אויגען, האָב איך דערזעהן וואַסער, גרינס, גן-עדנ׳דיגע לאַנדשאַפטען. איך בין אויפגעשטאַנען און זיך בעוועגט. מיר האָט זיך געוואָלט עסען. אַ פרעהליכער בין איך אַוועק אין שטאָדט אַריין און בעשלאָסען צו פטר׳ן צוויי ווייסע מטבעות פון די זעקס, וואָס זענען מיר געבליבען. איך האָב געהאַט אַזאַ גוטע שטימונג, אַז איך בין געגאַנגען און געזונגען הויך אויפ׳ן קול. איך געדענק אפילו, אַז איך האָב געזונגען באַסיסטענס אַ קאַנטאַט, וואָס האָט געהייסען „סאָמעריס באָדען זיך”. איך האָב עס אויסוועניג בעוואוסט. באָט אין הימעל, בענש באַסיסטענ׳ען און זיין שענע קאַנטאַט, וואָס האָט מיר געגעבען דעם בעסטען פרישטיג, ווי איך האָב אַליין געוואָלט, און אַ מיטאָג נאָך אַ בעסערן, וואָס איך האָב מיך גאָר-

נישט געריכט דערויף. איך האָב געזונגען און געגאַנגען מיט אַ בעזונדער היץ. פלוצלונג האָב איך דערהערט טריט הינטער זיך. איך האָב מיך אָבגעקערט און דערזעהן אַנ׳אַנטאָניער, וואָס איז געגאַנגען הינטער מיר און האָט, אַפּנים, מיט פערגעניגען גע-הערט מיין געזאַנג. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר, אַ נויג געטאָן זיך און געפרעגט, צי קאָן איך מוזיק; איך האָב געענטפערט: „עטוואָס"—מיט אַזאַ מינע, וואָס האָט געהייסען „אַ סך". האָט ער מיך ווייטער סונאַנדערגעפרעגט; איך האָב אים דערצעלט עטוואָס פון מיין לעבען. דערנאָך האָט מיין נייער בעקאַנטער געוואָלט וויסען, צי האָב איך אַמאָל איבערגעשריבען נאָטען. „עפטער"— האָב איך געענטפערט און נישט געלייגט, מחמת איך האָב גע-קאָנט איבערשרייבען נאָטען.

—זעהר שען,—האָט ער געזאָגט—קומט מיט מיר. איך קאָן אייך געבען אַרבייט אויף עטליכע טעג. פאַר דער דאָזיגער צייט וועט איר אַלץ קריגען, אויב איר וועט נאָר זיין מסכים נישט אַרויסצוגעהן פון צימער.

איך האָב גערן איינגעשטימט און אַוועק מיט אים.

גערופען האָט מען אים ראָלישאָן; ער האָט ליב געהאַט מוזיק, זי געקאָנט און טיילמאָל געזונגען אויף קליינע קאָנצער-טען, וואָס ער פלעגט איינאָרדנען צוזאַמען מיט זיינע פריינד. דערין איז נישט געווען קיין שום פערברעכערישעס אָדער נאַרי-שעס, אָבער די ליידענשאַפט זיינע איז, אַפּנים, טיילמאָל דער-גאַנגען ביז משוגעת, און ער האָט עס בעדאַרפט אויף אַ געווי-סען גראַד פערבאָרגען. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ קליין צימערל, וואו עס זענען געלעגען אַ סך נאָטען, איבערגעשריבען דורך אים. איך בין פערבליבען אין צימער. ער האָט מיר גע-בראַכט אַנדערע נאָטען און געהייסען איבערשרייבען; איבערהויפט אָבער האָט ער זיך אינטערעסירט מיט דער קאַנטאַט, וואָס איך האָב געזונגען: אין עטליכע טעג אַרום האָט ער זי אויך בע-דאַרפט זינגען. אין דעם דאָזיגען צימערל האָב איך אָבגעלעבט צוויי אָדער דריי טעג און פלעג די גאַנצע צייט איבערשרייבען, אויב איך פלעג נישט עסען; וואָרום קיינמאָל אין לעבען האָב

איך נישט געהאַט אַזאַ אַפּעטיט און אין ערגעץ האָט מען מיר נישט געגעבען בעסער צו עסען, ווי ביי ראָלישאָנ׳ען. ער פלעגט מיר אַליין ברענגען עסען פון קיך. נאָך קיינמאָל אין לעבען האָב איך נישט געגעסען מיט אַזאַ אַפּעטיט, און מען דאַרף זאָגען, אַז דאָס איז געקומען צו דער צייט, מחמת, לעצטענס, בין איך אויס־געמאָגערט געוואָרען. געאַרבייט האָב איך אויך אַזוי גערן, ווי גע־געסען, אָבער איך האָב אַ היבש ביסעל געפּושערט אין דער אַר־בייט. אין עטליכע טעג אַרום האָב איך ראָלישאָנ׳ען געטראָפען איך גאַס און ער האָט מיר געזאָגט, אַז מיינע נאָטען טויגען נישט: אַ סך דורכגעלאָזט, אַ סך איבערגעחזר׳ט, טעות׳ן. מען דאַרף מודה זיין, אַז בשעת איך האָב מיך גענומען איבערצו־שרייבען די נאָטען, האָב איך אויסגעקליבען אַנ׳אַרבייט, וואָס איך בין צו איר געווען ווייניגער פעהיג, איידער צו עפּיס אַנ־דערש; מען קאָן נישט זאָגען, אַז איך האָב זיי מאוס אָדער נישט ריין איבערגעשריבען, אָבער די לאַנגוויילינקייט וואָס ווערט אַרויסגערופען דורך אַ לאַנגער אַרבייט, מאַכט מיך אַזוי צוזייט, אַז איך דראַפּע מער איבער׳ן פּאַפּיר, איידער איך שרייב נאָטען; און אויב איך וועל נישט גוט קאָנטראָלירען דעם אָריגי־נאַל מיט דער איבערגעשריבענער פּאַרטיע, וועט זי שטענדיג טויגען אויף כפּרות. האָב איך, אַלזאָ, געוואָלט מאַכען מיין אַר־בייט בשלמות און אַרויסגעקומען איז שלעכט. אָבער דאָס האָט נישט געשטערט ראָלישאָנ׳ען צו זיין מיט מיר גוט און ביים שיידען זיך האָט ער מיר געגעבען געלד, וואָס איך האָב גאָר־נישט פערדינט.

דאָס געלד איז מיר שטאַרק צוניץ געקומען. אין עטליכע טעג אַרום האָב איך בעקומען אַ ידיעה וועגען דער מאַמעלען; זי איז געווען אין שאַמבערי און צוגעשיקט מיר אַ קליינע סומע געלד אויף דער רייזע צו איר. איר בעגער האָב איך אויסגע־פילט מיט דער גרעסטער התלהבות. שפּעטער האָט איך געהאַל־טען שלעכט מיט מיינע פינאַנסען, אָבער גאָר אָהן אַ ביסען ברויט פלעג איך נישט בלייבען. איך זאָג עס מיט אַ האַרץ, וואָס איז פול דאַנקבאַרקייט צו גאָט פאַר זיין זאָרגען וועגען מיר. מער

בין איך שוין קיינמאָל נישט געווען אין אַזאַ נויט און מער נישט איבערגעלעבט דאָס געפיהל פון הונגער.

אין ליאָן האָב איך פערבראַכט נאָך אַ טאָג זיבען אָדער אַכט, וואַרטענדיג, אַז פריילײן דיו-שאַטלע זאָל אויספּירען עפּיס אַנ׳ענין, וואָס די מאַמעלע האָט זי געבעטען; איצט פלעג איך זי בעזוכען עפטערער, ווי פריער. מיר פלעגט זיין אָנגענעם צו ריידען מיט איר וועגען איר פריינדין; דערביי האָב איך אויך נישט בעדאַרפט מער פערבאָרגען פון איר די אמת׳ע לאַגע מיינע, וועגען וועלכער איך האָב ווייַלעוויז געטראַכט. פריילײן דיו-שאַטלע איז געווען נישט יונג, נישט שען, אָבער דאָך זעהר אַ חנ׳עוודיגע; געהאַלטען האָט זי זיך פשוט און ליבליך; איר שכל האָט צוגעגעבען אַ בעזונדער ווערט איר פשוט׳ער האַלטונג. זי האָט ליב געהאַט צו אָבסערווירען, און דאָס העלפט צו דערקאָנען מענשען; עטוואָס פון דער דאָזיגער נייגונג האָב איך גע-נאַשט פון איר. געוויס, אינטערעסאַנטע און קלוגע געשפּרעכען מיט אַ וואוילער פרוי האָט פאַר אַ יונגענמאַן מער בעדייטונג, איידער די פעדאַנטישע פילאָזאָפיע פון ביכער. אין שאַזאָט האָב איך מיך בעקאָנט מיט פּאַנסיאָנערקעס און מיט זייערע חבר׳טעס; געווען צווישען זיי איינע אַ פירצעניעריג מיידעל דע-סער; דע-מאָלט האָב איך זי ווייניג בעמערקט, אָבער אין אַכט-ניין יאָר אַרום האָב איך מיך שטאַרק פערקאָכט אין איר. קיין וואונדער נישט: דאָס איז געווען אַ רייצענדיג ווענזן.

דער געדאַנק וועגען זעהן זיך מיט דער מאַמעלען האָט מיך אַזוי בעשעפטיגט, אַז איך האָב אויפגעהערט צו חלומ׳ען, און דאָס רעאַלע גליק, וואָס האָט געוואַרט אויף מיר, האָט מיך בעפרייט פון דער נויטווענדיגקייט צו זוכען עס אין מיינע חלומות. איך וועל מיך קאָנען נישט בלויז זעהן מיט איר, נאָר, אַ דאַנק איר מיה, וועל איך ווידער קאָנען לעבען אָהן זאָרג. זי האָט געשריבען, אַז זי האָט געפונען פאַר מיר אַ בעשעפטיגונג, וואָס וועט זיין פּאַסיג פאַר מיר און וואָס וועט מיר געבען די מעגליכקייט צו וואוינען נישט ווייט פון איר. איך האָב אַלץ משער-געווען און געוואָלט טרעפען, וואָס האָט עס געקאָנט זיין

פאר אנ׳ארבייט, און דאך נישט געקאנט טרעפען, דערגעהן. די מאמעלע האט מיר געשיקט אזוי פיל געלד, אז איך האב גע־קאנט דורכמאכען רייכער די נסיעה. פריילײן דיו-שאטלע האט מיר גערעטען אנדינגנען אפערד, איך האב עס אבער נישט גע־וואלט און גוט געטאן: איך וואלט נישט געהאט דאס פערגעניגען דורכצומאכען א רייזע צופוס דאס לעצטע מאל אין לעבען.

א מאדנע זאך: מיין דמיון צושפילט זיך בעזונדערס אנגע־נעם נאר דעמאלט, ווען מיר לעבט זיך ערגער, און פערקערט, בשעת דאס לעבען שמייכעלט מיר, נעמט-אן דער דמיון א טרויעריגע ריכטונג. מיין פער׳עקשנ׳טער קאפ וויל זיך נישט אונ־טערגעבען די ארומיגע בעדינגונגען, און ער קאן נישט פערשענען דאס לעבען. שאפען וויל ער. זאכען פון דער ווירקליכקייט מאלען זיך מיר אין קאפ אזוי ווי זיי זענען, אהאר נישט בעסער, גיכער ערגער. מיין דמיון קאן נאר בערייכערן אויסגעקלערטע זא־כען. אויב איך וויל זעהן א בילד פון פרילינג, בעדארף ארום מיר זיין ווינטער; אויב איך וויל בעשרייבען א שענע לאנדשאפט, בעדארף איך זיין איינגעשלאסען אין פיר ווענט; און א הונדערט מאל האב איך שוין איבערגע׳חזר׳ט, אז ווען מען זאל מיך איינ־שליסען אין באסטיליע, וואלט איך דארט ערשט בעשאפען א בילד פון פרייהייט! אוועקגעהענדיג פון ליאן, האב איך פארגעזעהן א גליקליכע צוקונפט; איך בין געווען צופרידען און זיך געמעגט פרעהען; אז איך בין אוועק פון פאריז, האב איך קיין גוטס נישט פארגעזעהן און דאך האב איך איצט נישט געהאט יענע זיסע טרוימען, וואס זענען געגאנגען מיט מיר, בשעת איך האב מיך צוריקגעקערט פון פאריז. ליכטיג איז מיר געווען אויפ׳ן הארצען, און נישט מער. טיף גערירט בין איך געווען, בשעת איך האב מיך דערנענטערט צו מיין שענעם פריינד. איך האב שוין בעשפירט, אבער אהן א געפיהל פון פער׳שכור׳ונג, דעם תענוג צו לעבען נישט ווייט פון איר. מיך האט נאר בעאונרו־היגט דער געדאנק, וואס וועל איך טאן אין שאמבערי, פונקט ווי דאס וואלט געווען זעהר וויכטיג. רוהיגע קלארע מחשבות האבען מיר פול געמאכט דאס הארץ, אבער קיין געוואלטיגע

התפעלות האָב איך נישט געשפּירט. דאָס אַרומיגע האָט פער-כאַפּט מיין אויג, איך האָב געקוקט אויף לאַנדשאַפטען, אויף בוימער, הייזלעך, טייכען, געפּרעגט דעם וועג אויף די שיידוועגען, מורא-געהאַט פאַר בלאָנזשען און נישט אַראָבגעשלאָגען זיך פון וועג.

דערצעל איך וועגען מיינע נסיעות, טו איך אַקוראַט אַזוי, ווי איך האָב זיי דורכגעמאַכט: איך קאָן בשום אופן נישט קומען צו אַ סוף. איך האָב מיך דערנענטערט צו מיין ליבער מאַמעלען, דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט פון שמחה, אָבער דאָך בין איך נישט געגאַנגען שנעלער. איך האָב ליב צו געהן רוהיג, אָבשטעלען זיך דאָרט, וואו מיר פאַלט-אַיין. דאָס וואַנדערלעבען פאַסט זיך בעזונדערס פאַר מיין נאַטור. געהן צופוס אין אַ שענעם וועטער, צווישען שענע ערטער, נישט איילען, און ביים סוף פון וואַנדערן זאָל איך זעהן עטוואָס אָנגענעמעס—דאָס איז דאָס סאַמע ליבסטע פאַר מיר. איבעריגענס, דער לעזער ווייס שוין, וואָסערע ערטער געפעלען מיר. טאָלען, ווי שען זיי זאָלען נישט זיין, ווייזען מיר קיינמאָל נישט אויס שען. איך דאַרף האָבען טייכלעך, פעלזען, טענענבוימער, שוואַרצוואַלד, בערג, משופּע׳דיגע וועגען, איבער וועלכע עס איז זיך שווער אויפצוהויבען און אַראָבצולאָזען, און תהומות, וואָס שרעקען מיך. דאָס אַלץ האָט מיר געגעבען פערגעניגען, בשעת איך האָב מיך דערנענטערט צו שאַמבערי.

נישט ווייט פונ׳ם אַרומגעשניטענעם באַרג, אונטער דעם גרויסען שליאַך, דורכגעגראָבען אין פעלזען, נעבען דעם אָרט, וואָס ווערט אָנגערופען שייל, אויף אַ שרעקליכער טיפקייט, לויפט און שטיפט אַ קליין טייכעלע, וואָס האָט, מסתמא, טויזענדער יאָרען גע׳פּטר׳ט דערויף, דורכצוגראָבען זיך אין פעלזען. דעם שליאַך האָט מען פערצוימט, צו פערהיטען פון אַנ׳אומגליק, און אַ דאַנק דער דאָזיגער פאָרזיכטיגקייט, קאָן איך אַריינקוקען אין דער טיפעניש פון תהום, ביז קאָפּשווינדעל. און טאַקי דעריבער האָב איך ליב טיפקייטען, ווייל פון זיי שווינדעלט מיר דער קאָפּ און דאָס ציהט מיך, אויב עס שטעהט מיר, געוועגליך, נישט פאַר

קיין סכנה אַרייגצופּאַלען. אָנשפּאַרענדיג זיך אָן צוים, פלעג איך אויסציהען דעם קאָפּ און בלייבען אַזוי שטעהן איבער'ן תהום א היבשע צייט. טיילמאָל פלעג איך אונטען זעהן ווייסען שוים און בלוי וואַסער און אַ ברומען פלעגט זיך דערטראָגען צו מיר; מיט דעם דאָזיגען ברומען פלעגט זיך צונויפגיסען דאָס קראַקען פון קראָעס און דער געשריי פון רויבפויגעל, וואָס פלעגען איבערפליהען פון פעלז צו פעלז, פון וועלדעל צו וועלדעל אויף אַ טיפקייט פון הונדערט קלאַפטער אונטער מיינע פיס; אין מאַנכע ערטער איז דער בויג געווען אַזוי גלאַט און צווייגען אַזוי זעלטען, אַז איך פלעג קאָנען דורכלאָזען אַ שטיין אַראָב. איך פלעג ברענגען די סאַמע גרעסטע שטיינער, וואָס איך האָב נאָר געקאָנט אויפהויבען, און פלעג זיי דערנאָך וואַרפען איינעם נאָכ'ן צווייטען אין תהום אריין. איך האָב הנאה געהאַט צו קוקען, ווי זיי קויקלען זיך, שפּרינגען און ווערען צושאָטען אויף טויזענדער שטיקער, נאָך איידער זיי דערגרייכען די טיפעניש פון תהום.

נאָך נענטער צו שאַמבערי האָב איך אויך געטראָפען אויף אַזאַ מין אָרט, אָבער שוין אין אַ פערקערטען אופן. דער וועג איז גע- גאַנגען ביים פוס פון הויכע פעלזען, געבען אַ וואַסערפאַל, וואָס קיין שענערן פון אים האָב איך אין מיין לעבען נישט געזעהן. דער באַרג איז געווען אַזוי משופּע'דיג, אַז דאָס וואַסער איז געפאַלען פון אים מיט אַמאָל און דערווייטערט, אַזוי, אַז צווי- שען דעם וואַסער און די פעלזען האָט מען געקאָנט אַדורכגעהן און זיך גאָרנישט איינגעצען. אַז מען זאָל אָבער זיין נישט פאָרזיכ- טיג, קאָן מען אינגאַנצען דורכגעווייקט ווערען, וואָס איז מיט מיר טאַקי געשעהן. מחמת דעם אונגעהויער הויכען פאַל, ווערט דאָס וואַסער פערוואַנדעלט אין שטויב. אַז מען זאָל צוגעהן גאָר נאָענט צו דעם דאָזיגען וואָלקען, וועט מען תחילת נישט בעמער- קען די פייכטקייט, אָבער אין אַ מינוט אַרום בעמערקסטו, אַז דאָס וואַסער האָט דיר אינגאַנצען דורכגעווייקט די קליידער.

צולעצט, האָב איך זי דערזעהן! זי איז געווען נישט אַליין. אין יענער מינוט, ווען איך בין אַריין אין צימער, איז געזעסען מיט איר דער הויפּטאינטענדאַנט. אָהן שום ווערטער האָט זי

מיך געגומען פאַר'ן האַנט און מיך פאָרגעשטעלט אים מיט יע-נער ליבליכער גראַציע, וואָס האָט אַלעמען געגומען ביז גאָר.

—דאָס איז דער יונגערמאַן, וועגען וועלכען איך האָב אייך געזאָגט. קומט אים צו הילף, ווי לאַנג ער וועט עס ווערט זיין. מיין האַרץ וועט זיין רוהיג פאַר אים: ער וועט זיין גליקליך דאָס גאַנצע לעבען.—די מאַמעלע האָט זיך אָבגעקערט צו מיר און צוגעגעבען:—מיין קינד, איר האָט אַ שטעלע ביים קעניג. איך דאַרפט בעדאַנקען דעם הער אינטענדאַנט—ער וועט אייך געבען צו פערדינען.

איך האָב אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגען און נישט גע-וואוסט, וואָס צו טראַכטען. אַ געפיהל פון אייגענליבע האָט מיר שיער פון דאָסניי נישט פערדרעהט דעם קאָפּ און איך האָב מיך שוין פאָרגעשטעלט פאַר אַ געהילף פונ'ם אינטענדאַנט. אָבער מיר איז פאָרגעשטאַנען אַ מער-גלענצענדע צוקונפט, ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט. אַלענפאַלס, ביז אַ געוויסער צייט האָב איך געהאַט אַ זיכער שטיקעל ברויט, און דאָס איז פאַר מיר געווען גאָר אַ וויכטיגער ענין. אָט וועגען וואָס עס האָט זיך געהאַנדעלט.

דער קעניג וויקטאָר-אַמעדיי, וואָס האָט אָבגעשאַצט דעם גורל פון די פריערדיגע מלחמות און פערשטאַנען דעם מצב פון זיין פאָטערס ירושה, האָט געהאַלטען, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט די ירושה אַנטרונען ווערען פון זיינע הענט און דעריבער האָט ער זי שטאַרק אויסגעניצט. מיט עטליכע יאָר צוריק האָט ער בעשלאָסען צו בעלעגען מיט שטייערן דעם אַדעל און מאַ-כען אַן אַלגעמיינע פאָלקסציילונג; אויף אַזאַ וועג האָט ער גע-וואָלט דורכפירען זיין פּלאַן און בעסער איינטיילען די שטייערן. די דאָזיגע אַרבייט, אָנגעהויבען פאַר'ן פאָטער, איז געווען געענ-דיגט פאַר'ן זוהן. צוויי אָדער דרייהונדערט מענשען, ערדמעסטער, וואָס האָבען געהייסען געאָמעטרען, און שרייבער, וואָס האָבען זיך אָנגערופען סעקרעטאַרען, האָבען זיך בעשעפטיגט מיט דער דאָזיגער אַרבייט. אין דער צאָל פון די לעצטע—פון די סעקרע-טאַרען האָט מיך אויך די מאַמעלע איינגעשריבען. די דאָזיגע שטעלע, וואָס האָט נישט געגעבען קיין גרויסע פערדינסטען, האָט

אָבער געגעבען אַ מעגליכקייט צו לעבען אין שאַמבערי נישט-אָרים. אָבער די פּאָלקסצײלונג האָט זיך, צום אומגליק, נישט גע-קאָנט ציהען אייביג. און טאַקי צוליב דעם האָט די מאַמעלע גע-בעטען ביים אינטענדאַנט אַ בעזונדער פּראָטעקציע פאַר מיר; זי האָט געוואָלט, איך זאָל האָבען אַ מער-זיכערן פּאָסטען, בשעת עס וועט זיך ענדיגען די פּאָלקסצײלונג.

אין עטליכע טעג אַרום נאָכדעם, ווי איך האָב מיך בע-זעצט אין שאַמבערי, האָב איך מיך גענומען צו דער אַרבייט. דאָס איז נישט געווען קיין שווערע אַרבייט און איך האָב מיך באַלד צוגעוועהנט צו איר. נאָכדעם, ווי איך האָב פערלאָזט זשע-נעוו, נאָך פינף יאָר וואַנדערן, משוגעת'ן און ליידען האָב איך אויף אַזאַ אופן דאָס ערשטע מאָל אָנגעהויבען לייטיש פערדינען אַ שטיקעל ברויט.

אָט די אַלע איינצעלנע פּרטים פון מיין פריהיגער יוגענד האָבען, מסתמא, אויסגעוויזען דעם לעזער גאַנץ נישטיג. דאָס טוט מיר באַנג. כאָטש אין מאַנכע הינזיכטען בין איך געבוירען גע-וואָרען, ווי אַ דערוואַקסענער מענש, דאָך בין איך אין אַנדערע געבליבען און בלייב נאָך איצט אויך אַ קינד! איך האָב נישט מבטיח-געווען צו שילדערן אַ גרויסען מענשען; איך האָב נאָר געזאָגט, אַז איך וועל מיך שילדערן אַזוי, ווי איך בין אין דער-אמת'ן. אָבער דערקענען מיך אין די דערוואַקסענע יאָרען קאָן מען נאָר דעמאָלט, ווען מען וועט גוט וויסען מיין יוגענד. רע-אַלע זאַכען מאַכען אויף מיר בכלל אַ קלענערן רושם, ווי די ערינערונג וועגען זיי, און מיינע אידעען זענען אין—געשטאַל-טען. דעריבער זענען די אַלע שטריכען, וואָס האָבען זיך צום ערשטען אָבגעשטעמפּעלט אין מיין מח, טאַקי אַזוי פערבליבען אין אים. די יעניגע, וואָס זענען געבראַכט געוואָרען אין מח דערנאָך, האָבען זיך גיכער צוזאַמענגעגאָסען מיט די ערשטע, איידער זיי אָבגעמעקט פון דאָרט. פאַראַן אַ געוויסער סדר פון ביינגונגען און אידעען, וואָס פערענדערן די, וועלכע קומען פאַר זיי. וויל מען ריידען וועגען די צווייטע, בעדאַרף מען גוט קאָ-נען די ערשטע. איך סטאַרע מיך, וואָס בעסער קלאָר צו מאַ-

כֿען מיינע ערשטע בעוועגער, כּדי דער לעזער זאָל פיהלען דעם צוזאַמענהאַנג פון זיי מיט די פאָלגען. איך וואָלט געוואָלט אין אַ געוויסען גראַד ווייזען דעם לעזער מיין נשמה אַ דורכֿ־זיכֿטיגע, און דערויף סטאַרע איך מיך צו ווייזען זי אים פון אַלערליי זייטען און בעלייכֿטען זי אַזוי, אַז קיין איין בעוועגונג זאָל נישט בלייבען פערבאָרגען.

ווען איך וואָלט אַליין געוואָלט מאַכען אַ סך־הכל און גע־זאָגט דעם לעזער: „אָט וואָס פאַר אַ כֿאַראַקטער איך האָב״, איז אויב ער וואָלט נישט טראַכֿטען, אַז איך נאַר אי'ם אָב, וואָלט ער זיך געקאָנט פאָרשטעלען, אַז איך נאַר מיך אַליין. אָבער אַז איך דערצעל פשוט אַלץ, וואָס מיט מיר איז געשעהן, וואָס איך האָב געטאָן, וואָס איך האָב געטראַכֿט און געפיהלט, פיר איך קיינעם נישט אַריין אין אַ טעות, אויב איך וויל עס נישט; און וואָלט איך עס אפילו געוואָלט ביי אַזוינע בעדינגונגען, וואָלט איך עס אויך נישט געקאָנט. אויפנעמען די עלעמענטען און בע־שטימען דעם כֿאַראַקטער פון אַ וועזען, וואָס איז צוזאַמענגע־שטעלט געוואָרען פון די דאָזיגע עלעמענטען—דאָס איז די אויפ־גאַבע פונ'ם לעזער. אויב ער וועט זיך טועה זיין, איז עס זיין שולד. און דעריבער איז נאָך ווייניג די אויפריכֿטיגקייט פון מיין דערצעלונג; זי דאַרף אויך זיין גענוי. נישט איך בעדאַרף אָפּ־שאַצען די בעדייטונג פון פאַקטען; איך דאַרף זיי נאָר ברענגען מיט אַ סדר און זאָל דער לעזער זיי אָבשאַצען. ביז איצט איז דאָס געווען מיין אויפגאַבע; ווייטער וועט עס אויך זיין אַזוי. אָבער די ערינערונגען פון אַ מענשענס דערוואַקסענע יאָרען זע־נען שוין נישט אַזוי לעבעדיג, ווי די זכרונות פון אַ פריהיגער יו־גענד. איך האָב אָנגעהויבען דערמיט, וואָס איך האָב מיך געסטאַרעט, וואָס בעסער אויסצונוצען זיי. אויב די ווייטערדיגע פרטים וועלען אויפשטעהן אין מיין זכרון אויך מיט אַזאַ קראַפט,ווי פריער, וועט אפשר דעם אונגעדולדיגען לעזער זיין עטוואָס לאַנגווייליג, אָבער איך וועל נישט בלייבען אונצופרידען מיט מיין אַרבייט. איך שרעק מיך נישט פאַר זאָגען צופיל אָדער פאַר לייגען; איך שרעק מיך נאָר פאַר נישט מודה־זיין זיך אין אַ נויטיגער מינוט און פאַר פערשווייגען אַן אמת.

## 1732—1736

עס געדענקט זיך מיר, ווי איך בין געקומען אין שאַמבערי, און, ווי איך האָב נאָר-וואָס געזאָגט, אָנגעקומען צום קעניג אויף אַרבייט, דאָס הייסט אינ׳ם ביוראָ פון דער פאָלקסציילונג, אין יאָר 1732. מיר איז דעמאָלט געגאַנגען דאָס איינאונצוואַנציגסטע יאָר: ווייניגער ווי אין אַ האַלב יאָר אַרום האָב איך בעדאַרפט אַלט-ווערען איינאונצוואַנציג יאָר. פאַר מיין עלטער האָב איך געהאַט אַ גאַנץ ענטוויקעלטען שׂכל. אָבער ווייניג בעדאַכט בין איך געוועזן און האָב זיך שטאַרק גענויטיגט אין אַ מדריך, וואָס זאָל מיר אָנווייזען, ווי אַזוי איך זאָל מיך פירען. צו מיין גליק, בין איך אַריינגעפאַלען אין גוטע הענט. די צוזאַמענשטויסען מיט׳ן לעבען פאַר די עטליכע יאָר צייט האָבען מיר נישט געקאָנט אָבגעווענען פון מיינע ראָמאַנטישע פאַנטאַזיעס, און נישט-געקוקט אויף אַלע מיינע ליידען, האָב איך דאָך ווייניג געקאָנט וועלט און מענשען, פונקט ווי איך וואָלט גאָר קיינמאָל נישט געצאָלט קיין רבי-געלד.

געוואוינט האָב איך ביי זיך, דאָס הייסט ביי דער מאַמע-לען, אָבער ביי איר אין הויז האָב איך נישט געפונען אַזאַ צי-מער, ווי איך האָב געהאַט אין אַנעסי. דאָ איז נישט געווען קיין גאָרטען און נישט קיין טייכֿעל און נישט קיין שענע לאַנדשאַפ-טען. פרוי דע-וואַרען האָט געוואוינט אין אַ טריבען און אַנ'אומע-טיגען הויז. אונטער די פענסטער האָט זיך געזעהן אַ וואַנט; גע-שטאַנען איז דאָס הויז אין אַ פערוואָרפען פערצוימט געסעל. נישט געווען קיין לופט און קיין ליכט; איינגעשאַפט, גרילען, מייז, צו-פוילטע דילען—פון דעם אַלעם האָט שוין קיין ליבע וואוינונג נישט געקאָנט זיין. אָבער איך בין געווען מיט איר, נעבען איר. זיצענדיג מער אין מיין קאָנטאָרל אָדער אין דער מאַמעלעס צי-מער, האָב איך גאָרנישט בעמערקט די טריבע וואוינונג. איך האָב גאָר קיין צייט נישט געהאַט צו טראַכטען וועגען דעם.

דעם לעזער וועט עס אויסווייזען מאָדנע, ווען איך וועל זאָגען, אַז פרוי דע-וואַרען איז אומישנע געקומען קיין שאַמבע-רי, צו וואוינען אין דעם דאָזיגען נישט-ליבען הויז. דאָס בעזע-צען זיך אין אַ טריבער שטוב איז געווען אַ געשיקט שטיקעל אָרבייט מצד דער מאַמעלען, און איך קאָן עס נישט פערשוויי-גען. די מאַמעלע איז נישט גערן געפאָרען קיין טורין; זי האָט געפיהלט, אַז נאָך די אַלע שינוים, וואָס זענען נישט לאַנג פאָר-געקומען און בשעת אין הויף איז נאָך געווען אונרוהיג, האָט זי זיך נישט בעדאַרפט דאָרט ווייזען. אָבער דאָך האָט זיך געפאָ-דערט, דער קעניג זאָל זי זעהן. פרוי דע-וואַרען האָט זיך גע-שראָקען, אַז מען זאָל נישט פערגעסען אָן איר אָדער עמיצער זאָל איר נישט טאָן אַ רעה דאָרטען. בעזונדערס איז איר געווען בעוואוסט, אַז דער גראַף ס ע ן-ל אָ ר אַ ן, דער פינאַנצמיניסטער, בעציהט זיך נישט גוט צו איר. ער האָט געהאַט אין שאַמבערי אַנ'אַלט, שלעכט-געבויט הויז, וואָס איז דערצו געשטאַנען אין אַזאַ שלעכטען אָרט, אַז קיינער האָט דאָרט נישט געוואָלט וואוי-נען. פרוי דע-וואַרען האָט אָנגעדונגען דאָס הויז, זיך בעזעצט אין אים, און דאָס האָט איר געבראַכט מער נוצען, איידער אַ רייזע קיין טורין. די פענסיע האָט מען ביי איר נישט אָבגענו-

מען, און פון דעמאָלט אָן איז דער גראַף דע-לאָראַן געוואָרען איינער פון אירע שטענדיגע פריינד.

אין איר הויז איז אַלץ כמעט געווען, ווי פריער, און, ווי פריער, האָט איר בעדינט דער טרייער קלאָד אַנע. ער איז גע-ווען, ווי איך האָב שוין, דאַכט זיך, געזאָגט, פון מוטריו. קינד-ווייז האָט אַנע געקליבען גראָזען אין די יורער בערג, צו מאַ-כען דערפון שווייצאַרישען טיי. די מאַמעלע, וואָס האָט ליב געהאַט אירע וואַסערלעך, האָט גענומען אַנע׳ן צו זיך אין דינסט. זי האָט געוואָלט האָבען ביי זיך אַ דינער, וואָס זאָל זיין אַ גו-טער הערבאַריסט. קלאָד אַנע האָט זיך אַזוי אַריינגעטאָן אין זיי-נע גראָזען און די מאַמעלע האָט אים נאָך אַזוי אונטערגעוואַ-רימט דערין, אַז ער וואָלט דערנאָך געוויס געוואָרען אַ גרויסער באָטאַניקער, ווען ער וואָלט נישט געשטאָרבען אַזוי יונג, און וואָלט זיך אַזוי קונה שם געווען אין דער וויסענשאַפט, ווי ער האָט געהאַט אַ גוטען נאָמען אין געוועגליכען לעבען.

קלאָד אַנע איז געווען ערנסט, אפילו שטרענג; צוליב דעם און אויך דערפאַר, וואָס ער איז געווען עלטער פון מיר, איז ער אין אַ געוויסען פרט געוואָרען מיין מדריך. קלאָד האָט מיך מציל-געווען פון אַ סך משוגעת׳ן. ער האָט אין מיר אַרויסגערו-פען אַ געפיהל פון אַכטונג צו זיך און אין זיין געזעלשאַפט האָב איך מיך בעסער געהאַלטען. פרוי דער-וואַרען האָט אים גע-שעצט; זי האָט געוואוסט זיין בעדאַכטקייט, זיין ליבע צו אמת און די שטאַרקע טרייהייט צו איר; אויף זיין טרייהייט האָט זי געצאָלט מיט דעמזעלבען געפיהל. קלאָד אַנע איז, אָהן שום ספק, געווען אַ זעלטענער מאַן. אַ לאַנגזאַמער, אַנ׳ערנסטער, אַ קאַלטער אין פערקער מיט מענשען, אַ פאָרזיכטיגער, וואָס האָט גערעדט לאַקאָניש און זיכער, איז ער אָבער געווען הייס אין זיינע ליידענשאַפטען, און אָט די הייסקייט פלעגט ער פערבאָר-גען. אין זיין הייסען געפיהל האָט ער בלויז געטאָן איין נאַ-רישקייט און אַ שרעקליכע: ער האָט זיך גע׳סמ׳ט. אָט דאָס שרעקליכע געשעהעניש איז פאָרגעקומען אַקוראַט נאָך מיין בע-זעצען זיך אין שאַמבערי און האָט מיר קלאָר געמאַכט די גאַנצ-

קייט פון דעם דאָזיגען יונגעמאַן מיט זיין העדין. אויב איבער-געגעבענקייט, פלייס און טרייהייט זענען ווערט אַזאַ לוין, האָט עס קלאָר אַנע, אָהן שום ספק, כשר פערדינט. ער האָט קיינמאָל שלעכט נישט אויסגענוצט די נאָנטקייט צווישען אים מיט דער מאַמעלען, און דאָס בעווייזט, אַז ער איז איר ווערט געווען. זיי פלעגען זיך קריגען זעלטען, און אויב אַזוינס פלעגט געשעהן, פלעגט זיך עס ענדיגען גוט. דאָך האָט עס איינמאָל אָנגענומען אַ שלעכטע ווענדונג. אין אַ מינוט פון כעס האָט אים די מאַמעלע בעליידיגט מיט אַ וואָרט, וואָס ער האָט עס נישט געקאָנט איבערלעבען. אין גרויס יאוש האָט ער געכאַפּט אַ גלאָז מיט אָפּיום, וואָס איז אים געקומען צו דער האַנט, אויסגעטרונקען עס און רוהיג זיך אַוועקגעלעגט מיט דער כונה קיינמאָל נישט אויפצושטעהן מער. פרוי דע-וואַרען, וואָס איז אומגעאַנגען איבער׳ן שטוב און אַליין אויך געווען זעהר אונרוהיג און צומישט, האָט, צום גליק, בעמערקט דאָס לעדיגע גלאָז און באַלד אַלץ פערשטאַנען. מיט געשרייען איז זי אַוועקגעלאָפען צו אים; אויפ׳ן טומעל בין איך אויך אַרויסגעלאָפען; די מאַמעלע האָט מיר אַלץ געזאָגט און געבעטען רחמים, איך זאָל איר העלפען; מיט גרויס מיה איז איר, צולעצט, געלונגען צו מאַכען, ער זאָל ברעכען. איך האָב געקוקט אויף דער דאָזיגער סצענע און זיך אַליין געוואונדערט אויף מיין אונגעהויערער נאַרישקייט, צוליב וועלכער איך האָב נישט בעמערקט קיין שום בעציהונגען צווישען זיי. נאָר קלאָר אַנע איז, צוריק-גערעדט, געווען אַזוי בע-שיידען, אַז זיין געפיהל צו פרוי דע-וואַרען האָט געקאָנט אָפּ-נאַרען אַ מער-דורכדרינגליכען מענשען. זייער שלום-ווערען איז געווען אַזוי האַרציג, אַז עס האָט מיך שטאַרק גערירט. ביז איצט האָב איך אים בלויז געשעצט, אָבער פון דעם טאָג אָן האָב איך געהאַט פאַר אים גרויס דרך-ארץ, געוואָרען אַ מין תלמיד זיינער און זיך נישט געהאַט, וואָס צו קלאָגען דערויף.

דאָך האָט דער געדאַנק, אַז עמיץ אַנ׳אַנדערער זיין צו איר נעהנטער, איידער איך, מיר פערשאַפט גרויסע יסורים; איך האָב קיינמאָל נישט געוואָלט פערנעמען אַנ׳אָרט,

וואָס האָט, בנוגע צו איר, געהערט אַנע׳ן, דאָך אָבער איז מיר געווען שווער צוצוזעהן, אַז דאָס אָרט געהערט אַ צווייטען; דאָס איז גאַנץ נאַטירליך. פונדעסטוועגען האָב איך גאָרנישט פיינט בעקומען דעם מענשען, וואָס האָט ביי מיר צוגענומען די מאַ-מעלען; פערקערט, מיין געפיהל צו איר האָב איך אויך אויף אים פערשפרייט. מער פון אַלץ אויף דער וועלט האָב איך געוואָלט, אַז זי זאָל זיין גליקליך, און אַזוי ווי גליקליך האָט זי נישט געקאָנט זיין אָהן אים, האָב איך געוואָלט, אַז אויך קלאָד אַנע זאָל זיין גליקליך. ער, ווידער, האָט אויך מסכים-געווען מיט׳ן געשמאַק פון זיין געליבטער און האָט ליב בעקומען דעם פריינד, וואָס זי האָט זיך אויסגעוועלט. ער האָט גאָר נישט געטראַכט צו האַלטען זיך געגען מיר מעשה-אויטאָריטעט, ווי עס האָט זיך געפאַסט פאַר זיין לאַגע, און האָט זיך נאָר בענוצט מיט׳ן פאָר-צוג פון זיין שכל. איך האָב מיך נישט בעשלאָסען צו טאָן אַזוינס, וואָס אים זאָל זיין נישט געפעלען, און נישט געפעלען איז אים נאָר געווען דאָס שלעכטע. אַזוי האָבען מיר געלעבט אין חבר׳ליכען אחדות און זענען אַלע גליקליך געווען.

אונזער אחדות וואָלט נאָר געקאָנט דער טויט צורייסען. ווי אַ גוטער בעווייז, וואָס פאַר אַנ׳אויסגעצייכענטען כאַראַקטער די דאָזיגע גאָלדענע פרוי האָט געהאַט, קאָן דינען דאָס, וואָס אַלע די, וועלכע האָבען זי ליב געהאַט, האָבען אויך ליב געהאַט איינאַנדער. קנאה און קאָנקורענץ האָבען זיך אונטערגעגעבען דעם הויפטגעפיהל, וואָס זי האָט אַלעמען גורם-געווען. איך האָב קיינמאָל נישט בעמערקט, אַז עמיץ פון אונז זאָל ווינשען שלעכטס דעם צווייטען. נאָך דעם דאָזיגען לויבוואָרט דאַרפען די לעזער פון מיין בוך אויף אַ רגע אויפהערען צו לעזען. אויב זיי וועלען נאָכדעם, ווי זיי וועלען גוט אַ טראַכט טאָן, געפינען אויף דער וועלט אַ פרוי, וואָס מען קאָן וועגען איר זאָגען דאָס איי-גענע, טאָ זאָלען זיי זיך אויף אייביג צובינדען צו איר, מעג זי זיך אפילו זיין די לעצטע פון געפאַלענע פרויען. פון מיין בע-זעצען זיך אין שאַמבערי ביז׳ן אָבפאָר קיין פאַריז הויבט זיך אָן אַ צווישענצייט פון אַכט אָדער ניין יאָר, וועגען וועלכע עס לאָזט

זיך נישט וואָגען קיין סך, מחמת דער דאָזיגער פּעריאָד איז געווען אויך אַזוי איינפאַך, ווי אָנגענעם. די איינטעניגקייט איז גראָד נויטיג געווען, צו פאָרמירען לחלוטין מיין כאַראַקטער; די שטענדיגע אונרוהען האָבען געשטערט דערין. אין אָט דער טייערער צווישענצייט האָט אויך מיין אונסיסטעמאַטישע בילדונג אָנגענומען אַ בעשטימטע ריכטונג און געמאַכט מיך אַזאַ, אַ וואָסער איך בין געווען אין די אַלע צייטען פון מהומות, וואָס האָבען געוואַרט אויף מיר. פאָראויס בין איך געגאַנגען לאַנגזאַם, און מיין וועג האָט זיך נישט אויסגעצייכענט מיט בעזונדערע געשעהענישען; דאָך איז דער דאָזיגער וועג ווערט בעטראַכט און דורכגעפאָרשט צו ווערען.

פון אָנהויב האָב איך מיך בלויז בעשעפטיגט מיט דער אַרבייט אין ביוראָ. דער דרוק פון קאָנטאָר האָט מיר געשטערט צו טראַכטען פון עפּיס אַנדערש. דאָס ביסעל פרייע צייט, וואָס איך האָב געהאַט, איז מיר אַוועק נעבען דער ליבער מאַמעלען; מחמת איך האָב נישט געהאַט קיין צייט צו לעזען, האָב איך גאָרנישט געטראַכט דערפון. אָבער אַז די אַרבייט האָט מיר אָנגעהויבען ווערען אַ מין רוטינזאַך און אויפגעהערט צו בעשעפטיגען מיין מח, איז ער פון דאָסניי אונרוהיג געוואָרען; האָב איך פון דאָסניי דערפיהלט אַ נויטווענדיגקייט אין לעזען, אָבער אַזוי ווי עס זענען געווען אַ סך מניעות, וואָס האָבען עס געשטערט, איז עס איבערגעגאַנגען אין אַ שטאַרקע ליידענשאַפט, פונקט ווי דעמאָלט, בשעת איך בין געווען ביים גראַווירער; אַנדערע געשמאַקען האָב איך שוין אָבער געהאַט און זיי האָבען מיך צוריקגעהאַלטען.

הגם צו דער אַרבייט פון ביוראָ האָט זיך נישט געפאָדערט קיין הויכע מאַטעמאַטיק, דאָך פלעגט אויסקומען צו מאַכען אַזעלכע חשבונות, וואָס פלעגען אונז טיילמאָל אַוועקשטעלען אין אַ שווערער לאַגע. כדי אויסצומיידען די דאָזיגע אונאָנגענעמליכקייט, האָב איך מיר געקויפט מאַטעמאַטישע ביכער און זיך גוט אויסגעלערנט אַריטמעטיק, ווייל איך האָב מיך געלערנט אַליין. די פּראַקטישע אַריטמעטיק איז ברייטער, ווי מען מיינט.

טיילמאָל זענען אין אירע לאַנגע רעכענונגען מטושטש-געוואָרען זעהר גוטע בעלי-חשבונות; אָבער אַז דער מענש זאָל צו די גע-וועגליכע מיטלען צולעגען עטוואָס קאָפּ, וועט ער בעקומען בע-שטימטע אידעען. ער וועט געפינען פאַר זיך פערשידענע קורצע וועגען, וואָס וועלען גלעטען זיין אייגענליבע, און די גענויאיג-קייט וועט צופרידענשטעלען זייך שכל. דיביידע מאַכען אָנגע-נעם די אַרבייט, וואָס איז אין פלוג נישט קיין דאַנקבאַרע. איך האָב מיך אַזוי קונציג אויסגעאַרבייט אין דעם פרט, אַז עס איז נישט געווען אַזאַ פראַגע, וואָס זאָל מיך קאָנען אַוועקשטעלען אין אַ שווערער לאַגע, קוים האָט זי זיך נאָר געלאָזט פערענטפערן מיט דער הילף פון ציפער. איצט, בעת מיט יעדען טאָג ווערען בלאַסער אַלע מיינע קענטנישען, בלייבען דאָך פריש מיינע מאַטע-מאַטישע מעטאָדען, הגם פאַר דער צייט, וואָס איך האָב זיי דערוואָרבען, זענען אַוועק דרייסיג יאָר. נישט לאַנג, בשעת מיין נסיעה קיין דעווענפּאָרט, בין איך געווען אויף אַ לעקציע פון אַריטמעטיק, וואָס איז געגעבען געוואָרען די קינדער פון מיין בעל-הבית, און מיט גרויס תענוג האָב איך געמאַכט זעהר אַ פערוויקעלטע אויפגאַבע אָהן אַ שום פעלער. בשעת איך האָב פו-נאַנדערגעשטעלט די ציפער, האָב איך געמיינט, אַז איך געפין מיך נאָך אַלץ אין שאַמבערי אין יענער גליקליכער צייט.

ביים טושירען די פלענער פון אונזערע ערדמעסטער האָט זיך מיר פון דאָסניי צוריקגעקערט די ליבע צו צייכענען. איך האָב געקויפט פאַרבען און גענומען מאָלען בלומען און לאַנד-שאַפטען. אַ שאָד, וואָס איך האָב פערמעגט ווייניג פעהיגקייט בנוגע צו דער דאָזיגער קונסט; ליבע צו איר האָב איך געהאַט אַ סך! מאָנאַטענווייז האָב איך געקאָנט נישט אַרויס פון שטוב און געטאָן נאָר און געמאָלט. איך האָב מיך אַזוי איבערגעגעבען צום פענזעל און פאַרבען, אַז מען האָט מיך בעדאַרפט אָברייסען דערפון. אַזוי געשיהט מיט אַלע מיינע געפיהלען; זיי וואַקסען, פערוואַנדלען זיך אין ליידענשאַפטען און, אויסער זיי, זעה איך די וועלט נישט. די צייט האָט מיך נישט אויסגעהיילט פון דעם דאָזיגען פעלער און האָט אים אפילו נישט קלענער געמאַכט:

אפילו איצט, בשעת איך, אַן׳אַלטער פלוידערער, שרייב די דאָ-זיגע שורות, האָב איך מיך שטאַרק פערקאָכט אין אַ וויסענ-שאַפט *), וואָס איז מיר גאָרנישט נויטיג און וואָס איך הויב נישט אָן צו פערשטעהן. און איך בין מיך מכין צו בעשעפטי-גען זיך מיט איר אין יענע יאָרען, ווען מענשען, וואָס האָבען זי געלערנט אין דער יוגענד, זענען שוין געצוואונגען אַוועקצע-וואַרפען זי.

אָט, אַז איך האָב געוואוינט אין שאַמבערי, האָט זיך עס אַקוראַט געפּאַסט. איך האָב געהאַט אַ גרויסאַרטיגע געלעגענהייט רייכער צו מאַכען מיינע קענטנישען אין דעם דאָזיגען פרט און מיך האָט אפילו שטאַרק געצויגען דערצו. קלאָד אַנע פלעגט קומען מיט פעק נייע גראָזען און איך פלעג זעהן אויף זיין גע-זיכט אַזאַ נחת רוח, אַז אַ צוויי אָדער דריי מאָל האָב איך אַליין געוואָלט מיט אים געהן נאָך גראָז. איך בין כמעט ווי זיכער, אַז ווען איך וואָלט נאָר איין מאָל געגאַנגען, וואָלט איך מיך שטאַרק אַריינגעטאָן דערין און וואָלט איצט געווען אַ גרויסער באָטאַניקער; וואָרום קיין שום וויסענשאַפט שטימט נישט אַזוי מיט מיינע אָנגעבוירענע נייגונגען, ווי די פאָרשונג פון פלאַנ-צונגען. דאָס לעבען, וואָס איך פיר שוין ביי אַ צען יאָר אין דאָרף, איז אָהן אַנ׳אויפהערליכע הערבאַריזאַציע, הגם אָהן אַ ציל און אָהן בעוועגונג פאָראויס.

אין יענער צייט אָבער האָב איך נישט געהאַט קיין שום השגה פון באָטאַניק, געשפּירט צו איר אַ מין פעראַכטונג און זאָגאַר עקעל. איך האָב געקוקט אויף איר, ווי אויף אַנ׳אַפּטיי-קערישע בעשעפטיגונג! די מאַמעלע, וואָס האָט ליב געהאַט די דאָזיגע וויסענשאַפט, האָט זי נאָר צוגעפּאַסט צו רפואות; זי פלעגט נאָר בעשטימטע גראָזען זוכען, וואָס פלעגען איר טויגען צו אירע וועסערלעך. איך האָב צונויפגעמישט באָטאַניק, כעמיע און אַנאַטאָמיע אין איין זאַך, אַ נאָמען געגעבען דעם דאָזיגען

---

*) באָטאַניק.

פלאָנטער מעדיציך, און די מעדיצין האָט מיר נאָר געדינט צום ווילצלען זיך און צו קריגען פון צייט צו צייט פעטש פאַר איר. אגב, האָט לאַנגזאַם געוואַקסען אין מיר גאָר אַנ׳אַנדער ליידענשאַפט, וואָס האָט אינגיכען פערשלונגען אַלע מיינע נייגונגען. געוויס, געבוירען בין איך געווען פאַר מוזיק, וואָרום פון מיין קינדהייט אָן האָב איך זי ליב געהאַט און ליב געהאַט כסדר אין אַלע צייטען פון מיין לעבען. עס איז נאָר אַ וואונדער, וואָס מיר האָט געקאָסט אַזוי פיל מיה אויסצולערנען זיך די דאָזיגע קונסט, פאַר וועלכער איך בין געבוירען געוואָרען, וואָס איך בין אונגלויבליך-לאַנגזאַם געגאַנגען פאָראויס, וואָס נאָך אַ לעבען פראַקטיק האָב איך דאָך נישט בעקומען די געוועהנהייט ריכטיג צו לייענען פון בויגען אַלץ, ווי עס מאַכט זיך. די בעשעפטיגונג מיט מוזיק איז מיר בעזונדערס אָנגענעם געווען דערפאַר, וואָס דאָ פלעג איך קאָנען פערבלייבען אַליין מיט דער מאַמעלען. אַזוי זענען אונזערע געשמאַקען געווען פערשידען, אָבער אין דער מוזיק האָבען זיי זיך געשטימט, און איך האָב ליב געהאַט צו בענוצען זיך דערמיט. די מאַמעלע פלעגט מיר נישט סותרזיין. אין יענער צייט בין איך געווען אַזוי געשיקט, ווי זי; אין אַ צוויי-דריי מאָל פלעגען מיר פונאַנדערקלויבען אַנ׳אַריע, טיילמאָל, דערזעהענדיג זי נעבען איוועז, פלעג איך זאָגען:

—מאַמעלע, זעהט נאָר, וואָס פאַר אַ וואונדערליכער דועט: מיר דאַכט זיך, אַז ער קאָן צוגעבען אַ בשמים-געשמאַק אייערע גראָזען.

—איך גיב דיר מיין וואָרט—פלעגט זי ענטפערן—אַז אויב זיי וועלען צוליב דיר פערברענט ווערען, וועסטו מיר זיי מוזען אויפעסען!

אָט אַזוי פלעג איך זי ביסלעכווייז צוציהען צו דער קלאַוויר און דאָ פלעגען מיר פערגעסען אָן דער גאַנצער וועלט. דער עקסטראַקט פון גראָזען פלעגט פערוואַנדעלט ווערען אין קויל; פלעגט זי מיר אויסשמירען דערמיט דאָס פנים, אָבער אַלץ צוזאַמען איז געווען מחיה׳דיג-זיס.

די לעזער זעהען, אַז איך האָב געפונען אַ סך מיטלען, ווי-

אַזוי אויסצופּילען דאָס ביסעל פריייע צייט, וואָס איך האָב גע-
האַט. דאָך האָב איך געפונען נאָך איין פערווייַלונג, וואָס איז
ווערט געווען אַ סך.

מיר האָבען געוואוינט אין אַזאַ דושנער תפיסה, אַז טייל-
מאָל האָבען מיר געמוזט אַרויסגעהן—איינצוּאָטעמען פרישע לופט.
אַנע האָט צוגערעדט דער מאַמעלען, אַז זי זאָל אָנדינגען אונ-
טער'ן שטאָט אַ גאָרטען, וואו מען זאָל קאָנען פערזייען פלאַנ-
צונגען. אין גאָרטען איז געשטאַנען אַ גאַנץ שען הילצערן היי-
זעל; האָט מען עס לייטיש מעבלירט, אַריינגעשטעלט אַ בעט.
אָפטער פלעגען מיר דאָרט מיטאָגען און טיילמאָל פלעג איך
דאָרט פערבלייבען אויך אויף דער נאַכט. דאָס דאָזיגע איינזאַמע
הייזעל איז מיר שטאַרק געפעלען געוואָרען און איך האָב אַהין
איבערגעטראָגען עטליכע ביכער און אַ סך צייכנונגען. אַ טייל פון
מיין פרייער צייט פלעג איך פערברענגען אין הייזעלע און פלעג
מיך סטאַרען אָנצוגרייטען עפּיס אַ נייס, וואָס זאָל געפעלען דער
מאַמעלען, בשעת זי וועט אַריינקומען, שפּאַצירענדיג, אין היי-
זעל. איך פלעג אַוועק פון דער מאַמעלען, צו בעשעפטיגען זיך
מיט איר, צו טראַכטען וועגען איר מיט גרויס פערגעניגען. דאָס
איז ווידער געווען אַ משוגעת, וואָס איך וויל עס נישט פערענט-
פערן, נישט דערקלערן; איך רייד פּשוט וועגען דעם, ווייל אַזוי
איז עס געווען. איך געדענק, ווי פרוי דע-לוקסעמבורג האָט מיט
חוזק דערצעלט פון אַ מענשען, וואָס פלעגט אַוועק פון זיין גע-
ליבטער, כדי צו שרייבען איר. איך האָב דעמאָלט געזאָגט, אַז
איך וואָלט געווען פעהיג דערויף, נאָר איצט בין איך מיך מודה,
אַז טיילמאָל פלעג איך טאַקי אַזוי טאָן. דאָך האָב איך נעבען
דער מאַמעלען קיינמאָל נישט געשפּירט דאָס בעדערפעניש צו
דערווייטערן זיך פון איר, כדי מער ליב צו האָבען זי: פלעג
איך בלייבען מיט איר אַליין, האָב איך מיך געפיהלט אַזוי פריי,
ווי איך וואָלט געווען אַליין מיט מיר, און דאָס האָב איך קיינ-
מאָל נישט געשפּירט מיט קיין פרוי און מיט קיין מאַנספערשוין,
ווי שטאַרק איך בין נישט געווען צוגעבונדען צו זיי.

אָבער אַרום איר האָבען זיך שטענדיג געדרעהט זייטיגע

מענשען און דערצו אַזוינע, וואָס זענען מיר גאָרנישט געווען צום האַרצען. פון לאַנגווייליגקייט און פערדרוס בין איך אַוועק אין אַ שטיל אָבגעזונדערט ווינקעלע: דאָרט איז זי געווען מיט מיר אַזאַ, ווי איך האָב זי געוואָלט זעהן; דאָרט האָב איך מיך נישט געשראָקען, אַז לאַנגווייליגע מענשען וועלען קומען נאָך איר.

דערווייל, ווי איך האָב מיך רוהיג געלעבט און געטיילט די צייט אויף אַרבייט, פערוויילונג און אַליינבילדונג, האָט זיך איי-ראָפּאַ שטאַרק געטומעלט. פראַנקרייך און דער קייזער האָבען איינאַנדער דערקלערט קריג; דער סאַרדינער קעניג האָט זיך אַריינגעמישט אין קריג און די פראַנצויזישע אַרמעע איז אַוועק קיין פּיעמאָנט, אַריינצודרינגען דערנאָך אין דעם מילאַנער הער-צאָגטום; אַ טייל מיליטער איז דורכגעגאַנגען דורך שאַמבערי. צווישען אַנדערע האָט זיך אין אים געפונען דער שאַמפּאַניער פּאָלק, מיט וועלכען עס האָט אָנגעפירט דער הערצאָג טרימויל. מען האָט מיך אים פאָרגעשטעלט, ער האָט מיר אַ סך פערשפּראָ-כען און, פערשטעהט זיך, קיינמאָל אין לעבען נישט דערמאָנט זיך אָן מיר. אונזער גערטעל האָט זיך געפונען אויף אַ הויכען אָרט, דורך וועלכען דאָס מיליטער איז אַריין אין שטאָט. איך פלעג כסדר געהן קוקען אויפ'ן מיליטער, דאָס בילד האָט מיך ממש פערכאַפּט און איך האָב שרעקליך געוואָלט, די קאַמפּאַניע זאָל האָבען ערפאָלג, פונקט ווי זי וואָלט אָנגערירט מיינע פער-זענליכע אינטערעסען. ביז איצט האָב איך קיינמאָל נישט גע-טראַכט פון געזעלשאַפטליכע ענינים און דאָס ערשטע מאָל אין לעבען האָב איך אָנגעהויבען לייענען צייטונגען, אָבער איך האָב אַזוי מיטגעפיהלט פראַנקרייך, אַז ביי אירע קלענסטע נצחונות פלעגט מיר אָנהויבען קלאַפּען דאָס האַרץ פון שמחה; און אַז עס איז איר נישט געגאַנגען, פלעג איך ווערען שטאַרק בע-טריבט, פונקט ווי דאָס וואָלט געהאַט אַ נאָהנטע שייכות צו מיר. ווען אָט די משוגעת וואָלט זיך נישט געצויגען לאַנג, וואָלט איך גאָרנישט דערמאָנט וועגען דעם, אָבער דאָס האָט זיך מיר אַזוי טיף און אָהן שום סבּה איינגעוואָרצעלט אין האַרצען, אַז דער-נאָך, שוין שפּעטער, בשעת איך בין אַרויסגעטראָטען אין פּאַריז

אין דער ראָל פון אַנ׳אַנטידעספּאָט און אַ שטאָלצען רעפּובליקאַ-נער, האָב איך נישט-ווילענדיג געשפּירט אַ פערבאָרגען ליבּעגע-פיהל צו דער רעגירונג, געגען וועלכער איך האָב מיך געבּונ-טעוועט. עס איז קאָמיש, וואָס שעמענדיג זיך מיט די נייגונגען, וועלכע האָבען סותר-געווען מיינע כּללים, האָב איך מיך נישט דערוועגט עמיצען צו זאָגען פון זיי און האָב געחוזק׳ט איבער די פראַנצויזישע מפּלות, בשעת דאָס האַרץ איז מיר מער בעגאָ-סען געוואָרען מיט בלוט, איידער ביי די פראַנצויזען גופא. אודאי, אויסער מיר ווערט זיך נישט געפינען קיין איין מענש, וואָס זאָל וואוינען צווישען אַ פאָלק, בעציהען זיך גוט צו איס און זאָל אָבער מאַכען אַנ׳אָנשטעל, אַז ער פערהאַסט עס, בשעת טיף ביי זיך אין האַרצען האָט ער עס שטאַרק ליב. אָט די ניי-גונג איז אין מיר געווען אַזאַ כּשר-ריינע, אַזאַ שטאַרקע, אַזאַ בעשטענדיגע און פער׳עקשנ׳טע, אַז אפילו נאָכדעם, ווי איך האָב פערלאָזט דאָס פראַנצויזישע קעניגרייך, נאָכדעם, ווי די רעגירונג, הויכגעשטעלטעלייט, שרייבער—אַלע מיט אַמאָל זענען אויפגע-שטאַנען געגען מיר, נאָכדעם, ווי עס איז אַריין אין מאָדע צו פערוואַרפען מיך מיט זלזולים און רשעות—נאָך דעם אַלעם האָב איך מיך דאָך נישט געקאָנט אויסהיילען פון מיין שגעון. געגען מיין ווילען האָב איך ליב די פראַנצויזען, הגם זיי האָבען זיך שלעכט פערהאַלטען צו מיר.

אַ לאַנגע צייט האָב איך מיך געסטאַרעט צו געפינען די סבּה פון דער דאָזיגער ליידענשאַפט און האָב זי געפונען אין אַנ׳אומשטאַנד, וואָס האָט זי אַרויסגערופען. די שטייגענדיגע לי-בע מיינע צו ליטעראַטור האָט מיך צוגעבונדען צו פראַנצויזישע ביכער, צו די אויטאָרען פון די דאָזיגע ביכער און צו דעם לאַנד פון די דאָזיגע אויטאָרען. בשעת פאַר מיינע אויגען איז פאַר-ביי געגאַנגען די פראַנצויזישע אַרמעע, האָב איך געלייענט בראַנטאָמס בעשרייבונג פון גרויסע קאָמאַנדירער. איז פאַרביי-געגאַנגען אַ פאָלק, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך זעה איי-נעם פון יענע בערימטע שוואַרצע מיליטערטיילען, וואָס האָבען אַמאָל געוויזען גרויסע העלדענטאַטען אין פיעמאָנט. צו דעם,

וואס איך האָב געזעהן, האָב איך צוגעפּאַסט דאָס אַרויסגעלייענ-טע פון ביכער. מיין לעזען, וואָס האָט שטענדיג געהאַט אַ שייכות צום פראַנצויזישען פאָלק, האָט פערשטאַרקט מיין גוטע נייגונג צו דעם דאָזיגען פאָלק. צולעצט, איז דאָס אַלץ פערוואַנדעלט גע-וואָרען אין אַ שטאַרקער ליידענשאַפט, וואָס קיין זאַך האָט זי נישט געקאָנט מנצח-זיין אין מיר.

שפּעטער, בשעת מיינע נסיעות, האָב איך בעמערקט, אַז דאָס אייגענע איז נישט בלויז כאַראַקטעריסטיש פאַר מיר אַליין, אַז ווירקענדיג מער אָדער ווייניגער אין אַלע לענדער אויפ'ן עולם, וואָס לעזט, דינען די פראַנצויזישע ביכער ווי אַ מין גע-גענגעוויכט צו דער פיינטשאַפט, וואָס ווערט אַרויסגערופען דורך דער פראַנצויזישער צופרידענקייט מיט זיך. זייערע ראָמאַנען ציה-ען צו זיי צו די פרויען פון אַלע לענדער; זייערע מוסטער-האַפטע דראַמאַטישע ווערק מאַכען אין טעאַטער אונרוהיג די יו-גענד. די בערימטע פאַריזער סצענע ברענגט-אַראָב גאַנצע מחנות אויסלענדער אין דער רעזידענצשטאָדט פון פראַנקרייך און זיי קערן זיך צוריק אַהיים פול מיט התפעלות. די פיינקייט פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור בעזיגט אַ יעדען, וואָס צייכענט זיך אויס מיט אַ פיינעם געשמאַק, און אין יענעם קאַמף, וואָס איז נישט גליקליך פאַר פראַנקרייך, האַלטען-אונטער זייערע שרייבער און פילאָזאָפען דעם כבוד פון פראַנצויזישען נאָמען, וואָס איז געפאַלען איבער דער שולד פון זייערע מיליטערלייט.

בין איך, אַלזאָ, געוועזען אַ הייסער פראַנצויז און דאָס האָט מיך געמאַכט פאַר אַ נייסזאַמלער. צוזאַמען מיט אַ מחנה לעדיגגע-הער פלעג איך געהן אויפוואַרטען אויף דער פּאָסט. נאַרישער פון אַ פּאַבעלאייזעל, האָב איך מיך שטאַרק בעאונרוהיגט וועגען דעם, וואָסער בעל-הבית וועט מיך אָנזאָטלען, מחמת אין יענער צייט האָט מען געשמועסט, אַז אונז וועט נעמען פראַנקרייך און דאָ האָט מען משער-געוועזן, אַז סאַוואָי וועט אָבגעגעבען ווערען און דערפאַר וועט מען צוריק בעקומען דאָס מילאַנער הערצאָג-טום. מען דאַרף מודה-זיין, אַז איך האָב געהאַט אַ געוויסען גרונד צו אינטערעסירען זיך דערמיט: ווען דער קריג וואָלט אָנגענו-

מען אַ שלעכטען אויסגאַנג פאַר די פעראייניגטע, וואָלט געווען אין געפאַר דער מאַמעלעס פענסיע. איך האָב אָבער געגלויבט אין ערפאָלג פון מיינע פריינד, און, נישט־געקוקט דערויף, וואָס הערצאָג ד ע ־ ב ר אָ ל י איז צוקלאַפּט געוואָרען, האָב איך מיך דאָך נישט גענאַרט, אַ דאַנק דעם סאַרדינער קעניג, וועלכען איך האָב גאָרנישט אַריינגענומען אין חשבון.

כל־זמן מען האָט זיך אין איטאַליען געשלאָגען, האָט מען אין פראַנקרייך געזונגען. מען האָט אַ סך געשמועסט וועגען ר אַ ־ מ אָ ס אָפּערעס; די אָפּערעס האָבען אויפגעהויבען זיינע טעאָרעטישע ווערק, וואָס צוליב זייער נישט־דייטליכקייט זענען זיי געווען צוגענגליך פאַר זעהר ווייניג מענשען. צופעליג האָב איך געהערט, ווי מען האָט גערעדט פון זיין „טראַקטאַט איבער האַרמאָניע‟, און איך האָב מיך נישט געקאָנט בערוהיגען, וואו איך האָב נישט געקויפט דאָס דאָזיגע בוך. אַ צווייט מאָל בין איך צופעליג קראַנק געוואָרען. מיין קראַנקהייט האָט נישט געטראָגען קיין ענטצינדונגס־כאַראַקטער; געווען איז זי שטאַרק און קורץ, אָבער איך האָב מיך לאַנגזאַם פעררריכט און אַ גאַנצען חדש נישט געקאָנט אַרויס פון צימער. אין אָט דער צייט האָב איך אָנגעהויבען לייענען און דורשטיג איינגעשלונגען דעם גאַנצען טראַקטאַט. אָבער ער איז געווען זעהר לאַנג, נישט קלאָר און איך האָב געפיהלט, אַז איך וועל נאָך בעדאַרפען האָבען אַ שטיק צייט, ביז איך וועל אים גוט דורכשטודירען און משיג־זיין. איך האָב אים אַוועקגעוואָרפען און געוויילט דאָס אויג מיט'ן לעזען נאָטען. בערניעס קאַנטאַטען, אויף וועלכע איך האָב מיך פּראַקטיקירט, זענען מיר נישט אַרויס פון קאָפּ. איך האָב אויסגע'חזר'ט אויף אויסווענינ אַ פיר אָדער פינף קאַנטאַטען, צווישען אַנדערע אויך די „שלאָפענדיגע אַמאָרען‟. גראָד איז צו דער צייט געקומען פון וואַל־דאָסט אַ יונגער אָרגאַניסט, אַבאַט פּאַלע, אַ גוטער מוזיקער, אַ גוטער מענש, וואָס האָט אויסגעצייכענט אַקאָמפּאַנירט אויפ'ן קלאַוויר. מיר זענען בעקאַנט געוואָרען און זיך שטאַרק צוגעקלעבט איינער צום צווייטען. פּאַלע האָט זיך געלערנט ביי אַן איטאַליענישען מאָנאַך, זעהר אַ גוטען אָרגאַניסט. ער האָט אַ

סך גערעדט איבער די כּללים פון האַרמאָניע; איך האָב פערגלייכט זיינע ווערטער מיט דעם, וואָס איך האָב געלייענט אין ראַמאָס בוך. מיין קאָפּ איז אָנגעפילט געוואָרען מיט אַקאָמפּאַניםענטען, אַקאָרדען, האַרמאָניע. מען האָט בעדאַרפט צו דעם אַלעם צוגעוועגען דאָס געהער. איך האָב פאָרגעלעגט דער מאַמעלען צו געבען מאָנאַטליך עטליכע קאָנצערטען; זי איז בעשטאַנען, דער געדאַנק וועגען קאָנצערטען האָט מיך אַזוי בעהערשט, אַז נישט בייטאָג, נישט ביינאַכט האָב איך קיין זאַך נישט געטאָן, אויסער דאָס אַלץ, וואָס איז געווען פערבונדען מיט די קאָנצערטען. איך האָב געהאַט אַ סך אַרבייט: זאָרגען וועגען נאָטען, וועגען אָנטיילנעמער, וועגען אינסטרומענטען, וועגען איבערשרייבען די פאַרטיעס. די מאַמעלע האָט געזונגען, דער פאָטער קאַטאָן, וועגען וועלכען איך האָב גערעדט און וועל נאָך ווייטער ריידען, האָט אויך געזונגען; דער לערער פון טענץ, ראָש, און זיין זוהן האָבען געשפּילט פידעל; קאַנאַווע, אַ פּיעמאָנטער מוזיקאַנט, וואָס האָט געאַרבייט אין ביורא פאַר פאָלקסציילונג און דערנאָך חתונה-געהאַט אין פאַריז, האָט געשפּילט אויף וויאָלינטשעל; אַבּאַט פּאַלע האָט אַקאָמפּאַנירט אויפ׳ן קלאַוויר, איך האָב געהאַט די ערע צו דיריזשירען, נישט פערגעסענדיג דאָס שטעקעלע. מען קאָן זיך פאָרשטעלען, ווי גוט דאָס איז אַרויסגעקומען, נישט אינגאַנצען אַזוי ווי ביים הער טרייטאָרג׳ען, אָבער נאָנט דערצו.

די קליינינטשקע קאָנצערטען פון פרוי דער-וואַרען, אַ געשמד׳טער, וואָס האָט געלעבט, ווי מען האָט געשמועסט, פון דעם קעניגס נדבות, האָבען אַרויסגערופען אַ געמורמעל צווישען צביעים, אָבער דערפאַר האָבען זיי אָרענטליכע לייט פערשאַפט אַ סך פערגעניגען. די לעזער וועלען זיך נישט אָנשטויסען, ווען איך שטעל בראש פון די לעצטע—אַ מאָנאַך, אָבער אַ מאָנאַך זעהר אַנ׳אָנגעזעהענעם, אפילו אַ רייצענדיגען, וואָס זיין אומגליק האָט מיך שפּעטער זעהר טיף מצער-געווען. די ערינערונג וועגען אים, וואָס איז פערבונדען מיט׳ן געדאַנק וועגען די גליקליכע טעג פון מיין יוגענד, איז מיר זעהר טייער ביז היינטיגען טאָג. איך רייד

וועגען דעם פּאָטער קאַטאָן, דעם פראַנציסקאַנער, וואָס האָט צו-זאַמען מיט׳ן גראַף דאָרנטאָן געהייסען אַרעסטירען דעם אָרימען „קאָטערלס“ קאַסטען מיט נאַטען, וואָס מען קאָן עס נישט צו-רעכענען צו זיינע גוטע מעשים. געוועזן איז ער פּראָפעסאָר פון סאָרבאָני, האָט אַ לאַנגע צייט געלעבט אין דער בעסטער פּאַרי-זער געזעלשאַפט און איז בעזונדערס נאָנט געוועזן מיט׳ן מאַרקיז ד׳אַנטרעמאָן, דער דעמאָלטיגער סאַרדינער באָטשאַפטער. דער פּאָטער קאַטאָן איז געוועזן אַ מאַן פון הויכער וואוקס, גוט גע-בויט, מיט אַ פּול געזיכט און מיט געדיכטע האָר, וואָס זענען אים נישט מעשה-חנ׳דעל געלעגען ביי די זייטען, ווי בויגעלעך. געהאַלטען האָט ער זיך איינפאַך און שען, נישט ענליך צו מאָ-נאַכען-צדיקים און נישט צו מאָנאַכען-עזות׳ניקעס. ער האָט אַרויס-געוויזען זיכערקייט פון אַנ׳ערליכען מאַן, וואָס רויטעלט זיך נישט צוליב זיין קליידונג, וואָס פערשאַפט זיך אַליין כבוד און וואָס פיהלט, אַז זיין אָרט איז שטענדיג צווישען אָרענטליכע לייט.

דער פּאָטער קאַטאָן איז נישט בעזעסען די קענטנישען וואָס פאַסטען פאַר אַ דאָקטאָר, אָבער אַלס וועלטליכער מאַן האָט ער געהאַט גענוג בילדונג. ער האָט זיך נישט געסטאַרעט אַרויס-צעווייזען זיינע קענטנישען, אָבער ער האָט אַזוי גוט געקאָנט לאַ-ווירען מיט זיי, אַז ער פלעגט אויסווייזען געבילדעטער, ווי ער איז געוועזן אין דער׳אמת׳ן. ער האָט זיך אַ סך געדרעהט אין דער בעסערער געזעלשאַפט, און דעריבער האָט ער צוגעגעבען מער בעדייטונג די אָנגענעמע וועלטליכע טאַלענטען, איידער די ערנס-טע וויסענשאַפטען. קאַטאָן איז געוועזן שאַרפזיניג, געשריבען לי-דער, שען גערעדט און נאָך בעסער געזונגען. ער האָט געהאַט אַנ׳אָנגענעמע שטים, געשפּילט אָרגעל און קלאַוויר. מען דאַרף גאָרנישט האָבען אַזוי פיל מעלות, צו זיין אָפט איינגעלאַדען אין פערשידענע הייזער.

דער פּאָטער קאַטאָן האָט זיך בעקאָנט מיט דער מאַמע-לען אין מאַרקיז ד׳אַנטרעמאָנס הויז. ער האָט געהערט פון אונ-זערע קאָנצערטען, געוואָלט זיך בעטייליגען אין זיי און צוגע-געבען זיי אַ סך גלאַנץ. די ליבע צו מוזיק סיי אין מיר און סיי

אינ'ם וָפּאָטער קאַטאָן, די ליבע, וואָס איז דערגאַנגען ביז ליי־דענשאַפט, האָט אונזביידען באַלד דערנענטערט צווישען זיך. צווישען אונז איז געווען בלויז איין אונטערשייד: ער איז גע־ווען אַנ'אמת'ער מוזיקאַנט און איך — אַ מוזיקאַלישער פּאַפּירשמי־רער. קאַנאַווע, אַבאַט פּאָלע און איך פּלעגען מאַכען ביי אים מוזיקאַלישע אַנסאַמבלען, און אין די פייערטעג פּלעג איך שפּי־לען אויפ'ן אָרגעל. נישט־זעלטען פּלעגען מיר מיטאָגען ביי אים; אַ מאָדנע זאַך, נישט־געקוקט דערויף, וואָס קאַטאָן איז געווען אַ מאָנאַך, איז ער געווען זעהר גאַסטפריינדליך, ברייט, גשמיות'דיג, אָבער נישט האַמעטנע.

אין די טעג פון קאָנצערטען פּלעגט ער פרישטיגען ביי דער מאַמעלען; די דאָזיגע פרישטיגען פּלעגען אַדורכגעהן זעהר פרעהליך; מען האָט אָפענהערציג געשמועסט, געזונגען דועטען; איך האָב מיך געפיהלט רוהיג, פּלעג זיין קלוג און וויציג. קאַ־טאָן פּלעגט אַלעמען בעצויבערן. אויפ'ן אַבאַטס קאָפּ פּלעגען פאַ־לען אַלע וויצען, מחמת זיין אָקסען־קול. זיסע מינוטען פון מיין פרעהליכער יוגענד, ווי ווייט זענט איר אַוועק!

מחמת מיר וועט שוין נישט אויסקומען מער צו ריידען וועגען דעם פּאָטער קאַטאָנ'ען, וועל איך אין צוויי ווערטער פערענדיגען זיין טרויעריגע געשיכטע. מאַנכע מאָנאַכען האָבען געזעהן זיינע מעלות, זיין פיינע אַרט לעבען, וואָס איז נישט גע־ווען ענליך צום מאָנאַסטירען־זנות, זענען זיי אים מקנא־געווען ביז ווילדקייט. זיי האָבען אים פיינט געהאַט, וואָס ער איז נישט גע־ווען אַזוי מאוס, ווי זיי. די גרעסערע פון זיי האָבען געמאַכט געגען אים אַ בונט, אויפגעהעצט די קליינליכע מאָנאַכעלעך, וואָס האָבען אים נישט פערגונען זיין אָרט און וואָס האָבען אָבער נישט געוואַגט אויפצוהויבען די אויגען אויף אים. אויפ'ן פּאָטער קאַטאָן האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ האָגעל פון זלזולים. האָט מען אים אַראָבגעזעצט פון זיין שטעל, אָבגענומען ביי אים זיין וואוי־נונג, וואָס ער האָט זעהר איינפאַך, אָבער פיין געהאַלטען און אַריבערגעפירט אים ערגעץ אין אַ צווייטען אָרט, צולעצט, האָבען אים די דאָזיגע אויסוואורפען בעשאָטען מיט אַזוינע זלזולים, אַז

זיין שענע און שטאָלצע נשמה האָט שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטען; דער מאַן, וואָס האָט אַמאָל אַזאַ גלענצענדע ראָל געשפּילט אין דער געזעלשאַפט, איז געשטאָרבען פון פערביטערונג ערגעץ אין אַ מאָנאַסטיר-קעליע — אָדער אין אַ קאַרצער. אַלע אָרענטליכע מענשען, וואָס האָבען אים געקאָנט און איינגעפונען אין אים איין-איינציגען פעלער — דאָס, וואָס ער איז געווען אַ מאָגאַן, האָבען אים זעהר בעדויערט און בעוויינט.

אינגיכען האָב איך מיך אַזוי אַריינגעטאָן אין מוזיק, אַז איך האָב פון קיין זאַך מער נישט געקאָנט טראַכטען. נישט גערן בין איך געגאַנגען אין ביוראָ. די לאַסט אין ביוראָ און די פלייס, וואָס די אַרבייט האָט געפאָדערט, זענען מיר געווען ביי דעם מאָמענט אונדערטרעגליך און איך האָב מיך, צולעצט, בעשלאָסען אַוועקצואוואַרפען דאָס ביוראָ און זיך אינגאַנצען אָבגעבען מיט מוזיק. איך האָב געוואָלט אַוועקוואַרפען אַ שטעלע און אַ בעשטימטע לוין פאַר אַנ'אונבעשטימטער. דער דאָזיגער פלאַן איז געווען אַזוי נישט קלוג, אַז ער האָט נישט געקאָנט געפעלען ווערען דער מאַמעלען, אַז איך זאָל שוין אפילו דערגרייכען אין דער צוקונפט אַזוינע בעדייטענדע רעזולטאַטען, ווי איך האָב בעגערט, וואָלט איך אויך אַוועקגעשטעלט מיין אַמביציע אין זעהר בעשיידענע רעמעלעך, ווייל איך וואָלט מיך בעדאַרפט אויפ'ן גאַנצען לעבען בעגרענצען מיט דעם מעמד פון אַ מוזיקאַנט. די מאַמעלע, וואָס האָט שטענדיג געבויט ברייטע פלאַנען און איז נישט אינגאַנצען מסכים-געווען מיט דאָבאָנס קוק אויף מיר, האָט מיט וועה זיך צוגעקוקט, ווי איך פערנעם מיך ערנסט מיט אַ קונסט, וואָס האָט אין אירע אויגען קיין שום ווערט נישט געהאַט; זי פלעגט מיר זעהר אָפט איבער'חזר'ן דאָס פּראָווינציעלע שפּריכוואָרט, וואָס איז ווייניגער געדרעכט אין פאַריז, אַז ווער עס זינגט און טאַנצט גוט, וועט קיין סך נישט דערגרייכען. פון דער אַנדער זייט, ווידער, האָט זי פערשטאַנען, אַז דערין האָט מיך פערשלעפט אַ מעכטיג געפיהל; מיין ליבע צו מוזיק איז דערגאַנגען ביז משוגעת, און פרוי דע-וואַרען האָט זיך געשראָקען, אַז איך זאָל נישט קאַליע-מאַכען די אַרבייט אין ביוראָ מחמת צו-

ייטקייט; דעריבער האָט זי גערעכענט, אַז עס איז כדאי אַליין אַוועקצוּוואַרפען די שטעלע, איידער וואַרטען, ביז מען וועט מיך אָבזאָגען.

איך, ווידער, האָב אַלץ מיט איר איינגעטענה'ט, אַז מיין אַרבייט אין ביוראָ איז אַ צייטווייליגע, אַז איך דאַרף מיך בע-סער פערפאָלקאָמען אין דער קונסט, וואָס איך האָב אָנגעהויבען לערנען (און לכתחלה אויף איר פערלאַנג) און וואָס עס ציט מיך צו איר און געפעלט מיר בעסער, ווי דאָס זיין אָבהענגיג פון איינציגע מענשען. עס וועט זיין ערגער, אויב איך וועל מיך נעמען פאַר אַ נייער אַרבייט, וואָס וועט מיר אפשר נישט גערא-טען און אויף אַזאַ אופן פערלירען די לעצטע מעגליכקייט צו פערדינען אַ שטיקעל ברויט; נאָך אַזאַ נייער פּראָבע וועל איך שוין זיין אַרויסגעגאַנגען פון יענע יאָרען, בשעת מענשען קאָנען זיך נאָך לערנען, צולעצט, האָב איך פאָרט אַרויסגעריסען איר הסכמה, אָבער זי האָט מער נאָכגעגעבען מיינע צערטליכקייטען און בעטענישען, איידער דער לאָגיק. בעקומען איר דערלויבניש, האָב איך מיך שטאָלץ אַוועקגעלאָזט צום הער קאָקסעלי, דעם דירעקטאָר פונ'ם ביוראָ; איך האָב געהאַט אַ פּנים פון אַ מענשען, וואָס איז בעגאַנגען אַ העלדענטאַט, און אָהן אַ סבה, אָהן אַ סמך, אָהן שום אויסרייד זיך אָבגעזאָגט פון דער שטעלע. איך האָב מיך געפרעהט נישט ווייניגער, אפשר נאָכמער, ווי אין יענעם טאָג, דעמאָלט, מיט אַ צוויי יאָר צוריק, בשעת איך האָב בעקו-מען די דאָזיגע שטעלע.

די דאָזיגע טאַט, נישט-געקוקט אויף דער גאַנצער משוגעת, וואָס איז געלעגען אין מיר, האָט אַרויסגערופען אין שטאָדט אַ געוויסע אַכטונג צו מיר, און די דאָזיגע אַכטונג האָט מיר גע-בראַכט נוצען. מאַנכע האָבען געמיינט, אַז איך מוז האָבען געלד; אַנדערע, ווידער, וואָס האָבען געזעהן, אַז איך האָב מיך אַזוי אַריינגעטאָן אין מוזיק און געמאָסטען מיין טאַלענט לויט דער גרויס פון דעם קרבן, וואָס איך האָב געבראַכט, האָבען גע-רעכענט, אַז איך מוז זיין סתם אַ גרויסער בקי אין דער מוזיק-קונסט, וואָרום די ליבע מיינע צו איר איז אונגעהויער גרויס,

ציוישען בלינדע איז אַ קרומער גלייך; איך האָב געשמ'ט פּאַר אַ גוטען לערער, ווייל אין שאַמבערי איז קיין בעסערער נישט געווען. אויסערדעם, האָב איך אַרויסגעוויזען אין גענאַנג פיינקייט פון געשמאַק, און דאָס צוזאַמען מיט מיין עלטער און מיין אוי-סערליכקייט האָבען מיר געגעבען אַזוי פיל שילערינס, אַז דאָס געצאָלט פון די לעקציעס האָט זיך פּאָלקאָם אויסגעגלייכט מיט'ן סעקרעטאַרישען געהאַלט.

וואָס אָנבעלאַנגט דעם פערגעניגען פון לעבען, איז זיך שווער פאָרצושטעלען אַ מער-שאַרפערן איבערגאַנג פון איין עקס-טרעם צו אַ צווייטען. אין דעם טריבען ביוראָ פאַר פּאָלקסציילונג האָב איך מיך גאַנצע אַכט שעה בעשעפטיגט מיט דער סאַמע לאַנגווייליגסטער אַרבייט, געזעסען אין אַ לופט, אָנגעזאַפּט מיט'ן אָטעם און שווייס פון די אַלע פּויערים, על פי רוב נישט גע-קאַמטע און שמוציגע, און בין נישט-זעלטען דערגאַנגען צו אַ חלשות-צושטאַנד פון אָנשטרענגונג, שלעכטע ריחות, לאַסט און לאַנגווייליגקייט. אָנשטאָט דעם אַלעם, האָב איך מיך פלוצלונג בעפונען אין אַנ'אויסגעפּוצטער געזעלשאַפט; מען האָט מיך אוי-מעטום אויפגענומען; מען האָט מיך נאָכאַנאַנד איינגעלאַדען אין די סאַמע בעסטע הייזער, וואו איך בין בעגעגענט געוואָרען ליבליך און האַרציג; אַלץ אַרום האָט אויסגעזעהן יום-טוב'דיג; שענע אויסגעפּוצטע מיידלעך האָבען געוואַרט אויף מיין קומען, האָבען זיך דערפרעהט ביים דערזעהן מיך; מיך האָבען אַרומגע-רינגעלט די סאַמע רייצענדיגסטע זאַכען, איך האָב איינגעאָטעמט דעם אַראָמאַט פון רויזען און פּאָמעראַנצענבלומען; געלעבט צווי-שען געזאַנג, געשפרעכען, געלעכטער און פרייד. פון איין שטוב בין איך אַרויס, איבערצולעבען אין אַ צווייטער דאָסזעלבע. די לעזער פערשטעהען, אַז ווען מען פערגלייכט די און יענע בע-דינגונגען, איז גאָר נישטאָ וואָס צו קווענקלען. און איך בין אַזוי געווען צופרידען מיט מיין אויסוואַל, אַז אַך האָב קיינמאָל קיין חרטה נישט געהאַט אויף אים. און נאָך איצט אפילו האָב איך קיין חרטה נישט, אַז איך נעם אויף דער וואָג פון שכל די אַלע מעשים פון מיין לעבען.

דאָס איז אפשר דער איינציגער פאַל, ווען איך האָב גע־טאָן דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט, און זיך נישט ענטווישט. די לייכטע און פשוט׳ע מנהגים ביי די איינוואוינער פון דער דאָזי־גער שטאָדט האָבען מיר געמאַכט אָנגענעם דאָס לעבען אין שאַמ־בערי. מיין ליבע צו געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך נאָך דעמאָלט אָנגעהויבען ענטוויקלען אין מיר, האָט בעוויזען, אַז אויב איך האָב נישט ליב צו לעבען צווישען מענשען, זענען זיי דערין מער שולדיג, איידער איך.

אַ שאָד, וואָס די סאַוואָיער זענען נישט רייכער און עס וואָלט באַנג געטאָן, ווען זיי וואָלטען געווען פערמעגליך, מחמת אין זייער איצטיגער לאַגע זענען זיי דאָס סאַמע ליבסטע און חבר׳ליכסטע פאָלק אויף דער וועלט. אויב עס איז דאָ אויף דער וועלט אַ קליינע שטאָדט, וואו מענשען האָבען הנאה פון לעבען און וויסען פון אָנגענעמע און רוהיגע בעציהונגען, איז עס נאָר אין שאַמבערי. דער פראָווינציעלער אַדעל, וואָס פערזאַמעלט זיך דאָרט, האָט קוים-קוים מיטלען, צו לעבען נישט אָרים. די יונגע־לייט גיבען־אַוועק זייער יוגענד דער מיליטערקונסט, דערנאָך קערן זיי זיך אום צוריק קיין שאַמבערי און עלטערן זיך רוהיג און לאַנגזאַם. ערע און שכל פירען-אָן מיט דעם דאָזיגען לעבענס־פלאַן.

די פרויען—סאַוואָיערינס זענען שען; נאָר זיי וואָלטען זיך אויך געקאָנט בעגעהן אָהן דעם; זיי האָבען אַלץ, וואָס פער־שטאַרקט נאָך דעם רייץ פון שענקייט און וואָס וואָלט זי נאָך געקאָנט פערבייטען. מערקווירדיג, צוליב מיין פראָפעסיע האָב איך געזעהן בלויז יונגע מיידלעך און איך געדענק נישט, אין שאַמבערי זאָל זיין איינע נישט קיין שענע. מען וועט מיר זאָ־גען, אַז איך האָב זיי געוואָלט זעהן שענע; מעגליך, נאָר, כּלע־בען, מיר איז גאָרנישט אויסגעקומען צו פערגרעסערן זייערע פראַכ־טען. איך קאָן מיך אָהן פערגעניגען נישט דערמאָנען אָן איינער פון מיינע שילערינס. פאַרוואָס זאָל איך נישט אָנרופען די סאַ־מע ליבסטע פון זיי? פאַרוואָס זאָל איך נעבען זיי פון דאָסניי נישט איבערלעבען די וואונדערליכע רגע׳ס פון זיסען און אונ־

שולדיגען תענוג! די ערשטע איז געווען מעלאַרעד. אַ בעוועגלי-כֿע ברונעטין, אָבער אַ צאַרטע, פול חן און שכל, איז זי געווען עטוואָס מאָגער, ווי דער גרעסטער טייל מיידלעך פון איר על-טער. אָבער אירע שטראַלענדיגע אויגען, די דינע טאַליע, דער חנ׳עוודיגער אויסדרוק פון געזיכט זענען געפעלען געוואָרען אָהן דיקקייט. געוועהנליך פלעג איך קומען צו איר אינדערפריה און פלעג זי טרעפען אין אַ שטובקליידעל, די האָר ווי-עס-איז הויך פערלעגט, בעפוצט מיט אַ בלימעל, וואָס פלעגט צוגעשפילעט ווע-רען, בשעת מיין קומען און אַראָבגענומען ווערען נאָך מיין אַוועקגעהן, פאַר׳ן פערקעמען זיך. איך האָב פאַר קיין זאַך אויף דער וועלט אַזוי נישט מורא, ווי פאַר אַ שענע פרוי אין איר פרימאָרגענקלייד, וואָס איז נישט אין אָרדנונג אָנגעטאָן. אַ הונ-דערט מאָל ווייניגער שרעקט זי מיך, ווען זי איז אין איר באַל-טואַלעט.

פריילין מענטאָן, ווענען איך האָב געגעבען אַ לעקציע נאָך האַלבען טאָג, האָט געמאַכט אויף מיר אויך אַזאַ אָנגענעמען איינ-דרוק, אָבער עטוואָס אַנ׳אַנדערן. איר קעפיל איז געווען בערע-מעלט מיט אַשפאַרביגע האָר. געווען איז עס זעהר אַ דין, זעהר אַ שעמעדיג און זעהר אַ ווייס מיידעלע; איר ריין מעכֿטיג און קלינגענדיג שטימעלע האָט זיך אַלץ נישט געוואָלט ענטוויקלען. אויפ׳ן ברוסט האָט זי געהאַט אַ צייכֿען: זי האָט זיך אַמאָל אָב-געבריט מיט הייסען וואַסער, און דאָס בלויע טיכֿעל האָט נישט אינגאַנצען צוגעדעקט דעם דאָזיגען צייכען. טיילמאָל פלעג איך קוקען דערויף, אָבער דערנאָך שוין נישט. דע-שאַל. געוואוינט נעבען מיר, געווען שוין אַ דערוואַקסען מיידעל, אַ הויכֿע, מיט ברייטע אַקסלען, אַ פולע, זעהר אַ ליבליכֿע. קיינער וואָלט זי נישט געהאַלטען פאַר אַ שענהייט, אָבער יעדער וואָלט געקאָנט נעמען, אַלס מוסטער, איר ליבליכֿקייט, איר אויסגעהאַלטענקייט פון כאַ-ראַקטער, איר גוטמוטיגקייט. איר שוועסטער, פרוי דע-שאַרלי, די סאַמע שענסטע פרוי אין שאַמבערי, האָט זיך נישט געלערנט קיין מוזיק, אָבער זי האָט געלאָזט לערנען איר טאָכֿטער ביי מיר, נאָך גאָר אַ יונג מיידעלע, וואָס איר שענקייט האָט פערשפראָכֿען

מיט דער צייט אויסצוגלייכען זיך מיט דער מוטערס שענקייט. צום אומגליק, האָט דאָס דאָזיגע מיידעלע געהאַט געלבליכע האָר. אין אַ מאָנאַסטיר האָב איך געגעבען אַ לעקציע אַ קליינינשקער פראַנצויזין; איר נאָמען געדענק איך נישט, נישט-געקוקט דע-רויף, וואָס זי האָט געמעגט פערנעמען אַנ׳אָרט אין דעם צעטעל פון די סאַמע ליבסטע שילערינס מיינע. זי האָט בעקומען די גע-וועהנהייט פון מאָנאַכינס צו ריידען לאַנגזאַם און מיט אַ צוציגע-נעם טאָן, און זינגענדיג פלעגט זי אַרויסזאָגען די סאַמע שאַרפ-זיניגסטע זאַכען, וואָס האָבען זיך גאָרנישט געפאַסט צו אירע מאַנירען. זי איז, איבעריגענס, געווען זעהר פויל, נישט ליב גע-האַט צו אַרבייטען, און בשעת זי האָט גערעדט שאַרפזיניג, איז עס געווען אַ חסד, וואָס איז נישט אַלעמען אַרויסגעוויזען געוואָ-רען. בלויז נאָך צוויי מאָנאַטען בעקאַנטשאַפט, אין וועלכע זי האָט זיך בעצויגען זעהר גלייכגילטיג, האָט זי אָנגענומען דאָס דאָזיגע מיטעל, צו מאַכען מיך פינקטליכער. איך קאָן בכלל נישט זיין פינקטליך; מיר פלעגען געפעלען-זיין די לעקציעס, בשעת איך פלעג זיי שוין געבען, אָבער מיר איז זעהר אונאָנגענעם געווען דער געדאַנק, אַז איך דאַרף געהן לערנען און זיין אונטערגע-וואָרפען אַ געוויסען סדר פון צייט. לאַסט און דרוק זענען מיר אין אַלץ אונדערטרעגליך. צוליב זיי וואָלט איך פיינט בעקומען אפילו דאָס פערגעניגען גופא. מען זאָגט, אַז בעגינענצייט געהט-אום ביי די מאַכמעדאַנער אַ מענש איבער די גאַסען און הייסט די מאַנען טאָן דאָס, וואָס זיי זענען מחויב צו טאָן: אין די דאָזיגע שעה׳ן, בעגינענצייט, וואָלט איך געווען זעהר אַ שלעכ-טער טערק.

איך האָב אויך געהאַט אַ פּאָר שילערינס פון דער בורזשו-אַזיע; געווען צווישען זיי איינע, וואָס צוליב איר זענען געענ-דערט געוואָרען די בעציהונגען, וועגען וועלכע איך וועל נאָך ריידען, מחמת איך מוז מיך מודה-זיין אין אַלץ. דאָס איז גע-ווען אַ טאָכטער פון אַ באַקאַלייקרעמער, וואָס האָט געהייסען לאַר. זי האָט אויסגעוויזען, ווי אַנ׳עכטער מאָדעל פון אַ גריכישען סקולפּ-טאָר. איך וואָלט זי אפשר געהאַלטען פאַר דאָס סאַמע שענסטע

מיידעל פון אַלע די, וואָס איך האָב געזעהן, ווען שענקייט וואָלט געקאָנט זיין אָהן נשמה און לעבען. איר פוילקייט, קאַלטקייט און געפיהללאָזיגקייט זענען דערגאַנגען ביז דער לעצטער מדרגה. אונמעגליך געווען אַריינצוברענגען זי אין כעס אָדער דערפרעהען זי, און איך בין זיכער, אַז ווען איך וואָלט געהאַט דרייסטע כונות, וואָלט זי זיך אונטערגעגעבען נישט פון פערגעניגען וועגען, נאָר פון נאַרישקייט. איר מוטער, וואָס האָט נישט געוואָלט, איר טאָכטער זאָל זיין אונטערגעוואָרפען אַ סכנה, האָט זי נישט אָבגעלאָזט פון זיך אויף אַ טריט. זי האָט איר געלאָזט לערנען זינגען און גענומען אַ יונגען לערער בלויז דערויף, צו מאַכען זי בעוועגליכער, און דאָס האָט אויך נישט געהאָלפען. בשעת דער לערער האָט געוואָלט אויפרעגען די טאָכטער, האָט די מוטער קאָקעטירט מיט'ן לערער, אָבער דאָס האָט אויך נישט געהאַט קיין בעזונדער ערפאָלג. פרוי לאַר איז געווען רירעווודיג פאַר זיך און פאַר דער טאָכטער. זי האָט געהאַט אַ קליין, פערשייט און אָבגעניצט פנימ'ל, בעדעקט מיט פאָקענגריבלעך. אירע קליינע אויגעלעך זענען געווען אָנגעגאָסען מיט פייער און כמעט שטענדיג רויט, מחמת זיי זענען איר שטענדיג געווען קראַנק. אַלע פרימאָרגען, בשעת איך פלעג קומען צו איר, האָט אויף מיר געוואַרט קאַווע מיט אַראָבגענומענער מילך, און די מוטער האָט מיך שטענדיג בעגעגענט מיט אַ קוש סאַמע אין די ליפען אַריין. אויס נייגיריגקייט פלעגט זיך מיר טיילמאָל וועלען אומקערן דער טאָכטער דעם דאָזיגען קוש, זעהן, ווי אַזוי וועט זי זיך בעציהען צו אים. איבעריגענס, אַלץ, וואָס פרוי לאַר האָט געטאָן, איז געווען אַזוי פשוט און געוועגליך, אַז קושען און אויגענשפיל זענען זיך געגאַנגען מיט זייער סדר אפילו דעמאָלט, ווען הער לאַר איז געווען אין דערהיים. ער איז געווען גוטמוטיג, רוהיג און האָט אויסגעזעהן צו זיין דער אמת'ער פאָטער פון זיין טאָכטער. דאָס ווייב האָט אים נישט גענאַרט, מחמת דאָס איז נישט נויטיג געווען.

מחמת מיין שטענדיגער נאַרישקייט, האָב איך אָנגענומען די דאָזיגע צערטליכקייט פאַר אַנ'אויסדרוק פון אמת'ער פריינד-

שאַפט. טײלמאָל פלעגען זײ מיר אפילו דערעסען, װאָרום פרוי לאַר האָט זיך צופיל געקלעבט, און אַז איך פלעג בײטאָג פאַרבײגעהן פאַרבײ איר קראָם און נישט אָבשטעלען זיך, פלעגט זי אױפהױבען אַ ליאַרם. אַז איך האָב מיך בעדאַרפט אײלען, האָב איך געמוזט געהן אַרום, מיט אַנ'אַנדער גאָס; איך האָב געװאוסט, אַז פון איר װעל איך שױן נישט אַזױ לײכט אַרױס, װי אַרײן.

פרוי לאַר האָט זיך אַזױ בעשעפטיגט מיט מיר, אַז איך האָב מיך נישט-װילענדיג געמוזט פעראינטערעסירען מיט איר. איר אױפמערקזאַמקײט האָט מיך גערירט. איך האָב דערפון נישט געמאַכט קײן סוד און האָב עס דערצעלט דער מאַמעלען; נאָר אַז איך װאָלט אפילו אין דער בעציהונג פון פרוי לאַר אײנגעפונען עטװאָס אַזױנס, װאָס איז נישט גאָר פשוט, װאָלט איך עס אױך נישט פערבאָרגען פון פרוי דע-װאַרען. פאַר איר פלעגט אָפען װערען מײן האַרץ, פונקט װי פאַר גאָט. אָבער די מאַמעלע האָט אַ קוק געטאָן אױף דער זאַך גאַנץ אַנדערש. זי האָט געזעהן אַ בעשטימטען רמז דאָרטען, װאו איך האָב געזעהן בלױז אַנ'אױסדרוק פון פרײנדשאַפט. זי האָט בעשלאָסען, אַז פרוי לאַר האָט אַ שטאַרקע כּונה מיך פראַקטישער צו מאַכען, און, פריערשפעטער, װעט עס זיך איר אײנגעבען. די מאַמעלע האָט אײנגעפונען פאַר נישט געװאונשען, אַז אַנ'אַנדערע פרוי זאָל דערציהען איר שילער; אױסערדעם, האָט זי געהאַט אַנדערע, זעהר װיכטיגע מחשבות, און זי האָט מיך געװאָלט מציל-זײן פון יענע געפאַרען, װאָס זענען מיר פאָרגעשטאַנען צוליב מײן עלטער און מײן לאַגע. מיר איז דעמאָלט װירקליך פאָרגעשטאַנען אַ געפאַר; איך האָב זי אפילו אױסגעמידען, אָבער די מאַמעלע האָט דערפון אָרױסגעדרונגען, אַז מען בעדאַרף אָננעמען די אַלע פערהיטונגסמיטלען, װאָס זענען נאָר געװען אין איר רשות, צו זײן זיכער פון אַלע סכּנות.

גרעפין דע-מענטאָן, די מוטער פון מײנער אַ שילערין, האָט מען געהאַלטען פאַר אַ חכמה, אָבער גלײכצײטיג האָט זי אױך געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ שלעכטער פרוי. מען זאָגט, אַז זי

איז געווען די סבה פון אַ סך קריגערייען. די מאַמעלע האָט גע־האַט אַ גוטע געלעגענהייט צו קאָנען זי אויסגעצייכענט. פרוי דע-וואַרען האָט גאַנץ אונשולדיג איינגעליבט אין זיך אַ מאַן, וואָס פרוי דע-מענטאָן האָט געהאַט אויף אים אַנ׳אויג; די גרע־פין האָט איר נישט געקאָנט מוחל-זיין דאָס פערברעכען, הגם די מאַמעלע האָט זיך גאָרנישט געסטאַרעט אָבצוציהען דעם דאָזיגען הער און נישט געענטפערט אויף זיין געפיהל. פון דעמאָלט אָן האָט פרוי דע-מענטאָן נישט איינמאָל געפרובט אויפשפּילען עפּיס אַ בייזען שפּאַס מיט איר געגנערין, אָבער דאָס פלעגט איר נישט געלינגען. אַלס מוסטער, וועל איך ברענגען איין קלייניטשקען פאַל, וואָס איז קאָמישער פון די אַנדערע. פרוי דע-מענטאָן און די מאַמעלע האָבען געוואוינט אין אַ דאָרף צוזאַמען מיט אַ סך שכנים; דאָרטען האָט אויך געוואוינט דער דערמאָנטער ליבע־קוועטשער. איינמאָל האָט פרוי דע-מענטאָן געזאָגט איינעם פון אירע געסט, אַז פרוי דע-וואַרען האָט געשמאַקלאָזע אָנשטעלעני־שען, אַז זי טוט זיך אָן שלעכט, אַז זי פערדעקט זיך די ברוסט, ווי אַ בורזשואַזע פרוי. „בנוגע צו אייער לעצטער בעמערקונג—האָט דערויף געזאָגט דער גאַסט, וואָס האָט ליב געהאַט אַ שפּאַס—זע־נען פאַראַן געוויסע סבות: איך ווייס, אַז די באַראָנעסע האָט אויפ׳ן ברוסט אַ שטריך פון אַנ׳עקעלדיגער מויז, אָבער אַזוי נאַ־טירליך, אַז מען קאָן מיינען, אויפ׳ן ברוסט לויפט באמת אום דאָס העסליכע בעשעפעניש.“ פיינטשאַפט, ווי ליבע, מאַכט דעם מענ־שען זעהר צוטרוליך. פרוי דע-מענטאָן האָט בעשלאָסען אויסצו־ניצען די דאָזיגע ענטדעקונג. איינמאָל, בשעת די מאַמעלע האָט גע־שפּילט מיט פרוי דע-מענטאָנס אונדאַנקבאַרען געליבטען, האָט זיך די גרעפין געשטעלט הינטער איר געגנערין, עטוואָס אָנגעקערט איר שטול און מיט אַ געשיקטער בעוועגונג אַ ציה געטאָן דאָס טיכעלע. אָבער אָנשטאָט אַ מויז האָט דער פערליבטער דערזעהן עפּיס אַנדערש, וואָס איז אויך אַזוי שווער צו פערגעסען עס, ווי צו קוקען דערויף, און דערויף האָט זיך די גרעפין גאָרנישט גע־ריכט.

דאַכט זיך, אַז איך וואָלט נישט געקאָנט פעראינטערעסירען

פרוי דע-מענטאָן, וואָס האָט ליב געהאַט צו זיין אַרומגערינגעלט פון גלענצענדע לייט. פונדעסטוועגען האָט זי געוואָרפען אויף מיר אַנ'אויג, נישט צוליב מיין אויסערליכקייט, וועגען וועלכער זי האָט מסתמא גאָרנישט געטראַכט, נאָר צוליב מיין שכל, וואָס זי האָט משער-געווען אין מיר און וואָס זי האָט געוואָלט אויס-נוצען. פרוי דע-מענטאָן האָט ליב געהאַט סאַטירישע זאַכען, ליב געהאַט צו שרייבען לידלעך אויף מענשען, וואָס זענען איר נישט געווען געפעלען. ווען זי וואָלט אין מיר געפונען גענוג טאַלענט, צו העלפען איר שרייבען לידער, און גענוג ליבליכקייט, צו שאַ-פען פאַר איר סאַטירישע זאַכען, וואָלטען מיר ביידע אויפגעהוי-בען די גאַנצע שטאָדט. אַז מען וואָלט זיך געכאַפּט, ווער דאָס טוט, וואָלט איך, מסתמא, געווען דאָס כפרה-הינדעל און זי וואָלט זיך געבליבען אין שאָטען. מען וואָלט מיך אפשר אויף דאָס גאַנצע לעבען איינגעזעצט אין געפענגניש.

צום גליק, איז עס נישט געשעהן. פרוי דע-מענטאָן האָט אַ מאָל צוויי-דריי מיך פערהאַלטען צום מיטאָג, געשמועסט מיט מיר און סוף-כל-סוף איינגעפונען, אַז איך בין נאַריש. איך האָב עס אַליין איינגעזעהן, ביטער בעדויערט מיין נאַרישקייט און מקנא-געווען מיין פריינד ווענטיורס טאַלענטען. דאָך האָב איך בעדאַרפט דאַנקבאַר זיין פאַר מיין טעמפּקייט: זי האָט מיך מציל-געווען פון אַ געפאַר. פאַר פרוי דע-מענטאָן בין איך גע-בליבען געזאַנגענלערער פון איר טאָכטער, און גאָר, דערפאַר אָבער האָב איך גליקליך געלעבט אין שאַמבערי און ביי אַלעמען נושא-חן-געווען. עס וואָלט געווען שלעכט, ווען פרוי דע-מענטאָן וואָלט מיך געהאַלטען פאַר אַ שאַרפזיניגען מאַן און אַלע—פאַר אַ שלאַנג.

ווי דאָס איז נישט געווען, נאָר די מאַמעלע האָט פער-שטאַנען, אַז מען קאָן מיך פערהיטען פון די אַלע יוגענדגעפאַ-רען, ווען מען זאָל זיך אָנהויבען בעציהען צו מיר, ווי צו אַ דערוואַקסענעם מענשען. האָט זי טאַקי אַזוי געטאָן. אָבער זי האָט דערצו אויסגעקליבען אַזאַ אויסטערליש מיטעל, וואָס אַנ'אַנ-דער פרוי וואָלט עס זיכער אויפ'ן זינען נישט געקומען. איך

האָב בעמערקט, אַז זי איז געוואָרען ערנסטער אין פערקער מיט מיר און רײנער אין געשפּרעך. די שטיפערישע פרעהליכקייט, וואָס פלעגט געהן צוזאַמען מיט אירע נאַטאַציעס, איז אויסגע-ביטען געוואָרען אויף אַן'איינגעהאַלטענעם טאָן—נישט קיין פּאַ-מיליאַרען, נישט קיין שטרענגען, אָבער דער דאָזיגער טאָן האָט, אַפּנים, געזאָלט מיך צוגרייטען צו אַן'ערנסטען שמועס. אומזיסט האָב איך געזוכט אין זיך די סבה פון דער דאָזיגער פערענדע-רונג און, צולעצט, בעשלאָסען פרעגען וועגען דעם פּרוי דע-וואַ-רען. דערויף האָט זי טאַקי געוואַרט. זי האָט מיר פאָרגעלעגט, איך זאָל מאָרגען קומען אין אונזער גערטעל. די מאַמעלע האָט אָנגענומען אירע מיטלען, אַז קיינער זאָל אונז נישט שטערען אַ גאַנצען טאָג און האָט פערבּרויכט די דאָזיגע צייט דערויף, איך זאָל קאָנען זיין צוגעגרייט צום חסד, וואָס זי האָט מיר געוואָלט אַרויסווייזען. אָבער זי האָט נישט געטאָן אַזוי, ווי אַלע אַנדערע פרויען: מיט קאָקעטעריע און שפּיל, נאָר מיט געשפרעכען פול געפיהל און בעדאַכטקייט, וואָס זענען געווען מער געווענדט דע-רויף מיך אויפצוקלערען, איידער צו פערפירען. אירע ווערטער האָבען מער גערעדט מיין האַרץ, איידער מיינע ליידענשאַפטען. נאָר ווי גוט און נוציג אירע ווערטער זענען נישט געווען, ווי קאַלט און טרויעריג זיי האָבען מיר נישט געקלונגען, דאָך האָב איך זיי נישט געהערט מיט דער נויטיגער אויפמערקזאַמקייט און זיי האָבען זיך נישט איינגעשניטען אין מיין זכרון, ווי דאָס פלעגט געשעהן אין אַנדער צייט. דער אָנהויב פונ'ם שמועס, דער אויסדרוק פון דער מאַמעלעס געזיכט, די לאַנגע הקדמות האָבען מיך אונרוהיג געמאַכט. זי האָט גערעדט, און איך, פער-טראַכט און צוזייט געגען מיין ווילען, האָב וועניגער אַריינגע-דרונגען אין דעם זין פון אירע ווערטער און מיר האָט זיך מער געוואָלט וויסען דעם צוועק פונ'ם שמועס. האָב איך עס נאָר פערשטאַנען—און דאָס איז מיר געווען נישט לייכט, איז מיר באַלד געפעלען געוואָרען די אידעע, וואָס איז מיר קיינמאָל אין קאָפּ נישט געקומען פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס איך האָב געוואוינט ביי דער מאַמעלען: איך האָב איינגאַנצען פערלאָרען

די פעהיגקייט צו טראַכטען פון דעם, וואָס זי האָט מיר גערעדט. איך האָב נאָר געטראַכט וועגען איר און נישט געהערט זי.

פיל דערציהער, וואָס ווילען, די יונגעלייט זאָלען הערען זייערע ווערטער, גרייטען-צו עפּיס אַן׳אינטערעסאַנטע זאַך פאַר די יונגעלייט אויפ׳ן סוף פון שמועס. דאָס איז אַ פעלער; איך אַליין האָב עס אויך נישט אויסגעמידען אין מיין „עמיל״. דער יונגערמאַן, שטאַרק פעראינטערעסירט מיט דער זאַך, וואָס מען ווייזט אים, נעמט נישט אין אַכט אייערע רייד: ער וויל מיט אַמאָל קומען אַהין, וואוהין איר פירט אים, ווי אים ווייזט-אויס, מיט אַ צו-לאַנגען וועג. ווילסטו, אַז דער יונגער צוהערער זאָל זיין אויפמערקזאַם, בעדאַרף מען נישט דערלאָזען, ער זאָל וועלען טרעפען דעם סוף פונ׳ם שמועס. און דערין איז געלעגען דער מאַמעלעס טעות. מחמת די בעזונדערע אייגענשאַפטען פון איר כאַראַקטער, האָט זי מיר פון פּאָרזיכטיגקייט וועגען, וואָס איז גאָרנישט נויטיג געווען, פאָרגעלעגט אַזוינע בעדינגונגען, וועלכע איך האָב אפילו נישט אויסגעהערט, ווי געהעריג; איך בין בעשטאַנען אויף אַלץ. איך צווייפעל, צי אויף דער גאַנצער וועלט וואָלט זיך געפינען אַ מענש, וואָס זאָל זיין גענוג דרייסט און אָפענהערציג צו שטעלען זיך געגען די פאָרגעלעגטע בעדינגונגען און כאָטש איין פרוי אַזאַ, וואָס זאָל זיין פעהיג אים מוחל צו זיין עס. און אַלץ טאַקי צוליב דיזעלבע מאָדנע אייגענשאַפטען פון איר כאַראַקטער, האָט די מאַמעלע פייערליך און פאָרמעל אָנגענומען מיין הסכמה און געגעבען מיר אַ וואָך צייט צו בעדאַכטען זיך. איך האָב איר פערזיכערט, אַז איך בעדאַרף נישט האָבען אַזאַ צייט צו בעדאַכטען זיך, אָבער איך האָב געלייגט. צוליב דער אונגעוועהנליכקייט פונ׳ם ענין בין איך אַליין זעהר צופרידען געווען, וואָס דער ענין ווערט אָבגעלעגט. די נייע ווענדונג, וואָס די זאַך האָט אָנגענומען, האָט מיך שטאַרק איבערראַשט, און מיינע געדאַנקען זענען אַזוי צומישט געוואָרען, אַז איך האָב מיך גענויטיגט אין צייט, צו ברענגען זיי אין אָרדנונג.

דער לעזער איז זיך משער, אַז די דאָזיגע אַכט טעג האָבען מיר געמוזט אויסזעהן אַכטהונדערט יאָר. ניין, איך האָב גע-

וואָלט, זיי זאָלען זיך ווירקליך פערוואַנדלען אין הונדערטער יאָ-רען. איך ווייס נישט, ווי בעשרייבט מען אַ צושטאַנד, אין וועל-כען איך האָב מיך געפונען. איך האָב געציטערט פאַר דעם, וואָס איך האָב בעגערט; איך האָב געשפּירט אי שרעק, אי אונ-געדולדיגקייט; איך האָב מיך געשראָקען פאַר דעם, וואָס איך האָב בעגערט, און געשראָקען מיך אַזוי ווייט, אַז איך האָב מיר טיילמאָל געבראָכען דעם קאָפּ, ווי אַזוי אויסצומיידען דאָס פאָר-שטעהענדיגע גליק. זאָלען די לעזער אַ טראַכט טאָן וועגען מיין הייסען און ליידענשאַפטליכען טעמפּעראַמענט, וועגען מיין בלוט, וואָס איז אָנגעצונדען געוואָרען אין מיר, וועגען מיין האַרץ, וואָס איז פערשכּור׳ט געוואָרען פון ליבע, וועגען דער קראַפט און געזונד פון מיין יוגענד. זאָל ער זיך דערמאָנען, ווי איך, לעכצענדיג נאָך דער נאָנטקייט מיט אַ פרוי, בין מיט קיין איי-נער נאָנט נישט געווען, אַז די פאַנטאַזיע, דאָס פיזישע בעדערפ-ניש, דאָס געפיהל צו כּבוד, די נייגיריגקייט האָבען זיך אויפגעע-גאָסען אין מיר אין איין פלאַמענדיגען בעגער צו זיין אַ מאַנס-פערשוין און אויסזעהן, ווי אַ מאַנספערשוין. זעגט נאָך מוסף דער-צו, אַז מיין הייס און לעבעדיג געפיהל צו פרוי דע-וואַרען איז גאָרנישט אָבגעשוואַכט געוואָרען מיט דער צייט, נאָר פערקערט, פון טאָג-צו-טאָג שטאַרקער געוואָרען; אַז גוט איז מיר געווען נאָר מיט איר, אַז אַוועקגעהן פלעג איך בלויז צו טראַכטען פון איר; אַז פול געמאַכט האָט מיר דאָס האַרץ נישט בלויז דער געדאַנק וועגען איר גוטסקייט צו מיר, וועגען איר ליבען כאַראַק-טער, נאָר דאָס בעזונדער זיין, אַז זי איז שען; אַז זי האָט זיך איינגאַנצען געגעסטיגט אין מיין האַרץ—מיט איין וואָרט, ז י איז אַלע אירע אויסדרוקען, וואָס האָבען זי מיר געמאַכט ליב. איר זאָלט נישט מיינען, אַז דערמיט, וואָס די מאַמעלע איז געע-וועזען עלטער פאַר מיר מיט אַ צען-צוועלף יאָר, האָט זי מיר אויס-געוויזען אַלטליך. פון מיינע ערשטע שטאַרקע התפּעלות, בשעת איך האָב זי דערזעהן, און ביז איצט, האָט זי זיך באמת ווייניג געענדערט. איך האָב אין איר אודאי קיין שום ענדערונג נישט געזעהן. פאַר מיר איז זי געווען זעהר שען און פאַר אַלעמען

[illegible] נאָך אַלץ געבליבען אַ רייצענדיגע. אמת, די טאַליע אירע עטוואָס פולער געוואָרען, ווי פריער, אָבער זי האָט געהאַט דיזעלבע אויגען, דעמזעלבען קאָנטור פון דער ברוסט, דיזעלבע געזיכטשטריכען, דיזעלבע שענע העלבלאָנדע האָר, דיזעלבע פרעה-ליכקייט, אפילו דיזעלבע זילבערנע שטים, ווי די יוגענדשטים אין די פריערדיגע יאָרען, וואָס האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ שטאַר-קען רושם. אפילו איצט קאָן איך רוהיג נישט הערען דעם קלאַנג פון אַ שענעם מיידעל-קול.

אודאי, צו בעזיצען די פרוי, וואָס איז מיר אַזוי טייער, האָב איך מיך בעדאַרפט שרעקען נאָר פאַר איין זאַך: איך וועל נישט געגוג קאָנען דיסציפלינירען מיין פאַנטאַזיע און מיינע בע-גערן, צו בעהערשען זיך. די לעזער וועלען זעהן, אַז אין די מער-דערוואַקסענע יאָרען האָט דער איין געדאַנק וועגען די סאַ-מע קלענסטע חסדים, וואָס האָבען געוואַרט אויף מיר מצד דער פרוי, אַזוי וויים צוהיצט מיר דאָס בלוט, אַז איך בין נישט גע-ווען בכח דורכצומאַכען אַ קליין שטיקעל וועג ביז איר שטוב. ווי אַזוי-זשע האָב איך אין דער רעכטער בליהענדיגער יוגענד גע-קאָנט אַזוי רוהיג וואַרטען אויף מיין ערשטען גענוס? ווי אַזוי האָב איך געקאָנט צוזעהן די דערנענטערונג דערצו גיכער מיט שרעק, איידער מיט התלהבות? פאַרוואָס האָב איך, אָנשטאָט ענטציקונג, וואָס האָט מיך בעדאַרפט פער'שכור'ן, געפיהלט אַנ'-אונרוהיגקייט און כמעט געוואָלט זיך אויסדרעהען פון דעם חסד? אָהן אַ ספק, ווען איך וואָלט געקאָנט אויף אַ גלאַטען אופן זיך אָבזאָגען פון דעם גליק, וואָס האָט אויף מיר געוואַרט, וואָלט איך עס געהן געטאָן. איך האָב נאָך פריער מתרה-געווען די לעזער, אַז זיי וועלען געפינען משונה'דיגע זאַכען אין מיינע בעציהונגען מיט איר. נאָר אַזוינס האָט געוויס קיינער נישט געוואַרט.

דער לעזער, שוין אַנ'אויפגערעגטער, וועט איינזעהן, אַז פרו דע-וואַרען האָט זיך נידעריג געמאַכט אין מיינע אויגען דערמיט, וואָס געהערענדיג איינעם, האָט זי זיך געוואָלט אָבגעבען מיר; דער לעזער מיינט, אַז דאָס נישט אַכטען זי האָט מיר קאַלט גע-

מאַכט דאָס געפיהל, וואָס זי האָט מיר גורם-געווען. דער לע-זער האָט אַ טעות. איך האָב ווירקליך שטאַרק געליטען פון דער דאָזיגער טיילונג, געליטען מחמת פערשטענדליכער אָנשטענדיג-קייט, און מחמת דעם, וואָס אַזאַ מין סיטואַציע איז נישט ווערט געווען נישט איר און נישט מיך; אָבער מיינע געפיהלען צו פרוי דע-וואַרען זענען דאָך נישט קאַלט געוואָרען, און איך קאָן מיך שווערען, אַז נאָך קיינמאָל אין לעבען האָב איך זי נישט געליבט שטאַרקער, ווי אין יענער מינוט, בשעת איך האָב אַזוי ווייניג געוואָלט זי בעזיצען. איך האָב צו-גוט געוואוסט, וואָס פאַר אַ כשר האַרץ און וואָס פאַר אַן'אייזקאַלטען טעמפע-ראַמענט זי האָט, אַז איך זאָל זי כאָטש אויף אַ רגע חושד-זיין, אַז זי וויל זיך מיר אָבגעבען צוליב געשלעכטספערגעניגענס. איך בין געווען זיכער, אַז נאָר דערפאַר, וואָס זי האָט מיך געוואָלט ראַטעווען פון דער כמעט אונפערמיידליכער סכנה, אַז נאָר דער-פאַר, וואָס זי האָט געוואָלט מיך אָבהיטען פאַר מיר און פאַר מיינע פליכטען, האָט זי זיך בעשלאָסען איבערצוטרעטען אַ מאָ-ראַלישׁ געזעץ, אויף וועלכען זי האָט, צוריקגערעדט, געקוקט גאָר אַנדערש, ווי אַנדערע פרויען; וועגען דעם וועל איך דערנאָך דערצעלען. איך האָב געהאַט מיטלייד מיט איר און מיט זיך אַליין. איך וואָלט איר געוואָלט זאָגען: „ניין, מאַמעלע, מען דאַרף עס נישט. אָהן דעם בין איך אויך פעראַנטוואָרטליך פאַר זיך". אָבער איך האָב מיך נישט דערוועגט אַרויסצוברענגען די דאָזיגע פראַזע, ערשטענס, דערפאַר, וואָס אַזוינע זאַכען ווערען נישט גערעדט, און, צווייטענס, דערפאַר, ווייל טיף אין דער נשמה האָב איך געפיהלט, אַז דאָס איז נישט ריכטיג און אַז נאָר זי אַליין קאָן מיך באמת פעהיטען פון אַנדערע פרויען און מציל זיין מיך פון אַ שווערען נסיון. איך האָב זי נישט געוואָלט בעזיצען, אָבער איך בין געווען צופרידען, וואָס זי האָט מיך בעפרייט פון אַנדערע ליידענשאַפטען. איך האָב צו-אויפריכטיג געהאַלטען פאַר אַן'אומגליק דאָס אַלץ, וואָס וואָלט מיך געקאָנט אָבציהען פון איר.

די לאַנגע געוואוהנהייט, דאָס לעבען אין אַן'אונשולדיגער

גאָנטקייט מיט דער מאַמעלען האָט נישט אָבגעשוואַכט מיין לי-בע צו איר, פערקערט, זי איז נאָך שטאַרקער געוואָרען; אין דערזעלבער צייט איז איר צוגעגעבען געוואָרען אַנ׳אַנדער שאַ-טירונג, וואָס האָט זי געמאַכט צאַרטער און וועניגער געשלעכט-ליך. איך האָב זי גערופען מאַמעלע, זיך בעצויגען צו איר מיט דער אָפענהערציגקייט פון אַ זוהן און דעריבער געקוקט אויף איר, ווי אויף אַ מוטער. און דערין, דאַכט מיר, ליגט די סבה פון דעם, וואָס איך האָב וועניג געשטרעבט צו בעזיצען זי, נישט-געקוקט דערויף, וואָס זי איז מיר געווען אונגעהויער טיי-ער. מיינע ערשטע געפיהלען, געדענק איך אויסגעצייכענט, זענען אפילו געווען נישט אַזוי שטאַרק, ווי דערנאָך, אָבער זיי האָבען מיר געגעבען אַ סך מער ליידענשאַפטליכע אונרוהיגקייט, איידער די שפּעטערדיגע שטאַרקערע געפיהלען. אין אַנעסי האָב איך מיך געבאָדען אין תּענוג, אין שאַמבערי האָב איך עס שוין נישט גע-שפּירט. איך האָב, ווי פריער, ליב געהאַט פרוי דע-וואַרען מיט דער גאַנצער היץ, אויף וועלכער איך בין געווען פעהיג, אָבער איך האָב זי ליב געהאַט מער פאַר איר, איידער פאַר מיר, אָדער נעבען איר האָב איך, לפּחות, מער געטראַכט פון גליק, איידער פון פערגעניגען. פאַר מיר איז זי געווען מער, ווי אַ שוועסטער, אַ מוטער, מער ווי אַ חבר, אפילו מער, ווי אַ געליב-טע, מיט איין וואָרט, איך האָב זי צופיל ליב געהאַט, אַז איך זאָל בעגערן. דאָס איז פאַר מיר דייטליכער פון אַלץ.

צולעצט, איז פאָרט אָנגעקומען דער דאָזיגער, מער אויס-טערלישער, איידער געווינשטער טאָג. איך האָב צוגעזאָגט אַלץ, וואָס זי האָט געפאָדערט און נישט געלייגט. מיין האַרץ האָט בעשטעטיגט די אַלע פערפליכטונגען, נישט-וועלענדיג קיין שום לוין דערפאַר. דאָך האָב איך בעקומען לוין. דאָס ערשטע מאָל בין איך אַריינגעפאַלען אין די אָרעמס פון אַ פרוי — און אַ פרוי אַ הייס-געליבטער. בין איך געווען גליקליך? ניין, איך האָב גע-האַט פערגעניגען. עפּיס אַ פערבאָרגענער אומעט האָט פער׳סמ׳ט דעם רייץ פון די דאָזיגע מינוטען. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בעגעה דאָ אַ חטא פון צוזאַמענגעמישטען בלוט. אַמאָל דריי-

פיר האָב איך זי געדריקט אין מיינע אָרעמס און בעגאָסען מיט טרערען איר ברוסט. נאָר זי איז געווען נישט פרעהליך, נישט אומעטיג; רוהיג און צערטליך איז זי פערבליבען. אין פרוי דע-וואָרען איז דאָס געשלעכטסגעפיהל געווען נישט שטאַרק און אין די בעציהונגען מיט מיר האָט זי נישט געזוכט קיין פערגעני-גענס; אין מיינע אָרעמס האָט זי נישט געשפירט קיין גרויסע התלהבות און האָט אויך קיינמאָל קיין חרטה נישט געהאַט אויף איר טאַט.

איך זאָג נאָכאַמאָל, אַז די אַלע טעות׳ן אירע זענען גע-קומען פון אירע פערקערטע מיינונגען און נישט פון אירע ליי-דענשאַפטען. זי איז געווען גוט פון נאַטור און געהאַט אַ ריינע נשמה; די נייגונגען אירע האָבען זי שטענדיג געצויגען צום ערליכען, צום גוטען, צום ריינעם; זי האָט געהאַט אַ פיינעם גע-שמאַק און בעשאַפען איז זי געווען פאַר גוטע מעשים; צו דעם האָט זי שטאַרק געצויגען, הגם זי האָט געפירט אַ לעבען, וואָס האָט נישט געשטימט מיט זיי. זי איז זיך בעגאַנגען נישט מאָראַליש דערפאַר, ווייל זי האָט נישט געפאָלגט דאָס האַרץ, וואָס האָט זי געצויגען צו גוטס, נאָר דעם שכל, וואָס האָט זי אַוועקגעשלעפּט אין אַנ׳אַנדער זייט. צוליב פאַלשע פרינציפּען האָט זי געמאַכט טעות׳ן און די הויכע געפיהלען האָבען זיי סותר-געווען; צום אומגליק, האָט זי שטאַרק געפאָלגט יענער פילאָזאָפיע און גע-זעצען פון יושר, וואָס זי אַליין האָט זיי בעשאַפען פאַר זיך. זיי פלעגען קאַליע מאַכען יענע גוטע כונות, וואָס דאָס האַרץ פלעגט איר אונטערזאָגען.

הער דע-טאַוועל, דער מאַמעלעס ערשטער געליבטער, איז געווען איר לערער איבער פילאָזאָפיע. ער האָט איר איבערגע-געבען יענע געזעצען פון יושר, וואָס זענען אים נויטיג געווען צו פערפירען זי. ער האָט געזעהן, אַז זי איז צוגעבונדען צו איר מאַן, צו אירע פליכטען, ער האָט אויך פערשטאַנען, אַז זי איז קאַלט און בעדאַכט, אַז מען קאָן נישט דערוועקען אירע ליידענשאַפטען, האָט ער זי אָנגעהויבען נעמען מיט דער הילף פון פאַלשער חקירה און אויפגעוויזען איר, אַז דער חוב, וואָס

זי האָט אַזוי הייליג אויסגעפילט, איז אַ געבאָט פאַר קינדער, אַז די אינטימליכקייט פון געשלעכטען איז אַ גאָרנישטדיגער אַקט, אַז מאַן- און ווייב-טרייהייט איז בלויז אַנ׳אָנשטעל פאַר דער וועלט און אַז מען קאָן דערויף קוקען, ווי מען וויל: דאָס געהערט צו אַ שטאַנדפונקט, און אַז די איינציגע פליכט פון אַ ווייב איז—דעם מאַנס רוה. לויט זיינע ווערטער, בעדאַרף די בעהאַלטענע אונ-טרייהייט, וואָס דער געגנאַרטער ווייס פון איר נישט, אויך נישט בעאונרוהיגען דאָס געוויסען פון דעם געגנאַרער. צולעצט, האָט ער זי איבערצייגט, אַז פאַר זיך גענומען, איז אונטרייהייט גאָר-נישט, אַז בלויז דורך סקאַנדאַל בעקומט זי אַ בעדייטונג און אַז יעדע פרוי, וואָס זעהט-אויס ערליך, איז טאַקי ערליך אין דער׳-אמת׳ן. ער האָטווירקליך דערגרייכט זיין ציל: ער האָט קאַליע געמאַכט דעם שכל פונ׳ם יונגען ווייזען; דאָס האַרץ אָבער האָט ער נישט געקאָנט פערדאַרבען. טאַוועל איז דערפאַר בעשטראָפט געוואָרען מיט די סאַמע שמערצליכסטע יסורים פון אויפעריגקייט: אים האָט זיך געדאַכט, אַז פרוי דע-וואַרען בעגעהט זיך מיט אים אַזוי, ווי ער האָט זי געלערנט בנוגע צום מאַן. איך ווייס נישט, צי האָט ער אַ טעות געהאַט אָדער נישט: פאַר זיין נאָכפאָלגער האָט מען געהאַלטען דעם הער פערע. איך ווייס נאָר, אַז דער קאַלטער טעמפעראַמענט פון דער דאָזיגער יונגער פרוי, וואָס האָט זי אייגענטליך בעדאַרפט פערהיטען פון טאַוועלס טעאָריעס, איז געווען די סבה פון דעם, וואָס זי האָט זיך נישט געקאָנט אָבזאָגען פון זיי. ביי פרוי דע-וואַרען האָט זיך נישט געלעגט אויפ׳ן זינען, אַז מענשען זאָלען צוגעבען אַזאַ בעדייטונג אַ זאַך, וואָס האָט ביי איר גאָרנישט געשפּילט אַזאַ ראָל. איינגעהאַלטענ-קייט האָט ביי איר קיינמאָל נישט געקאָנט הייסען אַ גוטע מדה, מחמת זי האָט איר קיין שום מיה נישט געקאָסט.

פאַר זיך וואָלט זי, אַלזאָ, קיינמאָל נישט געברויכט איר קאָדעקס מיט די פאַלשע כללים פון יושר. געברויכט האָט זי אים פאַר אַנדערע און דערביי געשטיצט זיך אויפ׳ן פרינציפּ, וואָס איז אויך אַזוי פאַלש געווען, ווי איר קוק אויף די בעצי-הונגען צווישען אַ מאַן און אַ פרוי. אָבער דער דאָזיגער פרינציפּ

האָט זיך מער געשטימט מיט איר גוטען האַרץ. זי האָט גע-האַלטען, אַז אַ נאָנטע בעציהונג בינדט אַממערסטען צו דעם מאַנסביל, און כאָטש זי האָט ליב געהאַט אירע פריינד בלויז פריינדליך, דאָך אָבער אַזוי צערטליך ליב געהאַט, אַז זי האָט זיי געוואָלט וואָס שטאַרקער צובינדען צו זיך און געטאָן דער־ין אַלץ, וואָס זי האָט נאָר געקאָנט. און אַ מאָדנע זאַך, דאָס פלעגט איר כמעט שטענדיג געלינגען. זי איז געווען אַזוי חנ׳עוודיג, אַז וואָס דער מענש איז נענטער געוואָרען מיט איר, אַלץ מער האָט ער איינגעפונען סבות צו ליבען זי. כדאי צו בעמערקען, אַז זיין גוט האָט זי נאָר ליב געהאַט מיט אומגליקליכע. מענשען מיט גלאַנץ האָבען אומזיסט אַרומגעטאַנצט אַרום איר; סיידען זעהר העסליכע האָבען נישט געפונען ביי איר קיין ליבע, אויב זי האָט זיי געזשאַלעוועט.

אויב מאַנכע פאַלשע בעגריפען און מיינונגען האָבען זי אַרויסגעשלעפט אויף אַ שלעכטען וועג, האָט זי אָבער געהאַט אַזוי פיל הויכע פעסטע כללים פון וועלכע זי האָט זיך קיינמאָל נישט אָבגעקערט! וויפיל מאָל פלעגט זי אויסקויפען דורך גוטע מעשים אירע שוואַכקייטען, אויב מען קאָן נאָר אָנרופען שוואַכקייטען אַזוי-נע טאַטען, וואו דאָס געשלעכטסגעפיהל האָט קיין שום ראָל נישט געשפילט! דערזעלבער מענש, וואָס האָט איר אין איין פונקט פערדרעהט דעם קאָפּ מיט פאַלשע מיינונגען, האָט זי אָבער גרויסאַרטיג אויפגעקלערט אין אַנדערע זאַכען, און אירע ליידענ-שאַפטען, וואָס האָבען נישט געפלאַמט, האָבען איר נישט גע-שטערט צו פאָלגען זיינע גוטע עצות. זי איז געגאַנגען אויף אַ גוטען וועג, ווען די סאָפיזמען האָבען איר נישט געשטערט דע-רין. שטענדיג, אפילו אין די מעשים, האָט זי געהאַט גוטע כונות. זי האָט זיך געקאָנט בעגעהן שלעכט, אַ טעות האָבען, אָבער זי איז קיינמאָל נישט געווען אימשטאַנד צו פערלאַנגען עפּיס שלעכ-טעס. זי האָט פיינט געהאַט פאַלשקייט, ליגען; זי איז זיך בע-גאַנגען מיט יושר, מענשליך, אָהן שלעכטע כונות, איז טריי גע-ווען איר וואָרט, אירע פריינד, אירע פליכטען; די מאַמעלע האָט זיך נישט געקאָנט נוקם-זיין, האַסען און האָט אפילו נישט פער-

שטאַנען, למאי ווערט געהאַלטען מחילה פאַר אַ מעלה. און קער איך, מיך, צולעצט, אום צו דעם, וואָס מען קאָן איר אַמוועניגסטען מוחל-זיין, מוז איך זאָגען, אַז זי האָט עס קיינמאָל נישט געמאַכט פאַר אַ מאוס מיטעל, צו דערגרייכען דערמיט עפּיס אַ נוץ. אירע חסדים האָט זי געטיילט, אָבער נישט פערקויפט, הגם זי האָט נאָכאַנאַנד געזוכט מיטלען צום לעבען.

איך ווייס, אַז זאָגענדיג, אַז פרוי דע-וואַרען האָט געהאַט אַ פיהלבאַרע נאַטור און אַ קאַלטען טעמפּעראַמענט, וועט מען מיך, ווי אַלעמאָל, בעשולדיגען אין סתירות און אויך מיט אַזאַ יושר, ווי אין אַנדערע פאַלען. עס קאָן זיין, אַז די נאַטור האָט זיך טועה-געווען, מעגליך, אַז זי האָט נישט בעדאַרפט בעשאַפען דאָס געמיש—איך ווייס נישט. איך זאָג נאָר, אַז אַזוי איז געווען. די אַלע, וואָס האָבען געקאָנט פרוי דע-וואַרען און וואָס פיל פון זיי לעבען נאָך, וואָלטען געקאָנט איינגעפינען, אַז איך זאָג אמת. איך דערוועג מיך אפילו צו דערלעגען, אַז פאַר איר האָט עקזיסטירט איין עכטע פרייד אויף דער וועלט—צו געבען גליק די יענע מענשען, וואָס זי האָט זיי ליב געהאַט. פונדעסטוועגען ווערט קיינעם נישט פערבאָטען אויפצוווייזען, אַז איך זאָג נישט דעם אמת. מיין אויפגאַבע איז—געהן נאָר מיט'ן אמת, אָבער נישט צו צווינגען מענשען, זיי זאָלען מיר גלויבען.

אַלץ, וואָס דאָ איז געזאָגט געוואָרען, האָב איך מיך ביסלעכווייז דערוואוסט פון די געשפּרעכען, וואָס האָבען זיך אָנגעהויבען פערוויקלען באַלד נאָך אונזער פעראייניגונג און וואָס האָבען זי געמאַכט, די דאָזיגע פעראייניגונג, זעהר זיס. דער מאַמעלעס האָפנונג, אַז איר חסד וועט מיר ברענגען אַ פעולה, איז מקוים-געוואָרען. פריער פלעגט די מאַמעלע ריידען מיט מיר בלויז וועגען מיר, ווי מיט אַ קליין קינד. נאָך אונזער דערנעענטערונג האָט זי אָנגעהויבען קוקען אויף מיר, ווי אויף אַ דערוואַקסענעם מאַן און גענומען דערצעלען וועגען זיך. אַלץ, וואָס זי האָט מיט מיר גערעדט, איז מיר געווען אַזוי טשיקאַווע, האָט מיך אַזוי בעוועגט און גערירט, אַז איך האָב פון אירע דערצעלונגען געהאַט מער פעולה, איידער פון אירע נאָטאַציעס. בשעת

מיר פיהלען, אַז מיט אונז רעדט אַ האַרץ, עפענען מיר אויך פו-
נאַנדער אונזער האַרץ און נעמען דערין אַריין יענעמס ווערטער.
קיינמאָל וועט זיך קיין שום מוסר פון פעדאַגאָגען נישט קאָנען
פערגלייכען מיט׳ן רושם, וואָס עס מאַכט אויף אונז די צאַרטע
און האַרציגע פלוידעריי פון אַ פרוי, צו וועלכער מיר זענען צו-
געבונדען.

אונזער נאָנטקייט האָט געגעבען פרוי דע-וואַרען די מעג-
ליכקייט צו דערקאָנען מיך בעסער, און זי איז געווען דער מיי-
נונג, אַז מען וואָלט מיר בעדאַרפט, נישט-געקוקט אויף מיין אומ-
געלומפערטקייט, געבען אַ וועלטליכע דערציהונג און ווען איך
וואָלט מיך בעוויזען אין דער געזעלשאַפט, פערנומען אַ געוויסע
שטעלונג, וואָלט איך געקאָנט מאַכען אַ קאַריערע. צוליב דעם
דאָזיגען געדאַנק האָט זי זיך נישט נור געסטאַרעט צו פאָרמי-
רען מיין שכל, נאָר זי האָט זיך אויך בעשעפטיגט מיט מיין
אויסערליכקייט, מיט מיינע מאַנירען—איך זאָל נישט בלויז ווערט
זיין אַכטונג, נאָר איך זאָל אויך אויסזעהן חנ׳עווידיג. אויב עס
איז אמת, אַז ערפאָלג אין געזעלשאַפט קאָן געהן האַנט-ביי-האַנט
מיט גוטע מעשים (פערזענליך האַלט איך נישט דערפון), איז
דערצו געווען נאָר איין וועג און סאַקי דער, וואָס זי האָט
אויסגעקליבען און מיך געוואָלט אַרויפשטויסען אויף אים. פרוי
דע-וואַרען האָט געקאָנט מענשען און אויפ׳ן העכסטען גראַד בע-
זעסען די קונסט צו פערקערען מיט זיי אָהן ליגען, אָבער נישט
אָהן פאָרזיכטיגקייט, נישט נאַרענדיג און נישט בייז מאַכענדיג
זיי. אָבער אָט די קונסט איז גיכער געווען אַ רעזולטאַט פון כאַ-
ראַקטער, איידער פון דענקען. זי האָט עס בעסער בעוויזען אין
דער פראַקטיק, איידער אין לערנען, און וועניגער ווי אַלע בין
איך געווען פעהיג איבערצונעמען דאָס, וואָס זי האָט געלערנט.
און דעריבער איז דאָס אַלץ, וואָס זי האָט געטאָן אין דעם פרט,
געווען אַרויסגעוואָרפען אָדער כמעט אַזוי. און מיט נאָרנישט האָט
זיך אויך אויסגעלאָזט איר מיה, בשעת זי האָט מיר גענומען אַ
לערער צום טאַנצען און אַ לערער צום פעכטען. איך בין אפילו
געווען געשיקט און שלאַנק, דאָך האָב איך מיך נישט געקאָנט

אויסלערנען טאַנצען אַ מינוט. צוליב די הינערלויגען האָב איך מיך אַזוי איינגעוואוינט צו גיין אויף די פיאַטעס, אַז ראָש האָט מיך נישט געקאָנט אָבגעוואוינען פון דער דאָזיגער אַרט גאַנג, און טאָקי צוליב דעם האָב איך קיינמאָל נישט געקאָנט, נישט-געקוקט אויף מיין געשיקטקייט, איבערשפרינגען דאָס קלענסטע קאַנאַווקעלע.

נאָך ערגער איז געווען מיט׳ן פעכטען. נאָך דריי מאָנאַטען לערנען האָב איך נאָך אַלץ נישט געקאָנט מאַכען אַנ׳אָנפאַל אין פעכטען. מיינע פינגער זענען נישט געווען גענוג שטאַרק איינצוהאַלטען די ראַפּיר, בשעת מיין פעכטלערער האָט זי מיר געוואָלט אַרויסשלאָגען פון דער האַנט. איך וועל נאָך צוגעבען, אַז איך האָב געפיהלט אַנ׳אומגעהויערן עקעל צום פעכטען און צום לערער אויך. איך האָב גאָר פריער קיינמאָל נישט משער-געווען, אַז מען קאָן זיך איבערנעמען מיט דער קונסט צו הרג׳ענען מענשען.

איך האָב געהאַט זעהר אַ קליינע פעולה אין די דאָזיגע קונסטען און אינגיכען זיי אינגאַנצען אַוועקגעוואָרפען; דערפאַר אָבער האָב איך געהאַט ערפאָלג אין אַ מער-נוציגערער קונסט—אין דער קונסט צו בענוגענען זיך מיט מיין גורל און נישט וועלען אַ מער-גלענצענד לעבען. איך האָב שוין אָנגעהויבען פיהלען, אַז איך בין דערצו נישט געבוירען געוואָרען. מיט׳ן גאַנצען האַרצען האָב איך נאָר געוואָלט מאַכען זיס דער מאַמעלעס לעבען און פיהלען זיך רוהיג נעבען איר. אַז איך פלעג אַוועק פון איר און אומבלאָנקען איבער׳ן שטאָדט אויף די לעקציעס, פלעג איך, נישט-געקוקט אויף מיין שטאַרקער ליבע צו מוזיק, אָנהויבען שפירען די משא פון מיינע לעקציעס.

איך ווייס נישט, צי האָט קלאָד אַנע בעמערקט אונזער נאָענטקייט. איך האָב אַ גרונד צו מיינען, אַז דאָס איז פאַר אים נישט געבליבען בסוד. ער האָט געהאַט זעהר אַ גוט אויג, אָבער ער האָט עס נישט אַרויסגעוויזען. ער האָט קיינמאָל נישט גע-זאָגט קיין ליגען, אָבער ער האָט אויך קיינמאָל נישט אַרויסגע-זאָגט דאָס, וואָס ער האָט געטראַכט. אין דעם פרט איז זיין רוהיגקייט נישט געווען אַ רעזולטאַט פון אַ געמיינער נשמה. ער

האָט אויך געהאַט דיזעלבע מיינונגען, ווי פּרוי דע-וואַרען און האָט איר דעריבער נישט געקאָנט פאָרוואַרפען, פאַרוואָס זי בע-געהט זיך אַזוי. ער איז אפילו נישט עלטער געווען פאַר פּרוי דע-וואַרען, אָבער ער האָט געהאַט אַ רייפען שכל און האָט גע-קוקט אויף אונז ביידען כמעט ווי אויף קינדער, וואָס מען דאַרף זיך בעגעהן מיט זיי ווייכער. מיר, ווידער, האָבען געקוקט אויף אים, ווי אויף אַ מיושב׳דיגען מאַן און אַז מען דאַרף זיך סטאַרען צו קריגען חן אין זיינע אויגען. בלויז נאָכדעם, ווי פּרוי דע-וואַרען האָט אָנגעהויבען פעררעטען קלאָד-אַנ׳ען, האָב איך דער-קאָנט די גאַנצע קראַפט פון איר געפיהל צו אים. זי האָט פער-שטאַנען, אַז איך האָב געטראַכט, געפיהלט, געאָטעמט מיט אירע געדאַנקען, מיט אירע געפיהלען, מיט איר אינגאַנצען, און האָט דעריבער מיר געוויזען, אויף וויפיל זי האָט אים ליב געהאַט, כדי איך זאָל אויך אַזוי שטאַרק ליב האָבען. וויפיל מאָל האָט זי געריהרט אונזערע הערצער און געצוואונגען אונז מיט טרערען אויף די אויגען אַרומצונעמען איינער דעם צווייטען, זאָגענדיג אונז, אַז מיר ביידע זענען נויטיג פאַר׳ן גליק פון איר לעבען. זאָלען די פרויען, וואָס לייענען דאָס דאָזיגע בוך, נישט אָנהוי-בען שמייכלען מיט אַ נישט-גוטען שמייכעל; ווער עס האָט גע-קאָנט דער מאַמעלעס טעמפּעראַמענט, וועט נישט געפינען קיין צווייזייטיגקייט דערין: זי האָט נאָר גערעדט וועגען די בעדערפ-נישען פונ׳ם האַרץ.

מיר דרייען זענען, אַלזאָ, געווען אפשר דער איינציגער פערבאַנד אין דער וועלט. פערלאַנגען, זאָרגען, הערצער—זיי זע-נען געווען אַלגעמיינע; קיין זאַך איז נישט אַרויס פון די גרע-ניצען פון אונזער קרייז. די געוועוהנהייט צו לעבען אינאיינעם און אין אַזאַ קליינער געזעלשאַפט, איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז בשעת עמיץ האָט געפעלט צום מיטאָג אָדער עס איז געזעסען אַ פירטער, האָט עפּיס אַלץ אויסגעוויזען רואינירט. נישט-געקוקט אויף דעם בעזונדערן כאַראַקטער פון אונזערע בעציהונגען, פלעג איך מיט פּרוי דע-וואַרען זיין וועניגער אויג-אויף-אויג, ווי צוזאַ-מען זאַלבעדריט. דער אויפריכטיגער צוטרוי, וואָס האָט געהערשט

צווישען אונז, האָט נישט דערלאָזט קיין שום דרוק. קיין לאַנג-ווייליגקייט האָט אויך נישט געקאָנט זיין צווישען אונז, מחמת מיר אַלע זענען געווען זעהר בעשעפטיגט. די מאַמעלע האָט איי-ביג געבויט פלענער, שטאַרק געאַרבייט, נישט געלאָזט קיינעם לעדיג געהן; מיר האָבען אָבער אויך געהאַט אונזערע אייגענע אַרבייטען, וואָס פלעגען אונז צונעמען צייט. איך האַלט, אַז לע-דיג געהן איז אויך אַזאַ פּלאָג פאַר דער געזעלשאַפט, ווי פאַר'ן יחיד. קיין זאַך בעגרענצט נישט אַזוי דעם שכל, פערשאַפט נישט אַזוי פיל רכילות, קליינליכקייטען, ליגען, חשק צו קריג און אַרומרייסעניש, ווי דאָס זיצען שטענדיג אין איין צימער און פטר'ן די צייט אין פלוידעריי. בשעת אַלע זענען פערנומען, רעדט יעדער נאָר דעמאָלט, ווען ער האָט עפּיס וואָס צו זאָגען. אָבער אַז מענשען האָבען נישט וואָס צו טאָן, מוזען זיי דאָך ריידען די גאַנצע צייט, און דאָס איז איינע פון די סאַמע אונ-בעקוועמסטע און געפערליכסטע זאַכען.

איך דערוועג מיך זאָגאַר צו געהן ווייטער און זאָג, אַז אויב מען וויל מאַכען ליבליכער די געזעלשאַפט, איז נישט נאָר נויט-ווענדיג, יעדער פון אירע מיטגלידער זאָל זיין מיט עפּיס בעשעפ-טיגט, נאָר צו דער דאָזיגער בעשעפטיגונג זאָל זיך אויך פאָדערן אַ געוויסע אויפמערקזאַמקייט. מאַכען בענדלעך איז אַלצאיינס, ווי גאָרנישט טאָן, און די פרוי, וואָס מאַכט זיי, איז אויך אַזוי שווער צו בעוועגען, ווי די דאַמע, וואָס זיצט מיט צוזאַמענגע-לעגטע הענט. בשעת אַ פרוי נייט-אויס, איז שוין נישט דאָס: איר אַרבייט פילט-אויס אַקוראַט די צווישענצייט פון שווייגען. עס איז נישט אָנגענעם און לעכערליך צוצוזעהן, ווי אַ וואָסער טוץ פוסטע פאַצעטלעך—לעדיגגעהער שטעהען-אויף, זעצען זיך, דרע-הען זיך איבער'ן צימער, קערן זיך אויף די אָבצאַסען, נעמען אין די הענט אַריין אַ מאָל הונדערט די אַלע קלייניגקייטען פון קאַמין און מאַכען זיך מיד דעם קאָפּ מיט די אונענדליכע, אונ-אויפהערליכע שמועסען. וואָס אַ מין גרויסאַרטיגע בעשעפטיגונג! נאָר ווי די דאָזיגע מענשען זאָלען זיך נישט דרעהען, וועלען זיי דאָך אַלעמאָל זיין צו-לאַסט סיי אַנדערע און סיי זיך. אַז

איך האָב געוואוינט אין מאָטיע, פלעג איך געהן צו מיינע בע-קאַנטע פרויען פלעכטען שנירלעך. וועל איך פון דאָסניי בעזוכען די וועלטליכע געזעלשאַפט, וועל איך שטענדיג האָבען אין קע-שענע אַ בילבאָקע *) און זיך שפּילען דערמיט, כדי נישט צו דאַרפען ריידען, בשעת איך וועל נישט האָבען וואָס צו זאָגען. ווען יעדער וואָלט אַזוי געטאָן, וואָלטען מענשען געוועהן וועני-גער שלעכט, וועניגער געפערליך, און די בעציהונגען צווישען זיך, דערוועג איך מיך צו מיינען, וואָלטען געוואָרען ליבליכערע. זאָ-לען זיך חוזק-מאַכער לאַכען, אויב זיי ווילען, אָבער איך זאָג נאָכאַמאָל, אַז איין מאָראַל איז בלויז צוגענגליך פאַר אונזער דור: די מאָראַל פון דער בילבאָקע.

איבעריגענס, האָבען מיר גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָר-גען, אַז אונז זאָל נישט זיין לאַנגווייליג. נישט-געבעטענע געסט פלעגען אונז אַזוי דערעסען, אַז בשעת מיר פלעגען בלייבען אַליין, פלעגען מיר קיין שום לאַנגווייליגקייט נישט שפירען. דער פערדרוס, וואָס די דאָזיגע לייט פלעגען אַמאָל דערוועקען אין מיר, איז נישט שוואַכער געוואָרען. דער איינציגער אונטערשייד פון אַמאָל און איצט בעשטעהט דערין, וואָס דעמאָלט האָב איך געהאַט מער צייט צו כעס'ן אויף זיי. די אָרימע מאַמעלע האָט נישט פערלאָרען איר ליבע צו אונטערנעמונגען און סיסטעמען, פערקערט, וואָס שטאַרקער די נויט איז געוואָרען, אַלץ מער און מער האָט זי זיך איבערגעגעבען אירע חלומות, צו מאַכען אַ פערמעגען. וואָס וועניגער מיטלען זי האָט געהאַט אין דער גע-גענוואַרט, אַלץ מער אוצרות האָט זי זיך געשאַפען אין דער צוקונפט. די צייט האָט נאָר פערשטאַרקט די דאָזיגע מאַניע. וועלטליכע פערווײלונגען, יוגענדפערגעניגענס האָבען ביסלעכווייז פערלאָרען פאַר איר דעם רייץ און זי האָט זיי אויסגעביטען

*) בילבאָקע—אַ שפּילכעל פון אַ טעצעלע מיט אַ שטעקעלע; צום שטעקעלע איז צוגעבונדען אַ הילצערן קיילעכעל. דאָס קיילעכעל װאַרפט מען אין דער הויך און מען פּרובירט זיך צו כאַפּען עס מיט'ן טעצעלע אָדער מיט'ן שטעקעלע.

אויפ׳ן תּענוג צו געפינען סעקרעטען און צוזאַמענשטעלען פּלאַ־נען. ביי איר אין שטוב האָבען זיך אייביג געדרעהט פערשידע־נע שאַרלאַטאַנעס, פאַבריקאַנטען, זוכער פון פילאָזאָפישען שטיין, פערשידענע אונטערנעמער, וואָס האָבען אָנגעהויבען מיט מיליאָ־נענפערמעגענס און געענדיגט מיט בעטלען אַ גראָשען. קיין איי־נער פון די דאָזיגע לייט איז נישט אַרויס פון שטוב מיט לע־דיגע הענט, און איך האָב מיך געוואונדערט דערויף, וואָס זי קאָן מיט אַזאַ ברייטקייט טיילען געלד און עס זאָל זיך נישט אויסנעמען און דערביי זאָל נישט פּלאַצען די געדולט פון די קרעדיטאָרען.

אין יענער צייט, וועגען וועלכער עס ווערט דערצעלט, האָב איך אַוועקגעשלעפּט איר סאַמע מגושמ׳דיגסטען פּראָיעקט: זי האָט געוואָלט איינאָרדנען אין שאַמבערי אַ קעניגליכען באָטאַ־נישען גאָרטען מיט אַ לערער אויף געהאַלט. דער לעזער פער־שטעהט מסתּמא, ווען זי האָט געוואָלט איבערגעבען דעם דאָ־זיגען פּאָסטען. שאַמבערי, ווי אַנ׳אָרט צווישען די אַלפּען, האָט געהאַט פּאַסענדע בעדינגונגען פאַר באָטאַניק, און די מאַמעלע, וואָס האָט לייכטער געמאַכט איין אונטערנעמונג מיט דער הילף פון אַ צווייטער, האָט געוואָלט איינאָרדנען ביים גאָרטען אַ שול פאַר פאַרמאַצעווטען. אַזאַ שול וואָלט ווירקליך געקאָנט ברענגען נוצען דעם אָרימען לאַנד, וואו אַפּטייקען האָבען כּמעט געדינט אָנשטאָט דאָקטוירים. דאָס, וואָס דער הויפטדאָקטאָר גראָסי האָט זיך בעזעצט אין אונזער שטעדטעל נאָך דעם קעניג וויקטאָרס טויט, האָט, לויט דער מאַמעלעס מיינונג, מיטגעהאָלפען דעם פּראָיעקט אָדער אפשר אַרויסגערופען אים אין איר. נאָר ווי דאָס איז, פרוי דע־וואַרען האָט אָנגעהויבען אַרומטאַנצען אַרום דעם דאָקטאָר גראָסי, הגם ער איז גאָרנישט געוועזען פון די זעהר העפליכע מענשען. איך האָב נישט געקאָנט אַ מער־האַמעטנערן מענשען און אַנ׳אָבלאַכער. דער לעזער וועט איינשטימען מיט מיר, ווען איך וועל געבען אַ צוויי אָדער דריי שטריכען אויס דעם לעבען פון דעם דאָזיגען פּאַרשוין.

איינמאָל האָט ער זיך בעראַטען מיט אַנדערע דאָקטוירים,

צווישען וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען אַ דאָקטאָר, וואָס איז אויסגעשריבען געוואָרען פון אַנעסי; ער האָט געהיילט דעם קראַנ-קען, וואָס וועגען זיין קראַנקהייט איז דאָס איצט געגאַנגען דער קאָנסיליום. דער יונגער דאָקטאָר פון אַנעסי, וואָס האָט נאָך נישט איבערגענומען די טראַדיציעס פון דאָקטוירים, האָט געהאַט די העזה נישט מסכים צו זיין מיט דער מיינונג פון דעם הויפט-דאָקטאָר. אָנשטאָט אַנ׳ענטפער, האָט אים גראָסי געפרעגט, מיט וועלכען וועג וועט ער פאָרען צוריק. דער יונגער דאָקטאָר האָט אים געענטפערט און דערנאָך געפרעגט, פאַרוואָס אינטערעסירט ער זיך דערמיט און מיט וואָס קאָן ער אים דינען.

—מיט גאָרנישט—האָט גראָסי געענטפערט—איך וויל פשוט געהן אַ קוק טאָן פון פענסטער, ווי אַזוי אַנ׳אייזעל וועט פאָרען אויף אַ פערד.

ער איז אויך געווען אַזוי קאַרג, ווי רייך. איינמאָל האָט זיינער אַ פריינד געוואָלט ביי אים באָרגען געלד אונטער אַ גו-טער ערבות.

—מיין פריינד—האָט גראָסי געזאָגט—דריקענדיג אים די האַנט און קריצענדיג מיט די ציין—ווען דער הייליגער פעטער וואָלט אַראָב פון הימעל צו לייען ביי מיר אַ צען גילדען, וואָלט איך אים אויך נישט געליהען.

איינמאָל האָט דער גראַף פיקאָן, דער סאַוואָיער גובערנאַ-טאָר, אַ מענש זעהר אַ פרומער, איינגעלאַדען אים צו זיך אויף אַ מיטאָג. גראָסי איז גע׳קומען פאַר דער בעשטימטער צייט. דער גראַף האָט הויך געדאַוועט און פאָרגעלעגט אים אויך טאָן דאָס אייגענע. גראָסי האָט נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן, גע-מאַכט אַ שרעקליכע תנועה און געשטעלט זיך אויף די קני; אָבער באַלד האָט ער זיך אויפגעהויבען, געכאַפט דעם שטעקען און אַוועק אָהן ווערטער. לויפט אים נאָך פיקאָן און שרייט: „הער גראָסי, הער גראָסי, געהט נישט אַוועק, אויפ׳ן בראָטענשפייז וואַרט אויף אייך אַ גרויסאַר׳יגע רויטע פעלדהון״.—„גראַף—ענט-פערט גראָסי,—גיט מיר כאָטש אַ געבראָטענעם מלאך, וועל איך דאָ אויך נישט פערבלייבען״.

אָט אַזאַ איז געווען דער הויפּטדאָקטאָר גראָסי, וואָס די מאַמעלע האָט אים געוואָלט צוציהען און סוף־כל־סוף עס דער־גרייכט טאַקי. נישט־געקוקט דערויף, וואָס ער איז געווען זעהר בעשעפטיגט, פלעגט ער דאָך זעהר אָפט קומען צו אונז און האָט ליב בעקומען אַנע׳ן. גראָסי האָט אָנערקענט זיינע קענטנישען, גערעדט פון זיי מיט אַכטונג און זיך בעצויגען צו אים מיט אָב־שיי, אַזאַך, וואָס מען האָט גאָרנישט געקאָנט דערוואַרטען פון אַזאַ בער; דער דאָקטאָר האָט געוואָלט פערגלעטען אַנעס עבר. אַנע איז שוין אפילו קיין דינער נישט געווען, אָבער אַלע האָבען געוואוסט, אַז ער איז דאָס געווען. מען האָט בעדאַרפט האָ־בען אַ ביישפּיל און אַנ׳אויטאָריטעט פון אַ דאָקטאָר, צו צווינגען אַלעמען, זיי זאָלען ריידען און בעגעהן זיך מיט אים אַזוי, ווי זיי וואָלטען זיך נישט בעגאַנגען מיט אַבי־ווער. קלאָד אַנע, אין אַ שוואַרצען פראַק און אַ ווייסען פאַרוק, גוט צוגעקעמט, מיט זיין אָנשטענדיגער און ערנסטער האַלטונג, וואָס האָט געפירט אַ רוהיג מעסיג לעבען, געווען אַ בקי אין מעדיצין און באָטאַניק און איז געפעלען געוואָרען דעם פערוואַלטער פון פאַקולטעט, האָט אויסגעצייכענט געקאָנט אָנפירען מיט׳ן קעניגליכען גאָרטען, ווען דער מאַמעלעס פלאַן וואָלט זיך איינגעגעבען. גראָסי׳ן איז געפעלען געוואָרען דער מאַמעלעס פלאַן. ער האָט אים צוגענו־מען און געוואָלט אים פאָרשטעלען דעם קעניגליכען הויף: ער האָט נאָר געוואַרט, אַז די מלחמה זאָל זיך ענדיגען און די רע־גירונג וועט, ענדליך, קאָנען אַ טראַכט טאָן פון נוציגע זאַכען און וועט ווערען פרייער אין געלד, צו פערווירקליכען גוטע פּלאַנען.

אָבער צוליב איינער פון יענע צופעליגקייטען, וואָס צו־שטערען שטענדיג די בעסטע פּראָיעקטען, איז דער דאָזיגער פלאַן נישט פערווירקליכט געוואָרען. וואָלט געשעהן אַנדערש, וואָלט איך מיך געוויס אָבגעגעבען מיט באָטאַניק, מחמת מיר דאַכט זיך, אַז איך בין געבוירען פאַר דער דאָזיגער וויסענשאַפט. נאָר מיר איז בעשערט געווען אויסצוטרינקען ביסלעכווייז דעם בעכער פון אַלע מענשליכע אומגליקען. מען קאָן מיינען, אַז דער הימעל,

וואָס האָט אָנגעגרייט פאַר מיר די שווערסטע נסיונות, האָט צו־גענומען פון מיר דאָס אַלץ, וואָס האָט מיך געקאָנט מציל־זיין פון זיי. איינמאָל איז אַנע אויף׳ן דאָקטאָרס פערלאַנג אַוועק אין די בערג אָבצוזוכען דאָרט דעם אַלפּישען ווייסען ווערמוט—אַ זעלטענע פלאַנצונג, וואָס געפינט זיך נאָר אין די אַלפּען; אַנע האָט זיך צוגעקילט און קראַנק געוואָרען אויף לונגענענטצינדונג, פון וועלכער עס האָט אים נישט אָבגעראַטעוועט דער אייגענער ווערמוט, כאָטש מען זאָגט, אַז דאָס איז אַ ספּעציפיש מיטעל גע־גען דער דאָזיגער קראַנקהייט. עס האָבען נישט געהאָלפען נישט גראָסיס בקיאות, נישט דאָס, וואָס ער איז געווען אַנ׳אויסגעצייכענטער דאָקטאָר און אויך דאָס, וואָס מיר האָבען אים אויסערגע־וועגליך גוט אָבגעהיט: אויפ׳ן פינפטען טאָג איז ער געשטאָרבען אויף אונזערע הענט, נאָך זעהר אַ שווערער אַגאָניע. איך אַליין האָב געזאָגט נעבען זיין בעט די לעצטע תפילות מיט אַזאַ וועה, אַז ווען ער וואָלט זיי געקאָנט הערען, וואָלט עס אים אפשר גע־ווען אַ שטיקעל טרייסט. אַזוי האָב איך פערלאָרען דעם סאַמע טרייסטען פריינד אין לעבען. דאָס איז געווען אַ זעלטענער מענש, וואָס איז ווערט געווען געשעצט צו ווערען. אין אַ לאַגע פון אַ קנעכט האָט ער געלויכטען מיט די אַלע מעלות פון גרויסע מענ־שען, און וואָלט ער מער געלעבט, וואָלט ער אפשר פערנומען אַ געהעריג אָרט אין דער וועלט, און די וועלט וואָלט אים גע־האַלטען פאַר אַ גרויסען.

אויף מאָרגען, נאָך אַנעס טויט, האָב איך גערעדט וועגען אים מיט דער מאַמעלען און דערביי געפיהלט טיפע שמערצען נאָך דעם פערלאָרענעם פריינד; אָבער פלוצלונג, אין סאַמע מי־טען שמועס, האָט מיר אויפגעבליצט אין קאָפּ אַ געמיינער און אַ מאוס׳ער געדאַנק: מיר איז איינגעפאַלען, אַז איך וועל ירשנ׳ען זיינע זאַכען און צוזאַמען מיט זיי—דעם פראַק, וואָס איז מיר זעהר געפעלען געווען. האָב איך עס נאָר אַ טראַכט געטאָן, האָב איך עס גלייך אַרויסגעזאָגט, ווייל טראַכטען און ריידען מיט דער מאַמעלען איז פאַר מיר געווען איינס און דאָסזעלבע. קיין זאַך האָט נישט געקאָנט אַזוי מאַכען, אַז זי זאָל טיפער דערפיהלען

איר פערלוסט, ווי די דאָזיגע געמיינע בעמערקונג מיינע! דער פערשטאָרבענער האָט קיינמאָל נישט געוואוסט פון אייגענניץ און האָט געהאַט אַנ׳איידעלע נשמה. אָרימע פרוי! זי האָט גאָרנישט געענטפערט, זי האָט זיך נאָר אָבגעקערט פון מיר און זיך צע־וויינט. ליבע, טייערע טרערען! איך האָב זיי פערשטאַנען, זיי זענען אַריינגעדרונגען צו מיר אין האַרצען אַריין און אַראָבגע־וואַשען דעם לעצטען זכר פון אַ געמיינעם געפיהל. מער האָט זיך עס קיינמאָל נישט אַריינגעגנב׳עט אין מיין נשמה.

אַנעס פערלוסט האָט נישט נור געבראַכט דער מאַמעלען צער, נאָר ער האָט איר אויך פערשאַפט אַ סך שאָדען. פון דע־מאָלט אָן זענען אירע געשעפטען אַוועק אַלץ ערגער און ערגער. אַנע איז געווען פינקטליך און געניי. ער האָט געהאַלטען אין אָרד־נונג די שטוב. אַלע האָבען מורא־געהאַט פאַר זיין אויג און האָ־בען ווייניגער צושלעפט דער מאַמעלעס גוטס. די מאַמעלע אַליין האָט זיך געשראָקען פאַר זיין קוק און האָט זיך אַזוי נישט גע־וואָרפען מיט איר פערמעגען. זי האָט זיך נישט בלויז בענוגענט מיט זיין געפיהל, זי האָט אויך געוואָלט, ער זאָל זי שעצען, און זי האָט שטאַרק געציטערט פאַר זיינע פאָרוואורפען, אַז זי צו׳פטר׳ט פרעמדע געלדער, ווי די אייגענע. איך בין מיט אים געווען איינפערשטאַנדען, האָב עס אויך פיל מאָל געזאָגט דער מאַמעלען, אָבער איך האָב נישט געהאַט אויף דער מאַמעלען אַזאַ ווירקונג, ווי אַנע, און מיינע ווערטער פלעגען נישט מאַכען אַזאַ רושם אויף איר, ווי זיינע בעמערקונגען. קלאָר אַנע איז אַוועק, און איך האָב בעדאַרפט פערנעמען זיין אָרט, הגם איך האָב נישט געהאַט די געהעריגע פעהיגקייטען דערצו און נישט די געשמאַ־קען. איך האָב שלעכט אויסגעפילט מיינע פליכטען; איך בין גע־ווען נישט גענוג אויפמערקזאַם און שעמעדיג. איך האָב נאָר גע־וואָרטשעט פאַר זיך און געלאָזט די שטוב כמעט אויף הפקר. דערצו האָט מיר געפעלט דער צוטרוי, וואָס מען האָט געשפירט צו אַנע׳ן—איך האָב נישט געהאַט זיין אויטאָריטעט. האָב איך בעמערקט אַנ׳אונאָרדנונג, האָב איך עס בעדויערט, געקלאָגט זיך דע־רויף, אָבער מען האָט מיך נישט געהערט. איך בין געווען צו־יונג און

צו-היציג און נישט געקאָנט זיין געלאַסען און קלוג, און אַז איך האָב געװאָלט שפּילען די ראָל פון אַ מדריך, פּלעגט מיר די מאַמעלע לייכט און צערטליך אַ קלאַפּ טאָן איבער׳ן באַק, אָנרו-פען מיך איר קליינער מענטאָר און הייסען, איך זאָל מיך בע-גרענצען מיט אַ מער-פּאַסענדיגער ראָל.

איך האָב טיף געפיהלט, אַז דער מאַמעלעס נישט-בעקלער-טע אויסגאַבען װעלען זי פריער אָדער שפּעטער אינגאַנצען רו-אינירען, און דאָס האָט מיך נאָך שטאַרקער בעאונרוהיגט, װען איך בין געװאָרען איר פערװאַלטער און אַליין געזעהן, װי עס שטימט נישט די הוצאה מיט דער הכנסה.

אין דער דאָזיגער צייט האָט זיך אין מיר אָנגעהויבען ענטװיקלען אַ נייגונג צו קאַרגקייט. ביז אַהער פלעג איך מיך משוגע׳נערװייז װאַרפען מיט געלד נאָר אין געװיסע מאָמענטען, הגם איך האָב אויך קיינמאָל נישט געטראַכט, צי האָב איך װע-ניג אָדער אַ סך געלד. איצט בין איך געװאָרען בעדאַכטער און אָנגעהויבען זאָרגען װעגען מיין בייטעלע. איך האָב געװאָלט, אַז דער מאַמעלען זאָל עפּיס איבערבלייבען נאָך דער קאַטאַסטראָפע, װאָס איך האָב פאָרגעזעהן, און צוליב דעם דאָזיגען פערלאַנג בין איך אַריינגעפאַלען אין אַ געמיינקייט. איך האָב מורא גע-האַט, די קרעדיטאָרען זאָלען נישט אַרויפלעגען אַנ׳אַרעסט אויף איר פּענסיע, אָדער מען זאָל זי אינגאַנצען אויפהערען פּענסאָ-נירען און, געשטיצט אויף מיין בעגרענצטען קוק, האָב איך בע-שלאָסען, אַז דאָס, װאָס איך װעל אָבשפּאָרען, װעט זיין פאַר דער מאַמעלען אַ שטיקעל הילף. אָבער אַז איך האָב געװאָלט קלויבען געלד און איבערהויפּט נישט צו פּטר׳ן די אָבגעלעגטע סומעס, האָב איך עס בעדאַרפט פערבאָרגען פון דער מאַמעלען; װאָרום עס װאָלט דאָך אויסגעקומען משונה—קלויבען פאַר דער מאַמעלען אין די אויגען געלד, בשעת זי איז אַזוי געדריקט און קאָן זיך קיין עצה נישט געפינען צו דער געדריקטער לאַגע. האָב איך מיך, אַלזאָ, געסטאַרעט אויסצוזוכען פערבאָרגענע ער-טעלעך, װאו איך זאָל קאָנען פערבעהאַלטען עטליכע קערבלעך. איך האָב עס אָבער געמאַכט אַזוי שלעכט, אַז די מאַמעלע פלעגט

שטענדיג אָבגעפינען די דאָזיגע ערטער; פלעגט זי אַרויסנעמען דאָס געלד און בעווייזען מיר און דערנאָך איבערטוישען עס אויף אַ גרעסערע סומע. אַ פּערשעמטער פלעג איך ברענגען אין דער אַלגעמיינער קאַסע מיינע קליינע אוצרות, און פרוי דע-וואַרען פלעגט מיר יעדעס מאָל קויפען פאַר׳ן געלד קליידער אָדער אַזוי׳ עפּיס—אַ זילבערן שווערדעל, אַ זייגערל און דעסגלייכען.

אַז איך האָב איינגעזעהן, אַז איך וועל נישט קאָנען אָב-שפּאָרען עטוואָס געלד און אַז זי וועט אויך אַ קליינע פּעולה האָבען דערפון, האָב איך דערפיהלט, אַז מיר בלייבט-איבער נאָר איין מיטעל צו ראַנגלען זיך מיט׳ן אומגליק, וואָס האָט בעדאַרפט אָנקומען—קריגען אַזאַ שטעלע, וואָס זאָל מיר דערלויבען אויס-צוהאַלטען דער מאַמעלען, בשעת זי וועט שוין נישט קאָנען מיר העלפען, בשעת זי וועט בלייבען אָהן ברויט. צום אומגליק, האָב איך געזוכט אַזאַ מין בעשעפטיגונג, וואָס זאָל שטימען מיט מיי-נע געשמאַקען און מאָדנע פער׳עקשנ׳ט געהאָפט, אַז מיט דער הילף פון מוזיק וועל איך עס דערגרייכען. פיהלענדיג, ווי אין מיר ווערען געבוירען מעלאָדיעס און מוזיקאַלישע אידעען, האָב איך משער-געווען, אַז איך וועל איגגיכען ווערען אַ בערימטער מאַן, אַ מין מאָדערנער אָרפּיי, וואָס זיינע קלאַנגען וועלען צו-ציהען אַלע אוצרות פון פּערו. איך האָב שוין אָנגעהויבען ליי-ענען נישט שלעכט פון בויגען; איך האָב מיך נאָר בעדאַרפט אויסלערנען די כּללים פון קאָמפּאָזיציע. דערצו האָב איך אָבער בעדאַרפט האָבען אַ לערער, מחמת מיט ראַמאָס הילף האָב איך נישט געקאָנט דורכבּייסען דעם געגענשטאַנד פון האַרמאָניע און נאָך לע-מעטר׳ס אָבפאָר איז נישט געווען אַזאַ איינער, וואָס זאָל גוט קאָנען דעם דאָזיגען ענין.

ווענטיור האָט מיר אַ סך דערצעלט פונ׳ם אַבאַט בלאַנשאַר; דאָס איז געווען זיין לערער איבער קאָמפּאָזיציע, און ער האָט געזאָגט, אַז דער אַבאַט איז אַ טאַלענטירטער און אַ גוטער מאַן. דעמאָלט האָט בלאַנשאַר אָנגעפירט מיט די זינגער אין דער בע-זאַנסאָנער קירך, איצט האָט ער אויך פערנומען אַזאַ אָרט אין ער ווערסאַליער קאַפּעליע. מיר איז איינגעפאַלען צו געהן קיין

בעזאַנסאָן, צו בלאַנשאַר'ן, און לערנען זיך ביי אים; די דאָזיגע אידעע איז מיר אַזוי געפעלען געוואָרען, זי האָט מיך אַזוי אי־בערצייגט, אַז איך האָב אויך איבערגערעדט דער מאַמעלען. און אַט האָט זי גענומען ברענגען אין אָרדנונג מיינע קליידער און געלאָזט זיך קאָסטען אויף מיר, ווי זי האָט אַלעמאָל געטאָן. איך האָב געוואָלט דער מאַמעלען פערהיטען פון אַ באַנקראָט און מציל זיין זי פון שפּעטערדיגע צרות צוליב איר וואַהַפען זיך מיט געלד, אָבער אויסגעלאָזען האָט זיך דערמיט, וואָס איך האָב זי געצוואונגען אויסצוגעבען אויף מיר אַכטהונדערט פראַנק. וועלענ־דיג אַרויסראַטעווען דער מאַמעלען פון אַנ'אומגליק, האָב איך נאָך צוגעאיילט די קאַטאַסטראָפע. נאָר ווי ווילד מיין אויפפירונג איז נישט געווען, האָב איך דאָך געהאַט אַ געוויסע אילוזיע און די מאַמעלע אויך. מיר האָבען ביידע פון גאַנצען האַרצען געגלויבט: איך—דערין, אַז איך טו עס לטובת איר, זי—אַז איך שאַף מיר אַ צוקונפט.

איך האָב געהאָפט צו טרעפען ווענטיור'ן אין אַנעסי און בעטען אים, ער זאָל מיר געבען אַ בריף צו בלאַנשאַר'ן; אָבער ווענטיור איז אין אַנעסי נישט געווען. אָנשטאָט אַ רעקאָמענדאַ־ציע, האָב איך מיך בעדאַרפט בענוגענען מיט אַ מעסע אין פיר טיילען, וואָס ער האָט אָנגעשריבען פאַר מיר. מיט דער דאָזי־גער רעקאָמענדאַציע האָב איך מיך אַוועקגעלאָזט אין בעזאַנסאָן [illegible]ך זשענעוו, וואו איך האָב מיך געזעהן מיט מיינע קרובים, [illegible]ערנאָך דורך ניאָן, וואו איך האָב מיך געזעהן מיט'ן פאָ־טע[illegible], וואָס האָט מיך אויפגענומען, ווי אַלעמאָל. ער האָט גע־האָלט מיר איבערשיקען מיין טשעמאָדאַן, וואָס האָט בעדאַרפט קומען שפּעטער, מחמת איך בין געפאָרען רייטענדיג. אַזוי בין איך געקומען קיין בעזאַנסאָן. בלאַנשאַר האָט מיך אויפגענומען, צוגעזאָגט צו לערנען מיט מיר און געוואָלט מיר בעהילפיג זיין. מיר האָבען שוין געוואָלט צוטרעטען צום לערנען. נאָר פלוצלונג איז געקומען פון פאָטער אַ בריף, אין וועלכען ער איז מיר מודיע-געווען, אַז מיין טשעמאָדאַן איז קאָנפיסקירט געוואָרען דורך די פראַנצויזישע צאָמטע אין רוסע, אויף דער שווייצאַרישער גרע־

נין. דערשראָקען דורך דער דאָזיגער ידיעה, האָב איך מיך גע־וועגדט צו די אַלע בעאַמטע פון דער גרעניצאַנשטאַלט, ווײַרום איך בין געווען זיכער, אַז איך האָב נישט קיין קאָנטראַבאַנד און האָב נישט געקאָנט פערשטעהן, פאַרוואָס מיינע זאַכען זענען אַרעסטירט געוואָרען.

צום סוף האָב איך מיך ערשט פון אַלץ דערוואוסט און איך וועל עס דערצעלען, ווייל עס איז אינטערעסאַנט. אין שאַמ־בערי האָב איך געהאַט אַ בעקאַנטען, וואָס האָט געהייסען דוב־יע. אַמאָל האָט ער פערקערט אין דער געזעלשאַפט, געווען טאַלענטירט, ניש׳קשה געבילדעט, זעהר העפליך, מיט איידעלע מאַנירען און געקאָנט מוזיק. איך האָב געאַרבייט מיט אים איך איין אָבטיילונג אינ׳ם ביוראָ פאַר פאָלקסצעלונג און באַלד גאָנט געוואָרען, ווייל, אויסער אונז, האָבען דאָרט געדינט שלעכט-דערצויגענע בערען. אין פאַריז האָט ער געהאַט בעקאַנ־טע, וואָס פלעגען אים צושיקען יענע גאָרנישטדיגע, נייע און לופטיגע ביכעלעך, וואָס פלעגען גראָד געפעלען ווערען אַלעמען אויף אַ קורצער צייט און דערנאָך אונבעמערקטערהייט פערשווינ־דען, נישט-איבערלאָזענדיג נאָך זיך קיין שום זכר. טייל מאָל פלעג איך אים נעמען אויף מיטאָג צו דער מאַמעלען און דער־פאַר פלעגט ער מיר זיין זעהר דאַנקבאַר און טריי. צו זיין מיר אָנגענעם, פלעגט ער ייך סטאַרען אַרויסצורופען אין מיר ליבע צו די פוסטע פאַריזער ביכעלעך, וואָס צו זיי האָב איך געפיהלט אַזאַ עקעל, אַז איך האָב קיין איינס פון זיי קיינמאָל נישט גע־קאָנט דערלייענען ביז׳ן סוף. צום אומגליק, איז איינס פון זיינע פערשאָלטענע אַרטיקעלעך פערבליבען אין קעשענע פון מיין סור־טוק, וואָס איך האָב איגגאַנצען אָנגעטאָן אַ מאָל דריי, בשעת איך האָב בעזוכט די סעקרעטאַרען. דאָס איז געווען אַ פלאַכע יאַנסע־ניטישע פאַראָדיע אויף דער שענער סצענע פון ראַסינס „מיטרי־דאַטע". איך האָב נישט אַדורכגעלייענט קיין צען לידלעך דער־פון און פערגעסען עס אין קעשענע. און דאָס איז געווען די סבה, פאַרוואָס מיינע זאַכען זענען אַרעסטירט געוואָרען! צו דער רשימה פון די זאַכען, וואָס זענען געפונען געוואָרען אין מיין

טשעמאָדאַן, האָבען די טשינאָווניקעס צוגעלעגט אַ גרויסאַרטיגען פּראָטאָקאָל, אין וועלכען עס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרען די השערה, אַז דאָס בלעטעל איז געגאַנגען פון זשענעוו, אַז מען האָט עס געוואָלט אַרויסגעבען און פערשפּרייטען אין פראַנק-רייך; ווייטער האָבען די טשינאָווניקעס אויסגעגאָסען זייער היי-ליגען האַס געגען די פיינד פון גאָט און דער צערקווע און דערביי זיך שטאַרק געלויבט, וואָס זיי האָבען פריער פערכאַפּט, און דער טייוועלשער פּלאַן איז נישט פערווירקליכט געוואָרען. זיי האָבען, מסתּמא, איינגעפונען, אַז מיינע העמדער שמעקען אויך מיט אַפּיקורסות. וואָרום צוליב דעם דאָזיגען אימה׳דיגען ווערק זיינען קאָנפיסקירט געוואָרען אַלע מיינע זאַכען. און וואָס איז געוואָרען מיט מיינע שמאַטקעלעך, האָב איך טאַקי נישט געקאָנט דערגעהן. די לייט, צו וועלכע איך האָב מיך געווענדט, האָבען געפּאָדערט אַזוי פיל ידיעות און פּאַפּירען און מעטריקעס און בעשטעטיגונגען, אַז איך האָב מיך פערלאָרען אין דעם דאָזיגען לאַבירינט און אַ מאַך געטאָן מיט׳ן האַנט. אַ שאָד, וואָס איך האָב נישט פערבעהאַלטען דעם דאָזיגען פּראָטאָקאָל: ער וואָלט באמת ווערט געווען צו פערנעמען אַן אָרט אין דער זאַמלונג, וואָס איך וויל ביילעגען צו מיין בוך.

דער דאָזיגער פערלוסט האָט מיך תּיכף געצוואונגען אומ-צוקערן זיך צוריק קיין שאַמבערי, און איך האָב מיך נישט בעַ-נוצט מיט בלאַנשאַרס לעקציעס. אַז איך האָב גוט בעדאַכט און בעטראַכט די אַלע אומשטענדען און איינגעזעהן, אַז דער שלימ-מזל געהט מיר נאָך אין אַלע מיינע אויפטועכטסען, האָב איך בעשלאָסען מער נישט צו שיידען זיך מיט דער מאַמעלען, טיי-לען זיך מיט איר גורל און זיך גאָרנישט זאָרגען וועגען דעם, וואָס שפּעטער וועט זיין, ווייל איך קאָן סיי-ווי-סיי נישט העלפען דערצו. פרוי דע-וואַרען האָט מיך בעגעגענט אַזוי, פונקט ווי איך וואָלט איר געבראַכט אונצעליגע אוצרות און ביסלעכווייז האָט זי פערפולט מיין גאַרדעראָב. מיין אומגליק, וואָס איז געַ-ווען גאַנץ היבש פּאַר אונז ביידען, איז כמעט תּיכף פערגעסען געוואָרען.

הגם די מעשה מיט׳ן טשעמאָדאַן האָט עטוואָס אָבגעקילט מיינע פּלאַנען װעגען מוזיק, דאָך האָב איך נאָך אַלץ שטודירט ראַמאָס ביכעלע. איך האָב מיך שטאַרק אָנגעשטרענגט און, צו-לעצט, פּאָרט אָנגעהויבען פערשטעהן עס און אפילו גאַנץ געלונ-גען געפּרובט שרייבען. דער ערפאָלג האָט מיר צוגעגעבען מוט. גראַף דע-בעלגראַד, דעם מאַרקיז ד׳אַנטרעמאָנ׳ס זוהן, איז געקומען פון דרעזדען. ער האָט לאַנג געוואוינט אין פּאַריז, האָט זעהר ליב געהאַט מוזיק און געווען ענטציקט פון ראַמאָס ווערק. זיין ברו-דער, גראַף דע-נאַנזשי, האָט געשפּילט פידעל, גרעפין דע-לאַ-טור, זייער שוועסטער, האָט עטוואָס געזונגען. צוליב דעם איז אין שאַמבערי געוואָרען אַ מאָדע אויף מוזיק. מען האָט אָנגעהוי-בען איינאָרדנען עפענטליכע קאָנצערטען און מען האָט געוואָלט, איך זאָל אָנפירען מיט זיי. אָבער אינגיכען האָט זיך אַרויסגע-שטעלט, אַז דאָס איז נישט נאָך מיינע כחות נאָך. איך האָב עטלי-כע מאָל פאָרגעלעגט פאַר די קאָנצערטען מיינע קליינע פּיעסען, צווישען זיי אויך אַ קאַנטאַט, וואָס האָט שטאַרק אויסגענומען ביים עולם. געווען איז זי נישט גוט אָנגעשריבען, אָבער זי האָט גע-האַט אַ סך נייע מעלאָדיעס, אַ סך עפעקטפולע ערטער, און דאָס האָט זיך קיינער נישט געריכט צו טרעפען אין מיין ווערק. די מוזיקאַנטען האָבען נישט געגלויבט, אַז איך זאָל אָנשרייבען נישט קיין שלעכטע זאַכען, בשעת איך לייען שלעכט פון בויגען, און די האָבען בעשלאָסען, אַז איך האָב מיר צוגעשריבען פרעמדע ווערק. צו דערגעהן דעם אמת, איז דע-נאַנזשי איינמאָל געקומען צו מיר מיט אַ קאַנטאַט און געבעטען, איך זאָל צוזאַמענשטעלען פאַר איר אַנ׳אַנדער אַקאָמפּאַנימענט, מחמת דער, וואָס קלעראַמבאָ האָט אָנגעשריבען, טויג נישט פאַר די אינסטרומענטען. איך האָב געענטפערט, אַז דאָס איז אַ גרויסע אַרבייט און אַז איך קאָן נישט תיכף אָנשרייבען דעם באַס. דער גראַף האָט געמיינט, אַז איך וויל מיך דאָ אַרויסדרעהען, האָט ער זיך איינגע׳עקשנ׳ט, איך זאָל אים כאָטש אָנשרייבען אַנ׳אַקאָמפּאַנימענט פאַר איין רע-ציטאַטיוו. איך האָב עס געטאָן און דעם אַקאָמפּאַנימענט, פער-שטעהט זיך, שלעכט אָנגעשריבען. אַז איך זאָל ווירקליך מאַכען

אַ זאַך, ווי געהעריג, בעדאַרף איך האָבען רוה און פרייהייט. איך מיין אַרבייט האָבען זיך דאָך געפונען אַלע כללים, און אַזוי ווי דערביי איז געווען דע-נאַנזשי, האָט ער שוין נישט געקאָנט בווייפלען דערין, אַז איך ווייס די כללים פון קאָמפּאָזיציע. אויף אַזאַ אופן האָב איך נישט פערלאָרען מיינע שילערינס, אָבער צו מוזיק בין איך עטוואָס אָבגעקילט געוואָרען; איך האָב געזעהן, אַז די קאָנצערטען געהען-דורך אָהן מיין מיטווירקונג.

איך טרעט-צו צו יענעם מאָמענט, וואָס בינדט מיך עבוי־ מיט דער געגענוואַרט. מאַנכע חבר׳ליכע בעציהונגען, וואָס זענען נאָך דעמאָלט פערקניפּט געוואָרען, ציהען זיך נאָך ביז היינט. אַ גרויסען ווערט האָבען זיי פאַר מיר. צוליב זיי טוט מיר טייל־ מאָל באַנג אויף יענער גליקליכער צייט, ווען איך בין געווען אונבעוואוסט, בשעת מענשען, וואָס האָבען מיך געהאַלטען פאַר אַ פריינד, האָבען מיך ליב געהאַט צוליב מיר גופא און נישט צו־ ליב אַ געפיהל פון פוסטער גאוה, מחמת דער בעקאַנטשאַפט מיט אַ בעוואוסטען מאַן אָדער צוליב דעם, וואָס זיי האָבען מיר טאָ־ קי אויף דעם וועג געוואָלט ברענגען שאָדען. און אָט, איך דעם דאָזיגען פעריאָד בין איך בעקאַנט געוואָרען מיט מיין עלטסטען פריינד, מיט האָפקור׳ן, וואָס איז מיר אויף אייביג געבליבען נאָנט, נישט-געקוקט דערויף, וואָס מען האָט אים מיר געוואָלט אַוועקנעמען. אויף אייביג! או-וואַ, ניין: נישט לאַנג האָב איך אים פערלאָרען. נאָר זיין ליבע צו מיר האָט זיך געענדיגט מיט זיין לעבען. דע-האָפקור האָט געהערט צו די סאַמע ליבליכסטע מענשען אויף דער וועלט. זעהן און נישט ליב בעקומען אים, איז געווען נישט מעגליך; און דאָסזעלבע—לעבען נעבען אים, און נישט צובונדען זיך צו אים מיט׳ן גאַנצען האַרצען. איך האָב אין לעבען נישט בעגעגענט אַ מער-אָפענהערציג, אַ מער-ליב געזיכט, אויף וועלכען געפיהל און שכל זאָלען זיין דייטליכער אויסגע־ דריקט און וואָס זאָל גורם-זיין מער צוטרוי. דער סאַמע צו־ ריקגעהאַלטענסטער מענש, אַז ער האָט זיך נאָר געטראָפען מיט האָפקור׳ן צום ערשטען מאָל, האָט זיך אונגערן בעצויגען צו אים אַזוי, פונקט ווי ער וואָלט אים שוין געקאָנט אַ יאָר צוואַנציג,

איך אַליין, וואָס געוועגליך שעם איך מיך שטאַרק פאַר נייע מענשען, האָב מיך געפיהלט מיט אים פריי פון דער ערשטער בעקאַנטשאַפט אָן. דער טאָן אין זיין ריידען, דער אופן, ווי אַזוי ער האָט זיך אויסגעדריקט, האָבען האַרמאָנירט מיט זיין געזיכט. זיין קול—ריין, פול, נידעריג, שען און רייך, האָט אָנגערירט ביי דער נשמה, פול געמאַכט דאָס געהער און אַריינגעדרונגען אין האַרצען אַריין. אין קיינעם וועט איר נישט געפינען אַ מער-מע־סיגערע שטילע פרעהליכקייט, אַ מער-פשוט'ערן רייץ אין פער־קער, מער-צוציהענדיגע, בעסער-געווענדטע פעהיגקייטען. איצט זענט נאָך מוסף דערצו אַ ליבענדיג האַרץ, וואָס האָט זיך אפשר צופיל אויסגעבראַכט, און אַ כאַראַקטער, וואָס האָט כמעט שטענ־דיג געוואָלט יענעם מיט עפּיס נוצען. פאַר זיינע פריינד האָט ער געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט אָדער, ריכטי־גער, ער איז געוואָרען אַ פריינד פון יענע מענשען, פאַר וועל־כע ער האָט געקאָנט עפּיס טאָן, און בשעת ער האָט געטאָן פאַר אַנדערע, האָט ער אויך אויסגעצייכענט געקאָנט אַרבייטען פאַר זיך.

געווען איז האָפּקור אַ זוהן פון אַ זייגערמאַכער און האָט זיך אַליין אויך בעשעפטיגט דערמיט. אָבער זיין אויסערליכקייט און זיינע אינערליכע מעלות האָבען אים גערופען גאָר אין אַנ־אַנדער ספערע און אַהין האָט ער זיך איבערגעטראָגען. ער האָט זיך בעקאַנט מיט דע-לאַ-קלאָזיור, דעם פראַנצויזישען רעזידענט אין זשענעוו און איז אים געפעלען געוואָרען. אַ דאַנק דע-לאַ-קלאָזיור, האָט האָפּקור געמאַכט גרויסע בעקאַנטשאַפטען אין פאַריז און זיי האָבען אים געבראַכט אַ גרויסע פעולה. מיט דער הילף פון די דאָזיגע בעקאַנטשאַפטען האָט ער בעקומען דעם פאָדראַד צוצושטעלען זאַלץ פון וואַליס און דאָס האָט אים גע־בראַכט אַ הכנסה פון צוואַנציגטויזענד ליווער אַ יאָר. בנוגע צו מאַנסביל, איז זיין קאַריערע, אַ גאַנץ גלענצענדע, בעגרענצט גע־וואָרען דערמיט. אַנדערש האָט עס אָבער געהאַלטען מיט פרויען. מען האָט זיך פשוט געשלאָגען פאַר אים. ער האָט געהאַט אַ רייכען אויסוואַל. מער פון אַלץ האָט אים פערשאַפט כבוד דער

זעלטענער אומשטאַנד, וואָס האָבענדיג בעקאַנטשאַפט אין פערשי-דענע קרייזען פון דער געזעלשאַפט, איז ער פון אַלעמען בעליבט געוואָרען. אַלע האָבען אים געוואָלט איבערציהען צו זיך; קיין איינער האָט צו אים נישט געשפירט קיין פיינדשאַפט און נישט מקנא-געווען אים. מיר דאַכט זיך, אַז ער איז געשטאָרבען—און קיין איין פיינד נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך! אַ גליקליכער מאַן! אַלע יאָר פלעגט ער זיין אין די בעדער אין עקס לע-בען, וואו-הין עס פלעגט זיך צונויפפאָרען די העכערע געזעלשאַפט. ער איז געווען בעקאַנט מיט׳ן סאַוואָיער אַדעל, און פון עקס פלעגט ער קומען קיין שאַמבערי צום גראַף בעלגראַד און צו זיין פאָטער, דעם מאַרקיז ד׳אַנטרעמאָן. און טאַקי אין ד׳אַנטרעמאָנס הויז האָט מיך די מאַמעלע אים פאָרגעשטעלט. די דאָזיגע בעקאַנטשאַפט, וואָס האָט, אַפנים, נישט בעדאַרפט האָבען קיין האַפט, איז אי-בערגעריסען געוואָרען אויף עטליכע יאָר, דערנאָך זיך פון דאָס-ניי אָנגעהויבען און איבערגעגאַנגען אין אַן׳אמת׳ער פריינדשאַפט.

דאָס געזאָגטע איז שוין גענוג, מען זאָל פערשטעהן, אַז איך האָב געהאַט רעכט צו ריידען וועגען אַ פריינד, מיט וועל-כען איך בין געווען אַזוי איינג פערבונדען. אָבער ווען איך וואָלט אפילו נישט געווען פערזענליך פעראינטערעסירט מיט זיין זכרון, געפין איך דאָך איין, אַז ער איז געווען אַזוי חנ׳עוודיג און אַזוי גליקליך בעגאַבט פון דער נאַטור, אַז עס איז כדאי צו היטען די ערינערונג וועגען אים צוליב דעם כבוד פון דער מענשליכער ראַסע. ביי דעם דאָזיגען רייצענדיגען מאַן זענען דאָך געווען, ווי ביי אַלע מענשען, זיינע פעלערן, וואָס וועלען אַרויס-שווימען פונ׳ם ווייטערדיגען. און וואָלט מען זיי אים צוגענומען, וואָלט ער אפשר נישט געווען אַזוי חנ׳עוודיג. אַז ער זאָל זיין אינגאַנצען אינטערעסאַנט, איז נויטיג געווען, מען זאָל אים עפּיס דאַרפען מוחל-זיין.

די צווייטע בעקאַנטשאַפט, וואָס האָט זיך צו יענער צייט אָנגעהויבען, איז נאָך נישט אויסגעלאָשען געוואָרען, און זי גיט מיר נאָך אַ האָפנונג אויף ערדישען גליק, אַ האָפנונג, וואָס לאָזט זיך אַזוי לייכט נישט אָבשטאַרבען אינ׳ם האַרץ פון אַ מענשען.

הער דע-קאָנזיע, וואָס שטאַמט פונ׳ם סאַוואָיער אַדעל און וואָס איז צו יענער צייט געווען אַ ליבליכער יונגערמאַן, האָט זיך גע-וואָלט לערנען מוזיק אָדער, ריכטיגער, זיך בעקאָנען מיט׳ן לערער פון מוזיק. הער קאָנזיע האָט געהאַט פעהיגקייט צו וויסענשאַפט און ליבע צו דערוועריבען זי. אויסערדעם, האָט ער זיך אויסגעצייכענט מיט אַ ווייכען כאַראַקטער און נאָכגיביג איז ער געווען. איך בין אויך געווען נאָכגיביג מיט מענשען, וואָס האָבען גע-האַט די דאָזיגע פעהיגקייט. מיר זענען שנעל פריינד געוואָרען. די ערשטע קערנדלעך פון ליטעראַרישע און פילאָזאָפישע אַרביי-טען, וואָס זענען מיר בעלעבט געוואָרען אין קאָפּ, האָבען נאָר געוואַרט אויף אַנ׳אויסערליכען שטויס און אויף פּאַסענדיגע בע-דינגונגען, אינגאַנצען צו ענטוויקלען זיך. ער האָט זיי דערוועקט צום לעבען. הער דע-קאָנזיע האָט געהאַט ווייניג מוזיקאַלישע פעהיגקייטען. פאַר מיר איז דאָס אַקוראַט גוט געווען. די שעה׳ן פון די לעקציעס זענען אויסגעפילט געוואָרען מיט אַלץ אין דער וועלט, אָבער נישט מיט מוזיקאַלישע איבונגען. מיר האָבען גע-פרישטיגט, געשמועסט, געלייענט נייע ביכער, און קיין וואָרט נישט וועגען מוזיק. וואָלטערס קאָרעספּאָנדענץ מיט׳ן פּרייסי-שען קרוינפּרינץ האָט אין יענער צייט אַרויסגערופען הייסע דע-באַטען. אָפט פלעגען מיר ריידען וועגען די דאָזיגע צוויי בע-רימטע מענער, פון וועלכע איינער איז אַרויף אויף אַ טראָן און האָט נאָך דעמאָלט אַרויסגעוויזען סמנים פון דעם, וואָס ער האָט בעדאַרפט דערנאָך ווערען; דער צווייטער, ווידער, האָט אַרויס-גערופען פאָרוואורפען, גלייך אין צאָל צו די שבחים, וואָס שי-טען זיך איצט אויף זיין קאָפּ.

מיר האָבען אויפריכטיג בעדויערט, וואָס דאָס אומגליק, וועלכער איז טיילמאָל דער גורל פון גרויסע טאַלענטען, האָט אים, ווייזט-אויס, מיט עקשנות פערפאָלגט. דער קרוינפּרינץ איז נישט בעזונדערס גליקליך געווען אין דער יוגענד; וואָלטער׳ן האָט דער מזל אויך נישט פערשפּראָכען קיין גליק. מיר האָבען זיך אַזוי בעשעפטיגט מיט די דאָזיגע מענער, אַז אונז האָט, נישט-ווילענדיג, אינטערעסירט אלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות

צו זיי. קיין איין זאַך פון דעם, וואָס וואָלטער האָט אָנגע־
שריבען, איז פון אונז נישט אַנטרונען געוואָרען. איך האָב מיך
שטאַרק אַריינגעטאָן אין זיינע ווערק און מיר האָט זיך פער־
וואָלט שרייבען פיין און נאָכמאַכען דעם שענעם סטיל פון דעם
דאָזיגען אויטאָר, וואָס האָט מיך ענטציקט. אינגיכען זענען ערשי־
נען זיינע „פילאָזאָפישע בריף". הגם דאָס איז נישט זיין בעסט
ווערק, דאָך האָבען זיי מיר איינגעגעבען אַ שטאַרקע ליבע צו
וויסענשאַפט. די דאָזיגע ליבע צו וויסענשאַפט איז אין מיר קיינ־
מאָל נישט אויסגעלאָשען געוואָרען.

דאָך האָב איך מיך נישט געקאָנט אינגאַנצען אָבגעבען מיט
איר. אין מיר איז נאָך פערבליבען אַ זכר פון מיין לייכטזיניג־
קייט, און די תאוה צו בייטען ערטער. דערצו איז די דאָזיגע
תאוה צו וואַנדערן שטאַרק אונטערגעהאַלטען געוואָרען דורכ'ן
אַרט לעבען פון פרוי דע־וואַרענס הויז, וואו עס איז געווען צו־
פיל טומעל פאַר מיר; איך האָב ליב געהאַט שטילע ווינקעלעך.
די מחנות אונבעקאַנטע לייט, וואָס האָבען זיך געצויגען צו דער
מאַמעלען פון אַלע זייטען, און די איבערצייגונג, אַז זיי נאַרען
זי, האָבען מיר פער'סמ'ט דאָס לעבען אין איר הויז. פון דער
צייט אָן, ווען דער מאַמעלעס צוטרוי איז נאָך קלאָד אַנע אי־
בערגעגאַנגען צו מיר, האָב איך מיך נענטער בעקאָנט מיט אי־
רע געשעפטען און איך האָב איינגעזעהן, אַז מיט יעדען טאָג
געהען זיי אַלץ ערגער און ערגער; דאָס האָט מיך געשראָקען,
אַ מאָל הונדערט האָב איך זי איינגערעדט, גע'מוסר'ט, געבעטען
זיך מיט תחנונים, אָבער עס האָט נישט געהאָלפען. איך האָב מיך
געוואָרפען צו אירע פיס, געמאָלט איר מיט געדיכטע פאַרבען די
קאַטאַסטראָפע, וואָס קאָן געשעהן, שטאַרק אָנגעזעצט זיך, זי זאָל
ענדערן דעם בודזשעט און אָנהויבען עס פון מיר; בעסער צוצו־
ליידען, בשעת זי איז נאָך יונג, איידער אַריינצוקריכען אין חובות
און אויף דער עלטער זאָלען בלייבען צרות און נויט. זי האָט
געפיהלט, אַז איך רייד אויפריכטיג, מיינע ווערטער האָבען זי
גערירט, זי האָט זיך שטאַרק דורכגעדרונגען מיט זיי צוזאַמען
מיט מיר און האָט מיר געגעבען די בעסטע הבטחות. נאָר עס

איז געקומען עפּיס אַנ׳אָרימאַן און זי האָט שוין פערגעסען אָן אַלץ. אַז איך האָב געזעהן, אַז מיינע רייד זענען אַרויסגעוואָר-פען, האָב איך נאָר געקאָנט פערמאַכען די אויגען פאַר דער גרויסער צרה, וואָס האָט זיך אָנגערוקט און וואָס איך בין זי נישט געווען בכח אויסצומיידען. פלעג איך אַוועק פון דערהיים. איך בין געווען אין ניאָן, אין זשענעוו, אין ליאָן, און די דאָזי-גע קליינע נסיעות פלעגען מיך אויפמונטערן. דערפאַר אָבער האָב איך געפּטר׳ט הוצאות דערויף און דערמיט פערשטאַרקט די סבה פונ׳ם אומגליק. איך גיב מיין וואָרט, אַז איך וואָלט מיך מיט פערגעניגען אָבגעזאָגט פון אַ סך זאַכען, ווען דאָס וואָלט געקאָנט ברענגען דער מאַמעלען עפּיס אַ נוצען; אָבער איך האָב גע-וואוסט, אַז יענע געלדער, פון וועלכע איך וואָלט מיך אָבגע-זאָגט, וואָלטען סיי-ווי-סיי אַריינגעפאַלען אין די הענט פון רמאים, און דעריבער האָב איך געפּטר׳ט געלד און בין מיך בעגאַנגען, ווי דעם קצב׳ס הונט: איך האָב שטיקלעכווייז געשלעפּט פון דעם גרויסען שטיק פלייש, וואָס איך האָב נישט געקאָנט ראַטעווען.

געווען אַ סך סבות פאַר די דאָזיגע נסיעות. און די מאַ-מעלע אַליין פלעגט מיר געבען אַ סך געלעגענהייטען צו געהן און פאָרען אין פערשידענע ערטער; אומעטום האָט זי געהאַט אַ סך פריינד, געשעפטען, אונטערהאַנדלונגען, וועלכע זי האָט נאָר געקאָנט פערטרויען אַ היימישען מענשען. איר איז געווען זעהר בעקוועם אַרומצושיקען מיך; איך, ווידער, האָב נאָר געוואַרט דע-רויף. אויף אַזאַ אופן האָב איך געפירט אַ לעבען פון אַ וואַנדע-רער. אַ דאַנק די דאָזיגע נסיעות, האָב איך מיך בעקאַנט געמאַכט מיט אַ סך מענשען; שפּעטער האָבען מיר איינינע פון די דאָזי-גע בעקאַנטשאַפטען געבראַכט נוצען. מאַנכע, ווידער, זענען גע-ווען אָנגענעם. אין ליאָן האָב איך מיך בעקאָנט מיט׳ן הער פּער-שאָן און האָב זיך פאַרגעוואָרפען דערפאַר, וואָס איך האָב נישט געענוג פלייסיג אונטערגעהאַלטען זיינע בעציהונגען צו מיר: ער איז געווען גוט צו מיר. אין גרענאָבל האָב איך מיך בעקאָנט מיט פרוי דייבען און מיט דער פּרעזידענטין—דע-קאַרדאָנאַש, זעהר אַ קלוגע פרוי, וואָס וואָלט מיך פריינדליך ליב בעקומען,

ווען איך וואָלט מיך מיט איר עפּעטער געקאָנט זעהן. אין זשע־נעוו האָט מען מיך פאַרגעשטעלט דעם הער דע־לאַ־קלאַזיור, וואָס האָט מיר טיילמאָל גערעדט פון מיין פערשטאָרבענער מוטער; מיין מוטער, נישט־געקוקט אויף צייט און טויט, האָט נאָך אַלץ בעלעבט אין זיין האַרצען. איך בין אויך פאָרגעשטעלט געוואָרען דעם פאָטער און זוהן באַרילאָ. דער פאָטער, וואָס האָט מיך אָנ־גערופען אייניקעל, איז געווען זעהר חנ׳עוודיג אין אַ געזעלשאַפט און איינער פון די סאַמע ווערטפולסטע מענשען, וואָס איך האָב ווען־עס־איז געזעהן. בשעת די אונרוהען זענען פאָטער און זוהן אַריינגעטראָטען אין צוויי פיינדליכע לאַגערן: דער זוהן אויפ׳ן צד פון דער שטאָדט, דער פאָטער אויף דער זייט פון דער רעגי־רונג; איינער האָט בעדארפט געהן צום ראַטוש, דער צווייטער— צו זיין מיליטערטייל.ביידע האָבען אויסגעצייכענט גוט געוואוסט, אַז אין אַ פּאָר שעה אַרום וועלען זיי זיך דאַרפען שלאָגען אויף לעבען און טויט. אָט דאָס שרעקליכע בילד האָט אויף מיר גע־מאַכט אַזאַ שטאַרקען רושם, אַז איך האָב מיר געגעבען אַ שבועה נישט צו בעטייליגען זיך קיינמאָל אין קיין שום בירגערקריג, און אויב איך וועל בעקומען בירגעררעכט, זאָל איך קיינמאָל נישט אונטערהאַלטען—סיי מיט ראַט און סיי מיט האַנט—די אינערלי־כע פרייהייט פון לאַנד, קוים ווער מען עס דאַרפען דערגרייכען מיט געוועהר אין די הענט. איך האָב עדות דערויף, אַז איך האָב אויסגעהאַלטען מיין וואָרט אין אַ זעהר קריטישער מינוט; די לע־זער, פערהאָף איך, וועלען איינגעפינען, אַז די דאָזיגע מעסיג־קייט מיינע האָט אַ געוויסע בעדייטונג.

אָבער אין דער בעשריבענער צייט האָב איך נישט אי־בערגעלעבט די ערשטע פאַטריאָטישע אונרוהען, וואָס די בעוואָ־פענטע זשענעוו האָט דערוועקט אין מיין האַרצען. אויף וויפיל איך בין געווען ווייט פון אַזאַ שטימונג, וועלען די לעזער עס קאָנען זעהן פון אַ פאַקט, וואָס איך האָב פערגעסען צו דערצע־לען אין זיין צייט און וואָס פערשווייגען אים טאָר מען נישט.

מיט עטליכע יאָר פריער איז מיין פעטער בערנאַר איבערגעפאָ־רען קיין קאַראָלינע, אויפצובוקען, ווי־אַזוי עס ווערט געבויט די שטאָדט

טשאַרלסטוין, וואָס ער האָט צוזאַמענגעשטעלט איר פּלאַן. באַלד נאָכדעם איז ער אַוועקגעשטאָרבען. מיין אָרימער שוועסטערקינד, וואָס איז געשטאַנען צו דינסט ביים פּרייסישען קעניג, איז אויך געשטאָרבען. אויף אַזאַ אופן האָט מיין מומע פערלאָרען גלייכ-צייטיג איר זוהן און דעם מאַן. די דאָזיגע פערלוסטען האָבען עטוואָס דערוואַר־־ט איר געפיהל צו איר נאָנטסטען קרוב—דאָס הייסט צו מיר. אַז איך פלעג זיין אין זשענעוו, פלעג איך מיך אָבשטעלען ביי איר און אַריינקוקען, זוכען אין די פּאַפּירען און ביכער, וואָס זענען פערבליבען נאָכ'ן פעטער. צווישען די פּאַ-פּירען און ביכער האָב איך געפונען אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכען און בריף, וואָס קיינער האָט גאָרנישט געוואוסט פון זיי. די מו-מע האָט גאָרנישט געהאַלטען פון די פּאַפּירענע שמאַטעס און וואָלט מיר געלאָזט אינגאַנצען אַוועקשלעפּען די אַלע פּאַפּירען און ביכער, ווען איך וואָלט עס געוואָלט. נאָר איך האָב מיך בענוגענט מיט אַ צוויי-דריי ביכער מיט בעמערקונגען, וואָס דער זיידע בערנאַר האָט אָנגעשריבען צו זיי. אויסער די עטליכע בענדלעך, האָב איך גענומען אַ פינף אָדער זעקס מאַנוסקריפּטען און איין געדרוקטען אַרטיקעל פונ'ם בערימטען מישעלי די ו-קרע—אַמענש מיט גרויסען טאַלענט און אַ מענש אַנ'אויפגעקלער-טער, נאָר צופיל קעמפער. די זשענעווער רעגירונג איז זיך אכזריות'דיג בעגאַנגען מיט אים דערפאַר, וואָס ער האָט זיך, ווי מען האָט געשמועסט, בעטייליגט אין דעם בערנער אויפ-שטאַנד, און ער איז נישט לאַנג געשטאָרבען אין דער אַרבער-געֶר פעסטונג, וואו ער איז נישט פיל געזעסען.

מישעליס אַרטיקעל האָט גאַנץ גרינדליך קריטיקירט דעם פּלאַן פון די פּאָרטיפיקאַציעס, וואָס זענען טיילווייז אויפגעשטעלט געוואָרען אין זשענעוו און וואָס זענען אויסגעלאַכט געוואָרען פון ספּעציאַליסטען; זיי איז געווען אונבעקאַנט דאָס געהיימע ציל פונ'ם ראַט, וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו פערווירקליכען די דאָזיגע גרויסאַרטיגע אונטערנעמונג. מישעלי, וואָס איז אויס-געשלאָסען געוואָרען פונ'ם פּאָרטיפיקאַציאָנסקאָמיטעט, מחמת אים איז נישט געפעלען געוואָרען דער דאָזיגער פּלאַן, האָט אַלס

מיטגליד פון די צווייהונדערט און אפילו אַלס בירגער געהאַל־
טען, אַז ער האָט רעכט אַרויסצוזאָגען זיין מיינונג אַ סך בריי־
טער; אַזוי האָט ער געטאָן אין זיין אַרטיקעל, מיט וועלכען ער
איז זיך בעגאַנגען נישט פאָרזיכטיג און אָבגעדרוקט אים; ער
האָט אים אָבער נישט געלאָזט אין פערקויף און בלויז געהייסען
צוגרייטען צווייהונדערט עקזעמפלאַרען און פונאַנדערשיקען די
צווייהונדערט מיטגלידער. אָבער די אַלע עקזעמפלאַרען זענען
איבערגענומען געוואָרען אויף דער שטאָדטישער פּאָסט לויט'ן
בעפעל פונ'ם קליינעם ראַט.

אין מיין פעטערס פאַפּירען האָב איך געפונען דעם דאָזי־
גען אַרטיקעל פון מישעלי און דעם ענטפער, וואָס בערנאַר האָט
בעדאַרפט אָנשרייבען אויף אים. האָב איך צוגענומען אי דעם
אַרטיקעל, אי דעם ענטפער. דאָס איז געשעהן נאָכדעם, ווי איך
האָב פערלאָזט דאָס ביוראָ פאַר דער פּאָלקסצעלונג און האָב נאָך און־
טערגעהאַלטען די בעקאַנטשאַפט מיט'ן אַדוואָקאַט קאָקסעלי, דעם
פערוואַלטער איבער'ן ביוראָ. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מיך
געבעטען דער פערוואַלטער איבער דער גרעניצקאַמער, איך זאָל
זיין דער טויפפאָטער פון זיין קינד און קוואַטערין האָט
ער איינגעלאַדען פרוי קאָקסעלי. דער כבוד האָט מיר גאָר פער־
דרעהט דעם קאָפּ. און שטאָלץ בין איך געווען, וואָס איך וועל
אַריינטרעטען אין נאָנטע בעציהונגען מיט'ן אַדוואָקאַט און גע־
סטאַרעט האָב איך מיך, איך זאָל אויסזעהן גאָר גרויס, ווי עס
פּאַסט פאַר אַזאַ איינעם, וועלכען עס איז אַרויסגעוויזען געוואָ־
רען אַזאַ כבוד.

האָב איך נאָר געהאַט אַזוינע כונות, האָב איך שוין נישט
געפונען כּאַר בעסער, ווי צו ווייזען קאָקסעלי'ן מישעליס אַרטי־
קעל; דערמיט האָב איך מיך געוואָלט בערימען, אַז איך געהער
אויך צו די וו...טיגע זשענעווער פערזאָנען, וואָס זענען בעקאַנט
מיט מלוכה-סודות. דאָך האָט מיר אַ געוויכט איינגעהאַלטענקייט
נישט דערלויבט צו ווייזען אים מיין פעטערס ענטפער אויף דעם
דאָזיגען אַרטיקעל: עס קאָן זיין דערפאַר, וואָס דער ענטפער איז
געווען אין כתב-יד און דער אַדוואָקאַט האָט נאָר ליב געהאַט

געדרוקטע ווערק. ער האָט אָבער אַזוי גוט פערשטאַנען די בע-דייטונג פון מישעלי'ס אַרטיקעל, וואָס איך האָב אים אָבגעגעבען צוליב מיין נאַרישקייט אין די הענט אַריין, אַז איך האָב אים קיינמאָל נישט געקאָנט אַרויסבעקומען צוריק און האָב אים אפילו מער נישט אָנגעזעהן. איך האָב פערשטאַנען, אַז איך וועל שוין דעם אַרטיקעל צוריק נישט אַרויסקריגען, האָב איך בעשלאָסען צוצושרייבען זיך כאָטש אַ שטיקעל כבוד אין דעם דאָזיגען ענין און האָב פערוואַנדעלט דאָס גנבה'לע אין אַ מתנה. קיין איין מי-נוט האָב איך נישט געצווייפעלט דערין, אַז אין די אויגען פון'ם טורינער קעניגליכען הויף האָט דער אַדוואָקאַט צוגעגעבען אַ גע-וויסע בעדייטונג דעם אַרטיקעל, וואָס איז, צוריקגערעדט, געווען מער טשיקווועו, ווי נוציג, און מען האָט אים געמוזט גוט בע-צאָלען פאַר די כלומר'שטע הוצאות, וואָס ער האָט געמאַכט, צו בעקומען דעם אַרטיקעל. פון די אַלע מעגליכע השערות לאָזט זיך, צום גליק, אַמוועניגסטען גלויבען, אַז דער סאַרדינער קעניג זאָל ווען-עס-איז בעלאַגערן זשענעוו. אָבער אַזוי ווי דאָס איז פּאָרט נישט אינגאַנצען אונמעגליך, וועל איך מיר נישט אויפהע-רען פאָרצעוואַרפען, וואָס איך האָב בעוויזען איינס פון די שוואַכסטע ערטער פון דער דאָזיגער שטאָדט איינעם פון אירע סאַמע אַלטע שונאים.

אַ צוויי צי דריי יאָר האָב איך אַזוי געלעבט און געטיילט מיין צייט צווישען מוזיק, פראָיעקטען, פראָשקעס און נסיעות. כסדר געקוויינקעלט צווישען פערשידענע בעשעפטיגונגען, געוואָלט זיך אָבשטעלען אויף איין זאַך, אָבער גאָרנישט געפונען דערין, בעזוכט ליטעראַטען, געהערט וכוחים וועגען ליטעראַטור, טיילמאָל אַליין זיך בעשלאָסען צו ריידען וועגען איר און גיכער דערוואָר-בען אַ ליטעראַרישען זשאַרגאָן, איידער דאָס אמת'ע קאָנען אַ ווערק. בשעת מיינע נסיעות קיין זשענעוו פלעג איך בעזוכען מיין אַלטען פריינד סימאָן, וואָס האָט שטאַרק מיטגעהאָלפען מיינע אונרוהיגע שטימונגען: ער פלעגט מיר איבערגעבען די סאַמע לעצטע ליטעראַרישע נייס. אין שאַמבערי פלעג איך מיך טרעפען זעהן מיט אַ פּראָפעסאָר פון פיזיק, נאָר איך געדענק נישט

זיין נאָמען. ער פלעגט מאַכען אין מיין געגענוואַרט פיזישע עקס-פּערימענטען, וואָס האָבען מיך שטאַרק אינטערעסירט. איינמאָל האָב איך געוואָלט אים נאָכטאָן און מאַכען די אַזוי-גערופענע אָפּ-טישע טינט. האָב איך דערצו גענומען אַ פלעשעל, אָנגעפילט עס מער ווי אַ העלפט מיט נישט-געלאָשענער וואַפּנע, מיט געלען אַר-שעניק און מיט וואַסער, און דערנאָך שטאַרק פערקאָרקעוועט. עס האָט באַלד גענומען אויפשוימען און מיט אַנ׳אונגעווענליכער קראַפט. איך האָב מיך אַלאָז געטאָן צום פלעשעל, אויפצומאַכען עס, אָבער איך האָב פערשפּעטיגט: פאַרביי מיין פּנים איז עס אויפגעריסען געוואָרען, ווי אַ באָמבע. איך האָב מיך אָנגעזאַפּט מיט אַרשעניק און וואַפּנע; איך בין שיער נישט געשטאָרבען און מער ווי זעקס וואָכען געווען בלינד. אָט דער פאַל האָט מיך אויסגעלערנט נישט צו נעמען זיך פאַר עקספּערימענטאַלער פי-זיק, נישט-וויסענדיג פריער אירע עלעמענטאַרע כּללים.

דער אויפרייס פונ׳ם פלעשעל האָט זיך אַקוראַט נישט גע-פּאַסט פאַר מיין געזונד, וואָס האָט אָנגעהויבען קאַליע ווערען פון אַ געוויסער צייט. איך ווייס נישט פאַרוואָס, דאַכט זיך, גע-ווען גוט געבויט, און געפירט אַ נאָרמאַל לעבען, און דאָך האָב איך מיך אַראָבגערוקט; איך בין גאַנץ ברייטפּלייציג, איך האָב אַ ברייטע ברוסט, די לונגען קאָנען פריי אָטעמען אינ׳ם ברוסט-קעסטעל, און דאָך פלעג איך וויילעווייז דערשטיקט ווערען; איך האָב געשפּירט דעם דרוק פון האַרצקלאַפּ, נישט-ווילענדיג גע-קרעכצט און געשפּייט מיט בלוט. דערצו האָט זיך נאָך צוגע-טשעפּעט אַ פיבער, פון וועלכען איך האָב שוין קיינמאָל נישט געקאָנט אינגאַנצען פּטור-ווערען. ווי אַזוי קאָן דערגעהן דערצו אַ מענש אין די רעכטע בליהענדיגע יאָרען, אָהן קערפּערליכע פעלערן, וואָס האָט גאָרנישט געטאָן אַזוינס, אַז זיין געזונד זאָל קאַליע ווערען?...

טיילמאָל זאָגט מען, אַז דער חלף מאַכט קאַליע דאָס שיי-דעל. בנוגע צו מיר איז דאָס ריכטיג. די ליידענשאַפטען האָבען אונטערגעהאַלטען מיין לעבען; די ליידענשאַפטען האָבען מיך אָבער אויך אַוועקגעהרג׳עט. וואָסערע?—וועט מען מיך פרעגען,

די נישטיגסטע, די סאַמע אונבעדייטענדסטע, נישט-וויכטיגע; אָבער זיי האָבען מיך גערעגט אַזוי ווייט, פונקט ווי עס וואָלט זיך געהאַנדעלט וועגען בעזיצען העלענען אָדער דעם טראָן פון דער גאַנצער וועלט. קודם-כל—פרויען. איך האָב געהאַט איינע פון זיי און דערפון האָבען זיך בערוהיגט מיינע געפיהלען, אָבער נישט דאָס האַרץ. נישט-געקוקט דערויף, וואָס איך האָב געהאַט פער-גניגען, האָט מיך שטענדיג געפייניגט דאָס בעדערפנישׁ צו לי-בען. איך האָב געהאַט אַ צאַרטע מוטער, אַ טייערן פריינד, אָבער איך האָב געלעכצט נאָך ליבע, נאָך אַ געליבטער. איך פלעג מיר פאָרשטעלען אַנדערע פרויען אויפ'ן אָרט פון פרוי דע-וואַרען און פלעג זיי ענדערן אויף טויזענדער אופנים און זיך נאַרען דער-מיט. ווען איך וואָלט געטראַכט, אַז אין מיינע אָרעמס ליגט די מאַמעלע, וואָלטען מיינע לאַ־קעס נישט געוואָרען קעלטער, אָבער אַלע מיינע בעגערן וואָלטען געשטאָרבען אין מיר. איך וואָלט געוויינט פון צערטליכקייט, אָבער איך וואָלט נישט גענאָסען! גניסען! איז דען אַ מענשען בעשערט צו גניסען? אַך, ווען איך וואָלט כאָטש איין מאָל אין מיין לעבען גענאָסען ליבע-עקסטאַז אין זיין גאַנצער גרויס! איך מיין, אַז מיין שוואַך וועזען וואָלט עס נישט אויסגעהאַלטען: איך וואָלט אַוועקגע-שטאָרבען!

און אַזוי האָב איך נאָכאַנאַנד געברענט מיט אַ וועזענלאָזער ליבע, און עס קאָן זיין, אַז אַזאַ געפיהל נעמט-צו מער כחות ביים מענשען, ווי אַלע אַנדערע. איך בין געווען אונרוהיג, געליטען, געטראַכט פון דער מאַמעלעס שלעכטע געשעפטען און נישט-פאָרזיכטיגע מעשים, וואָס האָבען זי גאָר אינגיכען געקאָנט אינגאַנצען רואינירען. מיין דמיון—דער אכזר, וואָס מאָלט שטענ-דיג דאָס אומגליק פריער, פאַר דער צייט, האָט מיר נאָכאַנאַנד געצייכענט די קומענדיגע קאַטאַסטראָפע מיט אַלע אירע עקס-טרעמען און פאָלגען. איך האָב מיר שוין פריער פאָרגעשטעלט, ווי די נויט וועט מיך צושיידען מיט יענער, וועמען איך האָב אָבגעגעבען מיין לעבען און וואָס אָהן איר האָט מיין עקזיסטענץ קיין שום ווערט נישט געהאַט. און דאָס האָט מיך שטענדיג

אויפגערעגט. פערלאַנגען און שרעק האָבען מיך נאָכאַנאַנד גע-פייניגט.

די מוזיק איז פאַר מיר אויך געווען אַ ליידענשאַפט, נישט אַזאַ הייסע, אָבער זי האָט מיך נישט וועניגער געפייניגט. איך האָב מיך מיט איר צופיל אָבגעגעבען. מיט עקשנות האָב איך גע-לערנט די האַרבע ווערק פון ראַמאָ, מיט עקשנות געוואָלט זיי אָבשטעמפלען אין מיין זכרון, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט אונ-טערגעגעבען דערין. איך פלעג שטענדיג איבערגעהן פון איין אָרט אויף אַ צווייטען, איך פלעג צונויפשטעלען אונגעהויער-גרויסע קאָמפּילאַציעס, וואָס אויף איבערשרייבען זיי פלעג איך פטר׳ן טיילמאָל גאַנצע נעכט. נאָר צו וואָס ריידען וועגען דעם, וואָס האָט לאַנג געדויערט, בשעת אַלע קורצע משוגעת׳ן, וואָס האָבען בעהערשט מיין היציגען קאָפּ, אַלע איינטאָגיגע שטימונגען, אַ נסיעה, אַ קאָנצערט, אַנ׳אָוועגדברויט, אַ שפּאַציר, אַ ראָמאַן, וואָס איך האָב בעדאַרפט דורכלייענען, אַ קאָמעדיע, וואָס איך האָב געוואָלט געהן זעהן, אָט דאָס אַלץ, וואָס איז פּלוצלונג געקומען אין מיינע פערגעניגענס אָדער אַרבייטען, איז פערוואַנדעלט גע-וואָרען אין שטורמישע ליידענשאַפטען, וואָס האָבען מיך, צוליב זייער קאָמישער היציגקייט, שרעקליך געפייניגט! די בעשרייבונג פון קלעוועלענדס יסורים, וואָס איך האָב דורשטיג געלייענט און עפּטער געוואָרפען פון האַנט, האָט מיר, דאַכט זיך, קאַליע גע-מאַכט מער בלוט, איידער מיינע אייגענע ליידען.

אין יענער צייט האָב איך געקאָנט איינעם אַ זשענעוועער מיט דער פאַמיליע באַגערע, וואָס האָט געדינט ביים רוסישען הויף פאַר פּעטער דעם גרויסען. דאָס איז געווען איינער פון די סאַמע ווילדסטע און געמיינסטע מענשען, וואָס איך האָב ווען-עס-איז געזעהן. זיין קאָפּ איז שטענדיג פול געווען מיט פּראָיעקטען, אויך אַזוינע ווילדע, ווי ער; געשאָטען האָט ער כלומר׳שט מיט מיליאָנען, ווי מיט רעגענטראָפּענס; באַגערע איז געקומען קיין שאַמבערי צוליב עפּיס אַ פּראָצעס אין סענאַט, איז באַלד, פערשטעהט זיך, געפעלען געוואָרען דער מאַמעלען און אויסגענאַרט ביי איר דעם לעצטען רובל. איך האָב אים נישט

ליב געהאַט. ער האָט עס געזעהן. אָבער לויט מיין כאַראַקטער איז עס נישט שווער געווען צו זעהן. איז ער געגאַנגען מיט אַלערליי הינטערוועגלעך און געוואָלט מיך צוציהען. האָט ער מיך געוואָלט אויסלערנען שפּילען אין שאָך; ער האָט עטוואָס געקאָנט דאָס דאָזיגע שפּיל. איך האָב געפּרובט, כמעט אָהן שום חשק. אָבער אַז איך האָב מיך עטוואָס אויסגעלערנט די גאַנגען, האָב איך באַלד געהאַט אַזאַ שטאַרקע פּעולה, אַז צום סוף פון דער ערש-טער לעקציע, האָב איך אים געגעבען אַ טורע פאָר, וואָס אין אָנהויב האָט ער זי מיר געגעבען פאָר. און דאָס איז געווען גע-נוג. איך בין געוואָרען אַ ליידענשאַפטליכער ליבהאָבער פון שאָכ-שפּיל, האָב געקויפט אַ ברעטעל, געקויפט קאַלאַברע׳ן, פערשלאָ-סען זיך אין צימער און פערבראַכט דאָרטען טעג און נעכט: איך האָב געוואָלט אויסווענדיג איינ׳חזר׳ן אַלע פּאַרטיעס. איך האָב גע-שפּילט מיט זיך אַליין אָהן אַנ׳אויפהער, אָהן אַ סוף. אין אַ פּאָר חדשים אַרום נאָך דער דאָזיגער פער׳עקשנ׳טער האָרעוואַניע און אונגעהויערע אָנשטרענגונגען, בין איך, אַנ׳אָבגעצערטער, אַ גרי-נער, אַ האַלבבלינדער, אַוועק אין אַ קאַפעהויז. איך האָב געוואָלט אויספּרובען מיינע כחות און געזעצט זיך ביים שאָך פון דאָסניי מיט באַגערע׳ן. ער האָט מיך געשלאָגען איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל. אַלע קאָמבינאַציעס זענען אויסגעמישט גע-וואָרען אין מיין קאָפּ און מיין פאַנטאַזיע איז אַזוי פערטעמפּט געוואָרען, אַז פאַר די אויגען איז מיר אומגעשוואומען אַ וואָלקען. און אַזוי איז שטענדיג געשעהן, ווען איך האָב מיך גענומען פאַר פילידאָרס אָדער סטאָמעס ביכעל, איינצו׳חזר׳ן זיך עפּיס אַ פּאַר-טיע. מיד און אויסגעמוטשעט, פלעג איך שפּילען נאָך ערגער, ווי פריער. צוריקגערעדט, בין איך שטענדיג געשטאַנען אויף איין פונקט, וואָס איך האָב דערגרייכט ביים ערשטען מאָל שפּילען; אַלצאיינס, צי איך האָב געוואָרפען דאָס שאָכשפּיל, צי איך האָב געשפּילט ביז די לעצטע כחות—פאָראויס האָב איך מיך אַ האָר נישט גערוקט. איך וואָלט מיך געקאָנט איינאיבען טויזענדער יאָ-רען און דער רעזולטאַט פון מיינע איבונגען וואָלט שטענדיג גע-ווען דער אייגענער: אָבגעגעבען באַגערע׳ן אַ טורע פאָר. גע-

כּו עְן אויף וואָס צו פּטר'ן צייט—וועט איר זאָגען. יאָ, נישט וועניג צייט האָב איך גע'פּטר'ט אויף אַזאַ אופן. איך האָב אַוועק-געוואָרפען די ערשטע פּראָבע, ווייל איך האָב פּשוט קיין צייט נישט געהאַט צו לערנען ווייטער די פּאַרטיע. פון צימער פלעג איך אַרויסגעהן ענליך צו אַ מענשען, וואָס מען האָט אויסגעגראָ-בען פון קבר, און ווען איך וואָלט נישט איבערגעריסען די אַר-בייט, וואָלט דער קבר באמת לאַנג נישט בעדאַרפט וואַרטען אויף מיר.

דער לעזער וועט מסכים-זיין, אַז עס איז שווער, אַזאַ כאַ-ראַקטער, ווי מיינער, זאָל נישט פערדאַרבען דאָס געזונד, בעזונ-דערס אין דער היציגער יוגענד.

דער שלעכטער צושטאַנד פון מיין געזונד האָט געווירקט אויף מיין געמיט און פערקלענערט די היציגקייט פון מיין פאַנ-טאַזיע. איך האָב מיך געפיהלט שוואַך, געוואָרען רוהיגער און פערלאָרען די ווילדע תאוה צו נסיעות. געוואָרען וועניגער בע-וועגליך, האָב איך דערשפירט נישט לאַנגוויילינקייט, נאָר אַ מין מרה-שחורה. די ליידענשאַפטליכקייט איז איבערגעגאַנגען אין אַ נערוועאישקייט און די לעצטע—אין אומעט. איך האָב געוויינט און געזיפצט און אַליין נישט געוואוסט פארוואָס; איך האָב גע-פיהלט, אַז דאָס לעבען, וואָס איך האָב גאָר וועניג גענאָסען, ווערט אַנטרונען פון מיר. איך האָב מיך געפייניגט, וואָס איך לאָז-איבער דער מאַמעלען אין אַ טרויעריגער לאַגע און האָב גע-זיפצט איבער איר צוקונפט, וואָס האָט געוואַרט אויף איר. שיי-דען זיך מיט איר אין שלעכטע לעבענסבעדינגונגען איז געווען, קאָן איך זאָגען, דאָס איינציגע, וואָס איך האָב בעדויערט. צו-לעצט, בין איך ערנסט קראַנק געוואָרען. די מאַמעלע האָט מיך אָבגעהיט אַזוי, ווי קיין איין מוטער היט נישט אָב דאָס קינד, און דאָס האָט איר אַליין אויך געבראַכט אַ פּעולה, וואָרום פאַר דער דאָזיגער צייט האָט זי נישט געמאַכט קיין פלאַנען און נישט צו'פּטר'ט קיין געלדער. ווען איך וואָלט דעמאָלט געשטאָר-בען—וואָלט עס געווען אַ זיסער טויט! אויב איך האָב וועניג גע-נאָסען פון לעבען, האָב איך אויך וועניג צרות געהאַט. מיין רו-

היגע נשמה וואָלט זיך געקאָנט צושיידען מיט'ן קערפּער און דערביי נישט איבערלעבען דאָס שווערע בעוואוסטזיין פון מענש־ליכער אונגערעכטיגקייט, אַ בעוואוסטזיין, וואָס פער'סמ'ט דאָס לעבען און טויט. איך האָב מיך געטרייסט מיט דעם געדאַנק, אַז איך וועל בלייבען לעבען אין דעם בעסערן טייל פון מיין וועזען און דאָס הייסט, אַז איך וועל כמעט נישט שטאַרבען. ווען איך וואָלט מיך נישט בעאונרוהיגט פאַר'ן גורל פון דער מאַמע־לען, וואָלט איך אַזוי געשטאָרבען, ווי מענשען ווערען איינגע־שלאָפען. איך האָב איר געזאָגט: „איך וועל איבערגיסען אין אייך מיין גאַנץ וועזען. סטאַרעט זיך, עס זאָל זיין גליקליך." אַ צוויי אָדער דריי מאָל, בשעת מיר איז געווען בעזונדערס שלעכט, בין איך אויפגעשטאַנען ביינאַכט פון געלעגער און אַוועק צו איר אין צימער, וואו איך האָב איר געגעבען עצות בנוגע צום וויי־טערדיגען לעבען. איך מעג זאָגען, אַז די עצות זענען געווען גוטע און געזונדטע. מיר דאַכט זיך, אַז טרערען זענען מיר דע־מאָלט געווען דאָס איינציגע היילמיטעל און מיין שפּייז. מיר פלעגט עפּיס לייכטער ווערען, אַז איך פלעג מיך דורכוויינען צו־זאַמען מיט איר, זיצענדיג ביי איר אויפ'ן בעט און דריקענדיג איר האַנט; אין די דאָזיגע נאַכט-שמועסען פלעגען די שעה'ן שנעל דורכפליהען, און איך פלעג מיך אומקערן צו זיך מונטע־רער, ווי פריער. די הבטחות און האָפנונגען, וואָס זי פלעגט מיר געבען, פלעגען מיך אָנפילען מיט שמחה. איך פלעג אַנטשלאָפען ווערען מיט אַ ליכטיגען האַרצען און מיט שלום-געפיהלען צו גאָט. זאָל גאָט געבען, אַז נאָך די אַלע געוויטערס, וואָס האָבען אַזוי געטרויסעלט מיין לעבען און פערוואַנדעלט עס אין אַ שווע־רע לאַסט, זאָל איך איצט אויך טרעפען נישט אויף אַנ'אכזריות'־דיגען טויט, ווי דער, וואָס האָט אויף מיר דעמאָלט געוואַרט.

אַ דאַנק דער אָבהיטונג, דער וואַכזאַמקייט און די גרויסע אָנשטרענגונגען, האָט מיך די מאַמעלע אָבגעראַטעוועט; געוויס, נאָר זי אַליין האָט מיר געקאָנט צוריקקערן דאָס לעבען. איך גלויב שלעכט אין דער מעדיצין, אָבער איך האָב אַ שטאַרקען צו־טרוי צו דער היילונג פון פריינד.

שווער זיך פאַרזוּשטעלען אַ מער-זיס געפיהל, וואָס מיר האָבען געשפּירט, בשעת מיר האָבען פערשטאַנען, אַז מיר זענען צוריק געשענקט געוואָרען איינער דעם צווייטען. די צוגעבונ-דענקייט איז נישט גרעסער געוואָרען צווישען אונז ביידען, דאָס האָט נישט געקאָנט זיין מער, אָבער זי האָט אָנגענומען אַ מער-אינטימערע שאַטירונג, מער-רירענדיג אין איר פּשטות. איך בין איינגאַנצען געוואָרען איר וועזען, איר קינד, נאָכמער, ווי ווען זי וואָלט באמת געווען מיין מוטער. אונבעוואוסטזיניג האָבען מיר זיך אָנגעהויבען האַלטען פאַר איין גאַנצעס, געקוקט אויף אונ-זערע צוויי וועזענס ווי אויף עטוואָס אייניגעס און דערביי גע-פיהלט, אַז מיר זענען נישט בלויז נויטווענדיג איינאַנדער, נאָר אויך געוואוינט איינער פאַר׳ן צווייטען. מיר האָבען אויפגעהערט צו טראַכטען וועגען עפּיס אַנדערש, אויסער אונז.

מיט דער דאָזיגער אייניגקייט, וואָס איז אפשר געווען די איינציגע צווישען מענשען, איז בעגרענצט געוואָרען דאָס גאַנצע גליק אונזערס, די אַלע פערלאַנגען אונזערע. אַזאַ צונויפגיסונג איז נישט געווען קיין ליבע, ווי איך האָב שוין געזאָגט, זי איז גע-ווען עפּיס מער-ממשות׳דיג, ווי ליבע, מחמת זי איז נישט אָבגע-האַנגען נישט פון תאוות און נישט פון געשלעכטפערשידענהייט, און נישט פון עלטער און נישט פון אויסערליכקייט, נאָר זי איז געקומען פון דעם אַלעם, וואָס נאָר דער איין מענש האָט עס אין זיך און וואָס ווערט פערלאָרען צוזאַמען מיט׳ן לעבען.

פאַרוואָס האָט דער דאָזיגער טייערער קריזיס נישט גע-בראַכט נאָך זיך קיין גליק נישט פאַר איר און נישט פאַר מיר? צו מיין טרייסט, קאָן איך באמת זאָגען, אַז איך בין נישט גע-ווען שולדיג דערין, און שולדיג איז זי אויך נישט געווען, דאָס הייסט איר ווילען. עס איז שוין בעשערט געווען, אַז אירע ניי-גונגען זאָלען זי פון דאָסניי בעהערשען. דאָך אָבער איז נישט מיט אַמאָל געקומען דער דאָזיגער שרעקליכער איבערגאַנג צום פריערדיגען. גאָט צו דאַנקען, אַ געוויסע צייט איז אַריבער רוהיג. דאָס איז געווען אַ קורצע און אַ גאָלדענע צייט, וואָס האָט זיך געענדיגט נישט מיט מיין שולד. און איך קאָן מיך נישט פאַר-

זוואַרפֿן דערין, אַז איך האָב שלעכט אויסגעניצט די טעג פֿון גליק.

פֿון מיין ערנסטער קראַנקהייט בין איך אפֿילו געגעזען גע-זוואָרען, אָבער די פֿריערדיגע כּחות זענען שוין נישט צוריקגע-קומען. מיין האַרץ איז נישט פֿעררוכט געוואָרען. געבליבען נאָך אַ שטיקעל פֿיבער, וואָס האָט מיך אָבגעשוואַכט. געוואָלט האָב איך בלויז איין זאַך: ענדיגען מיין לעבען נעבען דער פֿרוי, וואָס איז מיר טייער, פֿערשטאַרקען אין איר די גוטע נייגונגען אירע, געבען איר צו פֿיהלען, אין וואָס עס ליגט דער עכטער רייץ פֿון אַ גליקליכען לעבען, זעהן ווי ווייט מעגליך, זי זאָל לעבען רוהיג. אָבער איך האָב איינגעזעהן, איך האָב דערפֿיהלט, אַז דאָס זיין צוזאַמען אין דעם טריבען און טרויעריגען הויז וועט אויך ווערען טרויעריג. אַ מיטעל, ווי-אַזוי אויסצומיידען עס, איז געקומען פֿון זיך אַליין. די מאַמעלע האָט מיך געהייסען טרינקען מילך און האָט געוואָלט, איך זאָל מיך איבערציהען אין אַ דאָרף. איך בין בעשטאַנען, אָבער מיט דעם תּנאי, אַז זי זאָל זיך מיט מיר נישט שיידען. מען האָט זי לאַנג נישט בעדאַרפֿט צו-ריידען. איצט האָט זיך עס געהאַנדעלט בלויז וועגען אַן אָרט. אונזער גאָרטען האָט זיך נישט געפֿונען הינטער'ן שטאָדט; ער איז געווען אַרומגערינגעלט פֿון הייזער און אַנדערע גערטנער; נישט געווען אין אים די שטילקייט און אָבגעזונדערטקייט פֿון אַ דאָרף. אויסערדעם, האָבען מיר אים אָבגעלאָזט נאָך אַנעס טויט, אָבגעלאָזט פֿון עקאָנאָמיע וועגען.

בעגעזענדיג זיך מיט דער מאַמעלעס עקעל צו דער שטאָדט, האָב איך איר פֿאָרגעלעגט אַוועקצופֿאָרען פֿון שאַמבערי און בע-זעצען זיך אין אַ ליבען שטילען ווינקעלע, און די וואוינונג זאָל זיין אַזוי ווייט פֿון דער שטאָדט, אַז די דערווידערטע בעזוכער זאָלען אונז נישט קאָנען געפֿינען. ווען זי וואָלט מסכּים-געווען דערצו, וואָלטען מיר מסתּמא געקאָנט רוהיג און גליקליך דער-לעבען ביז יענער מינוט, ווען דער טויט שיידט-פֿונאַנדער. דאָס איז אונז נישט בעשערט געווען. נאָך אַ רחבות'דיגען לעבען איז דער מאַמעלען בעשערט געווען איבערצוטראָגען אַלע וועהען פֿון נויט

און צרות, און שיידען זיך מיט'ן לעבען האָט איר נישט בע־דאַרפט אָנקומען שווער. מיר איז אויך בעשערט געוועזען אויסצו־טרינקען דעם בעכער פון אַלערליי ליידען און ווערען אַ טרויע־ריג ביישפּיל פאַר יעדען מענשען, וואָס די ליבע צו אַלגעמיינעם גליק און יושר בעגייסטערט אים און עס שטאַרקט אים אַ געפיהל פון גערעכטיגקייט און ער דערוועגט זיך צו זאָגען מענשען דעם אמת אין די אויגען און מאַכט זיך נישט שטאַרקער דורך אינ־טריגעס און שאַפט נישט קיין פּאַרטייען, וואָס זאָלען אים קאָנען בעשיצען.

די מאַמעלע האָט זיך בלויז פאַר איין זאַך געשראָקען: אָבזאָגען זיך איינגאַנצען פון'ם הויז. דאָס וועט אַריינברענגען אין גרימצאָרן דעם בעל־הבית. „דיין פּלאַן צו בעזעצען זיך אין דאָרף איז אַ גרויסאַרטיגער און געפעלט מיר זעהר,—האָט זי געזאָגט— אָבער דאָרט דאַרף מען דאָך אויך האָבען מיט וואָס צו לעבען. אַז איך וועל אַוועקוואַרפען מיין טורמע, וועל איך אפשר פער־לירען מיין איינציג שטיקעל ברויט, און אַז מיר וועלען צווישען די וועלדער נישט האָבען וואָס צו עסען, וועלען מיר מוזען געהן צוריק אין שטאָדט אַריין. אַלזאָ, ווילען מיר נישט געהן צוריק קיין שאַמבערי, דאַרפען מיר זיך נישט אָבזאָגען אינגאַנצען פון'ם הויז. מיר וועלען צאָלען דעם גראַף סען־לאָראַן אַ קלייניטשקע פּענסיע, כדי ער זאָל מיר לאָזען דאָס, וואָס איך בעקום. מיר וועלען אָבזוכען אַ שטיל ווינקעלע, וואָס זאָל זיין אויף אַזוי פיל ווייט, אַז מיר זאָלען קאָנען רוהיג לעבען צווישען די פעלדער און אויף אַזוי פיל נאָנט, אַז מיר זאָלען זיך קאָנען אומקערען צוריק קיין שאַמבערי, ווען אונז וועט עס זיין נויטיג".

און אַזוי האָבען מיר געטאָן. נישט לאַנג געזוכט, האָבען מיר זיך בעזעצט אין שאַרמעס, אַ גוט, וואָס האָט געהערט דעם הער דע־קאָנזיע. דאָס גוט איז געלעגען נישט ווייט פון שאַמ־בערי, אָבער אַזוי אָבגעזונדערט, פּונקט ווי עס וואָלט זיין דער־ווייטערט פון דער שטאָדט אויף הונדערט מייל.

צווישען צוויי היבשע הויכקייטען, פון צפון צו דרום־צו, ליגט אַ קליינער טאָל, אין מיטען, צווישען שטיינער און בוימער.

לויפט און שלענגעלט זיך אַ טייכעל. נישט ווייט פון דעם דאָזי-גען טאָל שטעהען בעזונדערע הייזער, זעהר אָנגענעמע פאַר יע-נע מענשען, וואָס האָבען ליב ווילדע און אָבגעזונדערטע ווינ-קעלעך. בעזעהן אַ צוויי-דריי הייזער, האָבען מיר אויסגעקליבען דאָס סאַמע שענסטע פון זיי. דאָס הויז איז געווען זעהר בע-קוועם. נעבען אים—אַ גאָרטען, אויסגעלעגט ווי אַ טעראַסע. אוי-בען וואַקסען ווייַנטרויבען, אונטען פרוכטבוימער, געגענאיבער—אַ קליין קאַשטאַנענוועלדעל, דערביי אַ קוואַל, העכער פון די ווייַנ-טרויבען—פאַשעפעלד; מיט איין וואָרט, געווען אַלץ, וואָס איז נויטיג פאַר אַ קלייַנער בעל-הבית׳ישקייט. אויף וויפיל איך גע-דענק די צייט און די דאַטע, האָבען מיר אָנגעדונגען שאַרמעט סוף זומער אין יאָר 1736. איך בין געשפרונגען פון שמחה. „אָ, מאַמעלע,—האָב איך געזאָגט און אַרומגענומען זי, בעגיסענדיג זיך מיט טרערען פון פרייד און שטילען גליק—אָט דאָס הויז—איז די וואוינונג פון גליק און אונשולד. אויב מיר וועלען דאָ נישט געפינען נישט דאָס ערשטע, נישט דאָס צווייטע, האָבען מיר זיי מער אין ערגעץ נישט וואו צו זוכען!“

## 8) ברוך שפּינאָזא ............ ש. סטופּניצקי.

(„שפינאָזא איז טייער דער גאנצער מענשהייט, אָבער נאָכמעהר אונז, יודען, און דעריבער איז כּמעט דער חוב פאר יעדען יודען זיך גריינדליך צו בעקאָנען מיט׳ן גייסט און פ׳ליזאָפישער־שיטה"). פרייז 13.50 מ.

## 9,10) די פרוי .................. א סטרינדבערג.

(„דער ראָמאַן „די פרוי" האָט ארויסגערופען א סענסאציע אין איירָאָפּא און האָט באלד אַוועקגעשטעלט דעם אויטאָר אין די ערשטע רייהען פון די וועלט־קינסטלער"). פרייז 25 מארק.

## 11) כינא I-טער באנד, אויס דער סעריע, „לענדער און פעלקער", צוזאמענגעשטעלט דורך ד. קאסעל און מ. בירנבוים.

(„דאָס דאָזיגע בוך בעהאנדעלט אויספיהרליך די געאָגראַפישע לאַגע קלימאַט, אמונה, מנהגים, מלוכה־פיהרונג און ארט־לעבען פון כינא אח אויך פון די קליינע מזרח־מלוכה׳לעך, ווי: קאָרייע, מאנדזשוריען, מאָנגאָליען א. אז. וו." (רייך אילוסטרירט). פרייז 16 מארק.

## 12) ווען קייטען קלינגען ................ אָלגין.

(„אין דעמדאָזיגען בוך ווערט מייסטערהאַפט געשילדערט דער גרויזאַמער קאַמף געגען די צאַרישע צייטען און טורמעס, וואָס האָבען געפייניגט דעם פרייען גייסט פון רוסלאנד"). פרייז 13.50 מארק.

## 13,14) טויזענד און איין נאַכט.

(„דער נאָמען אליין ברענגט עפּיס פער׳כּשופ׳טען גרוס פון חייטע שענע פאַנטאַסטישע ...סטן. דאָס זיינען יענע דופטיגע מעשה׳לעך, וואָס ווארפען אריין א גאָלדענעם גן־עדן־חלום אין דעם גרויען אייליגען הו־הא פון לעבען") 2 בילער פרייז 27 מארק

## 23) אונטער אַ ווייסען פארהאנג ..... דוד קאסעל.

(„די ברייט-געשילדערטע לאַנדשאַפטען, די בולט'ע בילדער, פארבען און געשטאַלטען און דער פיינער פסיכאָלאָגישער אַנאַליז — דאָס אַלץ זענען גאָר נייע טענער אין דער יודישער ליטעראַטור").

## 24,25,26) דריי דורות ......... יואל מאסטבוים.

(„דאָס איז אַ גרויס ווערק, וואָס לאָזט-אַרויס אַ שטיק לעבען פון דריי דורות מיט זייערע איבערגאַנגען און טראַגיזם, וואָס מאַכט אַ געוואַלטיגען רושם אויפ'ן לעזער").

## 27,28) מאיר יעזעפאָוויטש ....... ע. אָרזשעסקאָ.

(„מאַנכע האַנדלונגען און טיפען פון דעמדאָזיגען בוך זענען אַזוי שפּאַנענדיג און אַזוי שטאַרק, אַז דער איינדרוק בעהערשט דעם לעזער, ווי עפּיס אַנ'אונגעהויערליכע מאַכט").

## 29,30) פוילען .................. נח פרילוצקי.

(„דאָס זענען די סאַמע ווילסטיגסטע און העלסט-בעלעהרענדיגסטע בילדער פון פוילען, און יעדער יוד, וואָס וויל זיך אָריענטירען אין די פראַגען וועגען פוילען, מוז אונבעדינגט זיי האָבען אונטער דער האַנד").

## 31) דאָס בוך פון דער צייט ....... דוד איינהאָרן.

(„אַ שלייער פון פּאָעזיע ליגט אויף איינהאָרנס פּראָזע און די געדאַנקען לייכטען-אַרויס, ווי גאָלדענע פונקען"). פרייז 15 מ.

## 32) בעגייסטערונג ............ משה בראָדערזאָן.

(„די יודישע פּאָעזיע ווערט דאָ בערייכערט מיט נייע קלאַנגען און פאַרבען, וואָס קומען באמת פון ריינער גאָט-געבענשטער בעגייסטערונג").

**33) טורמס - װאַנדערונגען ....... װ. קאָראָלענקאָ.**

(„װאָס איז דאָס שענסטע און דאָס שטאַרקסטע, װאָס דער גרױסער קינסטלער און קעמפֿער קאָראָלענקאָ האָט געשאַפֿען אױפֿ'ן געביט פֿון טורמע-פּײן און סיבירער װאַנדערונגען“).

**34) סיבירער דערצעהלונגען ... װ. קאָראָלענקאָ.**

(„קינדער פֿון די רוסישע קינסטלער האָט אַזױ טיף און ברײט נישט געשילדערט דאָס לעבען און די שטרענג-שענע לאַנדשאַפֿטען פֿון דער װײטער סיביר“).

**35,36) דאָס 93-טע יאָהר ....... װיקטאָר הוגאָ**

(„װיקטאָר הוגאָ געהערט צו די גרעסטע שטערען פֿון דער װעלט-ליטעראַטור און דאָס „93-סטע יאָהר“—צו די שענסטע װערק, װאָס זענען איבערגעזעצט געװאָרען אין אַלע שפּראַכען“).

**37) סטרונעס ........... ז. סעגאַלאָװיטש.**

(„ז. סעגאַלאָװיטש איז אײנער פֿון די שענסטע ליריקער אין יודיש, און זײנע לידער, װאָס קומען אַרײן אין דעמדאָזיגען באַנד, זענען װירקליך קלאַנגען פֿון צאַרטע סטרונעס, אַמאָל מעלאַנכאָלישע און אַמאָל אָבער שטורמישע, װי דער װינד אױפֿ'ן ים“).

**38) דאָס טעאַטער-בוך .........................**

(„אַ זאַמלונג פֿון די בעסטע אײנאַקטערס, װאָס זענען געשאַפֿען געװאָרען אין אַלע אײראָפּעאישע שפּראַכען און געשפּילט געװאָרען אױף די גרעסטע ביהנעס אין אײראָפּא און אַמעריקאַ“).

**39) רעגינע (פּאָעמע) ....... ז. סעגאַלאָװיטש.**

(„אױף אַ דורכזיכטיגען לײװענט איז דאָ אױסגעמאָלט די פּױליש-יודישע פּרוי. מיט צאַרטע פֿאַרבען איז געשילדערט איהר סביבה און צוזאַמען דערמיט אױך דעם דיכטערס איבערלעבונגען“).